שמואל־בער לייקין

# זכרונות פון
# א פראקטישן בעל חלומות

מיין לעבן און מיינע טעטיקייטן אין
דעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן
במשך איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט

דעטראָיט, מיש.

1970 תש״ל

# MEMOIRS OF A PRACTICAL DREAMER

BENJAMIN LAIKIN



*For information write to:*
BENJAMIN LAIKIN
24350 MARTHA WASHINGTON DR.
Southfield, Mich. 48075

געדרוקט ביי די ברידער שולזינגער
*Printed in the U.S.A. by*
SHULSINGER BROS., INC.
21 East 4th Street, New York, N. Y. 10003

 253

# לזכר עולם

צום אָנדענק פון מיין ליבער פרוי

**חנה לאה ע״ה**

און צום אָנדענק פון מיין מאַמען

**קריינע דבורה**

ברודער **שלום** און פרוי **רבקה**

זייערע קינדער **משה** און **גוטע**

וועלכע זיינען אַלע אומגעקומען

על קידוש־השם, א׳ דראש־השנה

תש״ב—1942.

# אַ וואָרט צום לייענער

אין די אָנהויב פּערציקער האָב איך פאַרטראַכט צו פאַרצייכענען וואָס איך געדענק פון מיין געבוירן־שטעטל און פון מיינע 25 יאָר לעבן אין אַמעריקע, כדי מיינע אייניקלעך און די שפּעטערדיקע דורות זאָלן וויסן ווער עס איז געווען דער מענטש פון וועמען זיי שטאַמען אָפּ און ווי אַמע־ריקע האָט אויסגעקוקט אין די ערשטע פיר צענדליק יאָר פון איצטיקן יאָרהונדערט, אונטער וועלכע אומשטענדן אים איז אויסגעקומען צו לעבן. דערנאָך האָב איך באַשלאָסן אויסצובערייטערן מיינע זכרונות און צו פאַרציי־כענען געשעענישן אין דעם אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין 1953 האָב איך צוגעגעבן וואָס עס איז פאַרלאָפן מיט מיר פּערזענלעך און בעיקר וועגן דעם אידישן כלל־לעבן. אין 1968־1969 האָב איך ווידער אַמאָל פאַרשריבן די געשעענישן במשך די פאַרגאַנגענע פופצן יאָר.

איך בעט די לייענערס זיי זאָלן מיר מוחל זיין אויב זיי וועלן אָנטרעפן דאָ און דאָרט אַן איבערחזרונג פון אַ באַשטימטער אָנגעלעגנהייט, אָדער וואָס אין געוויסע פלעצער איז דער סיפור המעשה ניט כראָנאָלאָגיש. נוצט מדת־הרחמים ווען איר לייענט דאָס בוך. אַלץ וואָס איך האָב דאָ געשריבן איז אמת, אָן באַפּוצונגען, — דער ריינער אמת ווי איך האָב אים געזען און פאַרשטאַנען.

איך וויל באַדאַנקען מיין גוטן פריינט משה שטאַרקמאַן פאַר דער חברי־שער הילף וואָס ער האָט מיר געגעבן ביים צוגרייטן דאָס בוך צום דרוק און פאַר דערמוטיקן מיך פריער צו שרייבן און אָפּצודרוקן מיינע זכרונות.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אויסדריקן מיין דאַנק צו דער דרוקעריי פון די ברידער שולזינגער פאַר דעם אופן ווי זיי האָבן אויסגעפירט די טעכ־נישע זייט פון דרוקן און אַרויסגעבן דאָס בוך.

אַ באַזונדערן יישר־כח קומט פריינט נחום אדעלסבורג פאַר זיין געוויסנ־האַפטן לייענען די קאָרעקטור.

**ש. ב. ל.**

ערב שבועות, תשכ״ט

# אַריינפיר צו לייקינס זכרונות

פון משה שטאַרקמאַן

די זכרונות פון שמואל דב בער לייקין זיינען אַ וואָגיקער בייטראָג צו דער אידישער מעמואַרן־ליטעראַטור, — אַ בייטראָג פון גרויס באַדייט און פון ברייטן פאַרנעם.

פון גרויס באַדייט זיינען לייקינס זכרונות, ווייל מיר האָבן אין זיי די לעבנס־געשיכטע פון אַ יחיד, וואָס זיינע דערפאַרונגען און נסיונות זיינען סימבאָליש פאַר דעם, וואָס עס זיינען דורכגעגאַנגען די אײדעלע אידישע זין און טעכטער, זינט זייערע קינדער־יאָרן אין די איצט־חרובע אַלטע היימען ביז זיי האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין די נייע היימען אויף דער ערד פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

פון ברייטן פאַרנעם זיינען לייקינס זכרונות, ווייל מיר האָבן אין זיי אויספירלעכע שילדערונגען פון וויכטיקע צייט־אָפּשניטן בעת די גורלדיקע תקופות אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פון אידישן פאָלק און, בעיקר, אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער אידנטום.

לייקינס זכרונות האָבן אויך אַ דריטע מעלה. זיי נעמען אַרום אַזעלכע אַמעריקאַנער אידישע ווינקלעך, וואָס אין דעם רוב מעמואַרן זיינען זיי ניט פאַראַנען. די מערסטע זכרונות־ווערק אויף אידיש, געשריבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דערציילן בעיקר וועגן אידישן לעבן אין ניו־יאָרק. לייקינס מעמואַרן זיינען אָפּגעגעבן דעם אידישן לעבן אויף דער אַזוי־גערו־פענער „פּראָווינץ", אין אַזאַ עיר ואם אין אַמעריקאַנער אידנטום ווי די שטאָט דעטראָיט. מיר האָבן אין זיינע מעמואַרן אַ סך פּרטים ווי אַזוי אידישע אימיגראַנטן האָבן אין אַן אינדוסטריעלן צענטער פון דעם אַמעריקאַנער מיטל־מערב ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַרנעמען אַן אָרט אין דער עקאָנאָמיק פון לאַנד, און גלייכצייטיק האָבן זיי ניט פאַרגעסן זייער אָפּשטאַם און פאָלק, בויענדיק געצעלטן־אינסטיטוציעס פאַר גענזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט אין דער אידישער סביבה גופא.

פון לייקינס זכרונות זעען מיר ווי אַזוי די האַרבע ווירקלעכקייט און ווי אַזוי די פּערזענלעכע מאַטעריעלע באַמיאונגען און שוועריקייטן האָבן ניט

געקענט פאַרלעשן דעם אידעאַליזם, וואָס אידישע אימיגראַנטן האָבן מיט־געבראַכט קיין אַמעריקע פון זייערע הימען, פון חדרים און ישיבות, און ניט פאַרווישט די חלומות, וועלכע האָבן זיי אינספּירירט אין די פרי־טעג פון זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג.

דער דאָזיקער אידעאַליזם האָט לייקינען געפירט צו דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, צו אַרבעטן פאַרן אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס, צו טעטיקייט אין דער אידישער נאַציאָנאַל־וועלטלעכער דערציאונגס־סיסטעם, צו דער פאַרשפּרייטונג פון אידישן בוך, צו אַרבעט לטובת דעם אידישן וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט — ייוואָ, צו אַקטיוויטעט לטובת די פאַרשידענע אַקציעס פאַרן אידישן היימלאַנד, פאַר און נאָך דעם אויפקום פון מדינת ישראל, און צו זיין אַקטיוו אין דעם לאָקאַלן אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

טאַקע אַ דאַנק זיין פּראַקטישן אידעאַליזם, האָט לייקין דערגרייכט אין יעדער באַזונדערער עסקנות צו פירערישער פּאָזיציע. דאָס האָט געמיינט, אַז פאַר איטלעכער באַזונדערער אַרבעט האָט ער געמוזט אָפּגעבן אי צייט, אי געלט, אָבער ניט אַלע מאָל איז אים געלונגען צו האָבן דעם נחת־רוח און די צופרידנקייט פון זען רעזולטאַטן ווי ער האָט זיך געוואונטשן. פונ־דעסטוועגן, נישט געקוקט אויף אַנטוישונגען, האָט ער זיך אַלע מאָל געלאָזט אַריינציען אין נייע אַקטיוויטעטן פאַרן אידישן כלל.

ווי אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער אידישער קולטור אין אַלע אירע פאָרמען, האָט לייקין זיך פאַרנומען יאָרן־לאַנג מיט העלפן פינאַנציעל אַרויס־געבן ביכער פון אידישע שרייבערס, און נאָכדעם ווי די ביכער זיינען דער־שינען, האָט ער זיי געהאָלפן פאַרשפּרייטן. גלייכצייטיק איז ער אַלע יאָרן געווען אַ גרינטלעכער לייענער פון אידישע ביכער. דאָס האָט אים טיילמאָל געפירט צו קאָנפליקטן מיט מחברים, וואָס ער האָט געהאַלטן, אַז זייערע ווערק זיינען ניט פון אַזאַ קוואַליטעט, אַז די אידישע ליטעראַטור זאָל האָבן געוואונען פון זייער געדרוקט ווערן.

דאָס אידישע לעבן אין אונזערע אַלט־היימישע שטעט און שטעטלעך איז גאַנץ אויספירלעך געשילדערט געוואָרן אין אונזער מעמואַרן־ליטעראַטור. דער חידוש אין לייקינס זכרונות פון זיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן באַשטייט אין דעם, וואָס ער פירט אונז אַריין אין אייגנאַרטיקע ווינקעלעך פון אַמאָ־ליקן שטעטל־לעבן, און ער שילדערט, — ווי ד״ר יעקב שאַצקי פלעגט דאָס אָנרופן, — אידישע טיפּן און טיפּישע אידן, וואָס וועלן אינספּירירן דעם

לייענער זיך צו פאַרטראַכטן וועגן ענלעכע אידישע מענטשן, וואָס ער האָט געקענט אין זיין אייגענער קינדהייט און יוגנט.

אויך די צופּאַסונגס־עינויים פון אידישע אימיגראַנטן זיינען שוין היפּש־לעך געשילדערט געוואָרן אין דער אַמעריקאַנער אידישער מעמואַרן־ליטע־ראַטור. אין דעם פּרט זיינען לייקינס זכרונות אויך אַ חידוש, ווייל ער פירט אונז אַריין אין צופּאַסונגס־פּאַזעס, וואָס זיינען אין אַנדערע זכרונות ניט באַ־שריבן געוואָרן. אַ צאָל פון לייקינס שילדערונגען פון זיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן, אויך פון זיינע אימיגראַנטישע צופּאַסונגס־טעג אין אַמעריקע, וואָלטן געווען אַ פּאַסיקער לייען־מאַטעריאַל איינגעגלידערט צו ווערן אין טעקסטביכער פאַר אידישע שולעס.

אויב מען וויל, אַז די וואַקסנדיקע דורות אין מדינת ישראל זאָלן האָבן אַ באַגריף פון אידישן פאָלקס־לעבן אין די אַמאָליקע אַלטע היימען און ווי אַזוי אידישע אימיגראַנטישע יוגנטלעכע זיינען, אויף זייער שטייגער, געווען חלוצים פון אַ ניי אידיש לעבן אויף אַמעריקאַנער ערד, וואָלטן אַזעלכע שילדערונגען אויך באַדאַרפט איינגעגלידערט ווערן אין די העברעאישע לערן־ביכער פאַר די קינדער אין דער אידישער מדינה.

די פאַרשידענע לאָקאַלע און צענטראַלע אַמעריקאַנער אידישע טעטי־קייטן, וואָס לייקין שילדערט אין זיין ווערק; די פּרטים וועגן זיינע באַגע־געענישן, צוזאַמענאַרבעט, אָדער קאַמפן מיט אַלערליי יחידים און גרופּעס, זיינען ערשט־האַנטיקער קוואַלן־מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון די אידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן במשך פון אַ ריי גורלדיקע טעג. פון די דאָזיקע שילדערונגען לערנט מען וויפל האַרץ־ווייטיק און שפיכות־דמים ס׳האָט גע־קאָסט צו פאַרווירקלעכן יעדן פּלאַן און מיט וויפל האַרעוואַניע ס׳איז אָנגע־קומען אַפילו דער סאַמע קלענסטער אויפטו. אָבער מיר לערנען אויך וויפל אידעאַליזם און בטחון ס׳זיינען אַריינגעלייגט געוואָרן, אין צוגאָב צו שווע־רער אַרבעט, אין איטלעכער דערגרייכונג.

אויב מיר לערנען פון לייקינס זכרונות וועגן אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אַ סך פון די נעגאַטיווע זייטן, — ווייל צו פירערישע פּאָזיציעס האָבן אָפטמאָל דערגרייכט מענטשן, וואָס זייערע אידישקייט־קענטענישן זיינען נישטיקע, — לערנען מיר אָבער אויך וועגן דער איבערגעגעבנקייט פון אידישע פאָלקסמענטשן צו די סאַמע שענסטע שטרעבונגען פון אידישן פאָלק. די דאָזיקע פאָלקסמענטשן, וואָס לייקין איז אין אַ סך פאַלן געווען

זייער רעפּרעזענטאַנט, זאָגן עדות, אַז כאָטש היימישע אידן זיינען אין אַמע־ריקע געווען פאַרנומען מיט זייערע פּערזענלעכע דאגות, האָבן זיי אָפּגעגעבן צייט און געלט פאַר אידישער דערציאונג און קולטור, פאַר מדינת ישראל און פאַר אַלע אַנדערע אַקציעס לטובת דעם קיום פון אידישן פאָלק.

לייענט מען עמעצנס מעמוארן, איז פאַראַנען אַ באַזונדערער אינטערעס זיך צו באַקענען מיטן משפּחה־לעבן פון דעם זכרונות־שרייבער. לייקין האָט דערפאַר גוט געטאָן, וואָס ער האָט דערציילט פאַרשידענע פּרטים וועגן זיין פרוי חנה, ע״ה, און וועגן זיינע טעכטער, צו לאַנגע יאָרן. פון די דאָזיקע איינצלהייטן לערנט מען אַ סך וועגן אידעאַליסטישע אידישע מיידלעך, וואָס זיינען שפּעטער געוואָרן מאַמעס אין אַמעריקע און זיי האָבן זיך באַמיט, אַז אויך אין דער נייער וועלט זאָלן אידישע היימען ווערן נעסטן פון גייסטי־קייט און אידעאַליזם. די פאַרשידענע שוועריקייטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט געבן קינדער אַ גוטע אידישע דערציאונג, און וואָסערע רעזולטאַטן די באַמיאונגען ברענגען, — וועגן דעם קען מען אויך אַ סך לערנען פון לייקינס שילדערונגען.

ווי אַ סך אידישע שרייבערס און קולטור־טוערס, וואָס קומען אויף אַלערליי שליחותן פון ניו־יאָרק „אויף דער פּראָווינץ״, קען אויך דער שריי־בער פון דער הקדמה עדות־זאָגן, וואָס ר׳ שמואל דב־בער („בען״) לייקין, זיין פרוי חנה, ע״ה, און זייערע קינדער האָבן געמיינט פאַר איטלעכן שריי־בער־אורח אין דעטראָיט. די לייקין־היים איז פיל מאָל אין משך פון יאָרן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטראַל־ביוראָ פאַר אַלערליי אַקציעס. אין דעם געראַמען קעלער־זאַל פון לייקין־הויז, זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן וויכ־טיקע פאַרזאַמלונגען לטובת דעם אידישן כלל און ס׳זיינען געהערט געוואָרן רעפעראַטן פון די וויכטיקסטע שריפטשטעלערס, לעקטאָרן, אַריינגערעכנט געסט פון מדינת ישראל און פון אויסלאַנד בכלל.

אַ מענטש מיט טיפן אידישן וויסן און אַ סך אַלגעמיינע קענטעניש, איז לייקין גייסטיק באַרייכערט געוואָרן דורך זיין כסדרדיקן לייענען די פּאָעזיע און בעלעטריסטיק פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור און די ווערק פון די וויכטיקסטע אידישע דענקערס. ער האָט געהאַט די געלעגנ־הייט צו הערן די חשובסטע אידישע לעקטאָרן, וואָס אַ סך פון זיי זיינען אויף זיין איניציאַטיווע געבראַכט געוואָרן קיין דעטראָיט. לייקין איז אויך געווען אַ דעלעגאַט צו אַ ריי וויכטיקע אידישע צוזאַמענפאָרן. די אַקטיווי־

טעטן אין דער אידישער קולטור־ספערע, דאָס לייענען וויכטיקע ווערק און דאָס הערן די רעפעראַטן פון אונזערע חשובסטע אידעאָלאָגן, האָבן נאָך מער אויסגעברייטערט לייקינס גייסטיקע האָריזאָנטן. ער איז מיט דער צייט אַליין געוואָרן אַ ווירקנדיקער רעדנער און לעקטאָר, און די דערוואָרבענע קענטעניש, אויך דורך לערנען אַ סך פאַר זיך אַליין, זיינען אים צונוץ געקומען צו קרעפטיקן די איינגעבוירענע לאָגיק ביים באַגרינדן זיינע שטאַנדפּונקטן בנוגע אידישע רוחניותדיקע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע שטאַנדפּונקטן בכלל.

ס׳איז דערפאַר נאַטירלעך, אַז אין לייקינס דערצייל־ און שרייב־סטיל זאָל מען זען די השפּעה פון דער אידישער שפּראַך־אַנטוויקלונג במשך דעם פאַרגאַנגענעם האַלבן יאָרהונדערט און העכער. צום גליק האָט ער זיך אויסגעהיט פון „ליטעראַרישקייט", פון פאַרזיסן דורך שיינע פראַזעס האַרבע פאַקטן. דערפאַר זיינען זיינע זכרונות די נאַטירלעכע שילדערונג פונעם לעבן פון אַ אידישן יחיד, וואָס האָט דורך זיין פּראַקטישן אידעאַליזם געשטרעבט צו דינען דעם אידישן ציבור.

דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אַמעריקע איז שטאַרק באַאיינפלוסט פון דער ענגלישער שפּראַך־ספערע. ביים שילדערן פאַרשידענע פאַזעס פון דעם דאָזיקן לעבן, האָט לייקין געמוזט אָנקומען צו דער ספּעציפישער געזעלשאַפטלעכער טערמינאָלאָגיע אין אַמעריקאַנער אידישער כלל־טעטיקייט. ס׳וואָלט געקלונגען ניט־נאַטירלעך, באַוואוסטזיניק־מעכאַניש, ווען לייקין זאָל געוועזן אָנווענדן „פּוריסטישן" אידיש אין פאַלן, ווען די אַנגליזירטע טערמינאָלאָגיע איז גיכער אין הסכם מיט דער ווירקלעכקייט.

אין סך־הכל: לייקינס זכרונות זיינען אַ וואָגיקער בייטראָג צו דער אידישער מעמואַרן־ליטעראַטור און אַ ביז־גאָר וויכטיקער קוואַל צו דער געשיכטע פון אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע. זאָל דער דאָזיקער פאַקט אים דינען ווי אַ פאַרגיטיקונג פאַר אַ סך פון די ווייטיקדיקע איבערלעבענישן במשך אַזויפיל יאָרן איבערגעגעבענער אַרבעט צו פאַרשענערן און באַרייכערן דאָס אידישע לעבן דאָ אין לאַנד.

ניו־יאָרק, י״ד כסלו, תש״ל.

דעם 24טן נאָוועמבער, 1969.

שמואל-בער לייקין

# די משפחה און די היים



עבוירן געוואָרן בין איך אין ראש חודש מרחשוון, תרנ״ז (1896), ביי באַלעבאַטישע עלטערן, אין אַ קליין שטעטעלע, פּאַבאָלאָוו, מינסקער גובערניע, באָברויסקער אויעזד. ווי די מאַמע האָט מיר דערציילט אין די שפּעטערע יאָרן, זיינען זיי דעמאָלט געווען זייער אָרעם און זי האָט ניט געהאַט מיט וואָס מיך צו שפּייזן.

מיין מאַמע האָט געבוירן עלף קינדער. זעקס זיינען געשטאָרבן איידער זיי זיינען אַלט געוואָרן אַ חודש. איך בין געווען דער דריטער פון די לעבן־געבליבענע. איך האָב פאַרשטאַנען אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אַז מיין קומען אויף דער וועלט איז ניט געווען זייער אָנגעלייגט.

מיין פאָטערס טאַטע־מאַמע האָבן געוואוינט מיט אונז. די באָבע איז גע־שטאָרבן ווען איך בין געווען אַ קליין קינד. קוים וואָס איך געדענק זי. מען האָט געזאָגט, אַז זי איז זייער אַ פרומע געווען. מיין זיידע איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ גרויסער סוחר און גאַנץ רייך אויף די עלטערע יאָרן. האָט ער, מיט מיין פאָטער, אויסגעבויט אַ פערד־מיל און פון דעם געצויגן די חיונה. ער איז ניט געווען קיין לערנער; ער איז געווען אַ משניות־איד (ד״ה געקענט לערנען אַ פּרק משניות). ער האָט געלעבט ביז אַ הויכער עלטער און איז גע־ווען טעטיק אין מסחר ביז זעקס חדשים פאַר זיין טויט. ער איז פּאַראַליזירט געוואָרן און געשטאָרבן.

מיין פאָטער איז אויך ניט געווען קיין גרויסער למדן. ער האָט געלערנט חומש מיט רש״י, תנ״ך און אַ פּרק משניות. און כאָטש ער האָט עס קיינמאָל ניט געזאָגט, האָב איך אַלעמאָל געפילט, אַז אים פאַרדריסט, וואָס ער איז ניט קיין גרעסערער לערנער. ער איז געווען אַ קלוגער איד מיט אַ גלייכער לאָגיק, אָבער מיט אַ קליין־שטעטלדיקן בליק אויפן לעבן. ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו כלל־טועריי, און איבער דעם האָט מען אים אָפט אָנגעזידלט. ער, אָבער, האָט זיך ניט געקענט קריגן.

מיין מוטער האָט געשטאַמט פון דורות רבנים. איר פאָטער איז געשטאָרבן ווען זי איז אַלט געווען צוויי יאָר. איר מוטער איז געווען אַ זייער קלוגע פרוי, אַביסל אַ שטרענגע; זי האָט געלעבט ביז אַ הויכער עלטער.

מיין מאַמע איז אין אירע יונגע יאָרן געווען זייער אַ שיינע און פאַר איר צייט — אַ היינט־וועלטיקע. זי איז געווען גוט באַלעזן אין דער דעמאָלטי־קער רוסישער ליטעראַטור. איר חתונה איז ניט געווען קיין גליקלעכע. זי מיטן טאַטן זיינען געווען צוויי באַזונדערע וועלטן. מיין פאָטער — אַ יוסטער באַ־לעבאָס פון דורות ישובניקעס, געצייגט צום פשוטן לעבן, צו פשוטע מאכלים. מיין מוטער — מער געצייגט צו אַ גרויס־שטאָטישן לעבן, פיל סאָרטן מאכלים. האָט זי ניט געקענט פאַרטראָגן דעם ריח פון הערינג אין אָלעי (אַזאַ בוימל). עטלעכע און נאָך אַנדערע שפייזן פלעגן זי קראַנק מאַכן.

די מאַמע איז אַלע יאָרן געווען אַ שוואַכע, אַן איידעלע, און די פיל שווערע אַרבעטן אַרום הויז זיינען געווען צופיל פאַר איר. קיין דינסט האָבן מיר ניט געהאַט און די אַרבעט איז געווען איבער די כּוחות. אָבער זי האָט זיך קיינמאָל ניט באַקלאָגט. זי האָט שטאַרק געליטן פון דעם, וואָס זי האָט ניט קיין שיינע קליידער אָדער אַ פיינעם מאַנטל. זי האָט זיך אַלעמאָל גע־האַלטן יונג. אין די טיפע פערציקער איז זי געווען הויך און שלאַנק, מיט גרויע האָר, וואָס זי האָט פּרובירט פאַרבן. ווען חברים זיינען געקומען אין שטוב אַריין צו מיין עלטערן ברודער און עלטערער שוועסטער, האָט מיין מוטער אַלעמאָל פאַרבראַכט מיט אַלעמען און אפילו אָנטייל גענומען אין די פאַרשיידענע שפּילערייען. קיין אייגענע חברטעס האָט זי ניט געהאַט, אָבער אַ סך פרויען זיינען צו איר געקומען נאָך עצות, איבערהויפּט די פאָר על־טערע באַלעבאַטישע מיידלעך.

# אין חדר

אין חדר בין איך אַוועק ווען איך בין אַלט געווען זעקסטהאַלבן יאָר. מיין ערשטער מלמד איז געווען פייוול שוועבעלניק, דער שמש פון דער קליי־נער שול. אַ איד מיט אַ געל ציגן־בערדל, בעצם אַ מילדער מענטש, האָט ער אָבער אַ ווילדע הנאה געהאַט פון שמייסן די קינדער. ניט, חלילה, פון כעס, נאָר גלאַט אַזוי. פאַר דעם קלענסטן חטא פלעגט ער הייסן אָפּשפּילען די תחתונימלעך, מיט אַ קליין ריטעלע פון אַ בעזים געבן צוויי אָדער דריי שמיצע־לעך, און בעת מעשה זינגען אַ ניגונדל. די אינגלעך האָבן געוויינט מער פון

בושה ווי פון ווייטיק. מיך האָט ער קיינמאָל ניט געשמיסן, אָבער די מורא אַז היינט־מאָרגן וועט ער עס טאָן, האָט מיר פאַראומערט דאָס לעבן.

אויפן צווייטן זמן האָט מיך מיין טאַטע אָפּגעגעבן צו שמואל־הירש דעם מלמד. זיין ספּעציאַליטעט איז געלעגן אין דעם, וואָס ער האָט צוגעזאָגט צו לערנען די קינדער, אַז די נקודה „שווא" ווערט ניט אַרויסגעזאָגט ווי אַ צירה. ער איז געווען אַ בייזער איד. אַ פאַרביטערטער. זיין שלאָגן די קינדער איז געווען שרעקלעך. ער פלעגט דערלאַנגען מיט כעס; און וואָס מער ער האָט געשלאָגן, אַלץ מער אין כעס פלעגט ער ווערן און ער האָט זיך ניט געקענט באַרואיקן. אָנהויבן, געוויינטלעך, פלעגט ער, מיט אָנגעמען דאָס אינגל ביי די האָר פון פּאָטעלניצע און קלאַפּן ס'אינגלס שטערן אָן טיש, און ענדיקן מיטן אָנכאַפּן אַ ווילקע פון אויוון־ווינקל און שלאָגן איבער דער פּלייצע. דערנאָך פלעגט ער בלייבן זיצן אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער.

איך האָב דעם טעם פון זיינע קלעפּ ניט פאַרזוכט. איך האָב אַלעמאָל געפילט, אַז מיינע ערשטע צוויי מלמדים האָבן מיך ניט געשלאָגן ווייל מיין טאַטע איז געווען אַ איד אַ באַלעבאָס און ניט אַבי־ווער אַ בעל מלאכה, ווי עס זיינען געווען די טאַטעס פון די אַנדערע קינדער. אינגאַנצן אָן קלעפּ בין איך ניט אַרויס פון אונטער זיינע הענט. ער האָט געהאַט אַ לאַנגן, גראָבן רימען, און אַז אַ אינגל האָט זיך פאַרטראַכט און ניט אונטערגעכאַפּט דעם פּסוק תהילים אַזוי שנעל, פלעגט ער אים דערמאָנען מיטן רימען. כאָטש דער רימען פלעגט בייסן גאַנץ שטאַרק, איז דאָס ניט פאַררעכנט געוואָרן פאַר שלאָגן. דאָס איז נאָר געווען אַ דערמאָנונג. איין אינגל האָט זיך אָנגעזעצט פּטור ווערן פון רימען. ער האָט אים פיל מאָל צוגעגנבעט און פאַרוואָרפן אין טייך אָדער אין היוכן גראָז ביים טייך. אָבער אַלעמאָל האָט עמעצער דעם רי־מען געפונען. אַזוי ווי אַלע אין שטעטל האָבן געקענט דעם רימען, פלעגט מען אים אָפּברענגען צוריק. דער מלמד ר' שמואל־הירש פלעגט זיך זייער שטאַרק דערפרייען און אין די נאָכקומענדיקע עטלעכע טעג האָט דער רימען גע־שפּילט איבער אונזערע פּלייצעס אָפטער און מיט מער פרייטלעכדיקייט. ס'איז אָפּגעמאַכט געוואָרן צווישן די אינגלעך, אַז מען מוז, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, פּטור ווערן פון רימען אויף אייביק. איינמאָל האָט דער רבי ניט גוט געטראָפן און אָנשטאָט דער רימען זאָל זיך לייגן איבער דער פּלייצע, האָט עס געטראָפן דעם אינגל אין קאָפּ; דער עק האָט זיך פאַרבויגן און אים גע־טראָפן אין אויג. דער רבי אַליין האָט זיך דערשראָקן. יענעם פאַרנאַכט האָט



דער מחבר און זיין פרוי חנה לאה.



מיין בילד, גענומען אין 1913.



מיין פרוי חנה לאה, איידער מיר
האָבן געהייראַט, אין 1922.



מיין פאָטער און מיין מוטער, מיין שוועסטער רחל, ברודער חיים און שוועסטער טייבל.
רוסלאַנד, 1914.



מיין פאָטער משה נחום און מיין מוטער קריינע דבורה, רוסלאַנד, 1929.



פון לינקס צו רעכטס: מיין מוטער, מיין ברודער שלום, זיין טאָכטער גיטע אין זיינע הענט, שוועסטער טייבל, שוועסטער רחל, שלומ׳ס ווייב רבקה, קוזין העשיל, רחל׳ס זון און שלומ׳ס זון. רוסלאַנד, 1929.



פון לינקס צו רעכטס: שוועסטער רחל, איר מאַן יאָשע, מיין ברודער חיים און מיין ברודער שלום.
אין רוסלאַנד.



פון לינקס צו רעכטס: מיין שוועסטער רחל, מיין מוטער קריינע דבורה
און מיין שוועסטער טייבל. רוסלאַנד, 1929.



פון לינקס צו רעכטס: מיין שוועסטער טייבל, מיין מוטער און מיין
שוועסטער רחל. רוסלאַנד, 1932.



פון לינקס צו רעכטס: מיין טאָכטער פנינה, מיין טאָכטער בת-שבע, מיין פרוי חנה לאה
און מיין טאָכטער שולמית.

דעם געטראָפּענעם אינגלס עלטערער ברודער צוגענומען דעם רימען און מיר אינגלעך האָבן געהאַט אַן אסיפה הינטער דער באָד צו באַקלערן וואָס צו טאָן, אַז דער רימען זאָל ניט אויפשטיין קיין תחיית־המתים. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יעדער איינער פון אונז זאָל אָפּבייסן אַ שטיקל און פּטור. צוויי אינגלעך איז געלונגען דורכצובייסן דעם רימען. ווען עס איז געקומען מיין ריי, בין איך אַדורכגעפאַלן. איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן. איך וועל נעמען דאָס מעסער פון מיל און צעשניידן דעם רימען. געטראַכט און געטאָן. די שטיקלעך האָבן מיר צעוואָרפן אין אַלע זייטן. דערנאָך האָבן מיר זיך דער־שראָקן, האָבן מיר באַשלאָסן אויסצורופן אַ חרם, אַז קיינער זאָל ניט אויס־זאָגן אפילו ווען מען זאָל אים שניידן אַ לעבעדיקן. און אַזוי ווי מיר זיינען געווען נאָר אַכט אינגלעך, האָבן מיר מצרף געווען צום חרם דעם אַלטן רב פון שטעטל און דעם רבונו של עולם. קיינער האָט קיינמאָל טאַקע ניט אויס־געפונען וואָס עס איז פון רימען געוואָרן.

איך האָב ביי שמואל־הירשן געלערנט צוויי זמנים. דעם ערשטן זמן האָב איך אָנגעהויבן לערנען חומש, אַלע וואָך די סדרה פון וואָך, אָבער נאָר ביז שני, אָנגעהויבן מיט דער ערשטער פּרשה פון „ויחי". אויפן צווייטן זמן האָב איך אָנגעהויבן לערנען שוואַרבע *) (תנ"ך) פון שמואל א'. אויך האָט ער מיך אויסגעלערנט שרייבן דעם אלף־בית.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט שמואל־הירש פאַרלוירן זיין קנעלונג, און ווען דער בעדער איז געשטאָרבן, איז ער געוואָרן דער בעדער פון דער שטעטלשער באָד.

מיין דריטער מלמד, חיים־וועלי, האָט זיך ספּעציאַליזירט אין תנ"ך און אין לערנען שרייבן אידיש און רוסיש. ער איז געווען אַ איד אַ הדרת פּנים, מיט אַ ברייטער, שוואַרץ־גרויער באָרד. ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט אָנצו־נעמען אַ אינגלס אויער מיט די ערשטע צוויי פינגער און אַזוי קונציק אַ דריי טאָן, אַז מען פלעגט דערזען די עלטער־באָבען פון יענער וועלט. נאָך אַזאַ שפּיל איז מען זיכער געווען, אַז דאָס אויער איז אָפּגעריסן געוואָרן. ווי איבערראַשט און „אַנטוישט" איז מען אָבער געוואָרן, ווען מען האָט אַ טאַפּ געטאָן און דערפילט דאָס אויער אויפן זעלביקן אָרט, — אָבער זייער אַ הייס אויער.

---

*) אַ פאַרגרייזונג פון „עשרים וארבע", די צאָל ספרים פון תנ"ך.

שמואל-בער לייקין

# קינדהייטס־טראַגעדיעס

איין איבערלעבונג האָט זיך שטאַרק איינגעקריצט אין מיין זכרון. אין שטעטל איז געווען אַ משפחה דאָרף־שניידער. דער טאַטע — אַ כוהן, אַ כעסן און אַ קריגער. שמחת־תורה פלעגט ער זיך אָנשיכורן און זיך שלאָגן אין שול. קינדער האָט ער געהאַט אַ סך. דאָ וועל איך ריידן נאָר וועגן זיינע דריי אינגערע זין, מאָשקע, זיאָמע און מאיר. מאָשקע איז דעמאָלט אַלט געווען זיבעצן־אַכצן יאָר, זיאָמע אַ פערצן יאָר און מאיר אַרום צען. האָבן זיי טעראָ־ריזירט אַלע אינגלעך אין שטעטל. איך האָב אַלעמאָל געהאַט אַ שוואַכקייט צו מעסערלעך און אפילו איצט טראָג איך אין קעשענע אַ מעסערל. איינמאָל קומט מאָשקע און נעמט־צו מיין מעסערל. אַז איך האָב אָנגעהויבן וויינען, האָט ער מיך גוט אָנגעשלאָגן און אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זיך ניט דערוועגן עמעצן צו דערציילן וועגן דעם. איך האָב טאַקע ניט דערציילט, און דאָס איז געווען דער אָנהייב פון אַ סך צרות. ער פלעגט מיך אָפּהיטן און פאָדערן געלט, — און טאָמער האָב איך ניט געהאַט, פלעגט ער מיך שלאָגן מכות רצח. איך האָב אים שוין געהאַט אָוועקגעגעבן מיין גאַנץ פאַרמעגן אין געלט און אַפילו מיין קעמעלע און שפּיגעלע. פאַר אים איז דאָס אַלץ געווען ווייניק. פאַרקערט, ער האָט געפאָדערט אַלץ מער און מער. האָב איך אָנגעהויבן גנבענען געלט פון הויז און אים געבן. איינמאָל האָב איך געגנבעט אַ גאַנצן זילבערנעם רובל און אים אַוועקגעגעבן מאָשקען. דער טאַטע האָט זיך עפּעס געכאַפּט, אָבער אַזוי ווי עס זיינען געלעגן אין קאָמאָד עטלעכע און פערציק רובל איז ער ניט געווען זיכער. איך בין אַרומגעגאַנגען אַ דערשראָקענער, טאָמער נעמט מען זיך צו מיר. אָבער עס איז דורכגעגאַנגען גלאַטיק. דער־נאָך האָב איך אַרויסגענומען זעקס און דרייסיק קאָפּיקעס פון דער מאַמעס קעשענע. זי האָט זיך געכאַפּט. איך האָב געלייקנט. אָבער מיין עלטערער ברו־דער איז געוואָרן „גוט־ברודער" מיט מיר, ער האָט ביי מיר אַרויסגעקראָגן דעם סוד און אים דערציילט דער מאַמען, כאָטש ער האָט מיר צוגעזאָגט קיינעם ניט צו דערציילן. אַ טאָג שפּעטער, נאָכדעם ווי איך בין געקומען אַהיים צו וואַרמעס, נעמט מיך די מאַמע ביי דער האַנט און פירט מיך צוריק אין חדר. געקומען צום רבין, ווען ער האָט געגעסן וואַרמעס, דערציילט איר די מאַמע, אַז איך האָב געגנבעט געלט און זי וויל ער זאָל מיך באַשטראָפן. ער, ניט ריידנדיק קיין וואָרט, האָט אַראָפּגענומען זיין פּאַסיק און גענומען

רייסן פון מיר מיינע תחתונים. איך בין געווען אַ גאַנץ קרעפטיק אינגל, האָב איך זיך ניט געלאָזן. ער האָט מנצח געווען, אָבער ניט אינגאַנצן. אים איז געלונגען צו פאַרשאַרן מיין העמדל און ער האָט געשמיסן איבערן רוקן. מיין כבוד איז געראַטעוועט געוואָרן. נאָך אַ זאַך: קיינער פון די אינגלעך האָט דאָס ניט געזען און דער רבי האָט עס קיינעם ניט דערציילט. ווען די מאַמע איז אַוועקגעגאַנגען און דער רבי האָט זיך געזעצט צוריק צום טיש, סאָפּענ־דיק שווער, האָט ער אַרויסגערעדט: „פאַרוואָס לאָזן זיי מיך ניט צורו?" איך האָב דעמאָלט דערפילט אַ רחמנות אויף אים. אין דער היים האָט מען ניט גערעדט וועגן דעם, און איך בין דערפאַר טאַקע דאַנקבאַר געווען.

פון מאָשקען האָב איך ערשט אָנגעהויבן אויסצושטיין די אמתע צרות. מער גנבענען האָב איך מורא געהאַט; און ער, ווידער, פלעגט מיך אָפּהיטן, ווי נאָר איך בין אַרויס פון הויז. ניט געקראָגן קיין זאַך, פלעגט ער מיר דער־לאַנגען די ריכטיקע קלעפּ. ביז איין מאָל האָט ער מיר אַזאַ פּאַטש געטאָן, אַז די באַק איז געשוואָלן געוואָרן. ווען כ'בין געקומען אַהיים האָט די מאַמע דערזען די געשוואָלענע באַק, האָט זי מיך גענומען אויספרעגן. איך האָב צוזאַמענגעבראָכן און מיט געוויין דערציילט די צרות וואָס איך שטיי אויס פון מאָשקען. מיין טאַטע מיטן זיידן האָבן אָפּגעוואַרט דעם חברהמאַן און ווען ער האָט זיך איינמאָל אַרומגעדרייט אַרום אונזער הויז, האָבן זיי אים געכאַפּט, אַריינגעשלעפּט אין הויף און אים גוט אָנגעסטראַשעט. איך האָב עס צוגעזען פון פענצטער און זיך געטרייסלט ווי אַ בלאַט. מער קיין צרות האָב איך שוין פון מאָשקען ניט געהאַט. מיט יאָרן שפּעטער האָט מאירקע פּרובירט די זעלבע שטיק, בין איך שוין געווען שטאַרק גענוג צו פאַרפירן מיט אים אַ געשלעג און כ'האָב אים בייגעקומען.

ביי חיים־וועליען האָב איך געלערנט צוויי זמנים. אויפן צווייטן זמן האָב איך איבערגעלעבט אַ טראַגעדיע, וועלכע האָט איבערגעלאָזט אַ צייכן אויף מיין גאַנצן לעבן — אַ פאַרראַט פון מיין בעסטן חבר.

אין חדר בין איך געווען כמעט דער אינגסטער. איינמאָל לאָזט מען מיר וויסן „אָפיציעל", אין נאָמען פון קיסר, אַז יאַנקל בערל דעם שוסטערס איז דערקלערט געוואָרן פאַר אַ הונט. ביז דעמאָלט האָב איך פון אַזעלכע זאַכן ניט געהאַט געהערט. איין אינגל, דער עלטסטער און געזינטסטער, האָט זיך דערקלערט פאַר קיסר. וואָס ער האָט געזאָגט, האָבן אַלע אינגלעך געמוזט פאָלגן, אויב ניט, האָט דער קיסר אים דערקלערט פאַר אַ הונט. דאָס האָט

געמיינט, אַז ער איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם און קיינער האָט מיט אים אפילו ניט געטאָרט ריידן. יאַנקל בערלס האָט געוואוינט פונקט קעגן אונזער הויז און מיר ביידע האָבן זיך געשפּילט זינט איך געדענק זיך. און דאָ פּלוצלינג — אַזאַ „אוקאַז". און ווען איך בין אַרויס אויפן גאַס זיך שפּילן און דערזען יאַנקלען זיצן אין אַ זייט, איינער אַליין, און די אינגלעך רייצן זיך מיט אים: „הונט, הונט", בין איך צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט, אַז איך וועל זיך יאָ שפּילן מיט אים. ער האָט זיך דערפרייט און מיר זיינען אַוועק אין אַ זייט און זיך געשוואָרן אייביקע פריינטשאַפט. ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן ווען אויף מאָרגן בין איך אַרויס פון חדר און אַלע אינגלעך האָבן גענומען שרייען צו מיר: „הונט, הונט". יאַנקל איז ניט בלויז געווען צווישן די שרייער, נאָר איז מיר געשפּרונגען אין פּנים מיטן פינגער און געשריען „בעיל" (ער האָט ניט געקענט אַרויסזאָגן דעם ריש) בעיל איז אַ הונט!

אָט דער קינדערישער פאַרראַט האָט זיך איינגעקריצט שאַרף אין מיין זכרון און האָט שטאַרק באַווירקט מיינע באַציאונגען צו מענטשן. אָט דער אינצידענט און נאָך איינער אַן ענלעכער האָבן געווירקט אויף מיר, אַז איך האָב מער אין מיין לעבן קיין אינטימע פריינט ניט געהאַט.

די פּאָר חדשים פון זמן האָב איך פאַרענדיקט ביי חיים־וועליען און מיט די אינגלעך זיך ניט איבערגעבעטן. מיך האָט עס אפילו ניט געאַרט. איך בין געווען צופיל געטראָפן פון יאַנקלס האַנדלונג. אין שפּעטערע יאָרן בין איך געוואָרן פריינט מיט יאַנקלס עלטערן ברודער ראובן. איך בין געווען אַ בן־בית ביי זיי און קיינמאָל מיט יאַנקלען ניט גערעדט. מיט זעקס און צוואַנציק יאָר שפּעטער בין איך געפאָרן פון אַמעריקע צו זיך אין שטעטל זען מיינע עלטערן. איך האָב געפירט גרוסן פון בערל דעם שוסטערס קינ־דער (ער האָט דאָ געהאַט פיר זין) צו זייערע עלטערן. איך בין געווען ביי בערלען אין הויז. זיי האָבן זיך זייער געפרייט מיט מיר. מיט יאַנקלען האָב איך זיך נאָר באַגריסט און קיין שמועס ניט געקענט פאַרפירן מיט אים.

מיין פערטער מלמד איז געווען וועליע קוליעס, אַ איד, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ קליין בערדל, — אַ גרויסער לערנער, אַ ליטוואַק. צו אים טראָג איך אַ וואַרעמקייט אין האַרצן אַלע יאָרן. ער האָט געהאַט אַן אומגליק־לעך לעבן. זיין פרוי איז געווען טויב ווי די וואַנט, און אַ גרויסער נאַר דער־צו, זאָל זי מיר מוחל זיין. ער האָט געהאַט דריי טעכטער. די עלטערע איז געשטאָרבן אין ערשטן קינפּעט, און ניט וועלנדיק פאַרלירן דעם איידעם,

דעם שוחט, האָבן זיי אים געגעבן די אינגערע טאָכטער, די זעכצן־יאָריקע, פּאַר אַ ווייב. זיי האָבן געוואוינט אין אַ דאָרף און זיינען זעלטן געקומען זען די עלטערן. די דריטע טאָכטער איז געווען אַ טויב־שטומע. זי פלעגט אַרויס־ברענגען משונהדיקע קלאַנגען, און ס'איז געווען זייער שווער צו פאַרשטיין. מען האָט זי חתונה געמאַכט מיט אַ בחור, וואָס האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן פון פּריזיוו. ער איז געווען אַ מלמד אין אַ דאָרף און פלעגט קומען אַהיים נאָר אויף פּסח און ראש־השנה. ביי זיך אין שטוב האָט דער מלמד ניט געהאַט מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט.

אין 1929, ווען איך בין געפאָרן זען מיינע טאַטע־מאַמע, האָב איך שוין ניט געטראָפן מיין מלמד. ער איז געשטאָרבן אַ פּאָר חדשים פאַר מיין קומען. מיר האָט עס זייער באַנג געטאָן. איך האָב יאָרן געחלומט זיך מיט אים צו באַגעגענען און אים באַדאַנקען פאַר דער גוטער השפעה, וואָס ער האָט אויף מיר געהאַט.

איך האָב ביי אים געלערנט צען זמנים. אָנגעהויבן מיט נביאים אחרונים און צו ניין יאָר אָנגעהויבן גמרא. זיין אַרט לערנען איז געווען ווי די אַנדערע אַלט־מאָדישע מלמדים, אָבער אַ סך גרינטלעכער. ער האָט געלייגט גרויס געוויכט אויף עברי. דערפאַר האָט ער מיט מיר געלערנט דקדוק. איך זאָג מיט מיר, ווייל איך בין געווען דער איינציקער גמרא־אינגל אין שטעטל. מיט אַ צען יאָר פריער זיינען געווען אַ פּאָר צענדליק גמרא־אינגלעך, שטעטל־דיקע און אויך עטלעכע פון די אַרומיקע דערפער. אָבער אין מיין צייט בין איך געווען אַ בן־יחיד אין דעם פּרט. אפשר דערפאַר האָט ער זיך אַזויפיל אָפּגעגעבן מיט מיר. שעהן־לאַנג פלעגט ער זיצן מיט מיר, דערקלערן די טיפע געדאַנקען פון גמרא און די שיינקייט פון תנ"ך.

אין דער היים איז פּרנסה ניט געווען צו פיל. אויף עסן איז געווען, אָבער אַ קלייד פאַר זיך, פאַר די עלטערן, איז געווען שווער צו קויפן. פאַר די קינדער איז נאָך ווי עס איז צונויפגעקליבן געוואָרן אויפצונייען אַ בגד אָדער באַשטעלן אַ פּאָר שיך.

מיין עלטערער ברודער איז מיט פינף יאָר עלטער פון מיר. מיין שוועס־טער — מיט דריי יאָר עלטער. מיין אינגערער ברודער איז געווען מיט דריי יאָר אינגער. ער איז דערהרגעט געוואָרן אין דער צייט פונעם בירגער־קריג אין רוסלאַנד. די אינגסטע שוועסטער איז געווען אַ קליין קינד, און זי האָט געליטן פון דער ענגלישער קרענק.

ביז מיין בר־מצוה האָט מען מיר קיין נייעם בגד ניט געניית. איך האָב אַלעמאָל געטראָגן די בגדים פון מיין עלטערן ברודער, נאָכדעם ווי זיי זיינען געוואָרן ענג אויף אים. אמת, זיי זיינען געווען צו־גרויס אויף מיר, אָבער ס'איז געווען אַן עבירה דאָס געלט זיי קלענער מאַכן. איך וועל דאָך אויסוואַקסן, וועלן זיי ווערן גוט אויף מיר. איז אויסגעקומען, אַז ווען מיין ברודער האָט געקראָגן אַ נייעם גאַרניטער, האָט ער מיר אַוועקגעגעבן דעם אַלטן. איך האָב עס אויסגערייניקט און געהאַלטן פאַר מיין שבתדיקן בגד. אָבער ווען מיין ברודער האָט געדאַרפט שבת גיין געבן עסן די פערד און די קי, האָט ער דאָך ניט געקענט גיין אין זיין נייעם גאַרניטער, האָב איך געמוזט אויס־טאָן מיין שבת־בגד און עס אים אָפּגעבן. פיל טרערן האָב איך צוליב דעם פאַרגאָסן. איך האָב אַ פּאָר מאָל רעוואָלטירט, אָבער מיין ברודערס געזונטע קולאַקעס האָבן מיר שנעל איבערצייגט, אַז עס איז אומזיסט. מיינע עלטערן האָבן געהאַלטן, אַז מיין ברודער איז גערעכט.

מיין ברודער איז קיין בוך־מענטש ניט געווען. ער האָט געהאָלפן דעם טאַטן אין געשעפט. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען איינצושפּאַנען אַ פּאָר פערד נאָשפּיץ, אַנזעצן אַ פולן שליטן מיט חברים און חברטעס און — היידאַ. צו מיר האָט ער געהאַט אַ שוואַכקייט. ווי נאָר איך בין געקומען נאָענט צו אים האָט ער מיר דערלאַנגט אַ זעץ, אַזוי קונציק, אַז קיינער האָט עס ניט געקענט באַמערקן. ליב האָבן, פלעגט ער אַ שטורקע טאָן אין זייט, אַז מיר פלעגט אַזש פינצטער ווערן אין די אויגן.

הנאה האָבן פלעג איך ווען איך האָב געשפּילט מיטן טאַטן אין „דאַמ־קעס". מיין טאַטע איז געווען אַ גוטער שפּילער און ער האָט מיך גרינטלעך אויסגעלערנט די שפּיל. איך געדענק, אַז נאָך איידער איך בין אין חדר געגאַנגען, בין איך געווען שוין אַ גוטער שפּילער. איין מאָל איז אַ פּריץ געקומען צום טאַטן אויף געשעפט. האָט ער מיך אַוועקגעזעצט ביי זיך אויף די קני און איך האָב די פּאַרטי געוואונען. איך געדענק נאָך איצט די געגנג מיט וועלכע איך האָב געוואונען.

# אַ אידיש שטעטל

פון דער יאַפּאַנעזישער מלחמה געדענק איך נאָר, ווי די פּריזיוועס האָבן זיך אָנגעשיכורט; זיי זיינען אַרומגעגאַנגען צו די אידן בעטן געלט און געבראָכן פענצטער.

דעם קישענעווער פּאָגראָם געדענק איך ניט.

דערפאַר געדענק איך דעם האָמלער פּאָגראָם, אָבער קיין שטאַרקער איינדרוק איז ביי מיר ניט פאַרבליבן.

די רעוואָלוציאָנערע יאָרן פון 1904 און 1905 געדענק איך ווי בלויז לויט די געשעענישן וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעמפּלט אויף מיין זכרון. קיין פאַבריקן זיינען אַרום אונזער שטעטל ניט געווען, זיינען קיין אַרבעטער ניט געווען. עס זיינען געווען נאָר אַ פּאָר געדונגענע באַלמעלאָכעס: שוסטערס, שניידערס און סטאָליאַרעס. איך זאָג אַ פּאָר, ווייל על פּי רוב האָבן די זין געאַרבעט ביי די טאַטעס.

ווי האָט דאָס שטעטל אויסגעזען עקאָנאָמיש? דער רייכסטער איד איז געווען אברהם דער מילנער, אַ הויכער איד מיט אַ גרויסן בויך. ער האָט געהאַלטן אין אַרענדע די וואַסער־מיל. ער האָט ליב געהאַט גוט צו עסן און אַ סך צום טרינקען. ער איז געווען אַ קלוגער איד מיט אַ שטאַרקן ווילן, גע־קענט אַביסל לערנען, איז געווען ניט קיין שלעכטער חזן, און געהאַלטן פון זיך אַן עולם ומלואו. איז עמיצער ניט געווען מסכים מיט אים, איז ער גע־וואָרן יענעם אַ שונא עד חרמה. דאַמקעס האָט ער געשפּילט שוואַכער פון מיר, אָבער ער האָט דאָס רוב געוואונען, ווייל ער פלעגט כסדר חרטה האָבן, אפילו אויף צוויי־דריי גענג צוריק, און אויב עס האָט געהאַלטן שמאָל, פלעגט ער צעשטעלן די פּעשיקעס ווי עס האָט אים געפּאַסט.

עס זיינען געווען דריי רייכע קרעמער און דריי קליינע קרעמלעך, איין רייכער שוסטער, בערל דער שוסטער, מיט זיבן בנים און געדונגענע אַרבע־טער. ער איז געווען דער איינציקער בעל־מלאכה וועלכער איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ איד אַ באַלעבאָס. געדאַוונט שחריתים און געקענט אַ פּרק משניות. אין איין אָרט האָט ער זיך אָבער ניט געקענט אַריינרייסן, און דאָס איז געווען צום רב, שבת פאַרנאַכט, צו חסידות.

עס זיינען געווען פיר מלמדים, צוויי בעלי־עגלות, אַ פּאָר כלי־קודש, צוויי שמשים (מיר האָבן געהאַט צוויי שולן), און די איבעריקע אידן זיינען

געווען שניידערס, שוסטערס און סטאָליערס, וועלכע פלעגן אַרומגיין אַ גאַנ־צע וואָך איבער די דערפער און זיינען געקומען אַהיים נאָר אויף שבת און יום־טוב. יאָ, מיר האָבן אויך געהאַט אַ שמיד מיט דריי זין. פיל אידן האָבן זומער געהאַלטן סאַדן, אמת, זייער קליינע, אָבער עפּעס האָבן זיי דערביי פאַרדינט.

דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט נײַנציק אידישע הייזער און זעקס גויאישע. בלויז אין עטלעכע הייזער זיינען געווען דינסט־מיידלעך. קיינער האָט ניט געהאַט קיין אידיש דינסט־מיידל אָדער קעכין. אַ סך מיידלעך פון שטעטל זיינען געווען דינסט־מיידלעך אין באָברויסק אָדער אין ראָגאַטשעוו. דאָס שטעטל האָט ניט געהאַט קיין מאַרק־טעג. צוויי מאָל אַ יאָר זיינען געווען יאַרידן, אָבער אַ חוץ די עטלעכע קרעמער האָט דאָס שטעטל ווייניק געהאַט פון די יאַרידן.

דאָס שטעטל איז געווען זיבן וויאָרסט פון אַן אייזנבאַן. פון דעם קען מען זען, אַז דאָס שטעטל איז געווען זייער אַן אָרעמס. פונדעסטוועגן האָבן מיר געהאַט סאָציאַליסטן, אָדער ווי מען פלעגט זיי רופן — דעמאָקראַטן. מען האָט געזאָגט, אַז זיי קלייבן זיך צונויף שבת אין וואַלד, רויכערן פּאַפּי־ראָסן און שרייען „דאַלאָי סאַמאָדזשערזשאַוו! דאַלאָי צאַר!‟ די פירערס זיינען געווען ראובן אברהם־איטשע דעם בעדערס און אַרציע דער שוסטער. קיין באַלעבאַטישע בחורים און מיידלעך האָבן זיך ניט באַטייליקט. אמת, עס זיינען געווען זייער ווייניק באַלעבאַטישע בחורים און מיידלעך, אָבער די עטלעכע וואָס זיינען יאָ געווען, זיינען געשטאַנען אָן אַ זייט.

איך געדענק ניט אין וועלכן יאָר עס איז געשען, אָבער איין יאָר האָט מען גערעדט, אַז זיי וועלן דורכפירן אַ דעמאָנסטראַציע צום ערשטן מאַי. די באַלעבאַטים זיינען געווען פאַרזאָרגט וועגן דעם, וואָס קען אַרויסקומען פון דעם. מיין זיידע האָט געזאָגט, אַז אויב מען וועט קומען צו אונז אין מיל אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט דעם אידישן בחור וועלכער האָט ביי אונז גע־אַרבעט, וועט ער זיי צעברעכן די קעפּ. דעם ערשטן מאַי איז אַ קאָמיטעט געקומען און דער זיידע אַליין האָט געהייסן דעם בחור גיין. זיי האָבן געמוזט זיך פאַרקלייבן אין וואַלד, ווייל אין שטעטל איז גאָרניט פאָרגעקומען. דאָס שטעטל איז ווייניק אָנגערירט געוואָרן פון דער רעוואָלוציע.

# פּאָגראָם־שרעק

אָבער באַלד האָבן זיך אָנגערוקט די יאָרן פון רעאַקציע און די גויים פון די אַרומיקע דערפער זיינען געוואָרן אומרואיק. קיין פּאָגראָמען זיינען ניט פאָרגעקומען אין אונזער געגנט, אָבער די שרעק פון אַ פּאָגראָם האָבן מיר איבערגעלעבט אַ סך מאָל. איינמאָל, איך געדענק ניט אין וועלכן יאָר, 1907 אָדער 1908, האָט אַ קלאַנג זיך פאַרשפּרייט, אַז עס וועט פאָרקומען אַ פּאָגראָם ביי אונז אין שטעטל. עס זיינען געווען עדות, וואָס האָבן געזאָגט, אַז זיי אַליין האָבן געזען אַז עס זיינען אַראָפּגעקומען גויים פון וויטע דער־פער, און אַז זיי פאַרזאַמלען זיך אין „דאָרף״ (אַזוי האָבן מיר אָנגערופן אַ דאָרף, וואָס האָט זיך געפונען אַ וויאָרסט פון שטעטל פּאָבאָלאָוו). עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ „סאַמאָבאָראָנע״ (אַ זעלבסט־שוץ) און עס האָט זיך אָפּ־געזוכט אַ רעוואָלווער, וועלכן אַרטשע דער שוסטער האָט געהאַט. ער האָט טאַקע איבערגענומען די קאָמאַנדע פון דער „פּאָדערשטער שוץ״ און אַוועק באַגעגענען די גויים אויף דער גרעבליע, איידער זיי קומען אַריין אין שטעטל. די צווייטע אָפּטיילונג, אונטער דער פירערשאַפט פון מיין טאַטן, האָט זיך געשטעלט אין מיל־גאַס, גלייך ביים אַריינגאַנג צום שטעטל. מיין עלטערער ברודער איז מיטגעגאַנגען מיטן טאַטן. מיין זיידע, דער זקן, האָט גענומען דעם טולקאַטש מיט וועלכן מען שטויסט די זעקלעך מעל, און האָט זיך גע־ריסן אַפריער. ער וועט זיי ווייזן, די שיכורע כאַמולעס. מיין מוטער, שוועס־טער און קליין ברודערל און נאָך אַ פּאָר שכנות האָבן זיך באַהאַלטן אין דער מיל, אונטערן פערד־ראָד. איך בין געבליבן אין מיל, אונטער פאַר־שפּאַרטע טירן. איך בין געשטאַנען אויף דער וואַך, אויך מיט אַן אייזן אין האַנט, און אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַרונע. די נאַכט איז דורך רואיק. ס'איז גאָרניט געשען, אָבער דער איינדרוק איז פאַרבליבן אויף אייביק.

נאָך דעם האָט זיך אָרגאַניזירט אַ שטענדיקע זעלבסט־שוץ. מיין טאַטע איז געווען דער אָנפירער. מען האָט געקויפט זעקס רעוואָלווערן און ביי אונז אין הויז זיינען זיי געווען באַהאַלטן. אַלע שבת אָוונט איז געווען אַ זיצונג ביי אונז אין שטוב. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון דריי באַלעבאַטים און דריי „זייעריקע״ (דעמאָקראַטן). וואָס מען האָט דאָרטן גערעדט ווייס איך ניט. די טיר איז געווען פאַרקייטלט פון אינעווייניק. מיין מאַמע פלעגט זאָגן, אַז זיי פאַרהאַנדלען דאָרטן צי אַ לעבל ברויט איז קיילעכדיק. דאָס שטעטל

האָט געהאַט אַ נאַכט סטאַראָזש (וועכטער), האָט מען צו אים צוגעשטעלט צווי פּריוויליקע; אַלע נאַכט זיינען מיטגעגאַנגען צוויי מענטשן מיט רעוואָל־ווערן. אַלע נאַכט אַנדערע מענטשן, לויט דער ריי, אָבער בײדע האָבן ניט געטאָרט זיין פון דער זעלבער גאַס, כדי זיי זאָלן היטן דאָס גאַנצע שטעטל און ניט נאָר זייערע אייגענע היימען.

די געוויינטלעך געמיטלעכע גוים אַרום זיינען אָבער געוואָרן אַביסל בייזער, צי אפשר האָט זיך דאָס אונז בלויז אויסגעדאַכט. געשלעגן זיינען אָפט פאָרגעקומען אין שטעטל צווישן שיכורע גויים, געוויינטלעך זונטיקס און די חגאס, אָבער קיינמאָל האָבן זיי ניט פאַרטשעפּעט קיין אידן. און דאָך האָבן מיר כסדר געלעבט אין שרעק.

מיין לעבן איז זיך געגאַנגען רואיק. אין חדר בין איך דורכגעגאַנגען תנ״ך גרינטלעך. ווען דער רבי האָט געפרעגט אַ געוויסן פּסוק האָב איך געקענט ענטפערן אויף וועלכער זייט עס געפינט זיך. דעם ספר „דניאל״ האָט דער רבי ניט האַלט געהאַט, בין איך עס דורכגעגאַנגען ווי אשרי. זיי־נע ליבלינגס זיינען געווען ירמיה און ישעיה; איך האָב פאַר זיך אויסגעבויט אַ וועלט ערגעץ אין די הימלען, וואו די אַלע זאַכן זיינען פאָרגעקומען. מיט דעם לעבן אין הויז און אין שטעטל האָט עס גאָרניט ניט געהאַט וואָס צו טאָן. די גמרא האָט מיר פיל אַרויסגעהאָלפן צו באַשאַפן די קינסטלעכע וועלט. דער שור שנגח את הפרה, שנים אוחזין בטלית, דערנאָך פּסחים, גיטין, חולין — אַלץ זאַכן אין די הימלען, און דער רבי האָט זיי קיינמאָל ניט פּרובירט פאַרבינדן מיטן לעבן.

אין דער היים האָבן אַלע געאַרבעט שווער. פּרנסה איז געווען. איך האָב אין פרייער צייט אויך אַרויסגעהאָלפן. נאָר שווערער פאַר אַלעמען האָט גע־אַרבעט די מאַמע, כאָטש די מאַנסבילן האָבן אַכטונג געגעבן אויף די פערד. אָבער די בהמות געבן עסן, מעלקן, אָנטרינקען — דאָס איז געווען דער מאַמעס אַרבעט. די מענער האָבן געפילט, אַז עס איז אונטער זייער ווירדע זיך אָפּצוגעבן מיט קי. האַלץ האָבן מיר אַלעמאָל געהאַט אויפן הויף, אָבער אַריינטראָגן דאָס האָלץ אין הויז אַריין איז ניט געווען קיין מענערשע מלאכה. חוץ קאָכן, ראַמען, וואַשן די שטוב־זאַכן און אויך דאָס גרעט, האָט די מאַמע געמוזט נייען קליידער פאַר די קלענערע קינדער, פאַרריכטן אַלעמענס קליי־דער, שטריקן זאָקן. ווינטער־צייט פלעגט זי דאַרפן פליקן פעדערן אויף קישנס, מאַכן איינשיטנס פאַר דער שוועסטער פאַר דער גוטער שעה, שטריקן

וואָלגנע הענטשקעס פאַר אַלע מאַנסלייט (אין מיל איז קאַלט), אויך וואָלענע זאָקן און טאָן נאָך און נאָך אַרבעטן. זי איז אויך געווען דער פינאַנץ־מיניס־טער. דער טאַטע פלעגט אַריינקומען פון מיל: „קריינע, איך האָב ערשט גע־קויפט אַ פורל גריקע און מיר פעלט אַ פינף און צוואַנציקער". האָט די מאַמע גענומען די פּאַטשיילע און אַוועק קריגן אַ גמילת־חסד.

גמילת־חסד איז געווען אַן אינסטיטוציע. חוץ אברהם דעם מילנער און הירשל לייב־יאָשעס דעם קרעמער האָט דאָס גאַנצע שטעטל זיך באַנוצט זייער אָפט מיט אַ גמילת־חסד. מען האָט געליען איינער דעם אַנדערן בסבר פנים יפות. דער גמילת־חסד איז געווען אַ קורץ־טערמיניקער — אַ טאָג, צוויי, און גאַנץ אָפט נאָר אויף אַ פּאָר שעה. מען האָט געקענט הערן אַזאַ געשפרעך: „איך קען אייך געבן פופציק רובל, אָבער איך פאַר אין באָברויסק און איך דאַרף עס איינס אַזייגער". „גוט, איך וועל עס אייך ברענגען אין צייט". און דער וואָס האָט געבאָרגט האָט עס געבראַכט צו דער מינוט. וואו גענומען? ערגעץ אַנדערשוואו געליען.

איך געדענק ניט, אַז עס זאָל האָבן געטראָפן, אַז עמיצער זאָל ניט אָפּ־געבן אַ גמילת־חסד אָדער אַז עמיצער זאָל זיך פאַרשפּעטיקן און אים ניט אָפּגעבן אין דער פאַרשפּראָכענער צייט. און טאָקע דערפאַר האָט מען געגעבן איינער דעם צווייטן גמילת־חסדים אַזוי פריי און קיינער האָט זיך ניט גע־שעמט בעטן. אפילו ווען הירשל, אריה נחום־יעקלס, האָט אָנגעזעצט, האָט ער דאָס געלט פון גמילת־חסדים גלייך אָפּגעגעבן.

מיין אייגן לעבן איז ניט געווען קיין גרינגס. אין חדר האָט מען געלערנט זומער ביז מנחה, ווינטער ביז צען אין אָוונט. קומענדיק אַהיים האָט מען גע־דאַרפט חזרן די גמרא און דקדוק. איך האָב שוין אָנגעהויבן אַרויסצוהעלפן אין דער מיל, צוזען די פערד. אין יענער צייט האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיין טאַטע חלומט מיך צו מאַכן פאַר אַ רב. האָט ער געפאָדערט פון מיר, אַז איך זאָל זיך אויפפירן ווי עס פאַסט פאַר אַ צוקינפטיקן רב. איך האָב זייער ליב געהאַט שפילן אין פילקע, אָבער עס פאַסט דאָך ניט — וואָס בין איך, אַ שניידער־ אָדער אַ שוסטער־אינגל? שבת בייטאָג פלעגן מיר זיך פאַרקלייבן אין וואַלד און דאָרטן פלעגן מיר שוין שפילן אין פילקע ביז אַ שעה פאַר מנחה, ווייל דערנאָך האָב איך געמוזט לויפן אַהיים צוזען די פערד איידער איך גיי אין שול צו מנחה.

טרעפט איינמאָל אין אַ פרייטיק פאַרנאַכט, גייענדיק אין שול, האָט אַ

אינגל אַ וואָרף געטאָן אַ פּילקע אויף מיר. איך האָב זי געכאַפּט און אים אַ וואָרף געטאָן צוריק. האָט דאָס גראָד מיין רבי, וועליע־קוליעס, דערזען, איז ער צוגעגאַנגען און האָט מיר אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש אין באַק: „שייגעץ, טפוי!"

צו דער מאָנאָטאָנקייט פון אַזאַ לעבן, ווען מען רעכנט צו, אַז די קליי־דער וואָס איך האָב געטראָגן זיינען געוועזן דעם ברודערס און אַלעמאָל צו גרויס אויף מיר, און אַז דער ברודער פלעגט שלאָגן מכּת רצח, איז קיין וואונדער ניט, וואָס איך האָב פרי אָנגעהויבן טראַכטן וועגן גרויסע שטעט, וועגן זוכן אַ תּכלית פאַר זיך.

# אין דער ישיבה

ראש חודש חשון 1909 בין איך געוואָרן בר מצוה. געזאָגט אַ דרשה, „צי דאַרף אַ מאַן וועלכער האָט פאַרלוירן זיין לינקע האַנט לייגן תּפילין אויף דער רעכטער, צי ניט". גלייך נאָכדעם בין איך אַוועקגעפאָרן קיין באָברויסק זיך לערנען אין דער ישיבה. דער טאַטע איז געפאָרן מיט מיר און האָט מיך אַריינגעגעבן צום טשיטיקאָווער רב, וועמענס ישיבה איז גע־ווען אין דער קצבשער שול.

דער טאַטע האָט באַשטעלט טעג פאַר מיר צווישן פריינט און באַקאַנ־טע, נאָר קיין מיטוואָכס האָב איך ניט געהאַט. שלאָפן בין איך געשלאָפן אין קהל־שטיבל ביי דער שול צוזאַמען מיט נאָך אַ סך בחורים. דער שמוץ איז דאָרטן געווען מוראדיק.

איך בין געווען פון די אינגסטע אינגלעך און פון די קלענסטע קענער — אפשר דער ערגסטער. דעם שיעור האָב איך ניט גוט פאַרשטאַנען, האָב איך אים דערנאָך ניט געקענט איבערחזרן. דער ראש ישיבה פלעגט קומען נאָר אויף אַ פאָר שעה אַ טאָג און פאַר די פאָר חדשים, וואָס איך בין דאָרט געווען האָט דער ראש ישיבה מיך קיינמאָל ניט געפרעגט קיין פראַגע און האָט מיך ניט געבעטן זאָגן דעם שיעור. קיין שנעל־אויפכאַפּנדיקן קאָפּ האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט, אפילו ניט איצט. איך האָב אָבער אַ גוטן זכרון. באַנעם איך אַ זאַך, בלייבט זי ביי מיר אויף אייביק. איך מוז אויף אַלץ אַר־בעטן שווער. חשק צום לערנען האָב איך געהאַט, איז דאָס וואָס עס פעלט

מיר אין קאָפּ האָב איך אָפּגעמאַכט דורך האָרעווען. אָבער אין דער ישיבה איז ניט געווען ווער עס זאָל מיר מסביר זיין. די בחורים האָבן ווייניק גע־לערנט, מען האָט נאָר געפּטרט צייט. דאָס גיין עסן טעג איז מיר געווען זייער שווער. וואָס רייכער דאָס הויז איז געווען אַלץ ערגער איז מיר גע־ווען. מען האָט געדאַרפט וואַרטן שעהן אין קיך ביז די באַלעבאָסטע האָט געהייסן דער דינסט דעם אינגל געבן עסן.

און אַזוי ווי אַ בעל־תכלית בין איך שוין געווען פון פריער, האָב איך גענומען טראַכטן, אַז אויב לערנען לערן איך ניט, און קיין רוסיש קען איך זיך ניט לערנען כל־זמן איך שלאָף אין שול (די באַלעבאַטים האָבן שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף דעם), האָב איך איין טאָג אויפגעזוכט דעם שטעטלדיקן באַלעגאָלע און בין אַוועק אַהיים אָן אַ זיי־געזונט.

געקומען אַהיים אומדערוואַרט, האָב איך געדאַרפט געבן אַ דערקלערונג. פאַרן טאַטן האָט עס געמוזט זיין אַ שטאַרקער קלאַפּ. זיין חלום פון מיר מאַכן אַ רב איז אויסגערונען געוואָרן. אָבער גראָד האָט ער מיר קיין פאַר־וואורף ניט געמאַכט. די מאַמע איז מיר דערגאַנגען די יאָרן, אַז פון מיר וועט שוין קיין לייט ניט זיין, אַז איך וועל אין ערגעץ זיך שוין ניט קענען איינהאַלטן. דאָס האָבן אויפגעכאַפּט מיין עלטערע שוועסטער און דער ברודער און אויף יעדן שריט און טריט האָבן זיי מיך געשטאָכן מיט ווערטלעך.

דערווייל איז געבליבן, אַז איך זאָל לערנען ביי וועליע־קוליעס אין די אָוונטן און בייטאָג זאָל איך זיצן אין שול און לערנען פאַר זיך. איך האָב טאַקע אַזוי געטאָן; די אָוונטן זיינען פאַר מיר געווען אַ קוואַל פון פאַרגעניגן. דער רבי האָט גערעדט צו מיר ווי צו אַ גרויסן. אָבער די טעג זיינען ניט געווען פון גרויס פאַרגעניגן. קיין התמדה צו זיצן אַליין האָב איך ניט גע־האַט; אַהיים האָב איך ניט געוואַגט צו גיין אין מיטן טאָג. בין איך געזעסן און געטראַכט וועגן דער צוקונפט.

צוויי זאַכן האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון פון יענעם ווינטער: מיין טאַטן האָט זיך געוואָלט איך זאָל ווערן אַ בעל קריאה, און איך, וויסנ־דיק מיין שוואַכקייט, אַז איך קען ניט געדענקען קיין איין פסוק ווערטער־לעך, האָב איך זיך ביי אים געבעטן ער זאָל עס אָפּלאָזן. ער איז אָבער אויף דעם באַשטאַנען און איך האָב זיך גענומען גרייטן לייענען פרשת „יתרו". דער שבת איז געקומען, און צו מיין גרויסער שאַנד בין איך געווען ערגער פון שלעכט, ניט געקענט אפילו לייענען די עברי ריכטיק. אַ גליק איז גע־

ווען, וואָס איך האָב געלייענט ניט אויף דער בימה אין שול, נאָר אין קהל־שטיבל. ביי אונז אין הויז האָט מיר קיינער ניט דערמאָנט וועגן מיין דורכפאַל, און איך בין זיי געווען זייער דאַנקבאַר דערפאַר.

דער צווייטער עפּיזאָד — מיין עלטערער ברודער האָט מיך אַ שטויס געטאָן. האָב איך זיך אַ שטעל געטאָן מיט רוגזה קעגן אים און אויסגעשריען: „גוט, עס איז שוין געקומען די צייט". ער האָט זיך אָפּגערוקט און מיר גאָרניט ניט געזאָגט. פון דעמאָלט אָן האָט ער מיך מער שוין ניט געשלאָגן.

## דער טאַטע שמידט דעם מילשטיין און קאָכט טיי

יענעם ווינטער איז ביי אונז געווען פּרנסה. קיין געדונגענעם מענטשן האָבן מיר ניט געהאַלטן. דער טאַטע, מיין זיידע און מיין ברודער שלום האָבן געאַרבעט שווער. איך האָב צוגעהאָלפן. איבערהויפּט האָב איך ליב געהאַט העלפן דעם טאַטן שמידן די שטיינער. דער זיידע איז געווען צו אַלט פאַר דער אַרבעט; שלום האָט עס פיינט געהאַט. איך פלעג ליב האָבן זיצן מיטן טאַטן אין דער הויך שבת ביינאַכט און קלאַפּן מיט אַ שאַרפן האַמער אין שטיין, מאַכן שטיקלעך ציינדלעך, אַזוי ווי אין אַ „פייל". ער פלעגט אונטערזינגען אַ ניגון (קיין קול צום זינגען האָט ער נישט געהאַט). „רואיקער, ניט אַזוי שטאַרק, וועסט אָפּשפּאַלטן די ציינדלעך! רואיקער, ניט געכאַפּט! נאָר אַ פוילער כאַפּט, ווייל ער וויל וואָס שנעלער פּטור ווערן פון דער אַרבעט". אָט אַזוי איז ער געזעסן אַנטקעגן מיר, געקלאַפּט מיט זיין העמערל און, דוכט זיך, ניט געזען וואָס איך טו. אָבער ער האָט געפילט יעדן קלאַפּ נאָך איידער איך האָב אים געמאַכט. שמידן דעם שטיין איז ביי דעם טאַטן ניט געווען קיין מלאכה נאָר אַ מין קונסט. ער האָט אַליין אויפגעבויט די מיל, געגומען באַלמעלאָכעס און ער איז געווען דער אַרכיטעקט און אינזשיניר. אַ פּאַרטאַטש (שלעכטן באַלמעלאָכע) האָט ער ניט געקענט פאַרטראָגן.

אין אָוונט, ווען ער האָט געהאַט צייט, איז ער געגאַנגען צו אברהם דעם מילנער שפּילן אַ דאַמקע, אָדער ער האָט געשפּילט מיט מיר; און אַלע־מאָל איינגעחזרט מיט מיר: זוך ניט צו פאַרדינען פון יענעמס טעות. זעסט,

יענער מאַכט אַ שלעכטן גאַנג, זאָג אים. ווייל ער חרטה האָבן אויף אַ גאַנג, לאָז אים.

דריי מאָל אַ טאָג איז ער געגאַנגען אין שול (ער פלעגט קומען צו לויפן צווישן מנחה און מעריב). נאָך וואַרעמעס האָט ער געמוזט זיך צולייגן כאָטש אויף צען מינוט. אַזייגער דריי־פיר האָט ער געטרונקען טיי. טיי־טרינקען איז ביי אים געווען אַ מין עבודה. דער סאַמאָוואַר האָט פאַרזאָטן, האָט ער אָנגעגאָסן דעם טשייניק מיט טיי, דערגאָסן דעם סאַמאָוואַר מיט קאַלטן וואַסער, אַרויפגעטאָן אויפן טרייבל פון סאַמאָוואַר אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַ לעכעלע, אַז דער סאַמאָוואַר זאָל ניט קאָכן שטאַרק, דעם עסענץ פון טיי־טשייניק אָפּגעגאָסן, טאָמער איז פאַראַן פאַרב אויף די טיי־בלעטער, אָנגע־גאָסן אין טשייניק פריש וואַסער און אַרויפגעשטעלט דעם טשייניק אויפן סאַמאָוואַר, עס זאָל אָנציען פּאַמעלעך. ווען דער סאַמאָוואַר האָט אָנגעהויבן זידן, האָט דער טאַטע אָנגעגאָסן זעקס גלעזער קאָכעדיקע וואַסער און אַליין געטרונקען פון זיבעטן גלאָז. פאַרטיק געוואָרן מיט איין גלאָז, האָט ער אָנ־געגאָסן עסענץ און אָנגעגאָסן וואַסער פון שטייענדיקן גלאָז און אַלעמאָל געלאָזט אַביסל וואַסער אין גלאָז, טאָמער האָט דאָס וואַסער זאַמד אין זיך, זאָל דאָס זאַמד בלייבן אויפן דעק. אָט אַזוי האָט ער געטרונקען די זיבן גלעזער טיי. צוקער האָט ער פאַרנוצט נאָר איין שטיקל. די גלעזער האָבן געמוזט זיין אַלע דינע, אָן פינגער. און ווען אַ גלאָז טיי האָט, אַנטקעגן פענצטער, ניט געהאַט דעם ריכטיקן קאָליר, האָט ער עס אויסגעגאָסן און צוגעגרייט אַן אַנדערע. ער האָט אין גלאָז ניט אַריינגעלייגט קיין וואַרעניע און אפילו ניט געמאַכט זיס. זעצנדיק זיך צום טיש האָט ער אָנגעטאָן זיין שבתדיקע יאַרמעלקע און האָט ניט ליב געהאַט מען זאָל אים שטערן, אָדער מאַכן טומל אין הויז.

דעם טאַטנס רוחניות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס שבת נאָכן שלאָפן, פלעגט ער גיין צום רב הערך חסידות. דאָרטן זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די פּאָר באַלעבאַטים און האָבן עוסק געווען אין תורה. אַ פּאָר מאָל איז בערל דער שוסטער, וועלכער איז געווען פאַרבעטן אויף אַלע באַלעבאַטישע שמחות, געקומען צום רב אין די שבת־פאַרנאַכטן. זיינען זיך די באַלעבאַטים צע־גאַנגען און ער איז שוין מער ניט געקומען.

אין מיטן־וואָך האָט זיך דער טאַטע אַמאָל אַריינגעכאַפּט צום רב אין אַן אָוונט, אָבער איך האָב אויף אים קיינמאָל ניט באַמערקט דעם גליקלעכן

שמייכל וואָס מיר פלעגן אויף זיין פנים זען אין די שבת פאַרנאַכטן, ווען דער רב מיט די באַלעבאַטים פלעגן גיין אין שול דאַוונען מעריב, אָפט גאַנץ שפּעט, און עמך פלעגן שוין בורטשען אין שול, וואָס דער רב און די באַלע־באַטים זיינען נאָך ניטאָ. די באַלמעלאָכעס האָבן זיך שוין געדאַרפט זעצן צו דער אַרבעט.

# תכלית און הונגער

דער ווינטער איז אַריבער, אויף פסח. און איין געדאַנק האָט געעגבערט אין קאָפּ: וואָס וועט זיין דער תכלית? וואָס זאָל איך טאָן? אַרבעטן מיטן טאַטן אין מיל האָב איך ניט געוואָלט מחמת כמה טעמים. ערשטנס, קען ער אויסקומען אָן מיר און מיין אַרבעט וועט ניט אָפּגעשאַצט ווערן. צווייטנס, האָב איך געוואוסט, אַז עס וועלן פאַרקומען קריגערייען צווישן מיר און מיין ברודער. דריטנס, האָב איך געקלערט, אַז עס ניט קיין גוטער פּלאַן אַז איך זאָל אַרבעטן ביזן פּריזיוו און דערנאָך, אויב איך גיי דינען — צו וואָס וועל איך קומען? מיין טאַטע איז ניט קיין גביר און וועט עס ניט זיין. און אויב איך וויל פאָרן קיין אַמעריקע, איז בעסער איך זאָל אַוועק טאָן עפּעס פאַר זיך אַליין, וועל איך האָבן מיין אייגן געלט.

נאָך פסח קומט אַריין צו אונז אַ איד פון אַ דאָרף, אַכט וויאָרסט פון אונזער שטעטל, און זאָגט דעם טאַטן: „רב משה, איך האָב געהערט, אַז איר האָט אַ געראָטענעם אינגל, גיט אים מיר. איך דאַרף ער זאָל לערנען מיט מיינע קינדער. עס וועט אים דאָרטן גאָרניט פעלן. כבוד וועלן מיר אים אָפּגעבן, און איך וועל אים צאָלן צוואַנציק רובל אַ זמן". מיר איז עס שטאַרק געפעלן געוואָרן, און נאָך שבת האָט מיך מיין ברודער אַוועקגעפירט אין דאָרף ווערן אַ מלמד.

דאָרטן האָב איך געפונען אַ הויז פון צוויי חדרים. דער באַלעבאָס איז אַ שוסטער, אַרבעט ער אין ערשטן חדר, וואו דער אויוון איז. דאָרטן שלאָפט ער, זיין פרוי און מיינע צוויי תלמידים; אַ אינגל פון עלף און אַ האַלב און אַ צווייטער פון נייך.

עס אַרבעטן מיט אים אַ זון פון צוואַנציק און אַ געדונגען לערן־אינגל

מיט וועמען איך האָב אַמאָל צוזאַמען געלערנט גמרא (ער איז דאָס דער שדכן געווען).

אין צווייטן חדר זיינען געשלאָפן אַ פאַרהייראַטע טאָכטער און איר קליין קינד (דער מאַן איז געווען אין אַמעריקע און האָט זייער זעלטן געשריבן), דריי טעכטער, די עלטערע איבער שלושים, די צווייטע אין די אַנהייב־צוואַנציקער און די דריטע זיבעצן אָדער אַכצן. אין זעלביקן צימער זיינען אויך געשלאָפן דער עלטערער זון, דער אַרבעטער און איך. גאָר גיך האָב איך זיך אויסגעלערנט די קונץ פון אויסטאָן זיך אונטערן צודעק.

מיין לעבן האָט זיך איינגעשטעלט אַזוי: גלייך אינדערפרי, ד. ה., אַרום זיבן אַזייגער, האָב איך אָפּגעדאַוונט און בשעת מעשה געזען, אַז מיינע תלמידים זאָלן זאָגן ברכות, דערנאָך געטרונקען טיי און זיך געזעצט לערנען מיט די קינדער. מיט דעם אינגערן: עברי, אַ העברעאיש ביכל, שרייבן — אידיש און רוסיש, און רעכענען. מיטן עלטערן: חומש (אָן רש״י), שוואַרבע (שמואל), שרייבן און רעכענען. געלערנט האָב איך מיט זיי ביז מנחה. איך בין אויך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער אויפפירונג. מיך האָבן אַלע גערופן „רבי״ און איך האָב געמוזט היטן שטאַט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מלמד. אַלט בין איך געווען דרייצן און אַ האַלב יאָר. און עס האָט זיך זייער געוואָלט שטיפן, שפּילן אין פּילקע, לויפן, שפּרינגען — אָבער מען רופט מיך דאָך „רבי״, האָב איך געמוזט דערשטיקן אין זיך מיין קינדערישקייט און זיין אַ מענטש.

דאָ האָב איך פאַרזוכט דעם טעם פון הונגער. די באַלעבאָסטע האָט פּשוט ניט געגעבן קיין עסן צו זאַט. זיי זיינען, חלילה, ניט געווען אָרעם. מען האָט געהאַט אַ פּאָר טויזנט רובל, צוויי מעלקנדיקע קי, אָבער דאָס מילכיקס האָט מען אַלע וואָך געפירט אין שטאָט צום פאַרקויפן. דאָס עסן איז באַשטאַנען אַ גאַנצע וואָך פון שטשאַוו מיט סראָוועטקע און איין שטיקל ברויט. דער באַלעבאָס האָט דאָס שטיקל ברויט אָפּגעשניטן מיטן שוסטער־מעסער און עס יעדן איינעם אַזוי דערלאַנגט. און מער קיין ברויט איז אויפן טיש ניט געווען. אין אָוונט האָב איך געמאַכט אַ שפּאַציר מיט ראובנען, דעם לערן־אינגל, און אים געפרעגט וועגן דעם עסן. זאָגט ער, אַז אַזוי איז עס אַלע־מאָל. שפּעטער, זאָגט ער, וועט ווערן בעסער. עס וועט פאַרטיק ווערן דאָס אויבס, וועלן מיר קענען קריגן פּירות צום עסן.

אַהיים האָב איך וועגן דעם ניט געשריבן. מען האָט נאָך פריער נביאות

געזאָגט, אַז איך וועל זיך ניט איינהאַלטן לאַנג אויפן פּלאַץ. האָב איך גע־הונגערט און געשוויגן. ווען איך האָב אָבער געזען ווי בייטאָג גיט זי די קינדער עסן שטילערהייט אין די ווינקלעך, האָב איך זיך צוזאַמענגערעדט מיט ראובנען, באַשלאָסן אויסצוגעפינען וואו זי האַלט דאָס ברויט און פּשוט גנבענען ברויט צום עסן.

זיי האָבן דאָס ברויט געהאַלטן אין פּאַר־הויז. די טיר איז געווען פאַר־שלאָסן און די באַלעבאָסטע האָט דעם שליסל געהאַלטן ביי זיך. אָבער מיר האָבן אויך אויסגעפונען, אַז מען קען דורכקריכן דורך אַ לאָך אַהינצו. פלעגט ראובן קריכן און איך פלעג שטיין אויף דער וואַך. ער פלעגט אָנפילן זיינע קעשענעס און „פּאַזוכע". דערנאָך פלעגן מיר אַוועק אין פעלד און דאָרטן אויפעסן. יאָרן־לאַנג האָב איך אַזעלכע געשמאַקע מאכלים ניט געגעסן ווי יענעם טרוקענעם ברויט *).

די באַלעבאָסטע איז געווען אַ מרשעת. אַ הויכע, אַ שוואַרצע, מיט דינע ליפּן, האָט זי זעלטן־ווען גערעדט. ער — אַ קורצער מיט אַ ברייטער באָרד, און אַ כעסן. זיי זיינען געווען פאַרביטערט. מיט אַ יאָר פריער האָט דער עלטערער זון זיך געהאַט געמאַכט אַ בראַק אויסצודרייען זיך פון מיליטער־דינסט, האָט אים עמיצער געמסרט. און ניט בלויז האָט מען אים צוגענומען דינען, נאָר מען האָט אים פאַרמשפּט אין דיסציפּלינאַרנעם באַטאַליאָן. יעדעס מאָל ווען עס איז פון אים אָנגעקומען אַ בריוו, האָבן זיי אַלע געוויינט.

---

*) יאָרן שפּעטער האָט אַמעריקע מיר געגעבן בעסערע און געשמאַקערע עסנס. איין מאָל, אויפן פערטן טאָג פון מיין הונגער, האָב איך ביי זיך געפּועלט צו קלייבן עסן אין אָפּפאַל־קעסטלעך — אָבער דאָס איז געווען מיט יאָרן שפּעטער, אין דער פרייער אַמעריקע.

# מיידלעך

דאָס עלטערע מיידל, ניט קיין שיינע, האָט געהאַט אַ מויל אויף רעדע־לעך און געקענט גוט די מלאכה פון שילטן. צו מיר איז זי געווען זייער פריינטלעך, אַביסל צו פריינטלעך. אין מיינע באַציאונגען מיט מיידלעך בין איך געווען אַ קינד. איך האָב נאָך קיינמאָל קיין מיידל ניט אָנגערירט און געקושט — אַוודאי ניט. זי האָט מיך געלערנט, ניט מיט ווערטער. כאָטש איך בין געווען בלויז דרייצן און אַ האַלב, האָב איך אויסגעזען ווי זיבעצן־אַכצן. איך האָב זיך געגאָלט און פּאַרלאָזן וואָנצעס, פּאַרלייקנט מיינע יאָרן, אָנגעגעבן זיך פאַר זיבעצן. זי האָט געאַרבעט איבער מיר גאַנץ שווער. איך געדענק, אַז איך פלעג אויסמיידן צו זיין מיט איר אַליין, און דאָך האָט מיך געצויגן צו איר. ווייטער ווי אַ קוש איז עס ניט דערגאַנגען. איך האָב מורא געהאַט פאַר איר. איך האָב געפילט, אַז זי פאַרשפּרייט אַ נעץ און וויל מיך אַריינכאַפּן, אָבער וואָס דאָס איז אַזוינס האָב איך ניט געוואוסט.

די צווייטע טאָכטער איז געווען רויט און גראָב און שטעכיק. זי פלעגט רעדן מיט שטעכווערטלעך. איך האָב זי פיינט געהאַט און זעלטן געשמועסט מיט איר.

די איינגסטע טאָכטער, כאָטש זי איז געווען באַלד אַכצן, האָט מען גע־האַלטן פאַר אַ קינד, אפילו געקליידט ווי אַ קליין קינד, הפּנים צוליב די עלטערע צווי.

אין דאָרף זיינען געווען נאָך דריי אידישע פאַמיליעס. דער קרעטשמער, אַ איד אַ חלוש, אַ בטלן. זומער און ווינטער איז ער געגאַנגען די באָרד אַרומגעוויקלט מיט אַ וואָלענעם שאַליק, געהוסט מיט אַזאַ דראָבנעם הוסטע־לע, געהאַלטן זיך פאַר אַ לערנער און כמעט צו קיינעם ניט גערעדט. דאָס ווייב, אַ קליינס, אַ פּעפּערדיקס, איז געווען די פּרנסה־געבערן. ער האָט געהאַט אַ זון וועלכער האָט יענעם זומער חתונה געהאַט און גענומען אין אַרענדע די ווינט־מיל. עס איז אויך געווען אַ טאָכטער פון צוואַנציק, אַ קליינע, אַ קיילעכדיקע, אַ שיינע, אַ לעבעדיק ברעקל. וועגן מיר האָט זי זיך אויסגעדריקט: עס איז גאָרנישט, קיי און שפּיי. מיינע באַלעבאַטים האָבן גערעדט ניט קיין שיינע רייד וועגן איר. זי איז מער געווען אין געסט ערגעץ אַנדערש ווי ביי זיך אין דער היים.

עס איז געווען אַ פּאָרפאָלק, אָן קינדער. געהאַט אַ קליין הייזקעלע. זי

איז גראָד געווען זייער אַ הויכע און אַ גראָבע, און מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט ביזן באַלקן. זיי האָבן געהאַט אַ קליין קרעמל. אַחוץ איר, איז אַלץ ביי זיי געווען זייער קליין. ער האָט מיך אַ פּאָר מאָל גערופן איך זאָל אים העלפן אויסגלייכן זיינע ביכער. ער האָט ניט געקענט רעכענען און זי האָט ניט געקענט שרייבן און לייענען, פלעגט זי צוזאַמענרעכענען און ער פלעגט פאַרשרייבן. איך האָב זיך אָפּגעמוטשעט אַ פּאָר אָוונטן און ניט געקענט דערגיין קיין טאָלק, ביז מיין באַלעבאָס האָט מיר אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז איך זאָל ניט גיין צו דער „בערלינע" (איר צונאָמען, ווייל זי איז געווען אַזוי גרויס און ברייט ווי אַ פליט). ער האָט ניט געוואָלט, אַז ער זאָל מיר צאָלן געלט און די „בערלינע" זאָל האָבן נוצן פון מיר.

די פערטע אידישע פאַמיליע איז באַשטאַנען פון מיין באַלעבאָס' שוועסטער מיט איר מאַן, אַ הינקענדיק, קורץ אידל, אין די טיפע זעכציקער. אַ גרויסער קבצן, אָבער אויך אַ גרויסער לץ. זיינע ווערטלעך פלעגן טרעפן אין זיבעטן ריפּ. זיין ווייב האָט געשאָלטן מיט ביטערע טויטע קללות און ער פלעגט איר ענטפערן מיט אַ וויץ און אַ גלייכווערטל. און טאָמער האָט מען אים געגעבן אַ ביסל משקה, איז ער גלייך אַוועק אַ טענצל. איין פוס איז ביי אים געווען מיט וואַסערע צען ווערשקעס (אינטשעס) קירצער פונעם צווייטן, אָדער ווי ער פלעגט זאָגן: „איין פוס צען ווערשקעס לענגער". ער איז געווען, דוכט מיר, אַ גלעזער.

דערנאָך האָט זיך אַריינגעקליבן אין דאָרף אַ אידישער שמיד. אַ קבצן, וואָס איך האָב אַזעלכן נאָך ביז דעמאָלט ניט געהאַט געזען. אין הויז איז ניט געווען קיין בענקל, קיין בעטגעוואַנט. ער האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר שוואַרצע טעפּ און הילצערנע לעפל און אַ ווייב אַ שטיק שמוץ. איר אומריינקייט איז ניט איבערצודערציילן. און קינדערלעך — ווי זאַמד ביים ברעג, טאַקע מיט זאַמד-קאָלירטע פּנימלעך. ער אַליין — זייער אַ פרומער און אַ וואוילער מענטש ביז גאָר. די פּאָר אידן אין דאָרף האָבן אים געהאָלפן מיט וויפל זיי האָבן נאָר געקענט, געקראָגן פאַר אים אַרבעט און זיך געפרייט ווען ער האָט פאַרדינט אויף חיונה. די ווייבער פלעגן זיך ווינצלען איבער איר. זי פלעגט גיין צוועלף וויאָרסט צו פוס קיין זשלאבין אין מקוה און דערנאָך גיין צופוס צוריק. איך האָב געלערנט מיט זייער אינגל פאַר פינף רובל אַ זמן, צוויי און אַ האַלב רובל פאַר מיר און צוויי און אַ האַלב פאַר מיין באַלעבאָס.

איך געדענק נאָך ביז היינט די פרייד אויף זיין פּנים ווען ער האָט מיר דערלאַנגט די פינף רובל ביים סוף פון זמן.

# אינדערהיים און אין דער פרעמד

סוף זמן בין איך געקומען אַהיים. אידן מיט בערד זיינען צוגעגאַנגען מיר אָפּגעבן שלום. אין שול בין איך געשטאַנען ביי דער מזרח־וואַנט און ניט אַרויס אין הויף אין צייט פון לייענען. אידן האָבן פאַרגעסן, אַז איך בין ערשט איין יאָר נאָך בר מצוה און האָבן מיך באַהאַנדלט ווי אַ דער־וואַקסענעם. אין דער היים האָט מען צופיל כבוד אויף מיר ניט געלייגט. מען האָט זיך מיט מיר געשאָפן ווי מיט אַ אינגל אין מיינע יאָרן. אויפן ווינטער בין איך ווידער אַוועק אַלס מלמד אויפן זעלבן אָרט. דער ווינטער איז ניט געווען אַזוי אָנגענעם פאַר מיר ווי דער זומער. דעם זון האָט מען צוגענומען אין מיליטער. אין הויז איז מען געווען אָנגעכמורעט, בייז; די אָוונטן זיינען געווען לאַנגע און עס איז ניט געווען וואָס צו טאָן. די עלטערע טאָכטער האָט געוואָרפן אַן אומחן אויף מיר. האָב איך אָנגעהויבן זיך צוזעצן צום שוסטער־וואַרשטאַט, כלומרשט אַרויסהעלפן, און ביסלעכווייז האָב איך זיך אויסגע־לערנט די מלאכה פון שוסטעריי, ניט גוט, אָבער איך האָב געקענט מאַכן אַ דראַטווע, קלאַפּן טשוועקעס און אפילו לייגן אַ לאַטע. בכלל איז דער ווינטער געפאַלן שווער אויף מיר און איך האָב זיך שטאַרק געפרייט ווען איך בין געפאָרן אַהיים אויף פּסח.

קומענדיק אַהיים איז וועליע־קוליעס מיך געקומען זען. אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ פאָדראַד אויף צו באַקן מצה און זיין רעדלער איז ניטאָ, און אַזוי ווי איך האָב שוין געאַרבעט צוויי יאָר ווי אַ רעדלער, בעט ער מיך, אַז איך זאָל קומען אַרבעטן. איך האָב ניט געוואָלט גיין, אָבער אים אָפּזאָגן איז ניט געווען מעגלעך. בין איך אַוועק אַרבעטן אין פאָדראַד פאַר דרייסיק קאָפּקעס אַ טאָג. מען האָט זיך געשטעלט אַרבעטן פינף אַזייגער פאַרטאָג און געאַרבעט ביז צען אין אָוונט. די אַרבעט איז געגאַנגען שנעל. פון שטיין איינגעבויגן פלעגט מיר ווייטאָן דער נאַקן, און אפילו היינט, ווען איך ווער שטאַרק מיד, איז דער ביין אין נאַקן דער ערשטער טייל פון מיין קערפּער וואָס לאָזט עס מיר וויסן.

נאָך פּסח איז ווידער געשטאַנען די פראַגע: וואָס טוט מען? מיין טאַטע האָט פון מלמדות ווייניק געהאַלטן. מיין מוטער האָט פון דעם אַ סך געהאַלטן. כמעט אַלע אין איר משפחה זיינען געווען מלמדים אין דער יוגנט, און פונדעסטוועגן זיינען זיי אַלע רייך געוואָרן.

גלייך נאָך פּסח, אין יאָר 1911, בין איך אַרויס זוכן אַ שטעלע וואו צו לערנען, און גלייך אָנגעטראָפן אין אַ דאָרף אַרום פופצן וויאָרסט פון מיין שטעטל. איך האָב זיך אָנגעגעבן פאַר אַן אַכצן יאָריקן און צוליב מיין טאַטנס חשיבות האָב איך געקראָגן די שטעלע. איך האָב באַדאַרפט לערנען מיט פינף קינדער און קריגן פינף־און־פערציק רובל, מיט עסן און שלאָפן צו פינף וואָכן ביי יעדן פון די פיר באַלעבאַטים.

איין באַלעבאָס איז געווען דער שמיד, אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן, וואָס האָט געקענט אַביסל לערנען און איז געווען אַ גאַנץ איידעלער מענטש. ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו פרעגן מיך קשיות פון רש״י אָדער מדרש, אונטערשטעלן מיר אַ פיסל. אין מדרש בין איך געווען ווי אַ האָן אין בני אדם. איך האָב עס קיינמאָל ניט געהאַט געלערנט. זאָגן דעם אמת, איז עס מיר גאָרניט איינגעפאַלן. עס איז דאָך אָנגענומען, אַז דער מלמד דאַרף אויף אַלע קשיות אַן ענטפער געבן. ער איז דאָך אַ רבי. זיין ווייב האָט מיך פיל מאָל אין אַ פאַרלעגנהייט געשטעלט. בייטאָג פלעגט זי צו מיר ריידן וועגן קינדער און וועגן פאַמיליע־לעבן, וועגן מענער. און איך, אַ פערצן און אַ האַלב־יאָריק אינגל האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. זיי האָבן מיך געהאַלטן בכבוד. עסן איז געווען איבערגענוג. די באַלעבאָסטע האָט מורא געהאַט טאָמער וועט מען זאָגן, אַז איך זע אויס, חס וחלילה, שלעכט. דערנאָך בין איך אָנגעקומען צום מילנער. ער האָט געאַרבעט אין מיל. חוץ שבת האָב איך אים זעלטן געזען. ער איז געווען אַ שווערער אַרבעטער, האָט ווייניק גערעדט. פון מיר האָט ער געהאַלטן אַ וועלט. די גרענדע האָט זי געפירט. אַ קליינינקע אידענע, אַן אויסגעדאַרטע, מיט אַ מויל מיאוסע ווערטער. זיי האָבן געהאַט אַ טאָכטער אין די צוואַנציקער. אַ שיין מיידל. און זי האָט זיך פאַרליבט אין מיין עלטערן ברודער. דערזוויל האָב איך גענאָסן פון דעם. דאָס הויז — איין צימער. הינטערן אויוון זיינען געווען די בעטן פאַר מאַן און ווייב. דאָס האָט פאַרנומען אַ העלפט פון חדר. אויבן־אָן זיינען געשטאַנען צוויי האַרטע קאַנאַפּעס, ווי אַ דלד, און אַ טיש, אַ בענקל מיט צוויי שטולן. דאָס איז געווען אַלץ וואָס דאָס הויז האָט פאַרמאָגט. אַחוץ

מיט אַ קליינעם אויסנאַם האָבן אַלע אידישע הייזער אין די דערפער אַזוי אויסגעזען.

דער דריטער באַלעבאָס, אַ איד אַ בטלן. די פרוי איז געווען די פּרנסה־געבערן. זי איז געווען אַ בייטאָרין. ער — אַ איד אין די זעכציקער און זי, אין די אָנהייב פערציקער (דאָס צווייטע ווייב). זי איז געווען אַ ברייגדעלע־קאָזאַק און ליב געהאַט זיך צו קריגן. איין מאָל קומט זי צו מיר מיט טענות אויף דער מילנערקע: „זי איז דאָך אַ גנבטע, רבי". זאָג איך: „וואָס איז שייך, ווי זאָגט מען אויף אַ אידישער פרוי, אַז זי איז אַ גנבטע". „רבי! וואָס, איר גלויבט ניט? זייט איר דאָך פּונקט אַזאַ גנב ווי זי".

דער פערטער באַלעבאָס איז געווען אַ מאָדנער טיפּ מענטש. ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט ביי גוים. מען האָט אים חתונה געמאַכט מיט אַ פרוי־מער דינסט־מיידל און זי האָט פון אים געמאַכט אַ איד. ער האָט גערעדט עברי ווי אַ גוי, מיט פיל גרייזן. פרום איז ער געווען ווי אַ שטעקן. זיין אידיש האָט געקלונגען ווי אַ גוי וואָלט גערעדט אידיש. ער איז אַמאָל געווען אַ שוסטער. אין מיין צייט האָט ער געהאַט אַ קרעמל. ווען ער האָט גענומען אַ כוסע, פלעגט ער דערציילן ווי גוט עס איז צו עסן חזיר־פליישׁ אָנגעבראָקט אין אַ שיסל מילך. דאָס ווייב פלעגט אים היטן. אין אַזאַ צושטאַנד פלעגט זי אים אַריינלייגן אין בעט, ער זאָל שלאָפן און ניט ריידן.

ער פלעגט זייער שטאַרק אָפּהיטן מיין פרומקייט. ווי לאַנג עס נעמט מיר דאַוונען און ווי שנעל איך גיי אויס שמונה־עשרה. איבערהויפּט האָט ער מיך געהיט איך זאָל ניט גיין מיט מיידלעך. פאַרנאַכט, אַז איך בין אַרויס אויף אַ שפּאַציר און אויב איך בין ניט געקומען צוריק ווען די קי זיינען געקומען פון פעלד, פלעגט ער פאַרשפּאַרן די טיר און מיך ניט אַריינלאָזן. איך פלעג לאַנג דאַרפן קלאַפּן אין טיר, ביז ער האָט געעפנט. זיין טענה צו מיר איז געווען, אַז ער וויל ניט, אַז די מיידלעך זאָלן האָבן ממזרים.

אין די הייסע נעכט פלעגט ער שלאָפן מיט מיר אין פאָר־הויז, וואו ער האָט געהאַלטן היי. ווען ער איז געווען בגילופינדיק, פלעגט ער מיר דערציילן מעשות מיט שיקסעס, שמוציקע, גראָבע. און אַלעמאָל פלעגט ער פאַרענדיקן: „באָר דיך, רבי, וועל איך ניט לאָזן". דעם זומער האָט מיין זיידע געקראָגן אַ פּאַראַליז און איז געבליבן אין בעט. איך האָב ניט גע־וואוסט ביז סוף זומער. קומענדיק אַהיים און געפינענדיק דעם זיידן אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך שטאַרק געוויינט.

שמואל-בער לייקין

# מסחר און קרובים

נאָך סוכות האָב איך ניט געוואָלט מער זוכן מלמדות און איך בין געבליבן אין דער היים. די ערשטע פּאָר וואָכן האָב איך זיך צוזאַמענגעשטויסן מיטן טאַטן. איך האָב געוואָלט, אַז מען זאָל זיך ניט פאַרלאָזן אין מיל נאָר אויף „זאַוואָזי" (ד. ה. די פּויערים ברענגען זייערע גריקע, מיר מאַכן גרויפּן און קריגן דערפאַר איין צענטל „שעפּער"). די פאַרדינסטן זיינען טאַקע געווען גוטע ביי דעם. דער גוי האָט געצאָלט מיט „שעפּער" אָנשטאָט געלט, פינף קאָפּיקעס אַ פּוד, אָבער דער סעזאָן איז געווען אַ קורצער, פון סוכות ביז ניי־יאָר און פון פּסח ביז שבועות, דערנאָך פלעגט מען אויפעסן דאָס העמד פון זיך און מען האָט געדאַרפט אויסהאַלטן די פערד אַ גאַנץ יאָר. האָב איך געפאָדערט, אַז מען זאָל טאָן אייגענע, דאָס מיינט, קויפן גריקע אין די אַרומיקע דערפער, צערייסן דאָס אויף גרויפּן, מאָלן דאָס אויף מעל און פאַרקויפן דאָס מעל, וועט מען האָבן אַרבעט אַ גאַנץ יאָר. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף אַ סך געלט אויף דעם און ער האָט עס ניט. און באָרגן וויל ער ניט. ער וויל ניט, אַז חיים־דוד דער פּראָצענטניק זאָל קומען אין הויז אַלע טאָג קוקן אין די טעפּ וואָס מען קאָכט, צי מען עסט ניט אויף זיין געלט. מיין פּלאַן איז געווען, אַזוי ווי דער סעזאָן איז אַ גוטער, זאָל מען אַרבעטן ביינאַכט אויף אייגענע און גלייך פאַרקויפן דאָס מעל, וועט מען האָבן מזומנים; ווי דער סעזאָן וועט זיך ענדיקן וועט מען האָבן מיט וואָס די הענט פונאַנדערצופירן, אָנשטאָט וואַרטן ביז נאָכן סעזאָן אויסצואַרבעטן די אייגענע סחורה און עס ביסלעכווייז אויפעסן. ענטפערט מיר דער טאַטע, אַז קיין גביר וויל ער ניט ווערן. גאָט האָט געהאָלפן ביז איצט און ער וועט ווייטער העלפן. מיין ברודער האָט געהאַלטן מיטן טאַטן צוליב אַן אַנדער טעם. עס וועט זיין צופיל אַרבעט.

מיין מוטער איז גראָד געווען איינפאַרשטאַנען מיט מיר. עס איז שווער צו לעבן פון אַ געשעפט וועמענס סעזאָן איז נאָר עטלעכע חדשים אין יאָר. אַ טאָכטער וואַקסט אונטער און מען דאַרף אָנגרייטן נדן.

דער טאַטע האָט אָפּגעוואָרפן דעם פּלאַן. איך, אָבער, האָב באַשלאָסן ביי זיך, אַז איך וועל טאָן עפּעס אַליין. די פראַגע איז געווען: וואָס. דער טאַטע האָט פאַרגעלייגט איך זאָל עפענען אַ קראָם. איך האָב ניט געוואָלט. ערשטנס, אין אַ קראָם, האָב איך געוואוסט, איז קיינמאָל קיין מזומן געלט

ניטאָ. עס איז פאַראַן סחורה און אַ רייסטער, וואו עס איז פאַרשריבן וויפל מענטשן זיינען שולדיק. און ווען עס וועט קומען צום פּריזיוו, וועל איך ניט האָבן קיין געלט מיט וואָס זיך אויסצוקויפן אָדער אַוועקפאָרן. קיין סאָלדאַט האָב איך ניט געוואָלט זיין.

נאָך אַ סיבה האָב איך געהאַט פאַרוואָס איך האָב ניט געוואָלט קיין קראָם, אָבער איך האָב דאָס קיינעם ניט געזאָגט. איינער אַליין קען איך דאָך די קראָם ניט פירן. איך וועל דאָך מוזן פאָרן אין שטאָט נאָך סחורה און אויך קען מען ניט זיין אין קראָם פון זעקס אינדערפרי ביז שפּעט ביינאַכט. וועט דאָס מיינען אַז עמעצער פון דער פאַמיליע וועט מוזן שטיין מיט מיר. און אַזוי ווי איך בין נאָר פערצן און אַ האַלב יאָר אַלט, וועט די פאַמיליע נעמען באַלעבאַטעווען און דאָס געשעפט וועט זיין זייערס, ניט מיינס. איז געבליבן, אַז איך זאָל ווערן אַ סוחר פון תבואה, אַ שטיקל מבין אויף תבואה בין איך יאָ געווען, וועל איך אַרומפאָרן אין די דערפער און קויפן תבואה. די גריקע וועל איך געבן דעם טאַטן און דאָס קאָרן, האָבער, גערשטן (ווייץ איז אין אונזער געגנט ניטאָ) וועל איך פירן אין באָברויסק און פאַרקויפן. פאַר קויפן פאַרן טאַטן גריקע וועט ער מיר געבן אַ פערד און וואָגן אויף אַרומצופאָרן (צו צאָלן עלטערן פאַר עסן און שלאָפן האָבן מיר קיינמאָל ניט געהערט פון דעם). און אַזוי האָב איך געטאָן. איך האָב געהאַט מיין אייגנס איבער אַ הונדערט רובל. איך האָב אָנגעהויבן פאַרדינען געלט, איבערהויפּט אַז קיין הוצאות האָב איך ניט געהאַט.

יענער ווינטער, 1911—1912, איז געווען זייער אַ גוטער. עס איז גע־ ווען אַ גערעטעניש אין אונזער געגנט. די פרייזן זיינען געווען הויכע און די פּויערים האָבן געהאַט גענוג תבואה פאַר זיך און נאָך צום פאַרקויפן. ביים טאַטן אין מיל איז געווען אַ שפע. איך האָב געמוזט שטיין אין דער היים און אַרויסהעלפן דעם טאַטן און דעם ברודער, אָבער איך פלעג זיך אַרויסכאַפּן אויך צו טאָן געשעפט פאַר זיך. ביז איין פרייטיק צונאַכט האָט די גאַנצע געשיכטע געפּלאַצט. עס איז געקומען פּלוצלינג, אַזוי ווי אַ שטור־ רעם. איידער איך דערצייל וואָס עס איז געשען, מוז איך גיין אַביסל צוריק.

מיין טאַטע האָט געהאַט צוויי ברידער און אַ שוועסטער. דער עלטערער ברודער איז דעמאָלט געווען אין אַמעריקע און איבערגעלאָזן אַ הויז, אַ ווייב מיט פינף מיידלעך, איינע גרעסער פון דער צווייטער, און אַ זון. מיט יאָרן פריער האָבן זיי געהאַט אַ קראָם. די צייט איז זיי אַוועק שלעכט און דער

פעטער איז אין 1903 אַוועק קיין אַמעריקע מיטן געדאַנק צו מאַכן געלט און קומען צוריק. אין אַמעריקע איז דעם פעטער געגאַנגען שלעכט און ער האָט דער משפּחה ניט געקענט פיל העלפן. זיי האָבן ביסלעכווייז אויפ־געגעסן דאָס קרעמל און זיינען געבליבן ביי גאָרנישט. זיי האָבן געהאַט אַן איגן הויז און אַ גאָרטן און אויך אַ קו. פון דעם האָט מען געלעבט. די מומע איז געווען זייער אַ שטאָלצע און אַ פאַרביסענע. זי האָט ניט געלאָזן, אַז אירע מיידלעך זאָלן אַרבעטן. דער זון אין אין עלטער מיט מיין עלטערן ברודער, פינף יאָר עלטער פון מיר, האָט אויך גאָרנישט ניט געטאָן. זיי איז געווען זייער שלעכט. מיין טאַטן מיט דער מאַמען זיינען זיי געווען דם־שונאים. קיין שטיצע האָבן זיי ניט געוואָלט נעמען, כאָטש מיר האָבן גע־וואוסט, אַז מיין ברודער שלום שלעפּט ביינאַכט זעקלעך מיט תבואה און היי פון אונז צו זיי. שלום איז געווען זייער באַפריינדעט מיטן זון און די מיידלעך. אויך מיר אינגערע קינדער פלעגן גיין צו דער מומען. פון דער מומעס קינדער זיינען נאָר די אינגערע געגאַנגען צו אונז אין הויז, אָבער ניט די עלטערע.

מיין טאַטנס אינגערער ברודער איז געווען רייך און געוואוינט אין באָברויסק. ער האָט געהאַט אַ גרויסע מאָדערנע וואַסער־מיל אין אַרענדע. פאַרמעל איז דער פעטער געווען גוטער פריינט מיטן טאַטן, אָבער עס איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע פריינטשאַפט. סיבות? די מיל וואָס דער פעטער האָט געהאַלטן האָט געהערט צום זיידן, און דער פעטער, ווען ער איז נאָך געווען אַ בחור, האָט געפירט דאָס געשעפט. דער זיידע האָט געהאַלטן די שטעטלדיקע וואַסער־מיל. דער זיידע האָט אויסגעגעבן טויזנטער אַרויסצו־נעמען דעם פעטער פון סאָלדאַטן־דינסט, און עס איז אים געלונגען. דער־ווייל האָט ער זיך פאַרענגט אין געלט, האָט ער געבעטן דעם פעטער ער זאָל אים געבן געלט פון יענער מיל, האָט ער אים געגעבן טויזנט רובל און גענומען אַ וועקסל. דערווייל האָט דער פעטער איבערגעשריבן ביים פריץ דעם קאָנטראַקט אויף זיין נאָמען און ער איז געבליבן ביי דער מיל. די מיל איז געווען זייער אַ גוט געשעפט.

מיין טאַטנס שוועסטער האָט געוואוינט אין סלאָבאָדקע, איין ווערסט פון שטעטל, און דאָרט אַמאָל געהאַלטן די קרעטשמע. דער פעטער איז גע־ווערן אַ בטלן און זי איז געווען די פּרנסה־געבערין. זיי האָבן געהאַט פינף זין און דריי טעכטער; אין מיינע יאָרן זיינען געבליבן אין דער היים איין

מיידל און איין אינגל. איין זון איז געווען אין לאָנדאָן, צוויי זין און אַ טאָכ־טער האָבן זיי געהאַט אין אַמעריקע, און איין טאָכטער איז געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזן צוויי יתומים.

איין זון — אַ פאַרהייראַטער אין זשלאָבין — איז געווען גאַנץ רייך. דער מומען האָט זיך געלעבט זייער שווער. זי פלעגט בגנבה פאַרקויפן שנאַפּס. זי האָט געשלעפּט זעק מיט בולבעס און תבואה אויף די פּלייצעס. די זעק האָבן געוואויגן אַרום הונדערט פונט און זי פלעגט זיי טראָגן פאַר וויאָרסטן.

זי איז געווען זייער אַ גוטע און פלעגט זיין ביי אונז אין הויז גאָר אָפט. פון דער מאַמען האָט זי זייער פיל געהאַלטן.

## דעם זיידנס ירושה

יענעם ווינטער איז דער זיידע געשטאָרבן. אין דער וואָך פון שבעה, פרייטיק צונאַכט, בשעת מיר האָבן געגעסן וועטשערע, איז אַריין מיין טאַטנס עלטערן ברודערס מיידל מיטן פּריסטאַוו און גענומען פאַרשרייבן אַלץ וואָס עס איז געבליבן פון זיידנס ירושה. האָט ער פאַרשריבן אַלע שטוב־זאַכן, אפילו מיין מוטערס צירונג, וואָס זי האָט געקראָגן ווי חתונה־מתנות. אין מיל האָט ער פאַרשריבן יעדער פּיצעלע, איבערגעציילט די זעק און די מיל פאַרחתמעט. ער האָט אָנגעזאָגט מיטן הארבן וואָרט, אַז קיין זאַך זאָל ניט געריִרט ווערן. מיר זיינען אַלע געבליבן ווי פון אַ דונער געטראָפן. די ערשטע פראַגע איז געווען, וואו נעמט מען פוטער פאַר די פערד און קי, אַז אַלץ איז פאַרחתמעט?

גראָד האָט געטראָפן אַז יענעם פרייטיק זיינען אָנגעפאָרן אַ סך פויע־רים מיט זעקלעך גריקע. און אַזוי ווי עס איז געווען פרייטיק, איז די מיל צוגעמאַכט געוואָרן פאַר ליכט־בענטשן, זיינען איבערגעבליבן אַ סך פויערים מיט זעק גריקע, וועלכע זיי האָבן געלאָזן אויף איבער שבת. אויך די זעק זיינען פאַרחתמעט געוואָרן און דער טאַטע האָט מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט ניט קענען אָפּגעבן די פויערים די זעק מיט תבואה, וועלן זיי מאַכן סקאַנדאַלן און גאָט ווייסט צו וואָס עס קען פירן. אויך מיין סחורה איז פאַר־חתמעט געוואָרן.

מיין מוטער האָט געהאַט דריי ברידער, צוויי אין אַמעריקע, וועלכע זיינען געקומען אין די 80ער יאָרן פונעם לעצטן יאָרהונדערט, און איין ברודער אין פּאָלטאַווער גובערניע, אַ מלמד. זי האָט געהאַט איין שוועס־טער, וואָס האָט געוואוינט אין שטעטל, דרייצן וויאָרסט פון אונז. און זי איז געווען גאַנץ רייך. זי איז געווען אַ געשעפטס־פרוי, געהאַט אַ שניט־קראָם. דער פעטער איז געווען אַן „אוטשאַסטני אַדוואָקאַט״, ד. ה., ער האָט נאָר געקענט פאַרטרעטן אין נידעריקן געריכט. אָט דער פעטער, ב., איז געווען אַן אינטערעסאַנטער מענטש. געקענט גוט לערנען, אַ גוטער העב־רייער, פרייגעזאָנען (אין שטעטל האָט מען געטייטלט מיט די פינגער אויף אים פאַר דעם), פּאָליטיש — שטאַרק רעאַקציאָנער (זיינע צוויי עלטערע זין, סטודענטן אין פעטערבורג, האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער רעוואָלוציע פון 1905). ער איז געווען אויסגעבונדן מיט נאַטשאַלסטוואָ, פון אונטן אַרויף ביזן גובערנאַטאָר. ער האָט אָבער געוואוינט אין אַן אַנדער גובערניע, האָט ער אונז ווייניק געקענט העלפן. אָבער אַן עצה האָט ער געגעבן אַ גוטע. דעם שלאָס מיט דער חתימה זאָל מען ניט טשעפּען, מען זאָל דורכבורכן אַ וואַנט, אַרויסטראָגן וויפל זעק תבואה מיר ווילן און אָוועקלייגן צוריק זעק אָנגעפילט מיט לוסקע, מעקענע און שטרוי, וועלן מיר האָבן די תבואה און דאָס געזעץ וועט האָבן די צאָל זעק.

דאָס האָט אַביסל געהאָלפן. מען האָט אָפּגעגעבן די פויערים זייערס, געהאַט צום עסן פאַר זיך און די פערד. אָבער אין מיל האָט מען ניט גע־קענט אַרבעטן. האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש פון איין נאַטשאַלניק צום צווייטן וועגן אַראָפּנעמען די חתימה. אָבער עס האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. דערווייל איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען זאָל איבערגעבן די זאַך צו בוררים. יעדער איינער האָט זיך געחתמעט אויף אַ פּאַפּיר, אַז ער וועט אָננעמען דעם אורטייל. דאָס הייסט, דער טאַטע, זיין איינגערער ברודער און די מומע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פעטער האָט דעם זיידנס וועקסל דערלאַנגט אין געריכט און געקראָגן אַ „דזשאָדזשמענט״, וועלכן ער פלעגט באַנייען אַלע פינף יאָר. איצט פאַרלאַנגט ער די טויזנט רובל און פּראָצענט פאַר אַכצן יאָר.

פיל מאָל האָט ער מיינע עלטערן פאַרזיכערט, אַז דאָס וועקסל האָט ער צעריסן מיט יאָרן פריער. ווען דער זיידע איז געלעגן אַ פּאַראַליזירטער איז דער פעטער איין מאָל געקומען אים זען און ווען ער האָט זיך צוגעקוקט

ווי מיין מוטער דאַרף דעם זיידן וואַשן און קאַרמענען, האָט ער געזאָגט, אַז „די מאַמע איז אַ הייליקע ער וועט דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן".

מיין פאָטערס שוועסטער האָט ניט געוואָלט קיין קאָפּיקע.

די בוררים האָבן באַשלאָסן, אַז דעם פעטער קומט גאָרנישט און אַז אויך דער מומען קומט גאָרנישט, נאָר אַזוי ווי זי דאַרף געלט זייער בויטיק, האָבן זיי געזאָגט, אַז דער טאַטע זאָל איר געבן הונדערט רובל. ווי דער פּסק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן האָט דער פעטער אַ כאַפּ געטאָן דעם פּאַפּיר, וועלכן ער האָט געהאַט אונטערגעשריבן, און איז אַרויס פון רבס הויז. דעמאָלט האָט דער פעטער ב. אונז געהייסן צעברעכן דעם שלאָס און חתימה און עפענען די מיל. מיר האָבן אַזוי געטאָן. דעם שלאָס האָב איך צעבראָכן ווייל איך בין נאָך געווען מינדעריעריק.

ביז דעמאָלט האָבן מיר בּיסלעכווייז אויפגעגעסן די תבואה. דער סע־זאָן איז שוין געווען אַוועק און אויף פּסח איז שוין געווען שלעכט. קיין נייע בגדים אָדער שיך האָט מען שוין ניט געקענט קויפן. דער ענין האָט זיך געדרייט אין געריכט, נאָר אויף אויספרעגן עדות, אַ פּאָר יאָר צייט. דער־נאָך איז ער פאַרגעסן געוואָרן. די רעוואָלוציע האָט אַלץ אָפּגעווישט און אַלץ אויסגעגליכן.

## אַליין־בילדונג

יענעם ווינטער האָב איך זיך באַפריינדעט מיט ראובן בערלס. ער איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר עטלעכער פון מיר. אַ הויכער, מיט שוואַרצע, גרויסע וואָנצעס און אַ גרויסע נאַרישע נאָז. דריי מעלות האָט ער געהאַט. ער האָט געוואוסט, אַז ער איז ניט קיין קלוגער. ער איז געווען זייער אַן אָרנט־לעכער און ער האָט ליב געהאַט לייענען ביכער. ער האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף מיר. דורך אים האָב איך אָנגעהויבן לייענען ביכער, רוסישע און אידישע, און אויך צייטונגען.

דאָס ערשטע בוך וואָס איך האָב אין מיין לעבן געלייענט איז געווען „פּאָד וולאַסט סוועטאַ אי טמי". איך געדענק ניט דעם נאָמען פון מחבר. מיר האָבן שטענדיק געלייענט צוזאַמען און דערנאָך דיסקוטירט. ער איז געווען באַהאַוונט אין פּאָליטיק, רוסישער און אידישער. מיר האָבן צוזאַמען

אויסגעשריבן דעם „פּעטערבורגסקי ליסטאָק״. פּאַרשפּעקטיקטע נייס, אָבער פּאַר פּאָבאַלאָוער אינגלעך איז דאָס געווען פרישע נייס. און אויך דעם „פריינד״ (איך געדענק ניט צי דעם „פריינד״ צוערשט און דערנאָך דעם „מאָמענט״, צי פּאַרקערט). מיר פלעגן די צייטונגען איבערלייענען פון אות ביז אות. ער פלעגט אפילו לייענען די אַנאָנסן. איך האָב אַלעמאָל געהאַט אַ ווידערגעפיל צו אַנאָנסן און אפילו איצט קוק איך אין זיי ניט אַריין.

דער ביילים בלוט-בלבול פון 1911 האָט קיין איינדרוק אויף מיר ניט געמאַכט. אָבער אין 1912, ווען וויעראַ שטשערבאַק און איר באַנדע זיינען פאַרמשפּט געוואָרן, האָב איך געשלונגען יעדעס וואָרט אין די צייטונגען. מיר האָבן דיסקוטירט צי וועט די צאַרישע רעגירונג וואַגן אַרויסקומען אָפן מיט אַן עלילת דם.

יענעם ווינטער האָב איך זיך אויך באַפריינדעט מיט מיין עלטערער שוועסטער, רחל. די ביכער האָבן אונז דערנענטערט. זי האָט געלייענט פיל רוסישע ביכער. פון אידיש האָט זי ניט געהאַלטן און ניט געוואָלט לייענען. זי האָט מיר אויך געלערנט אַביסל רוסישע גראַמאַטיק. אונזערע באַציאונגען זיינען געווען פול מיט רעספּעקט איינער צום צווייטן. פון איר האָב איך געלערנט זיך צו דערקענען. זי האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַלע מיינע פעלערן און איך האָב באַשלאָסן זיך בעסערן, איינהאַלטן מיין כעס. און עס איז מיר טאַקע געלונגען. זי האָט מיך געלערנט זיין דיפּלאָמאַטיש אין מיינע גע־שפּרעכן מיט מענטשן (דאָס איז מיר ניט געלונגען), געלערנט מאַניערן (אויך ניט געלונגען) און ווי אַזוי צו לייענען אַ בוך, וואָס צו זוכן אין בוך, אדג״ל.

יענעם ווינטער האָב איך דערפילט אין זיך מיין פיזישע גבורה. מיין פאָטער איז געווען אַ גיבור, פון מיטעלער הויך, ברייטע פּלייצעס. איך האָב גענומען מאַכן איבונגען און געקענט טראָגן אויף די פּלייצעס אַן אַכט־פּודיקן זאַק. מיין מוטער פלעגט שרייען, אָבער איך פלעג דאָס טאָן מיט הנאה כדי צו באַווייזן וואָס איך קען. מיט אַ יאָר שפּעטער האָב איך געקענט נעמען צוויי קולקעס מעל, צו פינף פּוד יעדערער, אונטער מיינע פּאַכוועס און אַוועקגיין מיט זיי. כ׳האָב געקענט וואַרפן אַ צוויי־פּודיקע (אַכציק פונטיקע) אייזערנע וואָג אין דער הויך און זי כאַפּן מיט איין האַנט, אָדער נעמען אין יעדער האַנט צו פערציק פונט אייזערנע וואָגן, זיי וואַרפן אין דער הויך און כאַפּן, ווי מען טוט עס מיט גומענע פּילקעס. צו זעכצן יאָר פלעג איך

זיך וועטן מיט די שטאַרקסטע פויערים, וואָס פּלעגן קומען אין מיל, אַז איך וועל זיי איבערשלעפּן מיט אַ שטעקן — און אַלעמאָל געוואונען. איך בין געווען זייער אַ שטאַרקער, הנאה געהאַט דערפון און ליב געהאַט עס אַרויסווייזן פאַר אַנדערע.

# אַ אינגלשע טראַגעדיע

יענעם פרילינג האָב איך איבערגעלעבט אַ טראַגעדיע. צו ראובנען און מיר האָט זיך צוגעשאַרט נאָך אַ בחור, ה. ער איז געווען פינף יאָר עלטער פון מיר, האָט עס מיר געשמייכלט. ה. איז געווען קליין און דאַר, מער כיטרע ווי קלוג, האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אינטעליגענט און איז געווען זייער אָרעם. ער האָט אַלעמאָל געהאַט פּלענער אויף אַ לעב צו טאָן. ער אַליין האָט ניט געקענט צושטייער געבן קיין קאָפּיקע.

איך בין געווען אין עלטער אין וועלכן איך האָב געדאַרפט אַ פרייַנט פאַר וועמען איך זאָל קענען דערציילן מייַנע חלומות. האָב איך אָנפאַרטרויט אים אַלץ, און דערציילט אים אַלע קלייניקייטן וואָס קומען פאַר אין הויז, ווי אויך מייַנע טרוימען וועגן דער צוקונפט. איין מאָל פרעגט מיך די מאַמע: „ווי קומט עס וואָס דו דערציילסט ה.׳ן אַלע זאַכן וואָס קומען פאַר אין הויז? דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָס האָט געזאָלט זיין אַ סוד". זי האָט מיר געגעבן אַ לאַנגע לעקציע. זי איז געווען שטאַרק אין כעס און מיט רעכט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיין חבר ה. האָט איבערדערציילט אַלץ וואָס איך האָב אים אַזוי פאַרטרוילעך דערציילט און דערצו נאָך חוזק געמאַכט פון מיר.

איך בין געווען שטאַרק דערשלאָגן. איך געדענק, אַז איך בין אַרויס פון הויז אָן אַ וואָרט און אַוועק אין וואַלד, אַרומגעגאַנגען דאָרט לאַנג. ווי האָט ער געקענט טאָן אַזאַ זאַך? איך האָב געוואָלט אים אויספּאַטשן, אָבער אַז איך האָב זיך באַרואיקט, האָב איך געזען, אַז די שולד איז מייַנע. אויב איך האָב מיין אייגענעם סוד ניט געקענט האַלטן, ווי אַזוי האָב איך געקענט דערוואַרטן, אַז ה. זאָל אים האַלטן פאַר מיר? און איך האָב זיך באַשווירן, קיינמאָל ניט צו דערציילן עמעצן, עס מאַכט ניט אויס ווער דער עמעצער איז, דאָס וואָס איך וויל ניט מען זאָל וויסן. איך זאָל זיך ניט אָנפאַרטרויען

צו קיינעם. דרייסיק יאָר זיינען שוין אַריבער. מיט פיל מענטשן בין איך אַ פריינט געווען. פיל האָבן זיך פאַר מיר פאַרטרויט. איך האָב אָבער מיין האַרץ פאַר קיינעם ניט געעפנט און קיין נאָענטע פריינט ניט געשאַפן. איך געדענק נאָך מיין פריינט ה.

# אַ סאָד

אויף זומער האָט דער טאַטע גענומען אַ סאָד, — אַ גרויסן סאָד מיט אַ סךביימער, אָבער ווייניק אויבס, ווייל עס איז געווען דער ניט־געראָטע־נער יאָר פאַר דעם סאָד. עס איז ווערט זיך אָפּשטעלן אויף דעם סאָרט מסחר.

מען איז אַוועק אין סאָד נאָך שבועות, גלייך ווי די ביימער האָבן אָנגע־הויבן בליען, צו היטן, אַז שקצים זאָלן ניט אָפּרייסן דעם בלי; אין סאָד איז געווען אַ ביידל. דאָרט האָט מען געלעבט ביז די פירות זיינען אַראָפּגענומען געוואָרן און מען האָט זיי פאַרקויפט, דאָס מיינט ביז אַרום ראש־השנה. די גאַנצע צייט האָט מען זעלטן זיך אויסגעטאָן. מען האָט געקאָכט אויפן אָפּגע־נעם פייער אונטערן פרייען הימל. ווען ס׳האָט גערעגנט איז מען דורכגענעצט געוואָרן, ווייל דער שטרויענער דאַך האָט אָפט דורכגעלאָזן וואַסער. דאָס עסן איז מערסטנטייל באַשטאַנען פון ברויט, קאַשע מיט אָלעי און טאַראַנעס מיט בולבע. ווען די פרוכטן זיינען פאַרטיק געוואָרן האָט מען זיי געדאַרפט היטן טאָג און נאַכט, מען זאָל ניט גנבענען. אַ סך פאַמיליעס ביי אונז אין שטעטל האָבן געהאַלטן סעדער און פון דעם געצויגן זייער חיונה אויף אַ גאַנץ יאָר. די סעדער זיינען געווען אַזעלכע קליינע, פון דריי ביז צוואַנציק ביימער.

איך בין אַוועק אין סאָד און דאָרטן פאַרבראַכט דעם גאַנצן זומער. עס האָט געהייסן, אַז איך בין אַ שותף. דער טאַטע איז מיר שולדיק געווען געלט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך בין געווען גערעכט וועגן ניט וועלן עפּענען אַ קראָם, ווייל די פאַמיליע וועט זיך מישן אין מיין געשעפט. דער טאַטע האָט פאַרקויפט די עפּל צו אונזערן אַ קרוב. איך האָב געפאָדערט, אַז מען זאָל אָנשרייבן אַ פאַפּיר, אַז ער מוז נעמען אַלע עפּל. דער טאַטע האָט זיך געבייזערט אויף מיר, וואָס איך וואַג צו צווייפלען אין קרובס ערלעכ־קייט. מיין טענה איז געווען, אַז עס האָט ניט וואָס צו טאָן מיט ערלעכקייט,

נאָר מיט אויסטייטשונגען פון אָפּמאַך. ווען עס איז געקומען צו פּאַקן די עפּל און זיי שיקן, האָט דער קרוב גענומען פּאַקן און שיקן די גוטע אַנטאָנאָווקעס, און די אַנדערע גוטע עפּל, די ביליקע סאָרטן, האָט ער געלאָזן אָן אַ זייט. איך האָב גענומען פּראָטעסטירן. איך האָב געוואָלט, ער זאָל נעמען פריער די ערגערע. און ווען פּראָטעסטן האָבן ניט געהאָלפן, האָב איך זיך געשטעלט ביים טויער מיט אַ פלאָקן אין האַנט און ניט אַרויסגעלאָזן די פורן מיט די קאַסטנס.

די פּויערים האָבן ניט געוואַגט זיך דורכרייסן. דער קרוב איז אַוועקגעלאָפן און געבראַכט מיין טאַטן. דער טאַטע האָט אָנגעשריען אויף מיר און דורכגעלאָזט די פורן. דער קרוב האָט געזאָלט קומען אַ וואָך שפּעטער און נעמען די ערגערע עפּל. ער איז אָבער קיינמאָל ניט געקומען. אַנדערע סוחרים האָבן ניט געוואָלט קויפן די שלעכטע אָן די גוטע, האָב איך אָנגעשאָטן אין וואָגן מיט שטרוי און געפירט אויף ירידים אין דערבייאיקע שטעטלעך צום פאַרקויפן זיי האָבן אַריינגעבראַכט אַ קלייניקייט.

די ירידים זיינען געווען פאַרפלייצט מיט פרוכטן. אויף די ירידים בין איך געווען אַ דורכפאַל; איך האָב געדאַרפט האַנדלען מיט פּרויען. זאָל זיי גאָט געבן אַלדאָס גוטס, נאָר מיך אויסהיטן פון האַנדלען מיט זיי. זיי פלעגן אַרויפקריכן אויפן וואָגן, קויפן פאַר פינף אָדער צען קאָפּיקעס עפּל, אָבהויבן קלייבן און ראַיען, און אַז זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן איז געווען אויסגעמישט דאָס שטרוי מיט די עפּל. די צעקלאַפּטע עפּל האָבן נאָס געמאַכט די גוטע און אַלץ צוזאַמען האָט דעם וואָגן געמאַכט אויסזען ווי אַ מיסטקאַסטן.

אַ פּאָר מאָל בין איך געפאָרן מיט מיין פאָטערס שוועסטער. זי האָט געקענט האַנדלען מיט ווייבער, און ווען זי פלעגט פאַרטיק ווערן מיט איר אייגענעם וואָגן אויבס, פלעגט זי איבערנעמען מיינעם, און ראַטעווען וויפל עס האָט זיך געלאָזן.

פון גאַנצן זומער אַרבעט אין סאָד איז אונזער רווח געווען ניט אפילו איין קאָפּיקע, נאָר אַ צוואַנציק פּוד עפּל, וואָס מיר האָבן געלאָזן אויפן ווינטער פאַר זיך אַליין.

נאָך סוכות איז ווייטער געשטאַנען די פראַגע: וואָס טוט מען?

שלום האָט זיך געשטעלט צום פּריזיוו און כאָטש ער האָט געהאַט צווייטע ליגאָטע, האָט ער עס ניט געקענט קריגן, איבער דעם אַנטיסעמיטישן

איספראַווניק בוראַקאָוו אין באַברויסק. עס האָט דעם טאַטן געקאָסט פיל געלט, אָבער אומזיסט — מיין ברודער איז אַוועק דינען.

יענער ווינטער איז ביי אונז געווען אַ שלעכטער. אויף די פעלדער איז געווען אַ שלעכטע גערעטעניש. פויערים האָבן געבראַכט זייער ווייניק גריקע צום רייסן. צו אַרבעטן אייגענע גריקע איז קיין געלט ניט געווען. מיין געלט איז אויך אויפגעגעסן געוואָרן. איך האָב נאָר געהאַט הונדערט און פופציק רובל, וועלכע איך האָב אויסגעליען אויף זעקס פּראָצענט, און טאַטע־מאַמע האָבן ניט געוואוסט וועגן דעם.

דער טאַטע איז געוואָרן פרימער. איך האָב אַ פּאָר מאָל אים געהערט מורמלען צו זיך: גאָט האָט מיך געמוזט שטראָפן.

איך האָב אים אָנגעבאָטן געלט מען זאָל קויפן גריקע, וועלן מיר כאָטש האָבן מיט וואָס צו קאָרמענען די פערד (מיטן אָפפאַל), האָט ער מיר געענטפערט: „דו בעסער האַלט דאָס געלט פאַר זיך. אַז דו וועסט עס אַריינלייגן אין מיל, וועסטו עס קיינמאָל מער ניט זען". איך בין געבליבן אַרבעטן אין מיל און העלפן דעם טאַטן. שלום איז דאָך שוין ניט געווען אינדערהיים. איך האָב געקראָגן אַ פּאָר אוראָקן צו לערנען מיט קינדער אין די אָוונטן און געהאַט געלט פאַר מיינע אייגענע הוצאות. מיין ברודער חיים, מיט דריי יאָר אינגער פון מיר, איז געוואָרן בר מצוה. קיין לערנער איז ער ניט געווען. ער איז געווען אַ שיינער, הויך און שלאַנק. ער איז אויך אַריין אין מיל אַרבעטן. מירביידע האָבן זיך פאַרטראָגן זייער גוט. די באַציאונגען צווישן מיין עלטערער שוועסטער און אונז ביידע איז געווען אַן אידעאַלע. מיין אינגערע שוועסטער איז נאָך געווען אַ קינד פון עטלעכע יאָר, אַ קינד מיט אַ גרויסן קאָפּ און קרומע פיסלעך. זי האָט געליטן פון דער ענגלישער קרענק.

יענעם ווינטער האָב איך געלייענט זייער אַ סך, און אין מיר האָט זיך דערוועקט אַ דורשט צו בילדונג. איך האָב גענומען טרוימען וועגן אַ גרויסער שטאָט וואו איך זאָל קענען אַרבעטן בייטאָג און זיך לערנען אין די אָוונטן. מיין חבר ראובן פלעגט קריגן ביכער און מיר האָבן געלייענט צוזאַמען. דער ביילים־פּראָצעס האָט געווירקט אויף מיר זייער שטאַרק. דער גורל פון אידישן פאָלק האָט מיך גענומען באַאומרואיקן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב גענומען טראַכטן וועגן אידישן פאָלק.

אַזוי איז אַריבער דער ווינטער. אויף פסח איז צו ראובנס עלטערן גע־

קומען צוגאַסט אַ מיידל. איך האָב זיך באַפריינדעט מיט איר. דער מאַן אין מיר האָט זיך אויפגעוועקט. עס האָט גראָד געטראָפן, אַז אין שטעטל זיינען ניט געווען קיין מיידלעך אין מיין עלטער, אין אונזער שטאַנד. די מוטער האָט מיך זייער שטאַרק געהיט, איך זאָל חלילה זיך ניט חברן מיט נייטאָרינס און זייער גלייכן. און ווען דער גאַסט איז געקומען, האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ נייע וועלט. איך בין געווען פאַרליבט אין איר. איך האָב ליב געהאַט מיט איר צו שפּאַצירן און פאַרברענגען.

## ביים פעטער

נאָך פסח איז קיין אַרבעט אין מיל ניט געווען. דער טאַטע און חיים האָבן גרינג געקענט פאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט אַליין. האָב איך אָנגעהויבן זוכן אַרבעט אין באַברויסק ווי אַ „פריקאַשטשיק״ (קראָם־אָנגעשטעלטער). דערווייל איז מיין טאַטנס אינגערער ברודער געקומען צו אונז. אַזוי ווי ער איז אַ שוואַכער מענטש, האָט ער געדאַרפט עמעצן האָבן אין מיל אים אַרויסצוהעלפן. זיין עלטערער זון איז מיט אַ פּאָר וואָכן פריער דערטרונקען געוואָרן אַרום מיל. מיין טאַטע האָט ניט געהאַט קיין גרויסן חשק, אַז איך זאָל אַרבעטן פאַר זיין ברודער, אָבער עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל אָננעמען די שטעלע. דער געהאַלט איז געווען אַ גוטער, דרייסיק רובל אַ חודש, מיט עסן און שלאָפן. ל״ג בעומר 1913 בין איך אַוועקגעפאָרן צום פעטער א. אין מיל.

זיין געשעפט איז געווען זייער גרויס. מען האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט, זיבן טעג אַ וואָך. די מיל האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט. דער פעטער האָט געהאַט אַ שותּף. אַלץ איז געווען אויפן פעטערס נאָמען; ער האָט געפירט דאָס געשעפט אָן חשבונות, און געקוקט אויפן שותּף ווי אויף איינעם פון וועלכן מען מוז פּטור ווערן. אָבער פּטור ווערן פון אים האָט ער ניט געקענט ווייל דער שותּף האָט געהאַט חזקה. אַזוי ווי ער האָט געשטאַמט פון גרויסן יחוס, פון באַוואוסטע רבנים, האָט דער פעטער ניט געוואַגט אים אַרויסצוּוואַרפן.

דער שותּף איז געווען אַ הויכער איד, אַריבער זעקס פוס, אַ גיבור, זייער אַ פּראָסטער, האָט קוים געקענט דאַווענען. נאַאיוו ווי אַ קינד און זייער

אַ גוטער, זיין פרוי — אַ קלוגע און זייער אַ שיינע. אין הויז זיינען געווען אַ סך קינדער. איך געדענק ניט וויפל. דער טומל אין הויז איז ניט געווען אַריבערצוטראָגן. דער שותף, ה. ב., פלעגט אַלעמאָל קומען אין הויז מיט אַ „לאַזינע" (אַ צווייג פון אַ בוים); און אויב די קינדער האָבן זיך ניט איינגע־שטילט גלייך, האָט ער זיי דערלאַנגט מיט דער לאַזינע — אָן כעס, פאַר־קערט, מיט אַ געלעכטער. די קינדער פלעגן זיך צעלויפן דורכן טיר און פענצטער.

דער פעטער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז מיין הויפּט אַרבעט איז צו היטן, אַז זיין שותף זאָל ניט גנבענען. עס האָט מיר לאַנג ניט גענומען אויסצוגע־פינען וועמען מען דאַרף היטן... דער שותף האָט געוואוסט צוליב וואָס דער פעטער האָט מיך גענומען אין מיל, און דאָך האָט ער מיך ליב געהאַט. מיר זיינען געוואָרן גוטע ברידער. ער האָט מיר איבערגעגעבן דאָס געלט־נעמען און פירן חשבונות. די אַרבעט איז געווען גרויס און שווער. מיר פלעגן אַוועק צו דער אַרבעט שבת צו נאַכטס און קומען אַהיים ערב שבת. איך בין איינגעשטאַנען ביים שותף. מיר פלעגן נאָר קומען אַהיים עסן, אָבער שלאָפן איז מען געשלאָפן אין דער מיל, אין די קליידער, אויף זעק און אפילו אויפן דיל. מען האָט ניט געביטן די קליידער אַ גאַנצע וואָך. פרייטיק, אַז איך פלעג אַראָפּשלעפּן די שטיוול פון די פיס, זיינען אין די שטיוול געווען קאָרן וואָס האָט שוין אָנגעהויבן וואַקסן (דאָס איז ניט קיין גוזמא).

## שווערע מי

די אַרבעט איז געווען אַ קאַטאָרזשנע, הויפּטזעכלעך ווען מען האָט גע־אַרבעט אייגענע. און ווי עס האָט אָפּט געטראָפן, פלעגן זיך די גויאישע אַרבעטער פאַרשיכורן און ניט קומען. פלעגט מען אַליין דאַרפן שיטן אויפן קאָש און דערנאָך שיטן דאָס מעל אין די זעק, שטויסן די זעק מיט אַ טול־קאַטש, וועגן און פאַרניייען די זעק און דערנאָך זיי לייגן אין רייען צען־צוועלף הויך — אַלץ איינער אַליין. איין מענטש ביי איין פּאָר שטיינער.

איין מאָל האָב איך געאַרבעט פון שבת אָונט ביז דינסטיק פרי, גע־כאַפּט אַ ביסל שטייענדיקערהייט ביים קאַסטן מעל, אָן שלאָף איינגאַנצן.

דינסטיק אינדערפרי, ווען דער מילנער איז געקומען מיך אָפּבייטן, האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אויפן דיל און בין אָפּגעשלאָפן דעם טאָג און די נאַכט.

אין מיל זיינען געווען צוויי פּאָר שטיינער אויף צו מאָלן מעל, איינער פּאָר וואַלצעס צו מאַכן געבייטלט מעל („פּיטליאָווקע"), אַ פּערלאַק אויף רייסן גערשטן, אַ „קרופּאָדיאָרקע" אויף רייסן גריקע. דער טייך האָט גע־האַט אַ סך וואַסער. פאַרהאַלטן דאָס וואַסער אין אויבערשטן טייך האָט מען ניט געקענט, ווייל עס פלעגט פאַרטרינקען די פויערשע פעלדער און עס האָט געקענט איבעררייסן די גרעבליע. האָט מען געמוזט אָדער אַרבעטן אין דער מיל אָדער עפענען די סליוזשען (לאָזן יאַלעווקעס). אין די וואַלצעס פלעגט מען אַריינשיטן אַ גאַנצן וואַגאָן קאָרן מיט אַ מאָל. די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן אויטאָמאַטיש. מען האָט נאָר געדאַרפט היטן, אַז די וואַלצעס זאָלן ניט גיין קיין הוילע, דאָס הייסט, זיך דרייען אָן קאָרן, ווייל זיי רייבן זיך אָפּ איינע אָן דער אַנדערער. אָנשאַרפן זיי האָט מען געדאַרפט שיקן קיין דייטש־לאַנד. פלעגן מיר זיך לייגן שלאָפן ביינאַכט אין קאָש, אויף אַ גרויסער לאָ־פּעטע. דער שכל דערביי איז, אַזוי ווי דער קאָרן שיט זיך פון קאָש אין די וואַלצעס. ווען עס ווערט ווייניק אין קאָש, בלייבט מען ליגן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, מוז מען זיך אויפכאַפּן.

איין נאַכט, זייער אַ הייסע, האָבן דער שותף און איך זיך געלייגט שלאָפן אין קאָש,ביידע שטאַרק מידע. דערווייל האָט זיך אַ פּאַס צעריסן און דאָס מעל, אָנשטאָט זיך צו שיטן וואו עס דאַרף זיך שיטן, האָט אָנגעפילט די גאַנצע קאָמפּליצירטע מאַשין. ווען דער שותף וואָלט מיך ניט אויפגעוועקט, וואָלט איך אפשר אַריינגעצויגן געוואָרן אין די וואַלצעס. מיר האָבן גלייך זיך גענומען צו דער אַרבעט, אַלץ אויסצורייניקן און ברענגען אין אָרדע־נונג. אַלע פּאַסן זיינען געווען אַראָפּגעפאַלן. אַזוי ווי עס איז געווען זייער אַ הייסע נאַכט, האָבן מיר געאַרבעט הוילע. פון דעם שוויס און מעל זיי־נען מיר געוואָרן ווי שטיקער טייג. אַז מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן זיינען מיר אַריינגעשפּרונגען פון מיל אין טייך זיך אָפּבאָדן און זיך אַרומוואַשן. אונטערן וואַסער האָב איך דערזען טייך־מייז, גרויס ווי הינט. אַ קעלט איז דורך דורך מיינע ביינער און איך בין פאַרשטיינערט געוואָרן פון שרעק. ווען ניט דער שותף וואָלט איך שוין פון וואַסער ניט געווען אַרויס. ער האָט מיך אַרויסגעשלעפּט. ביז היינט צו טאָג קען איך ניט שפּרינגען אין וואַסער.

יענעם זומער האָב איך גאָרנישט ניט געלייענט. איך האָב אָבער גע־

לערנט תורה שבעל פה. אין הויז איז געווען אַ קרוב, אַ מלמד, פאַר די קינ־דער. אַ חסיד, זייער אַ פרומער. ער האָט קיינמאָל ניט אַריינגעקוקט אין אַ ספר, אָבער זיין דאַוונען איז געווען אָן אַ שיעור. פון גרויען פרימאָרגן ביז האַלבן טאָג האָט ער געדאַוונט. שמונה עשרה האָט אים גענומען שעה'ן. ער האָט גערעדט זייער ווייניק. מיר פלעגט ער דערציילן חידושים, ניסים און חסידות.

## דער ביילים־פּראָצעס. — שווערע מחשבות

דער ביילים־פּראָצעס פון 1913 האָט אויף מיר געווירקט זייער שטאַרק און דער „קראָמע יעווריעוו" האָט מיך געשטאָכן אין האַרצן. אַ געדאַנק האָב איך זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז די צאַרישע רעגירונג גרייט צו אַ גירוש רוסלאַנד, פּונקט ווי עס איז געווען אַ גירוש שפּאַניע; צו ראַטעווען די פאַמיליע מוז איינער פון אונז אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד כדי פון דאָרטן זאָל ער קענען העלפן אַלעמען אַריבערנעמען.

פאַר סוכות האָב איך געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיטן פעטער. ער האָט מיר אפשר צום טויזנטסטן מאָל געזאָגט איך זאָל היטן דעם שותף, האָב איך זיך ניט איינגעהאַלטן און געענטפערט, אַז היטן דאַרף מען אים אַליין. און ניט געבנדיק אים קיין געלעגנהייט מיך אויסצושייגעצן אָדער אפשר אָנ־פאַטשן, בין איך אַרויס פון ביוראָ, איינגעפּאַקט מיין קעסטל און בין אַוועק־געפאָרן אַהיים. דער שותף און זיין פרוי, ניט ווויסנדיק די סיבה פון מיין שריט, האָבן פּרובירט מיך פאַרהאַלטן. איך בין אָבער מיד געוואָרן פון אַלץ און ניט געוואָלט מער דאָרטן בלייבן. אַריינפאָרנדיק אין שטעטל האָט מיך באַגעגנט אַ לויה. דער אַלטער רב איז נפטר געוואָרן.

דאָס שטעטל איז געווען פאַרטרויערט. די רעגנס האָבן אָנגעהויבן גיין פרי דאָס יאָר. די בלאָטעס זיינען געווען שרעקלעך. אויפן האַרצן איז גע־ווען פאַסקודנע.

# סאָלדאַטשינע

יענעם יאָר האָט מיין חבר ראובן זיך געשטעלט צום פּריזיוו און מען האָט אים אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט. בין איך געבליבן אַליין. די צייטונגען האָבן געגומען שרייבן וועגן די גרויס פון דער דייטשער און עסטרייכישער אַרמיי, אויך וועגן דער שטאַרקייט פון דער רוסישער אַרמיי. איך האָב דערפילט, אַז מען גרייט זיך צו אַ מלחמה, כאָטש אַלע האָבן געלאַכט פון מיר.

איך האָב שוין ווידער געהאַט אַביסל געלט, האָב איך גענומען האַנדלען מיט תבואה. אַ דאַנק מיין זיין אין פעטערס מיל האָב איך געקראָגן מער מבינות אין תבואה. איך האָב גענומען פאַרדינען ניט שלעכט. איך האָב זיך גוט אויסגעקליידט. אַ רובל האָט שוין געשפּילט אַ קליינע ראָלע. איך האָב זיך גענומען חברן מיט די עטלעכע עלטערע באַלעבאַטישע מיידלעך און אויך עלטערע בחורים. אָבער מיין האַרץ איז ניט געווען דערביי. די פּויערים אַרום זיינען געוואָרן אומרואיק. עס איז שוין געווען אַ מורא צו פאָרן ביינאַכט. צוויי מאָל האָט מען מיך פאַרהאַלטן, פאָרנדיק פון באָברויסק. איין מאָל האָב איך איבערגעלאָזן די פערד מיטן לײדיקן וואָגן און אַנטלאָפן צופוס אין דער פינצטער צו אַ באַקאַנטן פּויער. אַ צווייטן מאָל האָט איין פּויער פאַרהאַלטן די פערד און דער צווייטער האָט מיר דערלאַנגט מיטן קולאַק אַרום אויג און האָט מיך צעבלוטיקט. איך האָב געהאַט אַרום זיך אַ נאַגייקע מיט אַ שטיק בליי אויפן עק, האָב איך אים דערלאַנגט איבערן קאָפּ. ער איז געפאַלן. דער צווייטער פּויער האָט איבערגעלאָזן די פערד און גענומען לויפן צו מיר. האָב איך גענומען שמייסן די פערד און בין אַנטלאָפן. נאָך אַזאַ געשיכטע האָב איך שוין מורא געהאַט פאָרן איבער יענעם דאָרף. האָב איך געפירט די סחורה מיט דער באַן. דעמאָלט האָט זיך געעפנט אַ נייע וועלט פאַר מיר.

איך בין געפאָרן אַן אויסגעפּוצטער און פאַרפאָרן אין אַ האָטעל. געהאַט אַ מעגלעכקייט גיין אין קינאָ, אין טעאַטער. דאָס ערשטע מאָל געזען אידיש טעאַטער, געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט נאָך סוחרים און אָנגעהויבן ברענען אַ וועלט.

דערווייל איז מיין ברודער שלום געקומען אַהיים אויף אורלויב. אויף אים איז די סאָלדאַטשינע געפאַלן זייער שווער. אַלעמאָל געווען אין דער היים און געטאָן ווי עס האָט זיך אים געוואָלט, ווען ער האָט געוואָלט, האָט

ער זיך ניט געקענט צוגעוואוינען צום שווערן לעבן פון אַ אידישן סאָלדאַט אין דער צאַרישער אַרמיי. ער פלעגט אַהיימשרייבן לאַנגע בריוו פול מיט צרות און קלאָגעניש. די מאַמע פלעגט וויינען יעדעס מאָל ווען עס פלעגט פון אים אָנקומען אַ בריוו. ביי זיך האָב איך באַשלאָסן, אַז ווי שלעכט מיר זאָל ניט זיין, וועל איך קיין וויינענדיקע בריוו ניט שרייבן. און אַלע יאָרן האָב איך זיך אַזוי געפירט.

ווען דער ברודער איז געקומען האָב איך זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל פאָרן קיין אַמעריקע. איך האָב אים געוואָלט געבן גענוג געלט אויף הוצאות. איך האָב אפילו געקראָגן אַן אַגענט וועלכער האָט אים געזאָלט צושטעלן אַ פּאַספּאָרט און שוואַרצן דעם גרענעץ. מיין ברודער האָט אָבער ניט געוואָלט פאָרן קיין אַמעריקע.

ער איז אַוועק צוריק אָפּדינען זיין טערמין. ווי ער האָט דעמאָלט גע־רעכנט, האָט ער געהאַט נאָך קאַרגע צוויי יאָר.

מיר איז דאָס שטעטל געוואָרן ענג. קיין פריינט האָב איך ניט געהאַט, אַ חוץ מיין שוועסטער. אָבער צו זיבעצן יאָר דאַרף מען אַנדערע פריינט.

דער „קראָמע יעוורעיעוו" האָט מיך גייסטיק געדריקט. און אַז אַ מלחמה וועט אויסברעכן בין איך געווען זיכער. איך האָב גענומען אַלעמען איבער־צייגן אַז דער צאַר גרייט צו אַ גירוש אויף אידן און אַז אַ מלחמה וועט פאַר אונז אידן ברענגען נאָר צרות. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע. די עלטערן האָבן פון דעם ניט געוואָלט הערן. „וואָס פעלט דיר דאָ?" „דו ביסט רייך, האָסט נאָך פיר יאָר צום פּריזיוו". גיין קעגן טאַטע־מאַמע האָב איך ניט געוואָלט. איך האָב זיך ווידער גענומען לייענען און אַ מוראדיקער דורשט האָט מיך אַרומגעכאַפּט צו בילדונג. מיין שוועסטער האָט נאָך צו־געהאָלפן און מיך צוגערעדט: פאָר, ברודער, דאָרטן וועסטו קענען זיך לער־נען וויפל דיין האַרץ גלוסט. איך האָב גענומען חלומען פון שטודירן — אַרבעטן בייטאָג און גיין ביינאַכט אין שולע, גימנאַזיע און אפשר אוניווער־סיטעט.

# נייע האָפענונגען

איין שבת־צו־נאַכטס זיצן מיר און ריידן און איך מאָל די שוואַרצע צוקונפט פון אַ יונגן אידישן בחור אין אַ קליין שטעטל, ווי אויך די הערלעכקייט, שיינקייט און ברייטקייט פון דעם לעבן אין דער פרייער אַמעריקע, וואו אַ איד קען ווערן פּרעזידענט. אַט איז דאָך אַ דעמאָקראַט דערוויילט געוואָרן פּרעזידענט (ווילסאָן). דאָס האָט מיינע עלטערן גענומען און די מאַמע גיט אַ זאָג: „אפשר ביסטו גערעכט, מיין זון. פאָר!" אויף מאָרגן בין איך אַוועקגעפאָרן קיין באַברויסק און באַשטעלט אַן אַגענט צו שוואַרצן די גרענעץ (איך האָב געוואוסט, אַז דער איספּראַווניק וועט מיר ניט געבן די נויטיקע פּאַפּירן אויף אַ גובערנאַטאָר־פּאַס). אויפן צווייטן זונטיק, אַ וואָך פאַר פּורים, 1914, בין איך אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

יענע וואָך איז ביי אונז אין שטעטל געוועזן אַ גוטער איד פון דער ליובאַוויטשער גזע. דער טאַטע האָט געוואָלט איך זאָל גיין צום רבין, פרעגן צי איך זאָל פאָרן קיין אַמעריקע. איך האָב מורא געהאַט, טאָמער הייסט דער רבי ניט פאָרן. דער טאַטע האָט אָבער געוואָלט איך זאָל יאָ גיין צום רבין, בין איך אַוועק. אַריינקומענדיק צום רבין זאָג איך: „רבי, איך פאָר קיין אַמעריקע". זאָגט ער: „פאָר געזונט, מיין זון". דער טאַטע האָט מיך צוגעפירט צו דער באַן. ווען איך דערמאָן זיך די סצענע, ווי דער טאַטע איז נאָכגעלאָפן דעם וואַגאָן וואו איך בין אַריין, ווי ער האָט פאַרביסן די ליפּן און די אויגן זיינען אים פאַרלאָפן מיט טרערן, שטעלן זיך מיר טרערן אין די אויגן און איך דערפיל אַ דינעם, שאַרפן שטאָך אין האַרצן.

איך האָב געדענקט, אַז שוואַרצן די גרענעץ איז אַ קינדער־שפּיל. מיין אַגענט האָט צוגענומען דאָס געלט און ער האָט געדאַרפט מיך באַזאָרגן מיט אַלץ, אַפילו מיט אַ שיפס־קאַרטע. ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל פאָרן קיין לובלין און דאָרט פאַרפאָרן אויף אַ האָטעל און אָנגעבן מיין פּאַסירוואָרט. דער האָטעל איז געוועזן אַ שמוציקע אכסניה. אַ איד האָט זיך באַוויזן און האָט מיר געזאָגט, אַז ביינאַכט וועלן מיר אַרויספאָרן. איין קוק אויפן אידן און מיין בלוט האָט אין מיר אויסגעטריקנט. אַ פּנים האָט ער געהאַט פון אַ גזלן. און ווען ער האָט געפאָדערט פון מיר אַ האַלב קוואַרטל איז מיין מיינונג וועגן אים ניט פאַרבעסערט געוואָרן.

שמואל-בער לייקין

# מיר שוואַרצן די גרענעץ

ביינאַכט האָט ער מיך גענומען און מיר זיינען געפאָרן מיט דער באַן ביז פאַרטאָג. אויף אַ קליינער סטאַנציע האָט ער מיך איבערגעגעבן אַ פּויליש פויער מיט וועמען איך האָב זיך ניט געקענט צוזאַמענריידן. אַ פּאָליציסט האָט מיך אַרעסטירט, ווייל ער האָט ניט געגלויבט, אַז דער מעשטשאַנסקי פּאַס איז מיינער. אַ רובל האָט מיך באַפרייט. איך האָב אויסגעזען אַ סך עלטער פון מיינע זיבעצן יאָר. דער פויער האָט מיך אַוועקגעפירט אין אַ שייער און דאָרט האָב איך געטראָפן אַרום זיבעציק מענער, פרויען און קינדער, אידן און קריסטן. אַלע וואַרטן צו שוואַרצן די גרענעץ. קיינער ווייסט ניט וואו מיר זיינען און ווי ווייט עס איז צו דער גרענעץ. ביינאַכט זיינען צוויי פויערים געקומען און אונז געהייסן גיין נאָך זיי. יעדער איינער האָט גענומען זיין קלומעק, קאַרזינקע, אדג״ל און מיר זיינען אַוועק, איבער זייטיקע וועגלעך. פרויען מיט קינדער אויף די הענט און פּעקלעך אויף די פּלייצעס זיינען געפאַלן אונטערן לאַסט. די מענער האָבן אַרויסגעהאָלפן די פרויען און פאַר זיי געטראָגן די פּעקלעך. די קינדער האָבן די מאַמעס די מענער ניט אָנגעטרויט. אין דער פרי האָט מען אונז איינגעטיילט אין שטאַלן און אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן ניט אַרויס און ניט מאַכן קיין טומל. אין אָוונט זיינען מיר ווייטער אַוועק. מיר זיינען שוין געווען אַ מחנה פון דריי הונדערט מענטשן. וואו מיר זיינען ווייסן מיר ניט, ווער עס פירט אונז ווייסן מיר ניט. עס איז פינצטער. מיר ווייסן נאָר, אַז אויב מען שטעלט זיך אָפּ רוען גיט עמעצער אַ שטויס מיט אַ שטעקן, מען זאָל גיין. מיר זיינען געגאַנגען אין אַ וואַלד. די ערד האָט גענומען ווערן ווייכער אונטער די פיס. דערנאָך זיינען מיר אַריין אין אַ בלאָטע. דאָס וואַסער איז געווען איבער די קני. אַ אידישע פרוי מיט צוויי קינדער, אַ מיידל פון אַ יאָר צוועלף און אַ קינד פון אַ יאָר דריי, האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר. זי האָט געהאַלטן אין איין וויינען, איך זאָל זי ניט איבערלאָזן. איר קינד האָב איך צוגעבונדן צו מיינע פּלייצעס, מיין קאַרזינקע האָב איך געהאַלטן אין איין האַנט און אַן דער צווייטער האָט זיך אָנגעהאַנגען די פרוי. איר טאָכטער האָט זיך אָנגעהאַלטן אַן איר קלייד.

דער וועטער איז געווען אַ שלעכטער. אַ קליינער רעגן און אַ שטאַרקער ווינט. מיטאַמאָל האָבן מיר דערהערט שיסן. די מאַסע איז געבליבן

שטייך אין וואַסער. עס איז געוואָרן אַ געוויין. די פּויערים האָבן באַנוצט זייערע שטעקנס איינצושטילן דעם עולם. ווי לאַנג מיר זיינען דאָרטן גע־שטאַנען ווייס איך ניט, דערנאָך האָבן מיר זיך פאַרקערעוועט אין אַן אַנ־דער ריכטונג. מיר זיינען געגאַנגען אַרום אַ שעה צייט און געקומען צו אַ וואַסער. די פּויערים האָבן אונז געטריבן אין וואַסער. מיר זיינען אַריין אין וואַסער איבער די לענדן און דורכגעבראָדיעט אויף יענער זייט. דאָ האָט מען אונז געזאָגט, אַז מיר זיינען אַריבער די גרענעץ.

# אין גאַליציע און אין דייטשלאַנד

פּויערישע פורן האָבן אונז אַרויפגענומען און מיר זיינען אָנגעקומען קיין ראַזוואַדאָוו, גאַליציע, שבת אין דער פרי, ווען די אידן זיינען געגאַנ־גען אין שול. איך בין געווען נאַס און שטאַרק הונגעריק. מיינע פּעקלעך האָב איך אַוועקגעשיקט ביז סאָסנאָוויעץ און מיט זיך האָב איך נאָר געהאַט אַ קליין קאָרזינקעלע מיט עסן און קלייניקייטן, פּערזענלעכע זאַכן. פאַר דער וואָך האָט זיך דאָס עסן אויסגענומען. דער באַלעבאָס פון הויז וואוהין איי־ניקע פון אונז זיינען פאַרפאָרן, אַ הויכער יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיק, מיט אַ ציגן־בערדל, אַ לאַנגן סורטוק און אַ שטריימל, האָט זיך אָפּגעזאָגט אונז צו פאַרקויפן שפּייז אום שבת. אויף באָרג האָט ער אויך ניט געוואָלט געבן. קויפן טריפה איז געווען אויסגעשלאָסן, זיינען מיר געזעסן טרויערי־קע, אויפגערייצטע, צוזעענדיק ווי דער באַלעבאָס פון הויז זיצט מיט זיין פאַמיליע און עסט געמיטלעך.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן האָט ער גענומען אַרומגיין איבערן גרויס פון צימער (דאָס הויז איז באַשטאַנען פון איין צימער), געהאַלטן די הענט אין הויזן־קעשענע און קלינגענדיק די מטבעות האָט ער גענומען פרעגן ווער עס וויל וועקסלען געלט. מיך האָט אַ ברי געטאָן ווי מיט אַ הייסן אייזן. הערסט, עסן וויל ער אונז ניט געבן ווייל עס איז שבת און וועקסלען געלט — יאָ. האָב איך זיך אָפּגערופן צו די אַנדערע: „חברה, מירן עסן״; און מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום ווינקל וואו די קיך איז געווען. מיר האָבן אַרויסגעשלעפּט אַלץ וואָס מען האָט געקענט עסן. יעדערער האָט געכאַפּט וואָס ער האָט געקענט. דער באַלעבאָס האָט פּרובירט פאַרטיידיקן זיין פאַר־

מעגן און ער האָט עס געקראָגן אַ פּאָר קלעפּ. איך ווייס ניט מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיקט. מיט אַמאָל האָט זיך געיאָוועט אין טיר דער סטאַראָסטא און פּלוצלינג איז געוואָרן שטיל. דער אַלטער טיש מיט די פּאָר בענק זיינען געווען איבערגעקערט און אין אַ ווינקל איז געלעגן אַ קיילעכדיק ווייס בולקעלע. איך האָב מיינע אויגן ניט געקענט אַראָפּנעמען פון דאָס בולקעלע. דער סטאַראָסטא האָט אונז אַלעמען אַרעסטירט. עטלעכע צוואַנציק מענער און צוויי פרויען — אַלע אידן. מיר זיינען דורכגעקומען צו באַצאָלן פינף און צוואַנציק קאָפּיקעס פון אַ פּערזאָן. און גלייך אויפן פּלאַץ האָבן מיר געזען ווי דער סטאַראָסטא און דער באַלעבאָס האָבן זיך צעטיילט מיטן געלט.

ביי טאָג בין איך אַרויס זען דאָס שטעטל. האָט זיך צו מיר צוגעשאַרט אַ שוואַרץ אידל און ער איז געוואָרן גוט־ברודער מיט מיר. אַלץ ווייסט ער, איך זאָל זיך נאָר פאַרלאָזן אויף אים. ער האָט מיך איינגעלאַדן שפּילן מיט אים אַ קערטל, אָדער נעמען כאָטש אַ טרונק בראָנפן. איך האָב זיך ניט געקענט אָפּטשעפּען פון אים. ער איז מיר נאָכגעגאַנגען טראָט ביי טראָט, ביז איך האָב אים אַ סטראַשע געטאָן, אַז איך וועל אים דערלאַנגען אין די ציינער, אויב ער וועט מיך ניט אָפּלאָזן.

אויף צומאָרגנס זיינען מיר אַוועק מיט דער באַן. אַ פּאָר סטאַנציעס ווייטער זיינען מיר אַראָפּגעשטיגן און מיר זיינען אַרויף אויף אַ ספּעציעלער באַן וועלכע האָט געפירט נאָר עמיגראַנטן. פערציק מענטשן צו אַ וואַגאָן. אָן בענק, די ענגשאַפט איז געווען צום דערשטיקן. מען האָט אונז געגעבן איין בילעט פאַר פערציק מענטשן. דער קאָנדוקטאָר האָט מיך אויסגעקליבן איך זאָל האַלטן דעם בילעט. ביי דער נעקסטער סטאַנציע בין איך אַראָפּ און מיט אַ כיוון פאַרשפּעטיקט די באַן. דערנאָך אַריין צום עלטסטן פון סטאַנציע, געוויזן מיין בילעט און דערקלערט אין מיין אידיש־דייטש, אַז איך האָב פאַרשפּעטיקט די באַן. האָט ער מיך אַרויפגעזעצט אויף אַ פּאַסאַזשיר־צוג אַנצויאָגן די עמיגראַנטן־באַן, און מיך אַרויפגעזעצט דאָרט וואו איך האָב געהערט. דאָס זעלבע שפּיצל האָב איך אָפּגעטאָן פיר מאָל ביז בערלין. אין בערלין האָבן מיר געביטן די באַנען און מען האָט אונז געפירט דורך מיט דראָטן־פאַרצוימטע שטעגן אין וואָקזאַל, מיר זאָלן חלילה ניט פאַרשוועכן די הייליקע ערד מיט אונזערע טריט.

פון בערלין האָט מען אונז געפירט ביז ברעמען. דאָרט האָט מען אונז

אַריינגעפּירט, מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער, און געמויערטע באַראַקן. דאָרט איז געווען איין לאַנגע פּאַלאַטע צום שלאָפן און ביי דער אַנדערער וואַנט — לאַנגע בענק צום זיצן. ניט קיין שטול און ניט קיין טיש. אַן אויוון איז געשטאַנען אין מיטן צימער. מיר האָבן געדאַרפט ברענגען קוילן צום באַהייצן און מיר האָבן אַליין געדאַרפט האַלטן ריין די באַראַקן און דעם הויף. עסן זיינען מיר געגאַנגען אין אַ באַזונדער עס־צימער. דאָס עסן איז געווען ניט שלעכט. אַרום הויף איז געווען אַ הויכער פּלויט מיט שטעכיקע דראָטן אַרומגעצוימט און קיינער האָט ניט געקענט אַרויס.

אויף מאָרגן נאָך מיין קומען האָט מען מיך גערופן אין קאַנטאָר. אַ דאָקטאָר האָט אונטערזוכט מיינע אויגן. אַן אָנגעשטעלטער האָט מיך געפרעגט צי איך וויל קויפן אַ שיפסקאַרט צווייטע אָדער דריטע קלאַס. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז דער אַגענט וועט מיך באַזאָרגן מיט אַ שיפסקאַרט איז דאָס הפּנים אים ניט געפעלן געוואָרן. גיט ער אַ זאָג „פאַרפלוכטער יודע". ניט טראַכטנדיק קיין סך האָב איך אים אַ זעץ געטאָן אין די ציינער. האָט מען מיך אַרעסטירט. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מען מיך אַרויסגעלאָזן. איך האָב פאַרשטאַנען אַז דער „האַיאַס" האָט זיך אַריינגעמישט, ווייל שפּעטער איז געקומען אַ מאַן אין באַראַק און געהאַלטן אַ לעקציע פאַר אונז וועגן באַנעמונג. זיין דייטשישן אידיש האָב איך קוים פאַרשטאַנען. מען האָט געזאָגט, אַז ער איז פון „האַיאַס".

אין ברעמען בין איך אָפּגעווען אַ פּאָר וואָכן צייט. עס איז אונז ניט גוט געוואָרן זיצן פאַרשפּאַרט און וואַרטן אויפן אַגענטס שיפסקאַרט. האָבן אייניקע פון אונז זיך אַריבערגעדראַפּעט דעם פּלויט און זיינען אַוועק זען די שטאָט: דעם מוזעאום, די ביבליאָטעק, דעם שטאָטישן גאָרטן, און ניט געקענט זיך זאַט אָנקוקן אויף דער שיינקייט פון דער שטאָט.

אַזוי פלעגן מיר טאָן אַלע טאָג. ביז איין מאָל האָט אונז אַ פּאָליציסט אָפּגעשטעלט, און אויסגעפינענדיק אַז מיר זיינען אימיגראַנטן, האָט ער אונז אָפּגעפירט צוריק אין באַראַק און אָנגעזאָגט מיטן הארבן וואָרט, אַז מיר זאָלן זיך ניט וואַגן ווייזן אין שטאָט אַ צווייטן מאָל. אויף מאָרגן נאָך דעם זיינען מיר טאַקע געזעסן אין באַראַק און זיך געגנודיעט צום טויט.

דער אויפזעער, אַן אַלטער, קרענקלעכער דייטש, איז אונז דערגאַנגען די יאָרן. וויפל מיר האָבן ניט גערייניקט איז אַלץ ניט געווען ריין גענוג פאַר אים. איין מאָל, אין מיטן נאַכט, האָט ער געעפנט די טיר און מיט

טויטע קללות געגומען אונז זידלען. וואָס איז? עמעצער האָט משתּין גע־וועזן אויפן הויף אָנשטאָט צו גיין אין אָפּטרעט, וועלכער איז געווען גאַנץ ווייט פון אונזער באַראַק (געווען פּילע באַראַקן ווי אונזערע). שטייט ער אין טיר, זידלט און האַלט די טיר אָפן. ער וועט אונז אויספרירן ווי די מייז. עטלעכע חברה זיינען געוואָרן גוט אין כעס און איינער האָט זיך פאַרגנבעט הינטערן דייטש, אים אַרויפגעוואָרפן אַ פאַלטאָ איבערן קאָפּ און אים דער־לאַנגט אַ פּאָר קלעפּ. די מערסטע פון אונז זיינען צוגעלאָפן און ניט דער־לאָזט אים שלאָגן. אויף מאָרגן פרי איז פאָרגעקומען אַן אויספאָרשונג ווער עס האָט אים געשלאָגן. ער האָט דעם שלעגער ניט געזען. קיינער האָט קיין טאָלק ניט געקענט דערגיין. האָט מען אונז צעטיילט אין די אַנדערע באַראַקן.

# אויף דער שיף

דעם דרייצנטן מערץ (אויפן אַלטן קאַלענדאַר), 1914, בין איך אַרויף אויף דער שיף „קאַסעל״ און מיט דרייצן טעג שפּעטער, דעם 26טן מערץ, בין איך אָנגעקומען קיין באַלטימאָר, מערילענד. די דרייצן טעג רייזע איבערן ים האָבן מיך גייסטיק צעבראָכן. ביזן שיף בין איך איבערגעקומען שווערי־קייטן, געליטן, עס האָט אָבער אויף מיר ניט געווירקט צום שלעכטן. פאַר־קערט, עס פלעגט אַרויסרופן ביי מיר מער ענערגיע צו קעמפן. אויף דער שיף האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ קראַפט קעגן וועלכער איך בין געווען מאַכטלאָז.

גלייך ווי מיר זיינען אַרויף אויף דער שיף האָט מען אונז אידן געגעבן אַ באַזונדערע אָפּטיילונג אין בויך פון שיף. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מען אונז געהייסן נעמען די פעקלעך און אַרויף אויפן דעק. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז די באַאַמטע פון שיף האָבן פאַרדונגען זייערע אייגענע קאַיוטעס צו פאַסאַזשירן און זיי האָבן איבערגענומען אונזער פּלאַץ פאַר זיך. זיינען מיר געבליבן אויפן דעק ביז שפּעט אין אָוונט.

איך האָב אָנגעהויבן פילן די ים־קראַנקייט. קיין פּלאַץ זיך צום לייגן איז ניט געווען, האָב איך אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט פון צען צו גיין צום קאַ־פּיטאַן מיט אַ קלאַגע. איך פון פאָרנט און זיי הינטער מיר. ביסלעכווייז זיי־נען זיי אָפּגעפאַלן, ביז איך האָב זיך דערשלאָגן אין דער הויך צום קאַפּי־

טאָן (צי אפשר איז דאָס געווען אַן אַנדער היוכער באַאַמטער) בין איך גע־בליבן איינער אַליין. דער צווישן־דעק אָפיציר האָט מיך געפּרוּווט פאַר־האַלטן און האָט מיר אָפּגעריסן די לאַצן פון רעקל. האָב איך אים דערלאַנגט אַ בריק אין די פּיס און זיך דערשלאָגן צום קאַפּיטאַן. ער האָט מיך אויס־געהערט און געהייסן דעם אָפיציר אונז באַלד געבן אַ פּלאַץ. גלייך האָבן זיך געיאָוועט צענדליקער מאַטראַזן און האָבן גענומען טראָגן אונזערע פּעק־לעך אַראָפּ, אין בויך פון דער שיף. זיי האָבן אונז, עטלעכע און אַכציק אידי־שע מענער, צעשפּרייט צווישן אַ פינף אָדער זעקס הונדערט קריסטן, כמעט אַלע פון די באַלקאַנישע לענדער. אונטן אין שיף, וואו מען האַלט געווייינט־לעך פּראַכט, זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן בעטלעך צו צווייען, איינע אויף דער אַנדערער, און וואו די מאַטראָזן האָבן געפונען אַ ליידיק בעטל צווישן די גוים, האָבן זיי אונז געהייסן דאָס בעטל פאַרנעמען. גלייך ווי די מאַטראָזן זיינען אַרויס האָבן די גוים גענומען אונז וואַרפן פון די בעטלעך. איך בין געוואָרן קראַנק און ווען זיי האָבן מיך אַראָפּגעוואָרפן איז ניט נאָר האָב איך זיך ניט געקענט פאַרטיידיקן, נאָר איך בין געבליבן ליגן אויפן דיל, קיין כוח ניט געהאַט גיין זוכן ערגעץ אַן אַנדער פּלאַץ.

צווישן אונז איז געווען אַ בחור וואָס איז שוין געווען אין אַמעריקע. האָט ער זיך גענומען פאַרטיידיקן. ער האָט געקראָגן אַ פּאָר שניט פון אַ מעסער און האָט זיך געמוזט אונטערוואַרפן אונטערן זעלביקן גורל.

אויף מאָרגן פרי האָבן מיר זיך באַקלאָגט פאַר די העכערע באַאַמטע, האָבן זיי אָוועקגעשטעלט צוויי מאַטראָזן און מער האָט מען אונז ניט גע־שלאָגן. אָבער שלאָפן צווישן די גוים האָבן מיר אויך ניט געקענט. מיר האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל. אייניקע האָבן געהאַט בעטלעך, אָבער די מערסטע זיינען געלעגן אויפן דיל. די לופט אין צימער, אויב מען קען עס אָנרופן „צימער", איז געווען שרעקלעך, ממש דערשטיקט צו ווערן. דער־צו איז געווען זייער נאַס. יעדער איינער האָט געקראָגן אַ בלעכערנע כלי, אַ לעפל, אַ גאָפּל און אַ בלעכן טעפּל אויף טיי (קיין מעסער האָט מען אונז ניט געגעבן). מיר האָבן געדאַרפט אַרויף אויפן דעק, שטיין אין דער ריי כדי צו קריגן עסן און דערנאָך געפינען אַ פּלאַץ אויפן דעק וואו צו עסן. אַראָפּ אונטן מיטן עסן האָט מען אונז ניט געלאָזן. איך בין געווען קראַנק די גאַנצע דרייצן טעג פון דער רייזע און האָב כמעט ניט געגעסן.

שמואל-בער לייקין

# אין אַמעריקע — „גרינע" יאָרן

אין באַלטימאָרער פּאָרט זיינען מיר אָנגעקומען דעם 26טן מערץ, 1914, אין אָונט, אַקוראַט שבת אָוונט צום ערשטן סדר. אַזוי ווי קיין מצה איז אויף דער שיף ניט געווען און קיין חמץ האָבן מיר ניט געוואָלט עסן, זיינען מיר גע־שטאַנען אויפן דעק, געקוקט אויף די פייערן אין שטאָט און געטראַכט: וואָס וועט אונז די נייע וועלט ברענגען?

מיט אַ פּאָר טעג איידער די שיף איז אַריין אין פּאָרט האָב איך טעלע־גראַפירט מיין קוזין פון פּאַטערסאָן צו, אַז איך קום, און אַז ער זאָל מיך אַראָפּנעמען פון דער שיף. אין דער פרי בין איך געווען איינער פון די ערשטע צען אַראָפּצוגיין פון דער שיף. די פאָרמאַליטעט איז געווען זייער אַ גרינגע. דעמאָלט האָט אַן אימיגראַנט געדאַרפט האָבן פינף און צוואַנציק דאָלאַר. איך האָב געהאַט בלויז אַכצן דאָלאַר, האָב איך עס אויסגעביטן אויף איינצלנע דאָלאַר און ווען איך האָב זיי געוויזן אַ פולע האַנט מיט געלט, האָבן זיי עס ניט איבערגעציילט.

מיין קוזין איז געקומען מיך אַראָפּנעמען האַלב נאָך פיר פאַרנאַכט. די זיבן שעה וואַרטן האָבן זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט.

אַמעריקע — ווי האָט זי מיך אויפגענומען? וואָס האָט זי מיר געגעבן? ביז איצט איז געווען גרינג צו פאַרצייכענען מיינע זכרונות. דאָס לעבן איז געווען שמאָל, דער האָריזאָנט אַ באַגרענעצטער. אָבער מיין לעבן אין אַמע־ריקע איז געוואָרן ברייטער. די איבערלעבונגען — טיפער און מער אין צאָל און עס איז אוממעגלעך אַלץ איבערצוגעבן. מוז איך שוין קלייבן. די געפאַר איז, אַז איך וועל אויסקלייבן די מער דראַמאַטישע מאָמענטן, די מאָמענטן וועלכע האָבן זיך מער איינגעקריצט אין זכרון. וועט עס אפשר זיין אינטערעסאַנטער לייען־מאַטעריאַל. עס וועט אָבער ניט געבן קיין אמת בילד פון אַמעריקאַנער לעבן אין יענער צייט. וועל איך פּרובירן פאַרשרייבן די אַלטעגלעכקייטן, די גרויקייט פון לעבן. עס וועט געוויס זיין מאָנאָטאָן, אָבער דערפאַר וועט עס זיין אמתדיק.

מיין קוזין, א., וועלכער איז געקומען אַהער אין דער צייט פון יאַפּאַ־נעזישן קריג, האָט דאָ געהייראַט אַ פרוי, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ „יענקי". זי האָט איבערגענומען פון אַמעריקאַנער לעבן אַלץ וואָס איז ביי־ליק און גראָב. זי האָט ניט געקענט לייענען, ניט קיין אידיש און ניט קיין

ענגליש. אידיש איז טריף. ציַיטונגען, ביכער — זיַינען נאָר פאַר „גרינע". אָבער אַז מען גרינט זיך אויס, וואָס דאַרף מען זיי האָבן? די הויפּטזאַך איז אַ „גוד טאַים", מען דאַרף „אויסגיין" מיט מיידלעך, גיין אין טעאַטער (טעאַטער האָט ביי איר געהייסן בורלעסק). זי האָט געטראָגן די הויזן אין דער משפחה.

דער קוזין, אַ הויכער און זייער אַ שיינער, איז געווען אַ גוטער. ניט קיין קלוגער. ער האָט ניט געקענט לייענען און ניט געקענט שריַיבן, קוים געקענט חתמענען זיין נאָמען. ער האָט געהאַט אַ סאַלון" און לויט די באַגריפן פון יענער צייט איז ער געווען רייך און פאַרמאָגט אַן אייגן הויז. מיט זיי האָבן געוואוינט דעם קוזינס אַ שוועסטער און אַ ברודער, וועלכע זיַינען געקומען קיין אַמעריקע פון דאַרף אַרום אונזער שטעטל מיט אַ יאָר פריער פאַר מיר. דער ברודער, י., איז געווען אין מיין עלטער. אין רוסלאַנד בין איך געווען דער אינטעליגענט און ער אַ דאָרפס־אינגל. זיין שוועסטער, ב., אַ סך עלטער פון מיר, איז אין דער היים געווען אַ בייטאָרין. ווען דער קוזין האָט מיך געבראַכט מיטן טראַמוויי צו זיך אַהיים, האָב איך געדאַרפט טראָגן אַלע פּעקלעך אַליין. ער האָט מיר ניט געהאָלפן ווייל ער האָט זיך געשעמט טראָגן „יוראָפּשע" פּעקלעך (אַזוי האָט ער געזאָגט).

אין הויז האָט מען מיך געבעטן זיך זעצן, האָב איך באַדאַנקט מיטן רוסישן „ספּאַסיבאַ". רופט זיך אָפּ די קוזינע: „גרינע חיה, דאָ זאָגט מען ניט ספּאַסיבאַ, דאָ זאָג מען „טענקיו". איך האָב דערפילט ווי מען וואָלט מיך אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער קאַלט וואַסער. איך בין שוין געוואָרן אַ „גרינע חיה". מען האָט גלייך גענומען ריידן ווי מיך „אויסצוגרינען". מיין נאָמען בערל מוז פאַרביטן ווערן אויף בעני, איך מוז גלייך גיין אין „באַרבער שאַפּ" אַראָפּנעמען מיינע וואָנצעס און נאָך און נאָך.

נאָכן עסן האָט מיין קוזין י. מיך גענומען אין „באַרבער שאַפּ". ער האָט אָבער מיר געהייסן גיין אויף איין זייט גאַס און ער איז געגאַנגען אויף דער צווייטער. ווייל, האָט ער געזאָגט, ער שעמט זיך צו גיין מיט מיר צוזאַמען, איך זע אויס ווי אַ גרינער . . .

זונטיק האָט ער מיך אַרויסגענומען פאַר אַ „גוד טאַים", גענומען די טראַמוויי, געביטן פיר מאָל כדי צו פאָרן לענגער פאַרן זעלביקן ניקל, און מיר זיַינען אָנגעקומען אין פּאַרק. דאָרט פרעג איך אים: „זאָג מיר, י., ווי לעבט מען אין אַמעריקע?" זאָגט ער: „אָ, מען אַרבעט אַ גאַנצע וואָך און

זונטיק האָט מען אַ 'גוד טאַים'". פרעג איך ביי אים: „וואָס איז אַ 'גוד טאַים'?" ענטפערט ער: „אַ, דו ביסט אַ גרינער. אַ 'גוד טאַים' איז אַ 'גוד טאַים'". פאַרפאַלן. איך וועל שוין מוזן אַליין אויסגעפינען".

איך זע ווי בחורים מיט מיידלעך גייען אַרויף אויף וועגעלעך און עס שלעפּט זיי אַרויף און לאָזט זיי אַראָפּ מיט אַ משוגעהדיקער שנעלקייט. איך בין פאַראינטערעסירט געוואָרן וואָס עס שלעפּט די וועגעלעך אַרויף און פאַרוואָס זיי פאַלן אַזוי שנעל אַראָפּ. מיטאַמאָל — קראַך! עפּעס האָט זיך צעבראָכן און אַ פּאָר וועגעלעך זיינען אַראָפּגעפאַלן. עס איז געוואָרן אַ גע־לאַף. צוויי פּאָרלעך האָט מען צוגענומען אין שפּיטאָל. עפּעס איז מיר דער „גוד טאַים" אין אַמעריקע ניט געפעלן געוואָרן.

פאָרנדיק צוריק זאָגט מיר מיין קוזין: מיר האָבן זיך דורכגערעדט און באַשלאָסן, אַז פאַר היינט וועט מען דיר ניט רעכענען פאַר קיין „באָרד", אָבער פון מאָרגן אָן וועסטו דאַרפן צאָלן פינף דאָלאַר אַ וואָך". איך האָב ניט געוואוסט וואָס „באָרד" מיינט, אָבער איך האָב זיך אַנגעשטויסן. איך האָב זיך דערפילט זייער מאָדנע. ביי אונז אין דער היים האָט מען ניט גע־רעכנט אַ גאַסט קיין געלט פאַרן עסן.

אויף מאָרגן האָט מיין קוזינע מיר גענומען אין קראָם קויפן שיך, העמ־דער און נאָך קלייניקייטן. זי האָט גערעדט ענגליש צום פאַרקויפער. דאָך האָב איך פאַרשטאַנען וואָס זי זאָגט: ער זאָל מיר געבן קליינע שיך, זי וועט ניט דערלויבן איך זאָל טראָגן גרויסע שיך ווי אַ גרינער. עס האָט ניט געהאָלפן מיינע פּראָטעסטן. איך בין אַרויס פון קראָם מיט קורצע שיך און עס איז מיר געווען זייער שווער צום גיין. אָבער די קוזינע האָט געזאָגט אַז זי ווייסט בעסער וואָס עס איז גוט פאַר מיר. איך האָב באַשלאָסן אַז איך מוז קריגן אַרבעט, כדי איך זאָל האָבן אַ דעה איבער זיך אַליין.

# אַ „מיל״ און אַ „שאַפּ״

גיין אין שאַפּ האָב איך ניט געהאַט קיין גרויסן חשק, כאָטש איך האָב קיין שאַפּ קיינמאָל אין מיין לעבן ניט געזען האָב איך עס פיינט געהאַט. פונדעסטוועגן בין איך געווען וויליק צו גיין אין שאַפּ. מיין קוזינס באַקאַנטע האָבן מיך גענומען אין גרעסטן שניידער־שאַפּ, וואו כמעט אַלע גרינע האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן. דער טומל אין שאַפּ איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט ניט געהערט וואָס מען רעדט. הונדערטער מאַשינען האָבן געריסן מיט משונה־דיקער ווילדקייט, מענטשן האָבן זיך געצאַפּלט. איך האָב ביי זיך ניט גע־קענט פועלן, אַז איך זאָל ווערן אַ טייל פון אָט דער משוגעת, כאָטש איך בין אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין אַ מיל וואו עס קלאַפּט און רוישט. דאָך האָט יעדע מאַשין אין מיל געהאַט אַ ריטם און נאָכן קלאַפּן האָט מען דער־קענט צי אַלץ איז אין אָרדענונג מיט דער מאַשין. אַזוי שנעל ווי עפּעס איז געשען מיט אַ מאַשין, אַ פּאַס איז אַראָפּגעפאַלן אָדער די תבואה אין קאַש איז אויסגעגאַנגען האָט זיך געביטן דער ריטם. ווי אַ דיריגענט, וועלכער פירט אָן מיט אַן אָרקעסטער, קען דערהערן גלייך ווי אַן אינסטרומענט שפילט פאַלש, אַזוי האָבן מיר מילנער דערהערט גליך, אויב אַ מאַשין איז געוואָרן אויסער אָרדער.

ווען דער מאַן אין שניידער־שאַפּ האָט געזאָגט, אַז ער האָט ניט קיין פּלאַץ איצט פאַר אַ לערן־אינגל, בין איך טיף אין האַרצן געווען צופרידן.

אין הויז ביים קוזין האָט קיינער ניט געלייענט קיין צייטונגען. ער האָט געוואוינט ווייט פון דער אידישער געגנט, בין איך אַוועק צופוס (מיינע אַכצן דאָלאַר זיינען שוין אויסגעגאַנגען אויף קליידער) און געקויפט אַ אידישע צייטונג (אַ „וואָרהייט״). דערווייל באַקאַנט זיך מיט אַ בחור און ער האָט מיר געליען אַ בוך — טאָלסטאָיס „וואָסקרעסעניע״, אין רוסיש, און אַ גליקלעכער בין איך געקומען אַהיים. פאַרנאַכט בין איך געזעסן אויף די טרעפּ און געקוויקט זיך מיטן בוך. ווען די קוזינע האָט דערזען אַז איך לייען און אַז עס איז אַ רוסיש בוך, האָט זי עס צוגעכאַפּט פון מיר: גרינע חיה, דאָ איז ניט פּאָניע־גנב, דאָ לייענט מען ניט די חזיר־שפּראַך. איך האָב שיער ניט רעוואָלטירט, אָבער איך האָב זיך צוריקגעהאַלטן, ווייל איך עס ביי איר טיש.

וועגן אַרבעט פאַר מיר האָבן אַלע געזוכט און זיך נאָכגעפרעגט. איך

האָב געחלומט וועגן ווערן אַ מעכאַניק ביי אויטאָמאָבילן, אָבער אונטער די אומשטענדן האָב איך געזען, אַז איך מוז קריגן וואָסער סאָרט אַרבעט עס זאָל זיך ניט מאַכן, אַבי וואָס פריער אַוועק פון קוזינס הויז.

# שמאַטעס

פרייטיק פאַרנאַכט איז געקומען מיין קוזין א. און מיר אָנגעזאָגט די שמחה, אַז ער האָט אַ שטעלע פאַר מיר אין אַ „דזשאָנג־שאָפּ״, ביי אַ לאַנדס־מאַן. פינף דאָלאַר אַ וואָך, אַרבעטן פון 7 אינדערפרי ביז 6 פאַרנאַכט, אַ שעה אויף „לאַנטש״, און זעקס טעג אַ וואָך.

וואָס אַ דזשאָנק־שאָפּ איז האָב איך שוין געהאַט אַן אָנונג. מיין קוזין האָט אַמאָל געהאַט אַזאַ געשעפט און פיל לאַנדסלייט זיינען געווען אין אַזעל־כע געשעפטן. האָט מען אין הויז גערעדט וועגן דעם. שבת אין דער פרי בין איך אַוועק צו דער אַרבעט. דער באַלעבאָס האָט מיך צוגעפירט צו דריי נעגער־פרויען, וועלכע זיינען געזעסן און געקליבן שמאַטעס. ער האָט זיי עפּעס געזאָגט און איז אַוועק. די פרויען האָבן מיך אויפגענומען זייער פריינטלעך און מיך גענומען לערנען די קונסט פון סאָרטירן שמאַטעס. איך האָב זיך צוגעקוקט ווי זיי סאָרטירן לויטן קאָליר און זיי נאָכגעטאָן. דער־נאָך האָט מיך אַ שוואַרצער מאַן געלערנט די מלאכה פון פאַרקוועטשן די שמאַטעס אין באַלן. ער פון איין זייט און איך פון דער צווייטער זייט מאַ־שין. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, דער טאָג איז געווען אַ הייסער. מיט אַמאָל האָב איך זיך דערמאָנט, אַז עס איז שבת. מיין טאַטע און אַלע אין שטעטל זיינען איצט אין שול. עס איז צייט צום לייענען. עס האָט מיר פאַר־קלעמט ביים האַרצן: האָב איך געדאַרפט קומען קיין אַמעריקע ווערן אַ „קאַראָוועשניק״ און מחלל שבת זיין צוליב דעם?! טרערן האָבן זיך גענו־מען גיסן פון מיינע אויגן. איך האָב זיך ניט געקענט קאָנטראָלירן. דער שוואַרצער האָט געשטשירעט מיט די ציין און רחמנות געהאַט אויף מיר. ער האָט געבראַכט אַ קעסעלע מיט ביר און מיך געמאַכט טרינקען. ביז איך בין געקומען קיין אַמעריקע האָב איך קיין נעגער ניט געזען. דערזעענדיק זיי דאָ, האָב איך זיך פאַרוואונדערט. איך האָב אויך מורא געהאַט פאַר זיי. דאָס קעסעלע ביר האָט מיך דערנעענטערט צו זיי.

דער באַלעבאָס איז צוגעקומען. ער האָט מיר געזאָגט אַ פּאָר פריינטלע־כע ווערטער און איך האָב זיך באַרואיקט. איך האָב אָבער דערפילט דעם שרעקלעכן קאַמף וואָס איך וועל דאַרפן פירן פאַר מיין עקזיסטענץ. פאַרן עסן און שלאָפן האָב איך געצאָלט פינף דאָלאַר, איז מיר ניט געבליבן קיין איין סענט ביי דער נשמה. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָב איך געבעטן אַ העכערונג אין לוין, האָט מיר דער באַלעבאָס געענטפערט: טו די גרינע אַ טובה! ווען ניט איך וואָלסטו דאָך פון הונגער געשטאָרבן. אָבער צום סוף פון דער וואָך האָט ער מיר געגעבן זעקס דאָלאַר.

# מען האָט פיינט אידיש

פון דער אַרבעט בין איך געקומען שטאַרק מיד און שמוציק. קיין וואַנע איז אין הויז ניט געווען. צוויי מאָל אַ וואָך פלעג איך פאָרן דאַן־טאַון, אין שטאָטישן שפּריץ־באָד, פאַר דריי סענט. דערנאָך פלעג איך אַריין אין ביב־ליאָטעק און דאָרטן זיצן און לייענען. אַהיימנעמען ביכער האָב איך ניט גע־וואָלט, צוליב מיין קוזינע.

איך האָב זיך דערוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַ פּלאַץ וואָס רייכע אידן האַלטן אויס כדי אַרויסצוהעלפן גרינע זיך „אויסגרינען". איך האָב אויפ־געזוכט די „דזשואיש עדיוקיישאָנעל אַלייענס". ביי מיין אַריינקומען האָב איך דערפילט דאָס זעלביקע ווי ווען איך בין אַריין אַמאָל אין שטעטלשן קלויסטער. קאַלט און פרעמד. קיין אידיש האָט מען ניט דערלויבט רײדן. בין איך שנעל אַרויס פון דאָרט. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען מיך אַראָפּגעטריבן פון די טרעפּ פון דער געביידע ווייל איך האָב גערעדט אידיש. איז ניט נאָר בין איך אַהין מער ניט געגאַנגען, נאָר איך האָב געקוקט אויף די לייט פון דער דזשואיש עדיוקיישאָנעל אַלייענס ווי אויף מיסיאָנערן.

צו דער אַרבעט האָב איך זיך צוגעוואוינט. צו דער קולטורלאָזיקייט אין הויז האָב איך זיך ניט געקענט צוגעוואוינען. בין איך אָפטער געגאַנגען אין ביבליאָטעק. גייענדיק אין אָוונט צוריק פלעג איך מוזן אויסטאָן די שיך און גיין באָרוועס, ווייל די שיך זיינען געווען קורץ און מיינע פיס האָבן מיר פון זיי וויי געטאָן.

שמואל-בער לייקין

# אין פילאַדעלפיע

איך האָב גענומען טראַכטן ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון דער לאַגע אין וועלכער איך האָב זיך געפונען. מיין מוטערס עלטערער ברודער איז געווען אין פילאַדעלפיע. איך האָב געוואוסט, אַז זיינע זין זיינען אַלע געלערנטע, האָב איך געדענקט, אַז אַרום זיי וועל איך אויך עפּעס קענען געניסן קול־טורעל. האָב איך דעם פעטער, י. מ., געשריבן אַ בריוו, אַז איך בין דאָ אין אַמעריקע. האָט ער מיר געענטפערט, אַז אים פרייט צו הערן, און אַמאָל, ביי אַ געלעגנהייט, זאָל איך צופאָרן זיך באַקענען — דאָס הייסט, אַז איך זאָל זיצן דאָרטן וואו איך געפין זיך. מיין ערשטער אימפּולס איז געווען צו פאַרגעסן אָן אים און זייניקע און זוכן מיין וועג אין אַן אַנדער ריכטונג. אָבער איך האָב די באַליידיקונג ניט געוואָלט אַראָפּשלינגען. האָב איך אים אָנגעשריבן נאָך אַ בריוו, אַז איך פיר אַ גרוס פון זיין מוטער, וועמען ער האָט ניט געזען זינט 1882. דאָ אין אַמעריקע ווייס איך ניט, נאָר אין איי־ראָפּע האַלט מען נאָך פון מאַמעס, און מען פרעגט זיך נאָך אויף זיי. די גאָר אָפענע אָנצוהערעניש האָט ער ניט געקענט איגנאָרירן און ער האָט מיך פאַרבעטן אויף שבועות. איך בין געקומען און געפונען אַ הויכן אידן מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד. זיין גאַנצער אויסזען איז געווען ווי פון אַ פּאַט־ריאַרך. צוויי שאַרפע, קלוגע אויגן. די מומע — אַ קורצע, אַ גראָבע, אַ הינקענדיקע — ניט קיין פריינטלעכע פרוי. דער פעטער האָט מיך באַהאַנדלט זייער איידל און, ווי מיר האָט זיך אויסגעדוכט, מיט צופיל העפלעכקייט. ער האָט גלייך געלאָזט וויסן זיינע דריי זין און זיין טאָכטער וועגן מיין קו־מען. אויף מאָרגן בייטאָג זיינען זיי אַלע געקומען מיך זען. איבערהויפּט האָט מיך מקרב געווען די טאָכטער, א. ע. זי האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך. איך האָב מיט פרייד אָנגענומען די איינלאַדונג. דאָרט האָב איך געפונען אַ שיינע, גרויסע היים מיט אַ דינסט, פיר קינדער: מ. אַ בחור, אַ צוויי יאָר עלטער פון מיר; פ., אַ מיידל אין מיינע יאָרן; ב., אַ מיידל מיט אַ יאָר אינגער פון מיר און ה., אַ אינגל אַ יאָר צוועלף. איר מאַן איז געווען אַ קור־צער, אַ רירעוודיקער. האָט אַמאָל געלערנט אין דער ישיבה. געקענט גוט גמרא און גערעדט ענגליש ווי אַ ליטוואַק ערשט פון שיף. די אַטמאָספערע אין הויז איז געווען אַ באַלעבאַטישע, אַן אידעלע באַנעמונג הערשט פון

איינעם צום צווייטן. די קינדער האָבן גערעדט צו די עלטערן ווי צו חברים. צום ערשטן מאָל האָב איך געזען אַזאַ באַציאונג.

מיר האָט מען אָפּגעגעבן אַ באַזונדערן צימער. איך האָב זיך דערפילט ווי אין גן־עדן. וועגן פאָרן צוריק קיין באַלטימאָר האָבן זיי ניט געוואָלט הערן. איך וועל בלייבן ביי זיי און זיי וועלן שוין קריגן פאַר מיר וואָס צו טאָן. איך האָב גענומען חלומען וועגן קריגן פריינט דורך מיינע קוזינס. צו זיי זיינען געקומען פילע פריינט, האַי־סקול און קאָלעדזש בחורים און מיידלעך. איך בין אָבער שטאַרק אַנטוישט געוואָרן ווען אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָבן די קינדער געהאַט אַ שמחהלע אין הויז, איינגעלאַדן פיל בחורים און מיידלעך, און מיך האָט מען ניט געבעטן זיך צו באַטייליקן. נאָך מער, איך האָב אונטערגעהערט אַ געשפּרעך צווישן מאַמע און זון. די מאַמע האָט געוואָלט מען זאָל מיך פאַרבעטן, ווייל טאָמער ניט וועל איך זיך פילן שלעכט. דער זון האָט געענטפערט: „אַי דאָנט קעיר". פון דעמאָלט אָן, ווען חברים זיינען געקומען צו זיי, פלעג איך דאָס הויז פאַרלאָזן.

# איך ווער אַ פּעדלער

דעם פעטערס דריי זין האָבן מיך קיינמאָל ניט פאַרבעטן, זיך ניט אינ־טערעסירט מיט מיר. פאַר זיי האָב איך ניט עקזיסטירט.

מיין קוזינעס מאַן, י., האָט געהאַט אַ גרויסע הורטאָוונע קראָם, וואו עס זיינען פאַרקויפט געוואָרן הויז־זאַכן, ספּעציעל זאַכן פאַר דער קיך. איך האָב גרויס חשק געהאַט צו אַרבעטן פאַר אים. ער האָט מיר אָבער געראָטן איך זאָל ווערן אַ פּעדלער. זיין מיינונג איז געווען, אַז אין אַמעריקע דאַרף מען זיין אין געשעפט פאַר זיך. ער האָט גענומען אויסרעכענען אַלע גרויסע געשעפטסלייט וועלכע האָבן אָנגעהויבן מיט פּעדלעריי. אויך ער אַליין איז יאָרן־לאַנג געווען אַ פּעדלער.

אין איין שיינעם טאָג האָט ער מיר געגעבן אַ קאָשיק מיט פליגן־פּאַפּיר און האָט מיך אַוועקגעשיקט מיטן סאָבוויי, אָנגעשריבן אויף אַ צעטעלע וואָס איך זאָל זאָגן ווען די באַלעבאָסטע וועט עפענען די טיר. איך האָב אַ גאַנצן טאָג געקלאַפּט אין די טירן און בלויז באַוויזן צו פאַרדינען אַ גאַנצן ניקל.

מיר האָט זיך געדוכט, אַז די פרוי האָט מיר געגעבן די פינף סענט ווי אַ נדבה אײדער צו באַצאָלן פאַר דער סחורה.

אויף מאָרגן האָט ער מיר אָנגעפּאַקט אַ קאָשיק מיט זאָקן און ביליקע פרויען־אונטערוועש און האָט מיך אַוועקגעשיקט אין אַן אָרעמער געגנט. איך האָב ווידער געקלאַפּט אין די טירן און ניט געוואוסט וואָס צו ענט־פערן ווען מען האָט גערעדט צו מיר. איך האָב נאָר געוואוסט געציילטע פראַזן, ווי אַ פּאַפּוגיי. דער גאַנצער מסחר איז מיר געפאַלן זייער שווער. איך האָב זיך געפילט ווי אַן אָרעמאַן וועלכער גייט איבער די הייזער. איך האָב באַגריפן, אַז איך שטער די פרויען אין זייער רו. אָפט קומט זיי אויס אַראָפּגיין פון צווייטן אָדער דריטן עטאַזש מיר צו עפענען די טיר. אַ סך זײנען ברוגז, זאָגן עפּעס מיט כעס. איינמאָל האָב איך אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר דריי מאָל אײדער איך האָב דערהערט טריט. די פרוי האָט געעפנט די טיר, האָב איך גענומען שטאַמלען מיינע אויסגעחזרטע פראַזן. די פרוי האָט ניט געוואַרט ביז איך וועל ענדיקן, האָט אַ שפּיי געטאָן מיר אין פּנים און האָט די טיר צוגעמאַכט מיט אַ זעץ.

מער האָב איך אין קיין טירן ניט געקלאַפּט. ווען איך בין געקומען צום קוזין אין קראָם האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז איינער פון זיינע אַרבעטער איז אַוועק. איך האָב געבעטן מיר געבן דעם דזשאָב. ער האָט מיר געהייסן אויס־טאָן דאָס רעקל און זיך שטעלן אַרבעטן. איך בין געווען זייער צופרידן.

מיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויספּאַקן די גרויסע קאַסטנס סחורה, זיי העלפן צעלייגן אויף די פּאָליצעס, אויסקערן די קראָם, אַוועקטראָגן אַ פּעקל וואו בויטיק, א. ד. גל. די אַרבעט איז מיר ניט געווען צום האַרצן, אָבער איך האָב געהאָפט, אַז ווען איך וועל זיך אויסלערנען ענגליש, וועל איך ווערן אַ סיילסמאַן. דער געהאַלט איז געווען פינף דאָלאַר אַ וואָך. איך בין באַשטאַנען, אַז די קוזינע זאָל נעמען ביי מיר געלט פאַרן עסן. איך האָב געצאָלט דריי און אַ האַלב דאָלאַר אַ וואָך.

דאָס ערשטע פּראָבלעם אין מיין קולטורעלן לעבן איז געווען זיך אויס־צולערנען ענגליש. אין הויז איז געווען אַ אידישע צייטונג („די אידישע וועלט"). עס זיינען געווען אַ ביסל אידישע ביכער צווישן די ענגלישע. איך בין אַוועק זיך לערנען ענגליש אין דער „באַראָן הירש נאַיט סקול". דאָרט האָט מען געלערנט ניט נאָר ענגליש, נאָר אויך אַריפמעטיק און נאָך ענלע־כע קעגנשטאַנדן. איך האָב אָבער באַדאַרפט בלויז ענגליש זיך אויסלערנען;

זיינען די אָונטן ווען מען האָט ניט געלערנט קיין ענגליש, נאָר אַנדערע קעגנשטאַנדן, געווען אַן אָפּקומעניש פֿאַר מיר. איך האָב דעריבער באַשלאָסן זוכן אַ פּריוואַטן לערער. מיין קוזינעס טאָכטער, פ., האָט זיך אונטערגענו־מען מיט מיר לערנען. זי האָט מיר געגעבן עטלעכע לעקציעס, דערנאָך האָט זי גענומען מאַכן פֿאַרשיידענע שטערונגען: היינט ניט — מאָרגן. צו אָפּט בעטן האָב איך ניט געקענט. ענדלעך האָבן מיר וועגן דעם מער ניט גערעדט. איך האָב אָבער געקראָגן אַ בחור, אַ וויטן קרוב מיינעם, און ער האָט מיט מיר געלערנט צוויי מאָל אין וואָך. לייענען האָב איך שנעל אויפֿ־געכאַפּט, שרייבן אויך אַזוי. מיין ריידן איז מיר אָבער אָנגעקומען שווער־לעך. די צונג האָט זיך ניט פֿלינק גענוג באַוועגט. און עד־היום רעד איך מיט אַן אַקצענט.

אין די פֿרייע אָוונטן בין איך געגאַנגען אין אידישן טעאַטער. נאָך וועטשערע האָב איך גענומען די צייטונג, אַוועק אין טעאַטער, געקויפֿט אַ בילעט פֿאַר צען סענט אויף דער גאַליאַרקע, פֿאַרנומען דעם בעסטן פּלאַץ און ביז איך האָב איבערגעלייענט די צייטונג האָט מען שוין אָנגעהויבן שפּילן. איך פֿלעג גיין אין טעאַטער צוויי, דריי מאָל אין וואָך. איך האָב צו־געקראָגן אַ פֿריינט, מיין קוזינס אַ קרובה, אַ מיידל אין מיין עלטער, ניט קיין שיינע, אַ גאַנץ קלוגע, אַ באַלעזנטע. זי איז געוואָרן ווי אַ שוועסטער צו מיר. זי האָט מיך גענומען אויף קאָנצערטן, לעקציעס און זונטיק פֿלעגן מיר אַרויספֿאָרן אין פּאַרק. זי האָט פֿאַר מיר געצאָלט און האָט מיר געגעבן דאָס געפֿיל, אַז אַזוי איז נאַטירלעך — זי האָט און איך האָב ניט. ווען איך וועל אָנהויבן פֿאַרדינען מער וועל איך פֿאַר איר באַצאָלן. זאָל זי זיין גע־בענטשט וואו זי איז איצט. זי איז מיר געווען אַן אמתער פֿריינט אין אַ צייט ווען איך האָב זיך אין דעם אַזוי שטאַרק גענויטיקט.

שמואל-בער לייקין

## מלחמה

אָט אַזוי האָט זיך איינגעשטעלט מיין לעבן. דערווייל האָט אויסגעבראָכן די מלחמה. כאָטש איך האָב געהאַט פאַראויסגעזאָגט די מלחמה מיט צוויי יאָר פריער, האָט עס מיר געטראָפן ווי אַ דונער. מיין ברודער, ש., איז געווען אויף דער דייטשישער גרענעץ, גלייך אין מיטן פייער. מיטאַמאָל בין איך געוואָרן אַ רוסישער פּאַטריאָט און האָב אַלעמען איבערצייגט, אַז רוסלאַנד וועט געווינען און דייטשלאַנד וועט כאַפּן אַ מפּלה.

## צרות פון אַ „גרינער חיה"

מיין אַרבעט אין קראָם איז אַלץ געפאַלן שווער אויף מיר, ניט צוליב דער אַרבעט אַליין, נאָר ווייל איך האָב ניט געהאַט קיין געלעגנהייט אויסצולערנען זיך ווי דאָס געשעפט ווערט געפירט. די סיבה איז געווען די: דאָרט האָבן געאַרבעט נאָך צוויי בחורים, עלטערע פון מיר. איינער, סעם, אַ קליינינקער, אַ דאַרער, וועלכער האָט געוואויגן ווייניקער פון הונדערט פונט, אַן אַמעריקאַנער געבוירענער. ער האָט גערעדט אידיש, איז געווען אַ פּרייזפייטער, האָט ליב געהאַט מיר צו שפּרינגען אין די אויגן און פאַרפאָרן וואו עס האָט זיך געלאָזט. איבערהויפּט פלעגט ער עס טאָן ווען איך האָב געהאַלטן אין טראָגן פּעקלעך און מיינע הענט זיינען געווען פאַרנומען. דאָס וואָלט מיר ניט אויסגעמאַכט, ווייל זיינע קלעפּ האָבן מיר ווייניק וויי געטאָן. ער האָט אָבער הנאה געהאַט מיר אָפּצוטאָן שפּיצלעך. דאָס געשעפט האָט געהאַט איבער טויזנט אַרטיקלען, פון יעדן אַרטיקל זיינען געווען פאַרשיידענע סאָרטן. איך האָב נאַטירלעך ניט געוואוסט די נעמען פון די פאַרשיידענע סאָרטן. איז אַז מיין קוזין פלעגט מיר הייסן דערלאַנגען אַ טוצן און דערביי אָנרופן אַ נאָמען — פלעג איך פרעגן ביי סעמען וואָס דאָס מיינט, און ער פלעגט מיט אַ כיוון זאָגן עפּעס אַנדערש. מיין קוזין פלעגט גאָרניט זאָגן און איז געגאַנגען אַליין נעמען וואָס מען דאַרף. אָבער ווען דאָס האָט געטראָפן אויף אַ סיילסמאַן, פלעגט ער מיך גלייך אָנרופן „גרינע חיה". סעם פלעגט שטיין פון דער ווייטן און זיך קאַטשען פאַר געלעכטער. איך פלעג אָפּגיין מיט בלוט. דאָס פלעגט טרעפן יעדן טאָג. פיל מאָל האָב איך

זיך געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, ער זאָל עס מער ניט טאָן. ער פלעגט זיך שווערן, אַז מער וועט ער עס ניט טאָן און אַזוי שנעל ווי איך האָב אים עפּעס געפרעגט, האָט ער מיך ווייטער פּאַרפירט.

איך האָב אַ פּאָר מאָל געועדט מיטן קוזין, ער זאָל סעמען זאָגן, אַז ער זאָל אַזוי ניט האַנדלען. אָבער דער קוזין האָט וועגן דעם גאָרנישט ניט גע־טאָן, און איך האָב אויף אים געהאַט אַ פאַרדרוס.

איינמאָל נאָך אַזאַ שפּיצל בין איך אַוועק אַ שטאַרק אויפגערעגטער און ווען סעם האָט מיר געגומען שפּרינגען אין פּנים ווען איך האָב געהאַלטן אין טראָגן קעסטלעך מיט קאָלירטן פּאַפּיר, בין איך אין כעס געוואָרן, אַ וואָרף געטאָן די קעסטלעך און גענומען גיין צו אים. איך האָב זיך ניט אָפּ־געשטעלט אַפילו ווען ער האָט מיר געפּאַטשט אין פּנים. איך האָב אים אָנ־געכאַפּט ביים פּאַס פון די הויזן, אויפגעהויבן אין דער הויך און אַריבער־געוואָרפן איבערן טיש ביי די פּאָליצעס. פון דעם קלאַפּ האָבן גענומען פאַלן אויף אים פון די פּאָליצעס טעפּ, פּענדלעך, א. ד. גל. עס איז געוואָרן אַ טומל. מער האָט סעם זיך ניט געטשעפּעט צו מיר און איך האָב אים גאָר־נישט ניט געפרעגט. ער האָט פּרובירט מיך פּאַרטשעפּען אויף אַן אַנדער אופן. מיר פלעגן אין קראָם זיך איבערטאָן אין אַרבעטס־קליידער. פלעגט ער פּאַרוואַרפן מיינע קליידער. איינמאָל האָט ער אַריינגעלייגט שמוץ צו מיר אין קעשענע. האָב איך גענומען זיינע געלע שיך, הוט און גאַרניטער און זיי אַריינגעלייגט אין אַ וואַש־באַסיין און אָנגעגאָסן מיט וואַסער. איך בין אַוועק פון קראָם פּאַר אים. אויף מאָרגן האָט מען מיר דערציילט, אַז ער האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ — איבערגעפּירט אים זיינע געלע שיך. די אַנדערע אַרבעטער האָבן אָבער געזאָגט, אַז איך בין גערעכט. פון דעמאָלט אָן איז ער מיר געוואָרן אַ גוטער פריינט און ער האָט מיר גע־זאָגט, אַז ער וועט מיר העלפן. איך האָב אים ניט געגלויבט, אָבער מער קיין צרות האָט ער מיר ניט אָנגעטאָן.

שמואל-בער לייקין

# אַ נייער נאָמען

מיטאַמאָל האָט זיך געיאַוועט אין קראָם אַ פּנים חדשות מיטן טיטול „דזשענערל מענעדזשער״. איך האָב אים פיינט געקראָגן פון ערשטן מאָמענט וואָס מיינע אויגן האָבן אים דערזען. אַ קורצער, אַ פעטער, אַ הינקעגדיקער, האָט אָט דער פ. געהאַט אַ קיילעכדיקן פּנים מיט אַ זעלבסט־צופרידענעם שמייכל און מיט אַ פּאָר אויגן פון אַ זשוליק.

נייע געשעפטן האָבן גענומען אַריינקומען אין מסחר, נייע מענטשן און עפּעס אַלץ מיט סודות. מיר האָט דאָס ניט געשמעקט. די אַרבעטער האָבן מיר געזאָגט, אַז דאָס איז אַ רויב־פויגל — וואו עמעצער דאַרף באַנקראָטירן, דאָרטן יאַוועט ער זיך. מיך האָט ער גענומען רופן „גרינער״ אָדער „דזשאָן״ (עס איז געווען נאָך אַן אַרבעטער מיטן נאָמען בען). איך האָב ביידע נעמען פיינט געהאַט. נאָכדעם ווי איך האָב אים געזאָגט, אַז ער זאָל מיך רופן ביים ריכטיקן נאָמען, האָט ער זיך געטאָן זיינס. ער האָט געקענט צעזעצט ווערן שרייענדיק „גרינער״ אָדער „דזשאָן״, איך האָב זיך אָבער ניט אָפּגערופן. דערנאָך האָט ער זיך גענומען שאַפן מיט מיר ווי מיט אַ שיק־אינגל און גראָד פאַר זיינע פּערזענלעכע ענינים. פאַרן געשעפט איז קיין זאַך ניט געווען צו שווער פאַר מיר, אָבער גיין קויפן פאַר אים אַ פלעשל וואַסער, סיגאַרעטן — דאָס האָב איך ניט געקענט פאַרטראָגן. ער האָט מיר אויך געמאַכט אַרבעטן איבער־שטונדן און פאַר דעם האָב איך ניט געקראָגן קיין באַצאָלט. אַלץ צוזאַמען איז מיר די שטעלע געוואָרן איבערדריסיק. ,

# אַ רעוואָלט — אויס דזשאָב

איינמאָל שיקט ער מיך קויפן אַ האַלבן טוץ זעמל. איך בין געגאַנגען און האָב זיי אים געבראַכט. גיט ער אַ קוק אין זעקל און גיט אַ געשריי: „גרינער, העי, עס איז אַלט־געבאַקענע, גיי בייט אויס!" עס זיינען דערביי געזעסן עטלעכע מענטשן; נעם איך אַרויס פון קעשענע זעקס סענט, לייג זיי אַוועק אויפן טיש פאַר אים, נעם דאָס זעקל מיט די זעמל, עפן אויף די טיר צו דער גאַס און וואַרף זיי אַרויס אין גאַס. אים איז דאָס הפּנים ניט אָנגעשטאַנען, גיט ער אַ געשריי: „יו אַר פייערד" פרעג איך אים: זייט איר דאָ דער באַלעבאָס? זאָגט ער: יאָ. אויף דעם קומט אָן מיין קוזין. דער־ציילט פ. מיין קוזין מיין חוצפּה און מיין קוזין האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר. פון קוק האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך דאַרף גיין. אין אָוונט זאָג איך צו מיין קוזין: אַלס באָס און אַלס אַרבעטער האָבן מיר אונזערס פאַרענדיקט. אָבער אַלס קוזין, זאָגט מיר, וואָס איך זאָל איצט טאָן. ענטפערט ער מיר: טו וואָס דו ווילסט, אַפילו מיטן קאָפּ אין וואַנט. אויף אַזאַ ענטפער האָב איך זיך ניט געריכט.

מיין פאַרמעגן איז באַשטאַנען פון צוויי דאָלאַר מיט צען סענט. וואָס זאָל איך טאָן? איך האָב גענומען זוכן אַרבעט. צום ערשטן בין איך געגאַנ־גען צו עטלעכע געשעפטן, וואו איך האָב זיך געקענט אָנגעבן אַלס דער־פאַרענער. יעדער איינער האָט מיך געפרעגט: ביסטו ניט י.ס.׳ אַ קוזין? און ווען איך האָב געענטפערט „יאָ", האָט מען מיר געזאָגט, אַז איצט דאַרף מען ניט האָבן קיין נייע מענטשן.

בין איך אַוועק זוכן אַרבעט ביי וואָס עס זאָל זיך ניט מאַכן, אָבער איך האָב גאָרנישט נישט געקענט געפינען. דערווייל זאָגט מיר מיין פריינדינע ב., אַז איך זאָל זיך אַרויסקלייבן פון מיין קוזינע. פון אירע רייד פאַרשטיי איך, אַז מען האָט איר געבעטן זי זאָל עס מיר זאָגן. זי האָט שוין געהאַט פאַר מיר אַ צימער, טאַקע ניט ווייט פון איר, פאַר צוויי דאָלאַר אַ חודש. איך האָב ניט אָנגעקוקט דעם צימער, גלייך אַוועק צו דער קוזינע, איינגע־פּאַקט מיינע זאַכן. מיין קוזינע האָט מיך געבעטן איך זאָל איר אָפט קומען באַזוכן.

שמואל-בער לייקין

# אַ נייע דירה

איך האָב זיך אַריבערגעקליבן אין מיין נייער דירה, אויפן דריטן שטאָק, אין אַ קליין צימערל. דער איינציקער פענצטער האָט אַרויסגעקוקט אויף אַ פינצטערער וואַנט, כמעט מיט דער האַנט אָנצוטאַפּן. אַן אייזערן בעטל איז געשטאַנעןביים פענצטער, אַ קליין טישל און איין שטול. ווען איך האָב באַדאַרפט אַריינגיין אין צימער האָב איך געמוזט אַרויסנעמען די שטול און איר דערנאָך אַריינשטעלן נאָכדעם ווי איך בין שוין געווען אין צימער. דאָס וואַש־צימער איז געווען אויפן צווייטן עטאַזש. איך האָב באַצאָלט דער באַלעבאָסטע די צוויי דאָלאַר און בין געבליבן מיט דריי סענט אין קעשע־נע. יענע נאַכט בין איך געגאַנגען שלאָפן ניט קיין געגעסענער. אויף מאָרגן בין איך אַוועק זוכן אַרבעט, אָבער צוריקגעקומען אין צימער מיט ליידיקע הענט.

מיד און הונגעריק האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אויף מיין בעטל און זיך גענומען טרייסטן, ווי גוט עס איז וואָס איך האָב אַן אייגענעם צימער און אַז עס איז נאָך אַלעמען ניט שלעכט דאָ צו ליגן. שטיל, עס דערטראָגט זיך ניט אַהער קיין טומל פון גאַס. אָבער דער הונגער מאָנט. אַזוי ליגנדיק, דערהער איך, אַז מען רופט מיך פון אונטן: „עמעצער וויל אייך זען". איך גיי אַראָפּ. מיין פריינדין איז געקומען מיך רופן צו אַ קאָנצערט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און האָט הפּנים גלייך דערקענט, אַז איך בין הונ־געריק. זי האָט מיר גאָרנישט ניט געזאָגט, נאָר אַרויסגייענדיק פון הויז, זאָגט זי צו מיר: „איך האָב עפּעס פאַרגעסן, קומט אַרויף אויף אַ ווײַלע צו מיר". אַריינגייענדיק צו איר אין צימער האָט זי גענומען זיך פאָרען אַרום איר גאַז־איוועלע און אין אַ פּאָר מינוט איז געוואָרן אַ פיינקוכן מיט ברויט און פּוטער און אַ גלאָז וואַרעמע מילך. איר האָט מיטאַמאָל אַ חלש געטאָן דאָס האַרץ, וועל איך מיטהאַלטן מיט איר? איך האָב אַ קוק געטאָן אויף איר און זיך שטאַרק צעלאַכט. איך האָב געמוזט איר דערציילן וועגן מיין פינאַנציעלער לאַגע. זי האָט מיר אָנגעבאָטן אַ הלוואה, איך האָב אָבער ניט געקענט פּועלן ביי זיך צו נעמען געלט פון אַ מיידל, אָבער איך האָב ביי איר יאָ געליען איין דאָלאַר.

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז מיין פריינדין מיר געקומען אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז עס איז פאַראַן פאַר מיר אַ שטעלע. זי האָט מיר געגעבן דעם

אַדרעס איך זאָל דאָרטן מאָרגן אינדערפרי גיין זיך שטעלן אַרבעטן. עס איז געווען אַ הורטאָווּנע גלאָזוואַרג־געשעפט. דאָס געהאַלט איז געווען ניין דאָלאַר אַ וואָך. ווער איז צו מיר געווען גלייך? מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער דערוויס איך זיך, אַז עס איז דאָס געשעפט וואָס האַלט אין באַנקראָטירן און אַז פ. טוט דאָס שטיקל אַרבעט, אַז ער האָט דאָס מיך אַהער געשיקט. וואָס סי? מען דאַרף האָבן אַן ערלעכן מענטשן, אַזוי ווי דער באַנקראָט איז געגאַנגען גרויס. וועגענער סחורה פלעגן אַריינקומען, מיר פלעגן אַראָפּשאָבן די נעמען און די צייכנס פון די הילצערנע קאַסטנס, אָנשרייבן אַנדערע און זיי אַרויסשיקן. טייל זאַכן האָט מען איבערגעפּאַקט אין אַנדערע קאַסטנס. עס האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען זילבערנע כלים, אַפילו גאָלדענע זייגערס.

דער באַלעבאָס האָט געהאַט צוויי ברידער, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר אים. ער האָט זיי געצאָלט קלאָגעדיקע שכירות. איצט ווייסן זיי, אַז אויף דער עלטער בלייבן זיי מיט גאָרנישט, בעת ער שטאָפּט זיך אָן מיט גאָלד, גנבעט פון אַנדערע. פאַרוואָס זאָלן מיר ניט גנבענען? און זיי האָבן געשלעפּט אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט, גאַנצע וועגענער. דער באַלעבאָס האָט געוואוסט און געמוזט שווייגן. ער האָט שטילערהייט מיר געהייסן קומען אין אָוונט צוריק. דאָס איז געווען דעמאָלט ווען ער האָט דערוואַרט עס זאָל אָנקומען טייערע סחורה. מיר פלעגט ער געטרויען אַליין עס איבערצופּאַקן. דערפאַר פלעג איך קריגן אַ דאָלאַר. מיר איז דאָס געווען דערווידער. איך האָב געפילט, אַז איך בין אַ מיט־שולדיקער אין די גנבות; אָבער ווען איך האָב זיך דערמאָנט וואָס עס מיינט הונגערן, האָב איך געשוויגן.

שמואל-בער לייקין

# אַן אומגליק־פאַל

ערב ראש השנה, פירנדיק סחורה אויפן פראַכט־עלעוויטאָר, האָט זיך מיין פוס אַריינגעכאַפט צווישן עלעוויטאָר און באַלקאָן און געבליבן שטעקן. איך האָב געמאַכט קולות. אַלע זיינען אָנגעלאָפן און קיינער האָט ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. מיטאַמאָל איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: וואָס שריי איך? און איך בין גלייך געבליבן שטיל, אין מיטן געשריי. די אַרומיקע מענטשן האָבן זיך דערשראָקן און האָבן געמיינט, אַז איך בין שטיל געוואָרן אויף אייביק. איך האָב גענומען זיי זאָגן וואָס צו טאָן: מען זאָל אָפשניידן מיין קאַלאָשע, וועט זיך מיין פוס אויסגלייכן. מען זאָל צעשניידן דעם שוך, וועט דער ווייטיק ווערן קלענער. מען זאָל נעמען אייזערנע לאָמען און פרו־בירן אָפקוועטשן דעם עלעוויטאָר. מיין קילקייט האָט זיי אַלעמען באַרו־איקט. איך האָב אָבער ניט געקענט זען ווי זיי אַרבעטן מיט די לאָמען, ווי מלמדים. בין איך אין כעס געוואָרן און אַ ריס געטאָן דעם פוס און געלאָזן דאָרט דאָס פלייש פון דער פיאַטע ביזן ביין. איך בין אַליין אַראָפ די טרעפ און אונטן בין איך געפאַלן פון צופיל בלוט־פאַרלירן. מען האָט מיך אַוועק־געפירט אין אַ קליניק, וואו מיין קוזין ה. איז געווען דער הויפט־דאָקטאָר. ער איז אַ איד אַ קאַלטער, אַ געלאַסענער. האָט ער מיר געהייסן פאַרקלע־מען די ציין און ער האָט באַגאָסן דעם פוס מיט יאָד, פאַרבאַנדאַזשירט, גע־נומען מיין אַדרעס און צוגעזאָגט מיך קומען זען. איך און ער האָבן ביידע געוואוסט, אַז ער וועט ניט קומען.

דריי טעג בין איך אָפגעלעגן אין מיין צימערל, אָן עמעצנס וויסן וואָס עס איז מיט מיר געשען. איך האָב געהאַט היץ. דער באַלעבאָסטע איז גע־וואָרן אויפפאַלנד וואָס מען זעט מיך ניט, איז זי אַרויף צו מיר אין צימער און האָט מיך געפונען אין אַ האַלב־באַוואוסטלאָזן צושטאַנד. מיט אַ פאָר וואָכן שפעטער בין איך מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן פוס אין אַ קאַלאָש, מיט דער הילף פון אַ בעזים־שטעקן, אַוועק צו דער אַרבעט. דער באַלעבאָס איז אַרויפגעפאַלן אויף מיר: „גרינער, וואָס דו ביסט, פאַרוואָס היטסטו זיך ניט! אַוועק גראָד ווען איך דאַרף דיך. פונדעסטוועגן האָט ער מיר ניט באַצאָלט פאַר דער צייט וואָס איך בין געווען קראַנק און האָב ניט געאַרבעט. פון קאָמפענסאַציע־געזעץ האָב איך ניט געוואוסט. מיט אַ פאָר טעג שפעטער, גייענדיק אַהיים, האָב איך געמאַכט אַ פעקל פון מיין רעקל, וואָס איך האָב

געהאַט איבערגעלאָזן ווען דער אומגליק־צופאַל האָט מיט מיר געטראָפן. אָפּגייענדיק אַ פּאָר קוואַרטאַלן הער איך ווי מען רופט מיך צוריק. איך זע אַז עס איז דער בוכהאַלטער. וואָס איז? זיי האָבן געזען ווי איך טראָג אַ פּעקל, מסתמא האָב איך עפּעס געגנבעט, ווילן זיי דאָס פּעקל אונטערזוכן. איך האָב דערפילט ווי עמעצער וואָלט מיר אַריינגעשטאָכן אַ מעסער אין האַרצן. דער בוכהאַלטער זאָגט צו מיר: אויב דו האָסט עפּעס, וואַרף עס אַוועק. איך בין אַריין אין קאַנטאָר. דער באַלעבאָס האָט גענומען כאַפּן דאָס פּעקל פון מיינע הענט. איך האָב אים ניט געלאָזן. אויפרייסנדיק דאָס פּעקל האָב איך מיטן רעקל אים אַ שמיץ געטאָן אין פּנים: גנב! דו אַזוינער און אַזוינער! ווען איך בין אַרויס האָט מען מיר נאָכגעשריען, אַז איך זאָל מער ניט קומען צו דער אַרבעט.

איצט בין איך געווען אַ קראַנקער. מיין פוס האָט זיך ניט געהיילט שנעל. איך בין צופיל געגאַנגען און געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג ביי דער אַר־בעט; ניט אָפּט איבערגעבונדן. איך האָב אָבער געהאַט אַ פאַרמעגן פון זיבן דאָלאַר און פופציק סענט. מיין לאַגע איז ניט געווען זייער יום־טובדיק, אָבער עס האָט זיך מיר ניט פאַרגעשטעלט, וואָס איך וועל דאַרפן דורכלעבן.

# קראַנקייט, הונגער, אָן אַרבעט

איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל קיין אַרבעט אַזוי גרינג ניט קריגן, האָב איך קיין מיטאָג שוין מער ביי דער באַלעבאָסטע פון הויז ניט געגעסן. כ׳האָב געקויפט אַ גרויסן אַלט־געבאַקענעם ברויט, אַ ביסל פרוכט, און עס געגעסן ביי זיך אין צימער. כ׳האָב גענומען זוכן אַרבעט — וואָס עס זאָל זיך ניט מאַכן. מיט מיין קראַנקן פוס האָב איך ביי שווערער אַרבעט ניט געקענט האָפן קריגן קיין שטעלע. האָב איך באַשלאָסן ליגן אין בעט ביז דער פוס וועט געזונט ווערן. דערנאָך האָב איך איינגעטיילט מיין טאָג אויף אַזאַ אופן: איך פלעג אויפשטיין פיר אַזייגער פאַרטאָג, צו פוס אַוועק אין דער רעדאַקציע פון „פילאַדעלפיא אינקווייערער״, דורכקוקן די אַנאָנסן און פאַרצייכענען די וועלכע איך האָב גערעכנט, אַז איך האָב אַ האָפענונג דורך זיי צו קריגן אַרבעט, און בין צו זיי אַוועק צופוס.

דאָרטן צו זײַן זיבן (ווײַל איך האָב זיך געקליגט צו זײַן דער ערשטער) האָב איך שטענדיק פּרובירט, אָבער איך האָב שוין אַלעמאָל גע־פֿונען אײנעם אָדער מערער מענטשן וואַרטנדיק.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד, סוף 1914, איז געווען זײער אַ שלעכ־טע. צו זיך אין צימער בין איך צוריקגעקומען אַרום דרײַ אָדער פֿיר נאָכ־מיטאָג, שרעקלעך מיד און הונגעריק. דעם גאַנצן טאָג האָב איך געגעסן בלויז אַ טרוקן שטיקל ברויט, וואָס איך האָב אין דער פֿרי מיטגענומען אין קעשענע. מײַן אָוונט־מאָלצײַט איז באַשטאַנען פֿון אַן עפּל מיט אַ שטיקל ברויט. די גרויס פֿון שטיקל ברויט האָב איך פֿריער אָנגעצייכנט. איך האָב בײַם קויפֿן אויסגעמאָסטן און צעטײלט אויף חלקים און קײנמאָל זיך ניט דערלויבט נעמען מער פֿון אײן חלק.

אין אַלגעמײן האָב איך גענומען מאַכן אַ שטודיום פֿון זיך. איך האָב גענומען באַאָבאַכטן מײַן באַנעמונג צו אַנדערע מענטשן, כ׳האָב פּרובירט קאָנטראָלירן מײַן כּעס, מײַנע געפֿילן, מײַן שפּראַך. גראָד יענעם ווינטער, ווען איך האָב געליטן פֿון הונגער, קעלט און נויט, האָב איך זיך אַלײן אויס־געבעסערט. נאַטירלעך, איז זעלבסט־קאָנטראָל געווען דאָס ערשטע אויפֿן צעטל. דערמאָנענדיק זיך אָן יענער צײַט, זע איך, אַז דאָס איז בײַ מיר גע־ווען דעמאָלט אַ פֿאַרפֿאַנצערונג פֿון זיך אַלײן, כּדי צו קענען אַריבערטראָגן אַלע שוועריקייטן. דאָס האָט מיך אָבער געקענט רואינירן. איך האָב דאָס פֿאַרפֿירט ביז זעלבסט־פֿאַרלײקענונג. איך האָב אַנטוויקלט אין זיך אַ שפּלות־קאָמפּלעקס. איך בין ערגער פֿון אַלעמען — מיאוסער, נאַרישער. מיר האָט זיך ניט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז אַ מײדל זאָל װעלן מיט מיר גײן שפּאַצירן, פֿונדעסטוועגן האָט זיך מיר שטאַרק געבענקט נאָך פֿרויען־געזעלשאַפֿט. מיט מײַן פֿרײַנדין ב. האָב איך זיך זעלטן געזען. איך האָב ניט געוואָלט קײן רחמנות, האָב איך זי אויסגעמיטן. צו מײַן קוזינע א. ע. בין איך גאַנץ אָפֿט געקומען, אָבער אַלעמאָל ניט אין דער צײַט פֿון עסן. איך האָב מורא גע־האָט אַז איך וועל ניט אויסהאַלטן און זיך זעצן צום טיש עסן, ווען זי וועט מיך אײַנלאַדן. וועגן זיך האָב איך אויסגעמיטן רײדן.

# שווערע טעג

דערווייל זיינען די וועטערן געוואָרן קילער — אָקטאָבער, נאָוועמבער. קיין אַרבעט האָב איך ניט געקענט קריגן. קיין ווינטער־קליידער האָב איך ניט געהאַט. מיינע קליידער פון דער היים האָב איך אַרויסגעוואָרפן. זיי זיינען געווען אַלט־מאָדיש און געשמעקט מיט ווילגאַטש פון שיף (איך האָב ניט געוואוסט, אַז מען קען זיי רייניקן דורך „דריי־קלינינג"). האָב איך געטראָגן מיינע זומער־קליידער און גוט געפרוירן. קיין פּאַלטאָ האָב איך אין גאַנצן ניט געהאַט. איך האָב פּאָר דער צייט געקראָגן איינצלנע טעג אַרבעט, טראָגן ציגל אויף אַ לייטער צום דריטן שטאָק. איך בין אָבער ניט געווען דערפאַרן. דער באַלעבאָס האָט מורא געהאַט, אַז איך וועל פון לייטער אַראָפּפאַלן צוזאַמען מיט די ציגל.

איין טאָג האָב איך געקראָגן אַרבעט אין אַ פיש־מאַרק, אויסלאָדן פּעס־לעך וועלכע זיינען געווען פאַרקלאַפּט אויבן מיט שטיקלעך זעק. אָבער ווען מען האָט די פּעסלעך גענומען עפענען און גרויסע טשערעפּאַכעס האָבן גענומען אַרויסקריכן, און איך האָב געזען וואָס די שוואַרצע אַרבעטער טוען מיט זיי, איז אַ קעלט אַדורך מיין רוקנביין. וויפל איך האָב זיך ניט גע־צוואונגען צו אַרבעטן, האָב איך ניט געקענט.

צוויי מאָל האָב איך זיך געווענדט צו מיין פעטער י. מ. און צו מיין קוזינע א. ע. נאָך הילף. ניט ווייט פון מיין צימער האָט אַ בחור געהאַט אַ קענדי און סאָדאַ־וואַסער קרעמל. בייטאָג איז דאָס קרעמל געווען צוגעמאַכט און דער בחור איז געגאַנגען אין סקול. אין אָוונט האָט ער געאַרבעט אין קרעמל. דאָרט איז אויך געווען אַ בעט פאַר אים, און איצט האָט ער פאַר־ענדיקט זיין שטודירן אויף דענטיסט און ער האָט דאָס קרעמל געוואָלט פאַרקויפן. איך בין מיט אים דורכגעקומען אויפן פּרייז פון צוויי הונדערט פופציק דאָלאַר, איינצאָלן הונדערט און פופציק דאָלאַר און אים אויסצאָלן די איבעריקע הונדערט. מיין פּלאַן איז געווען איך זאָל טאָן דאָס וואָס ער האָט געטאָן. איך וועל אָנהויבן שטודירן אויף אַן אַדוואָקאַט (ווייל דאָס איז געווען די איינציקע פּראָפעסיע וואָס האָט צו מיר אַפּעלירט). וואו אָבער נעמט מען די הונדערט פופציק דאָלאַר? מיין פריינדין ב. האָט מיר אָנגע־באָטן, אַז זי וועט זיי מיר לייען. איך האָב אָבער ניט געוואָלט נעמען ביי איר אַזאַ גרויסע סומע געלט. בין איך אַוועק פריער צום פעטער. איך האָב

געוואוסט, אַז ער אַליין איז ניט אָרעם און אַז איין זון איז זייער רייך. איך האָב גערעכנט, אַז ער וועט מיר געבן דאָס געלט. נאָך אַלעמען נעם איך דאָך ניט דאָס געלט אויף צום פאַרלעבן, נאָר צו שאַפן פאַר זיך אַ קאַריערע. ער האָט מיך אויסגעהערט און ניט אָפּגעזאָגט. אָבער ער האָט אויך ניט געזאָגט, אַז ער וועט עס מיר געבן. מיר האָבן ביידע געשוויגן אַ ווײַלע, און ווען די שטילקייט איז געוואָרן אומדערטרעגלעך בין איך אַרויס פון הויז אָן אַ זײַ־געזונט. די קוזינע האָט געזאָגט, אַז דער פּלאַן איז זייער אַ גוטער, נאָר וואו קען איך נעמען געלט? אַזוי ווי זי האָט ניט אָנגעבאָטן מיר לייען דאָס געלט, האָב איך איר שוין ניט געבעטן.

איך בין געקומען בעטן הילף אַ צווייטן מאָל. איך האָב געפונען אַ שטעלע אַלס „קאַטער" (צושניידער). דעמאָלט איז דער „קאַטער" געווען דער אַריסטאָקראַט אין דעם שניידער־פאַך, און די אַרבעט האָט זיך טאַקע גוט באַצאָלט. די צרה איז געווען, וואָס איך האָב געדאַרפט אַרבעטן צוויי חדשים אָן געהאַלט. האָט זיך עס געהאַנדלט אין אַ פּאָר צענדליק דאָלאַר. אויך דאָס האָב איך ניט געקענט קריגן פון מיינע קרובים.

איך האָב געקראָגן אַ שטעלע אַלס „פּייפּערהענגער", כדי זיך אויסצו־לערנען די מלאכה. אויך אַ חודש אָן געהאַלט. נאָך צוויי טעג שלעפּן לייטערס און עמערס אויף אַ ליידיקן מאָגן בין איך מער ניט געקומען צו דער אַרבעט. דער באַלעבאָס האָט זיך אָפּגעזאָגט מיר צו געבן פינף סענט אויף „קאַר־פעיר" כדי אַהיימצופאָרן פון דער אַרבעט, און איך האָב גע־דאַרפט אַהיימגיין צו פוס פון דער דריי־און־זעכציקסטער גאַס ביז מיין צי־מער אויף דער ניינטער גאַס.

דערווייל האָט זיך מיין געלט אויסגענומען אין גאַנצן. דירה־געלט האָב איך געהאַט באַצאָלט ביזן ערשטן דעצעמבער. אין מיין צימער איז געווען שטאַרק קאַלט, קיין קאָלדרע האָב איך ניט געהאַט. איך האָב נאָר געהאַט אַ קישן און אַ פּאָר ליילעכער, וועלכע די מאַמע האָט מיר מיטגעגעבן. פון קעלט פלעג איך ניט קענען איינשלאָפן.

### זכרונות פון אַ פּראַקטישן בעל חלומות

# איך ווער אַ וועגעטאַריער

פון דאָקטאָר ליבערס לעקציעס האָב איך אָנגעהויבן גלויבן, אַז צו זיין אַ וועגעטאַריער איז ניט נאָר שיין און איידל, נאָר אויך געזונט. איך האָב זיך גענומען באַרימען, אַז איך עס ניט קיין פלייש און אַז עס איז גוט ניט נאָר פאַר מיין קערפּער נאָר אויך פאַר מיין גייסט, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז אויב איך וועל ערגעץ קריגן אַ שטיקל פלייש אָדער כאָטש אַ שטיקל הערינג, וועל איך עס עסן און שטאַרק הנאה האָבן דערפון.

איינמאָל האָב איך געהערט דאָקטאָר ליבערן ריידן וועגן אַ קאַלטן שפּריץ און וואָס עס טוט אויף פאַרן קערפּער און פאַרן גייסט. אין וואַש־צימער אויפן צווייטן שטאָק איז געווען אַ וואַנע. דאָס וואַסער פלעגט אַלעמאָל לויפן אין איר, כדי עס זאָל ניט פאַרפרוירן ווערן. האָב איך באַשלאָסן אויסצופּרובירן דאָקטאָר ליבערס עצה. איך האָב אָנגעגאָסן די וואַנע מיט קאַלטן וואַסער, שנעל זיך אָפּגעטונקען, זיך איינגעוויקלט אין אַ ליילעך (איך האָב נאָר געהאַט איין האַנטעך פאַרן פנים) און זיך אַוועקגעלייגט אין בעט. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז מיר געוואָרן הייס און איך בין איינגעשלאָפן און בין אָפּגעשלאָפן ביז האַלב נאָך צוויי פאַרטאָג. דערנאָך האָט מיך די קעלט דורכגענומען און איך האָב מער ניט געקענט שלאָפן. איך האָב זיך געמוזט אָנטאָן און גיין איבער די גאַסן כדי ניט דערפרוירן צו ווערן. דעם מיטל האָב איך שוין כסדר באַנוצט. דערווייל האָט דער הונגער מיך געמאַטערט. איך בין ביי זיך געוואָרן זייער אַראָפּגעפאַלן. איך האָב צו זיך דעם צוטרוי פאַרלוירן, אָנגעהויבן באַטראַכטן זיך ווי אַ גאָרנישט, אַ טויגעניכץ. עס האָט ניט געהאָלפן מיין אַרגומענטירן מיט זיך, אַז דאָס איז נאָר אַ צייטווייליקע לאַגע, אַז עס וועט זיך בייטן, אַז איך בין ניט ערגער פון אַנדערע מענטשן, אויף געוויס ניט ערגער ווי איך בין געווען אין שטעטל, און דאָרטן בין איך דאָך געווען אַ גאַנצער קנאַקער. איך האָב אָנגעהויבן אויסמיידן מענטשן, ווייניק ריידן. ווען איך בין געגאַנגען אין גאַס פלעג איך אַראָפּגיין פון טראָטואַר כדי דורכצולאָזן פאַרבייגייער. איך האָב גענומען פילן, אַז איך האָב קיין רעכט ניט צו גיין אויפן טראָטואַר און שטערן מענטשן.

שמואל-בער לייקין

# זעלבסטמאָרד־געדאַנקען

דער ערשטער דעצעמבער איז אָנגעקומען. ניטאָ מיט וואָס צו באַצאָלן די צוויי דאָלאַר דירה־געלט. וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך צו פאַרנעמען אַ צימער, אויב איך קען ניט באַצאָלן? דער באַלעבאָס, אַן אָרעמער אַרבעטער, קען דעם צימער פאַרדינגען און קריגן פאַר אים געלט. האָב איך פאַרפאַקט מיין קאָרזינקע, עס אָוועקגעשטעלט ביי אַ באַקאַנטער פאַמיליע, וועמען איך האָב געזאָגט אַז איך פאָר ערגעץ אַוועק, און גענומען גיין איבער די גאַסן זוכן אַרבעט. אין אָוונט האָב איך ערשט דערפילט וואָס עס מיינט ניט צו האָבן קיין היים. דער אָוונט איז געווען אַ טרוקענער, אָבער אַ גאַנץ קאַל־טער. לאַנג בין איך אַרומגעגאַנגען זוכן אַ פּלאַץ וואוהין זיך צו פאַרשטעקן. הונגעריק בין איך געווען, אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געהאַט אין מויל. אַ רחמנות האָט מיך אַרומגעכאַפּט אויף זיך אַליין. עס איז מיר דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק: אפשר מאַכן אַ סוף צו אַלץ? דער דעלאַווער ריווער איז ניט ווייט.

איך האָב גענומען גיין צום טייך. מיין גאַנצע יוגנט האָט זיך פאַרגעס־שטעלט פאַר מיר. קיין גליקן האָב איך ניט געהאַט. ניט קיין קינדהייט, ניט קיין יוגנט. מיטאַמאָל האָב איך דערזען מיין טאַטנס אויגן, ווי ער לויפט נאָך דעם וואַגאָן און קוקט אויף מיר; מיין מוטער ווי זי ברעכט די הענט ווען דער קברן האָט אַרויסגעטראָגן די קליינע עופעלעך, ווען זיי זיינען גע־שטאָרבן; איך זע מיין מאַמען, אַ קראַנקע, ווי זי זעגנט זיך מיט מיר. אין לעצטן בריוו שרייבט זי: שלום איז אויף מלחמה, גאָט ווייס... אונזער האָפענונג איז אויף דיר. דו ביסט אין דעם גאָלדענעם לאַנד.

גייענדיק אַזוי האָב איך דערזען אַ לײדיקן וואָגן אויף אַ לײדיקן פּלאַץ. בין איך אַריינגעקראָכן אין וואָגן. איך האָב זיך איינגענורעט אין שטרוי, זיך גוט אויסגעווירעמט, און אַזוי בין איך איינגעשלאָפן. פאַרטאָג בין איך אויפגעשטאַנען אַ באַרואיקטער, מיטן פעסטן באַשלוס צו קעמפן, ווייל נאָך אַלעמען איז מיר גאָרניט אַזוי שלעכט. וואָס פעלט מיר? דריי דאָלאַר אַ וואָך. אַזוי שנעל ווי איך קריג אַ שטעלע בין איך דאָך שוין רייך.

דער טאָג איז אַוועק מיט זוכן אַרבעט. אין אָוונט האָב איך דעם וואָגן ניט געפונען, בין איך אַוועק אין פעירמאָנט פּאַרק און דאָרט איבערגעשלאָפן אויף אַ באַנק. קיין געלט צו קויפן אַ ציַיטונג האָב איך ניט געהאַט, פלעג

איך דאַרפן בעטן ביי עמעצן ער זאָל מיר לאָזן אַריינקוקן אין זיין צייטונג. דאָס האָט מיך שוין געמאַכט קומען שפּעט און וואו איך בין געקומען זיינען שוין פיל מענטשן דאָרטן געווען און געוואַרט.

# אָן אַ ציל

אויפן פערטן טאָג האָט מיך דער הונגער צוגעדריקט. איך האָב ניט געקענט שלעפן די פיס. איך בין אַריין אין בראָד סטריט סטיישאָן זיך אָנ־וואַרעמען. אַרויסגייענדיק איז מיר ניט גוט געוואָרן. איך האָב זיך געשלעפּט איבער די גאַסן אָן אַ ציל. אַלע פּאָר מינוט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנט זיך אָפּצורוען. איך האָב זיך דערשלעפּט צו דער זיבעטער און רענדאָלף, דאָרט איז געווען אַ מאַרק־פּלאַץ. מיין אויג איז געפאַלן אויף די אָפּפאַל־קעסטלעך. איך בין צוגעגאַנגען און זיך גענומען ראַיען. איך האָב געפונען האַלב־פאַרפוילטע עפּל, באַנאַנעס און זיי אויפגעגעסן. איך האָב פון אונטן אַרויף זיך אַרומגעקוקט צי מען קוקט אויף מיר. מענטשן זיינען געגאַנגען, געהאַנדלט און קיינער האָט ניט געשאָנקען מיר קיין אויפמערקזאַמקייט. איך בין געוואָרן דרייסטער און אַוועק צו אַ צווייטן קאַסטן.

דער פּלאַץ איז געוואָרן אַן אוצר פאַר מיר. אַהין פלעג איך גיין ווען איך בין הונגעריק געוואָרן. נאָך אַ זאַך האָב איך אויסגעפונען: אייניקע פאַרמערס קויפן־אויף דאָס אַלט־געבאַקענע ברויט צו שפּייזן די היבער. איך האָב ביי זיך ניט געקענט פועלן בעטן ביים פאַרמער אַ ברויטל פון וואָגן — גנבענען, אַוודאי און אַוודאי ניט. האָב איך געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס: נעמען אַ ברויטל ניט אָנגעפּרעגטערהייט, נאָר ווען דער פאַרמער זעט, און עס גלייך נעמען עסן. אייניקע מאָל האָט דער פאַרמער גענומען שרייען, אָבער ווען ער האָט דערזען, אַז איך עס דאָס פאַרדאַרטע ברויט, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן.

אָט אַזוי האָב איך געלעבט אין דעצעמבער 1914. געשלאָפן מערסטנס אין פעירמאָנט פּאַרק. אַמאָל אין אַ רעגנדיקער נאַכט, אָדער ווען עס האָט געשנייט, פלעג איך זיך פאַרקלייבן אין אַ ליידיקן פראַכט־וואַגאָן. די קעלטן זיינען געוואָרן גרעסערע, און עס איז מיר געוואָרן שווערער קריגן עסן.

איך בין אַלעמאָל געווען אין אַ האַלב־הונגעריקן צושטאַנד. קיין אַרבעט האָט זיך נאָך אַלץ ניט געמאַכט.

פּאָר צוויי זאַכן האָב איך שטאַרק מורא געהאַט: ניט אַרעסטירט צו ווערן ווייל איך בין היימלאָז און ניט אָנצוהויבן אויסזען ווי אַ טרעמפּ. דאָס ערשטע איז מיר געלונגען. פּאָליציי האָט מיך פיל מאָל געטריבן פון פּאַרק־בענקל, אָבער ניט אַרעסטירט. אָבער מיין אויסזען איז געוואָרן ערגער. די קליידער, וויפל איך האָב זיי ניט גערייניקט, זיינען געוואָרן אויסגעטראָגן און צעקנייטשט. די שיך האָבן געצונען, די פּאָדעשוועס זיינען געווען דורכ־געטראָגן. איך האָב געמוזט אַריינלייגן שטיקלעך קאַרטאָן איך זאָל ניט טרעטן אויפן הוילן פוס. און כאָטש איך פלעג זיך גאָלן אַ צוויי, דריי מאָל אַ וואָך, האָב איך אויסגעזען פאַרוואָקסן. מיינע האָר — לאַנגע און זייער געדיכטע — האָבן עפּעס געקראָגן אין זיך אַ ווילדקייט.

## אין קעמדען

ביים סוף דעצעמבער טרעף איך אָן אַ מאַן וועמען איך האָב געקענט פון פריער. דערצייל איך אים, אַז איך זוך אַרבעט. זאָגט ער: איך וועל דיר קריגן אַ דזשאָב. באַגעגן מיך מאָרגן, פינף פאַרטאָג, ביי דער קעמדען פּערי. איך בין שוין יענע נאַכט ווייניק געשלאָפן. גאַנץ פרי האָב איך זיך אָפּגעגאָלט און זיך אויסגעפּוצט. פינף־דרייסיק אינדערפרי זיינען מיר אָנ־געקומען צו דער וויקטאָר טאָקינג מאַשין קאָמפּאַני. דער באַקאַנטער מיינער האָט מיר אָנגעוויזן ביי וועלכער טיר איך זאָל וואַרטן און איז אַליין אַוועק צו דער אַרבעט. איך האָב שוין דאָרטן געפונען אַרום אַכט מענטשן וואַרטנ־דיק. איך האָב זיך געשטעלט אין דער ליניע. מענטשן האָבן גענומען שטראָ־מען פון אַלע זייטן און פאַרמירט ליניעס. פּאָליציי איז אָנגעקומען און גע־האַלטן די גאַס אָפן פאַרן טרעפיק. צען אַזייגער זיינען אַרויס צוויי יונגע מענטשן, נאָר אָנשטאָט אָנצוהויבן פון די ערשטע ביי דער טיר, זיינען זיי אַוועק צום סוף פון דער ליניע און דאָרטן אָנגעהויבן קלייבן. מען האָט גע־זאָגט, אַז זיי האָבן געדונגען אַרום דרייסיק מענטשן. איך האָב ניט געזען.

מיט אַמאָל האָט די פּאָליציי גענומען טרייבן דעם עולם, ער זאָל זיך צעגיין. עס איז געוואָרן אַ שטופּעניש און אַ שטויסעניש. עמעצער האָט זיך

גענומען שלאָגן. די פּאָליציי האָט אַרויסגערופן רעזערוון און אַ פּאָר פּאַט־ראָל־וועגענער. די פּאָליציי האָט גענומען זיך גאַנץ פריי באַנוצן מיט שטעקנס. איך האָב אויך געקראָגן אַ קלאַפּ איבערן אַקסל. וואוהין לויפן איז ניט גע־ווען, לויט די צייטונגען נאָך, זיינען דאָרטן געווען פינף הונדערט מענטשן. מיר איז געלונגען אַריבערצוקריכן איבער אַ פּלויט און אַריבער אויף אַ צווייטער גאַס.

איצט איז געוואָרן אַ פראַגע: וואָס טוט מען? וואו נעמט מען דריי סענט אויף אַריבערצופאָרן מיט דער פּערי? איך בין געשטאַנען ביי דער פּערי אַ לאַנגע צייט. פיל מאָל האָב איך באַשלאָסן ביי עמעצן בעטן די דריי סענט, אָבער מיין צונג האָט מיר ניט געדינט. ניט געקענט פּועלן ביי זיך אויסצושטרעקן די האַנט בעטלען. האָב איך גענומען טראַכטן, וואָס עס איז דער אונטערשייד — קעמדן איז אויך אַ שטאָט. פאַרוואָס ניט זוכן אַר־בעט דאָ? האָב איך גענומען גייען איבער די קראָמען, בוטשער־שאָפּס — אפשר דאַרף מען אַ העלפער, אָבער אָן דערפאָלג. איך האָב געהאַט אַ רע־כענונג מיטן זוכן אַרבעט צווישן די קראָמען. איך האָב געוואוסט אַז אין קעמדן געפינט זיך מיין מוטערס אַ קוזינע. איך האָב זי קיינמאָל ניט גע־זען, אָבער איר מאַן האָב איך געזען אין אונזער שטעטל. ער איז געווען אַ פידל־לערער. איך בין געווען איבערצייגט, אַז אויב איך וועל זי, אָדער אירע קינדער זען, וועל איך זיי דערקענען. זייער נאָמען האָב איך געוואוסט.

אַזוי איז דורך דער טאָג. הונגעריק בין איך געווען, אָבער נאָך מער מיד. און עס האָט געעגבערט די פראַגע: וואו נעכטיקט מען? אין פילאַ־דעלפיע האָב איך שוין געהאַט מיינע פּלעצער. איך האָב זיך געקענט אָנ־וואַרעמען אין קאַנטאָרל פון אַ געוויסן פערד־שטאַל. דער נאַכט־וועכטער האָט מיך שוין געקענט. אָבער דאָ אין קעמדן — וואו טוט מען זיך אַ קער?

איך האָב געוואוסט אַז הינטערן שטעטל, ביים אָנהויב וועלדל, איז פאַ־ראַן אַ שטיקל פּאַרק. בין איך אַוועק אַהין, זיך געלייגט אויף אַ באַנק. לאַנג האָב איך ניט געקענט איינשלאָפן. דער הונגער און די קעלט האָבן מיך צונויפגעדרייט אין אַ קנויל. איך בין איינגעשלאָפן גאַנץ שפּעט און געהאַט אַ שיינעם חלום. איך בין ערגעץ געפלויגן און עס איז מיר געווען וואַרעם. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט האָב איך מער דערפילט ווי דערזען, אַז מען שלעפּט מיך אונטער די הענט. איך האָב פּרובירט זיך שטעלן אויף די פיס אָן ניט געקענט. האָב איך געלאָזן טאָן מיט זיך וואָס מען האָט געוואָלט.

מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ סאַלון, אַוועקגעזעצט אין אַן אָרעם־שטול אַרום הייסן אויוון און מיט גוואַלד אַריינגעגאָסן אַ גלעזל שנאַפּס מיר אין מויל אַריין (איך בין דעמאָלט געווען אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פון אַלקאָהאָל). דעמאָלט האָב איך זיך דערוואוסט וואָס מיט מיר איז געשען.

ביינאַכט ווען איך בין איינגעשלאָפן, בין איך אַראָפּגעפאַלן פון באַנק. אַ רעגן האָט גענומען גיסן און גלייך האָט אָנגעהויבן פרירן. בין איך געלעגן ווי אַ שטיק אייז. אין דער פרי האָבן מיך צוויי מענער, אויך היימלאָזע, געפונען און געבראַכט אין סאַלון.

דער סאַלון־קיפּער, אַ דייטש, האָט מיך גענומען אויספרעגן. איך האָב ניט גערן גערעדט, אָבער ווען ער האָט מיר צוגעטראָגן אַ שיסל געקעכץ (אין סאַלון האָט מען געגעבן עסן פריי ווען מען האָט געקויפט ביר), האָב איך זיך צוגעכאַפּט צום עסן, אַז איך האָב זיך אַזש גענומען ווערגן. קיינער האָט מיר ניט געשטערט. איך האָב אַ סך געגעסן און גלייך איינגעשלאָפן ביים אויוון. אַרום איינס בייטאָג האָב איך גענומען אַוועקגיין. די קליידער זיינען געווען טרוקן. דער סאַלון־קיפּער האָט מיך פּרובירט פאַרהאַלטן. איך האָב אים אָבער באַדאַנקט און בין אַוועק, מיטן געדאַנק אַז איך וועל גיין אין דער אידישער געגנט, אין די שפּייז־קראָמען און זיך נאָכפרעגן וועגן מיין קוזינע. נאָך אַ פּאָר שטונדן איז מיר געלונגען קריגן אַן אַדרעס.

איך בין צוגעקומען צו אַ קליין, הילצערן הייזקעלע. אַ שילדל האָט אָנגעזאָגט „פּ. קלינינג ענד ריפּעירינג". גלויבט זיך מיר ניט — אַ פידל־שפּילער זאָל ווערן אַ שניידער־לאַטוטניק. איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער צווייטער זייט גאַס, היטן, טאָמער וועל איך עמעצן דערקענען. שפּעטער איז אַרויסגעקומען אַ מיידל, אַ שוואַרצינקע ווי פעפער. איך האָב דערקענט (אָדער געדענקט) אונזער משפחה.

אָנגעקלאַפּט און אַריין. אויף מיין פראַגע צי זיי זיינען די און די, ענטפערט מען מיר „יאָ". און איר זייט בעני! וואו זענט איר געווען? מיר זוכן אייך דאָך אַרום. דערווייל קומט אַריין איר מאַן. איך האָב אים ניט דערקענט. איצט האָט ער אויסגעזען ווי אַ לאַטוטניק. מיין הילוך האָט אים געמוזט עפּעס אָנזאָגן, ווייל ער האָט גלייך אַ זאָג געטאָן: „מירן ריידן שפּעטער, איצט גייען מיר עסן". און צום ווייב: „מיר האָבן אַזאַ גאַסט, מאַך עפּעס גוטס צום עסן". מיך האָט ער אַריינגענומען אין זיין אַרבעטס־צימער, געהייסן אויסטאָן די קליידער און אַזוי קונציק שנעל פאַרריכט און

אויסגעפּרעסט זיי, אַז ווען איך בין אַריין אין קיך עסן, האָב איך ניט נאָר אויסגעזען אַנדערש, נאָר אויך געפילט ווי אַן אַנדער מענטש.

ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי האָבן געהערט פון מיר און מיך געזוכט, זיך צו באַקענען מיט מיר. אויך האָבן זיי געוואוסט, אַז איך האָב קיין אַרבעט ניט געהאַט. גראָד האָבן זיי דערהאַלטן אַ בריוו פון אירן אַ ברודער אין ניו־ענגלאַנד, אַז אים גייט דאָרט זייער גוט און ער בעט זיי, זיי זאָלן אַרי־בערפאָרן צו אים. ער האָט אַ גוטע שטעלע מיט אַ פּריוואַטן אָפּיס. איז זיי איינגעפאַלן — פאַרוואָס זאָל איך ניט פאָרן אַהין? מיר איז דער פּלאַן זייער געפעלן געוואָרן, איבערהויפּט ווען איך קען נאָך איר ברודער פון דער היים. (דאָס ביסל צייט וואָס איך בין געווען אין דער ישיבה אין באַברויסק, האָב איך געקויפט ביי אים וואַסער אויף טיי. ער האָט געהאַט אַ „טשאַיניאַ" און איך האָב ביי אים געהאַט קרעדיט.)

איך האָב אים גלייך אָנגעשריבן אַ בריוו און בין געבליבן ביי זיי אין הויז וואַרטן אויף אַן ענטפער. מאָדנע, מיטאַמאָל האָב איך דערפילט, אַז איך קען ניט גיין שלאָפן אויף דער גאַס. אין עטלעכע טעג איז אָנגעקומען אַ בריוו פון איר ברודער, ר., איך זאָל גלייך קומען. ער האָט אַפילו גע־ענטפערט אויף מיין אָנפראַגע, אַז עס זיינען פאַראַן נאַכט־שולעס, וואו איך וועל קענען זיך לערנען ביינאַכט. די פראַגע איז איצט געווען, וואו צו בע־מען אויף הוצאות.

מיין קוזינע, ר., האָט מיר געליען צוויי דאָלאַר. בין איך אַוועק אין פילאַדעלפיע, צומערשט צו מיין פריינדינע. איך האָב זי געפונען קראַנק אין בעט. זי איז געווען שטאַרק אין כעס, וואָס איך האָב פון זיך ניט גע־לאָזט הערן אַזאַ לאַנגע צייט. (זי האָט מיך ניט געזען זינט איך האָב אויפ־געגעבן מיין צימער.) איך האָב איר ניט דערציילט וואָס איך האָב איבער־געלעבט און זי האָט זיך געפילט געטראָפן וואָס איך בין ניט אָפנהאַרציק מיט איר. פון דאָרטן בין איך אַוועק צו מיין פעטער, י. מ., און אים גע־וויזן דעם בריוו. האָט ער זיך דערפרייט (אַ ביסל צופיל דערפרייט) און גלייך מיר געגעבן די פופצן דאָלאַר אויף הוצאות, נאָך איידער איך האָב אַפילו ביי אים געבעטן. איך האָב אים געוואָלט באַדאַנקען, נאָר טרערן האָבן מיך גענומען שטיקן, בין איך אַרויס פון הויז אָן אַ וואָרט.

צו מיין פריינדין בין איך מער ניט געגאַנגען. עפּעס איז געוואָרן אַ מאָדנע שטימונג צווישן אונז. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך וועל איר בעסער

שרייבן. יאָרן־לאַנג האָב איך זיך דורכגעשריבן מיט איר. זי האָט חתונה געהאַט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך זי אויפגעזוכט אין שיקאַגאָ, און דערנאָך גלייך פאַרלוירן. אַ סך מאָל טראַכט איך וועגן איר. זאָל דער שיקזאַל זיין גוט צו איר, ווי זי איז געווען גוט צו מיר.

# אין אַ נייעם אָרט

קיין ג., מאַסאַטשוסעטס, בין איך אָנגעקומען דעם 14טן יאַנואַר, 1915. פון באַן געדאַרפט פאָרן עטלעכע מייל מיט אַ שליטן. די פעלדער און דער וואַלד האָבן מיך דערמאָנט אין מיין שטעטל. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס. דער פראָסט האָט געברענט. איך האָב שוין געהאַט אַ פאַל־טאָ, וועלכן איך האָב געקויפט פאַר צוויי און אַ האַלב דאָלאַר.

ר. האָט געוואוינט אין פיר צימערן איבער אַ קראָם. איין צימער איז געווען אַזוי קליין, אַז ווען מען האָט אַריינגעשטעלט די מעבל האָט מען אַהין ניט געקענט אַריינגיין. האָט מען דעריבער דעם צימער ניט גענוצט. עס איז געווען אַ קיך און פון קיך האָט געפירט אין צוויי שלאָף־צימערן, איינס פאַרן מאַן און ווייב, דאָס צווייטע, אַ פינצטערס, פאַר אַ „באָרדער", וואָס איז דאָרטן געשלאָפן.

מען האָט מיך זייער פריינטלעך אויפגענומען. די אָרעמקייט האָט גע־פּייפט פון אַלע ווינקעלעך. איך האָב נאָך אַזאַ אָרעמקייט ניט געזען פריער. ער, אַ הויכער מאַן, איבער זעקס פוס, דאַר ווי אַ שטעקן. זי — אַ פאַר־חושכטע, אַ נערוועזע, בייזע פרוי, מיט אַ גוטן מענה לשון. דריי קינדער: אַ מיידל פון זיבן יאָר, אַ אינגל אַ יאָר פיר און אַ מיידעלע אַן עופעלע פון פינף וואָכן. דער באָרדער, אַ לאַנדסמאַן, אַ בחור אין מיין עלטער, אַ שוואַר־צער ווי פעך, געהאַט שיינע שוואַרצע אויגן, איז געווען גאַנץ אינטעליגענט און זייער סימפּאַטיש.

נאָכן מאָגערן מאַלצייט פרעג איך וועגן אויסזיכטן אויף אַרבעט. זאָגט ר. „ניט געזאָרגט, מען וועט קריגן אַרבעט". די פראַגע איז געווען: וואו זאָל איך זיך לייגן שלאָפן. ר. האָט געקראָגן ערגעץ אַ צונויפגעלייגט בעטל און האָט געוואָלט איך זאָל שלאָפן אין קיך. מיר האָט עס ניט געשמעקט. גלייך אין מיטן קיך — דער הויפּט־צימער. ניין! איך האָב גענומען זוכן

אַ ווינקל. פון פינצטערן צימער האָט זיך געעפנט אַ טיר צו אַן אַרומגע־צאַמטן „פּאָרטש“, אָדער, ווי זיי האָבן עס גערופן אין ניו־ענגלאַנד, „פּיאַזאַ“. זיי האָבן דאָרט געהאַלטן אַ פּאָר הינער. האָב איך באַשלאָסן, אַז דאָ וועט זיין מיין צימער.

זיי האָבן אַלע מיך גענומען אָפּריידן, אַז איך וועל פאַרפרוירן ווערן. איך האָב אָבער געטראַכט, אַז עס איז פיל בעסער אײדער שלאָפן אין פעיר־מאָנט פּאַרק אָדער אַפילו אין אַ פראַכט־וואַגאָן. דער געדאַנק, אַז איך וועל האָבן אַן אײגן ווינקל האָט מיך שטאַרק דערפרייט. אַ קישן האָב איך גע־האַט. דער פּאַלטאָ אונטערן זייט. אָבער מיט וואָס דעקט מען זיך צו? זוכנ־דיק האָב איך געפונען, אַז אין ענגן צימער ליגט אויפן דיל אַ שטיקל ווײ־כער „קאַרפּעט“. איך האָב דאָס אַרויסגעשלעפּט, אויסגעטרייסלט און גענוצט פאַר אַ צודעק.

לאַנג האָב איך ניט געקענט איינשלאָפן. ווײַל איך האָב גערייניקט דאָס צימער, איז דער שלעכטער ריח פון די הינער־מיסט אַלץ געשטאַנען אין דער לופט און מיך געשטיקט. אויך די קעלט האָט מיך דורכגענומען. דאָס שטיקל קאַרפּעט האָט מיך ווייניק געוואַרעמט. דער ניו ענגלאַנד ווינטער איז אַ סך שאַרפער ווי דער פילאַדעלפיער ווינטער. לאַנג האָב איך זיך גע־דרייט אויף מיין בעטל, ביז דאָס בעטל האָט צוזאַמענגעבראָכן.

קיין גלויביקער אין אַ פּערזענלעכן גאָט בין איך שוין ניט געווען, און פרעגן גאָט קשיות האָב איך ניט געקענט. אָבער דאָך האָב איך געהאַלטן אין איין איבערפרעגן זיך: פאַרוואָס קומט עס מיר? מיליאָנען מענטשן לעבן ווי מענטשן — אָרעם צי רייך — אָבער ווי מענטשן. פאַרוואָס קען איך זיך צו עפּעס ניט דערשלאָגן? די שולד מוז זיין אין מיר. יעדער הונט געפינט זיך זיין ווינקל און איך, שלימזל, טאָמער בין איך שוין געקומען אַהער, לאָזט זיך אויס אַ טייך. ניין, איך וועל דאָ ניט זיין. איך האָב נאָך גע־נוג אויף הוצאות. איך וועל פאָרן קיין באַלטימאָר. קיין קולטור וועל איך ניט האָבן, אָבער עסן און אַ פּלאַץ צום שלאָפן וועל איך האָבן. קולטור, בילדונג וועט קומען שפּעטער. פריער — אַ זיכערע היים, אַ ווינקל וואָס איך זאָל קענען אָנרופן „היים“. איך בין איינגעשלאָפן מיטן באַשלוס מאָרגן אַוועק־צופאָרן קיין באַלטימאָר.

אין דער פרי האָב איך אין שלאָף דערהערט אַ שרעקלעך געוויין. וואָס איז געשען? ר. איז אויפגעשטאַנען זעקס אַזייגער גיין צו דער אַרבעט. דאָס

קינד האָט ניט גוט געפילט, האָט ער איר געגעבן אַ לעפעלע מעדיצין און אין דער פינצטער האָט ער אָנשטאָט דער מעדיצין דעם קינד געגעבן קאַר־באָליק. די מוטער האָלט דאָס קינד אויף די הענט, לויפט אַרום איבערן הויז אַ היסטערישע.

איך האָב אַוועקגעשיקט דאָס עלטערע מיידל אין פאַבריק נאָכן טאַטן. איך אַליין בין געלאָפן נאָך אַ דאָקטאָר. ביידע, דער טאַטע און דער דאָקטאָר זיינען גלייך געקומען. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז עס איז ניט געפער־לעך. דאָס קינד האָט דעם קאַרבאָליק אויסגעשפיגן, נאָר פאַרברענט דאָס מיילכעלע. ער האָט מיר געגעבן דעם רעצעפּט צו באַזאָרגן און איך האָב נאָטירלעך פאַר דעם באַצאָלט ווען איך האָב אים אָפּגענומען. פאַרן דאָקטאָרס אַוועקגיין רופט מיך צו ר. און בעט ביי מיר צוויי דאָלאַר פאַרן דאָקטאָר — ער וועט שפּעטער גיין אין באַנק און וועט מיר אָפּגעבן.

ר. איז שוין צוריק צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען, אי צוליבן קינד און אויך צוליבן גאַסט. איז ער אַרויס מיט מיר זען דאָס שטעטל און זיך אָנ־פרעגן ביי אַ פּאָר מענטשן וועגן אַרבעט פאַר מיר. צוריקגייענדיק בעט ער ביי מיר נאָך אַ דאָלאַר. ער איז אַריין אין אַ קראָם און אָנגעקויפט גוטע זאַכן אויף וועטשערע: צוויי הערינג, אַ זעקעלע בולבעס, א. ד. גל. אויך אַ פלעשל ביר. ווען דאָס ווייב האָט דערזען דאָס פלעשל ביר האָט זי גענו־מען זשיפען, פריער שטיל, דערנאָך העכער, ביז זי איז אַריבער אויף קללות. און כאָטש מען האָט געגעסן פאַר מיין געלט, האָב איך זיך געוואָרגן מיטן עסן.

איך בין אַרויס אין גאַס און לאַנג שפּאַצירט. זיך געשלאָגן מיט דער דעה צי איך זאָל בלייבן אָדער אַוועקפאָרן. אמת, קיין געלט צום פאָרן קיין באַלטימאָר האָב איך ניט. אָבער ביז ניו־יאָרק קען איך זיך דערשלאָגן און אין ניו־יאָרק האָב איך אַ קוזין וועלכער אַרבעט ביי קראַוואַטן. מיר זיינען צוזאַמען געוואַקסן, פאַר אים דאַרף איך זיך ניט שעמען און ער וועט מיר שוין העלפן קריגן אַרבעט. צי זאָל איך בלייבן דאָ אין ניו ענגלאַנד אין אַזאַ אָרעמקייט?... דער געדאַנק איז מיר דורכגעגאַנגען, אַז אויב דער שיק־זאַל האָט מיך געבראַכט אַהער, מסתמא דאַרף אַזוי זיין. איך וועל דאָ בלייבן און העלפן ר.׳ן אַרויסקריכן פון זיין אָרעמקייט.

און אַזוי איז געבליבן. ר. איז אַרומגעגאַנגען פולע האַלבע טעג זוכן אַרבעט פאַר מיר. ר. אַליין האָט געאַרבעט אין דער גרעסטער מעבל־פאַבריק אין שטעטל. זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין שמירן די מאַשינען. הויך איז

ער, אַ קענדל האָט ער אַ לאַנגס, קען ער דערלאַנגען ווי אַ זשיראַף אין יעדן הויכן אָרט, אָן אָפּשטעלן די מאַשינען און אָן צושטעלן אַ לייטער. די פּעס־לעך אויל זיינען געשטאַנען אין קעלער, אַרום די גרויסע „באָילערס" (קעס־לען) כדי דאָס אויל זאָל זיך גיסן פריי. האָט ער אַרומגעשטעלט אַלטע קאַסטנס אַרום די פּעסלעך אויל און פון דעם איז באַשטאַנען זיין פּריוואַ־טער אָפּיס...

פאַבריקן זיינען געווען אַ סך. ער פלעגט גיין פון איין געביידע אין דער צווייטער און ער האָט דעריבער געקענט אַהיימגיין און קומען צוריק אין צייט אָפּצוקלינגען דעם זייגער. ער האָט געאַרבעט פון 7 פרי ביז 6 אָוונט, זעקס טעג אַ וואָך, און געהאַט אַ שעה אויף מיטאָג. און פאַר דעם האָט ער געקראָגן זעקס דאָלאַר אַ וואָך.

# אין אַן אייזן־גיסעריי

ווען ר. האָט נישט געקענט גיין מיט מיר פלעג איך אַליין אַרומגיין זוכן. איך האָב געקראָגן אַרבעט ווי אַן אַרויסהעלפער אין אַן אייזן־גיסעריי. אויב עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ גיהנום אויף דער וועלט איז דאָס גע־ווען די אַרבעט אין דער דאָזיקער פאַבריק. אין דער פרי האָט מען זיך גע־שטעלט מאַכן די פורעמס פון ערד. אַרום דריי אַזייגער בייטאָג, ווען די פורעמס זיינען געווען פאַרטיק, איז שוין אויך פאַרטיק געוואָרן דאָס צע־שמאָלצענע אייזן. אַנשטאָט, ווי עס איז היינט פאַראַן, מאַשינען צו גיסן דעם הייסן אייזן, האָט מען דעמאָלט דאָס געטאָן אין גרויסע קעסלען, וועלכע מען פלעגט טראָגן מיט די אייגענע כוחות. ווען עס איז געקומען צו דעם פונקט, האָבן אַלע זיך אויסגעטאָן נאַקעט, געבליבן נאָר אין הויזן און שיך. די אַר־בעט האָט געדאַרפט געטאָן ווערן זייער שנעל, ווייל ווען דאָס אייזן הויבט זיך אָן אָפּקילן, שאַפן זיך לעכער אין דעם אויסגעגאָסענעם אייזן. דער שטויב איז געווען שרעקלעך גרויס ביים גיסן דאָס הייסע אייזן אויפן נאַסן זאַמד. אַרום פינף אַזייגער, זיינען אַלע געוואָרן שוואַרץ און יעדער איינער איז געווען באַדעקט מיט אַ גראָבער שיכט פון בלאָטע. איך האָב דאָרט גע־אַרבעט נאָר עטלעכע טעג, ווייל איך האָב געאַרבעט נישט פאַרן בעל־הבית, נאָר פאַר אַן אַרבעטער, ווי זיינער אַן אַרויסהעלפער. און עס איז געווען

נאָר אַ ציטווייליקע זאַך, ווייל זיין שטענדיקער אַרויסהעלפער איז געקומען צוריק. דער לוין איז געווען, פאַר מיר, אַלנפאַלס, זייער אַ גוטער: ניין דאָלאַר אַ וואָך, פינף און פופציק שעה אַרבעט.

אַזוי איז אַריבער אַ חודש צייט, ביז איך האָב געקראָגן אַרבעט ביי ר.׳ס שוואָגער אין אַ „דזשאָבּ־שאָפּ״: זעכציק שעה אַ וואָך, פינף דאָלאַר אַ וואָך געהאַלט, מיט דער פאַרשטענדיקונג, אַז נאָך דרייסיק טעג זאָל איך קריגן ניין דאָלאַר. אָבער דער בעל־הבית, י., האָט זיין אָפּמאַך נישט געהאַלטן. נאָך די דרייסיק טעג האָב איך געדאַרפט אַרבעטן נאָך דרייסיק טעג פאַר די זעלבע פינף דאָלאַר אַ וואָך. עס האָט מיר גענומען פיר חדשים ביז איך האָב געקראָגן מיינע ניין דאָלאַר אַ וואָך. די אַרבעט מיינע איז געווען אַלץ וואָס אַ „דזשאָבּ־שאָפּ״ דאַרף: סאָרטירן שמאַטעס, פאַרקוועטשן זיי אין גרויסע באַלן, האַקן אייזן און אָנלאָדן אין פראַכט־וואַגאָנען. אַזוי ווי איך האָב נאָך געהאַט חובות צום באַצאָלן פאַר דעם חודש צייט וואָס איך האָב נישט געאַרבעט, האָט מיין געהאַלט מיר נישט דערלויבט צו קויפן הענטשקעס. האָב איך געאַרבעט ביים אייזן מיט הוילע הענט. די פרעסט זיינען געווען גרויסע, פלעגן די שטיקער אייזן זיך צוקלעפּן צו די הענט און אַראָפּרייסן די הויט. ווי שלעכט עס איז געווען צו אַרבעטן אויפן גאַס מיט הוילע הענט, איז נאָך ערגער געווען צו אַרבעטן אינעווייניק, סאָרטירנדיק די שמאַטעס. אין צימער איז געשטאַנען אַ צעבראָכענער אויוון און ער האָט שטאַרק גערויכערט. און אַזוי ווי עס האָט דאָרטן געאַרבעט אַן אַלטער איד און ער האָט געמוזט האָבן וואַרעמקייט, פלעג איך ליידן זייער שטאַרק פונעם רויך.

מיין בעל־הבית, י., איז געווען אַ איד אַ גיבור, וועלכער איז געהאַט אַנטלאָפן פון דער יאַפּאַנעזישער מלחמה. ער האָט זיך גלייך באַזעצט אין דעם שטעטל ג. און איז געוואָרן אַ „דזשאָבּ־פּעדלער״. אין מיין צייט איז ער שוין געווען אַרויפגעאַרבעט און איז געוואָרן אַ הורטאָווער סוחר. דאָ, ביי דער אַרבעט, האָט ער פאַרלוירן זיין אויג. ער האָט נישט געקענט שרייבן אָדער לייענען. און חוץ דעם איז ער געווען גאַנץ פּראָסט. זיין פרוי האָט געהאַט שווינדזוכט און איז זעלטן אַראָפּ פון שטול. זיי האָבן געהאַט איין טאָכטער, אַ פּאָר יאָר אינגער פון מיר. אויך האָט זיין שווער געוואוינט מיט זיי, אַ קליינינקער אידעלע, אַ זקן. ער פלעגט אַרויסהעלפן ביי דער אַרבעט, כאָטש ער איז שוין געווען אין די אַכציקער. דער איידעם האָט אים געצאָלט



ווען איך בין אַלט געווען 20 יאָר, אַלס אַרבעטער אין אַ דזשאָנק-שאַפּ.

שכירות דריי דאָלאַר אַ וואָך. ער האָט אים אָבער געצאָלט מיט טשעקס. מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער איז געשטאָרבן, האָט מען געפונען אונטערן מאַטראַץ די אַלע טשעקס, וואָס דער איידעם האָט אים געגעבן. זייער הויז און גע־שעפט איז געשטאַנען אַ צוויי מייל הינטערן שטעטל. און איך פלעג דאַרפן גיין צופוס נישט נאָר אין דער פרי און אין פאַרנאַכט, נאָר אויך בייטאָג, מיטאָג עסן. און טאָמער האָב איך זיך אַמאָל פאַרשפּעטיקט אויף אַ פּאָר מינוט, פלעגט דער בעל־הבית מאַכן גוואַלדן, כאָטש כמעט אַלע טאָג פלעג איך דאַרפן אַרבעטן צוויי־דריי שעה איבער דער צייט, און איך האָב פאַר דעם קיינמאָל נישט געקראָגן באַצאָלט.

דאָס שטעטל ג. האָט געהאַט אַ ביין טויזנט איינוואוינער. די הויפּט־אינדוסטריעס זיינען געווען פאַבריקן פון ביליקן מעבל. די אַרבעטער זיינען מערסטנס געווען סלאַווישע פּויערים. דער דורכשניטלעכער געהאַלט איז געווען פון זעקס ביז צען דאָלאַר אַ וואָך, פאַר זעקס — צען־שעהדיקע אַרבעטס־טעג. עס האָבן דאָרטן געוואוינט זיבעצן אידישע פאַמיליעס, פון וועלכע אַכט זיינען געווען אין די דזשאָנק־ביזנעס; צוויי רייכע אידן אין ריעל־עסטייט־ביזנעס, איין שניידער, איין שוסטער און די איבעריקע — קליינע קרעמער. זיי האָבן געהאַט אַ שול אין שטעטל, און איך פלעג גיין אַהין ראש השנה און יום כיפּור. כשר פליייש האָט מען געמוזט קריגן דורך פּאָסט פון וואוסטער. ס'איז דאָרטן געווען אַן אָפּטייל פון אָרדן ברית־שלום. פון זיין אַקטיוויטעט ווייס איך נישט.

מיין אייגן לעבן האָט זיך איינגעשטעלט אַזוי: די אַרבעט, כאָטש זי איז געווען אַ גאַנץ שווערע, איז פאַר מיר געווען זייער גרינג, אַזוי, אַז נאָכן טאָג אַרבעט האָב איך נאָך געהאַט אין זיך אַ סך ענערגיע, אָבער וואו דאָס אויסצונוצן האָב איך ניט געהאַט. פלעג איך מאַכן גימנאַסטיקס, און אויס־געאַרבעט מיין קערפּער פּערפעקט. אין די פיר יאָר צייט וואָס איך בין גע־ווען אין ג. בין איך געוואָרן, וואָס מען קען אָנרופן, אַ גיבור. איך האָב געקענט נעמען אַ באָל מיט שמאָטעס פון זיבן הונדערט פונט אויף די פּלייי־צעס און אים אַוועקטראָגן.

געזעלשאַפטלעך האָב איך שטאַרק געליטן. מיין פריינט ג., וועלכער איז איינגעשטאַנען אין דעם זעלבן הויז, כאָטש אַ יונגער אינגל, האָט געהאַט אַ כלה און ער פלעגט פאַרברענגען ביי איר זיין גאַנצע פרייע צייט. חוץ אים זיינען געווען צוויי מיידלעך מיט וועלכע איך פלעג פאַרברענגען. ביידע זיי־

ער היימיש־פשוטע. עס זיינען געווען נאָך יונגע מענטשן אין שטעטל, אָבער זיי זיינען געווען פאַררעכנט פאַרן העכערן שיכט און איך פון דעם נידעריקן. די יוצרות האָבן זיך איבערגעדרייט. ביי אונז אין שטעטל בין איך געווען פון דעם העכערן שיכט און דאָ בין איך געוואָרן פון דעם נידעריקן.

קולטורעל איז ר. געווען גערעכט. עס זיינען געווען נאַכט־שולעס. איך האָב פּרובירט גיין אין אַ נאַכט־שולע און האָב דאָס גלייך געמוזט אויפגעבן, ווייל די נאַכט־שולעס האָבן געלערנט די סלאַווישע פויערים דעם אלף־בית און ווי צוזאַמענצורעכענען צוויי מיט צוויי. האָב איך געמוזט זען קריגן בילדונג אַליין פון זיך. איך האָב גענומען ביכער אין ביבליאָטעק, פון רוסי־שע שרייבער, וועלכע איך האָב שוין אַמאָל געלייענט אין רוסיש. און לייע־נענדיק זיי אין ענגליש און וויסנדיק דעם אינהאַלט פון בוך, האָב איך גע־קענט לערנען די ענגלישע שפּראַך.

מיין צימער, וועלכער איז געווען זייער אַ קאַלטער, איז געווען גוט פאַר דעם, ווייל קיינער פון דער פאַמיליע איז דאָרטן קיינמאָל נישט אַריינגעקו־מען. האָט מיר קיינער נישט געשטערט אין די אָוונטן. פלעג איך זיך פירן, אַז גלייך נאָכן אָוונט־מאַלצייט פלעג איך אַריין אין מיין צימער, אָנטאָן מיין פּאַלטאָ, אַרומוויקלען די פיס מיט שמאַטעס, זיי זאָלן נישט פאַרפרוירן ווערן, און לייענען ביז איינס־צוויי ביינאַכט. אַזוי האָב איך זיך געפירט עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד, אַלע אָוונט. איך האָב פאַר דער צייט איבערגעלייענט הונ־דערטער ביכער און זיך אויסגעלערנט לייענען ענגליש גאַנץ פריי און פאַר־שטיין וואָס איך לייען. מיט דער אידישער וועלט בין איך געשטאַנען אין פאַרבינדונג דורך אַ אידישער צייטונג „די אידישע וועלט" און דערנאָך דער „טאָג", ווען ער איז אַרויס. קיין אידישע ביכער האָב איך אין דער ביבליאָטעק נישט געקענט קריגן. איך האָב איבערגעלייענט יעדן אידישן בוך, וואָס האָט זיך געפונען ביי די אידישע פאַמיליעס אין שטעטל. ביז איך האָב געקענט אָנקלייבן אַ ביסל געלט און אָנהויבן קויפן אידישע ביכער פאַר זיך.

פון די עלטערן האָב איך געקראָגן בריוו רעגלמעסיק. איך האָב זיך דערוואוסט, אַז מיין עלטערער ברודער איז געפאַנגען געוואָרן אין דייטש־לאַנד. איך האָב גענומען אים שיקן פּעקלעך דורכן שווייצאַרישן רויטן קרייץ. עס איז מיר געווען זייער שווער אָפּצורייסן די פינף דאָלאַר. איך האָב זיך געמוזט אָפּזאָגן פון סאַמע נויטיקסטן. און וואָס ערגער איז, איך האָב נישט

געוואוסט צי ער קריגט די פּעקלעך. פונדעסטוועגן פלעג איך זיי שיקן רעגלמעסיק.

מיט יאָרן שפּעטער האָט מיר מיין ברודער דערציילט, אַז ער האָט גע־ליטן שרעקלעכן הונגער אין דייטשן געפענגעניש און מיינע פּעקלעך האָבן אים ביים לעבן דערהאַלטן.

דאָס עסן אין הויז איז געווען זייער שלעכט און מאָנאָטאָן. אין דער פרי פלעגן מיר אַלע אויפשטיין פינף־דרייסיק פּאַרטאָג. זעקס אַזייגער האָבן מיר געהאַט אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקל ברויט, אָן פּוטער. צום מיטאָג איז געווען אַ געקעכץ געקאָכט מיט קריסקאָ, און ברויט. אין אָוונט פלעגט מען עסן דאָס איבערגעבליבענע געקכץ פון מיטאָג, ברויט און טיי. פלייש איז נאָר געווען אויף שבת. זיי פלעגן קויפן אַ פונט און אַ האַלב פלייש פאַר דער גאַנצער פאַמיליע. אַחוץ דעם וואָס זיי זיינען געווען אָרעם, איז זי געווען זייער אַ שלעכטע בעל־הביתטע, און געהאַלטן אין איין באַקלאָגן זיך אויף איר מערכה, וואָס זי דאַרף זיין אַ הויז־פרוי און אָוועקגעבן אירע יאָרן אין קיך. כאָטש איך גאָט ווייסט צו וואָס אַנדערש זי האָט געטויגט. זי האָט גע־האַט נאָך אַ מעלה: זי האָט ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט קניפּעלעך און פון די פאָר אויסגעציילטע פּעניס, וואָס זי האָט געקראָגן פון דעם מאַן פאַר הוצאות, האָט זי נאָך אָפּגעשפּאָרט אַ קניפּעלע. אַזוי, אַז זי האָט געגעבן עסן אי די פרעמדע מענטשן, אי די אייגענע קינדער, פון וואָס מען האָט נאָר געקאָנט דערהאַלטן די נשמה, אָבער נישט לעבן פון דעם. איך פלעג שטענ־דיק אַרומגיין אַ הונגעריקער, ביז איך האָב זיך געקענט דערלויבן אַרויס־צוגייען אין גאַס און צוקויפן עפּעס עסן. איך וויל דאָ דערציילן אַ קלייניקייט: איך פלעג קומען פון דער אַרבעט אַ סך שפּעטער ווי איר מאַן. האָב איך שוין געפונען אויפן טיש אָנגעגרייט מיין אָוונט־ברויט און זיי ביידע זיי־נען שוין געווען אַוועק אין קינאָ; אַזוי זעקס טעג אַ וואָך, זונטיק איז געווען צוגעמאַכט. מיין עסן איז שוין געווען קאַלט און זויער.

אַרבעטנדיק אינעם דזשאָנק־שאַפּ, פלעג איך קומען אַהיים מיט שטאַרק־שמוציקע הענט. אין הויז איז געווען נאָר איין „סינק״. פלעג איך אַלעמאָל געפינען שטייענדיק אינעם שוואַרצן, פאַרזשאַווערטן „סינק״ אַ שיסעלע מיט שטיקלעך ברויט. וואַשנדיק זיך אין „סינק״ פלעגט דאָס שמוציקע וואַסער אַריבערלויפן איבערן שיסעלע. כ׳האָב קיינמאָל זיך נישט אָפּגעשטעלט אַ טראַכט טאָן וואָס דאָס איז אַזוינס, ביז איינמאָל איז אירער אַ שוואָגער גע־

קומען צוגאַסט אין הויז אויף אַ שטיקל צייט. דאָס איז געווען אַ איד, וועל־כער האָט זייער ליב געהאַט די אכילה. ער האָט אירע עסנס נישט געקענט פאַרטראָגן.

זי פלעגט מאַכן גאַנץ אָפט אַ מין קוגל, „פודינג" בלע"ז. פרעגט ער מיך, וואָס פאַרא „יאַפּאַנעזישע טייגעכצן" מאַכט זי דאָס. אַרומזוכנדיק, האָט ער געפונען דאָס שיסעלע אין „סינק" און זאָגט צו מיר, אַז פון דעם מוז זי מאַכן איר טייגעכץ. איך האָב אויסגעבייטלט אַלע בייזע חלומות צו זיין קאָפּ און זאָג אים, אַז עס איז שוין פון יאָרן לאַנג, ווי איך וואַש מיינע שמוציקע הענט אין דעם. אָבער אַ געדאַנק איז מיר איינגעפאַלן, אַז ער איז אפשר גערעכט. האָב איך גענומען דאָס שיסעלע און אויסגעגאָסן. און ווען אויף מאָרגן מיטאָג־צייט האָט זי זיך אַנטשולדיקט, וואָס זי האָט ניט דעם טיי־געכץ, האָב איך זיך אַזוי שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט, אַז איך האָב געמוזט פאַרלאָזן דעם טיש. די לעפל־גאָפּל צום טיש זיינען געווען בלעכענע און קיינמאָל נישט קיין ריינע. איך האָב איר אַ פּאָר מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם, עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. כדי אָפּצוגעוואוינען זי פון דעם, פלעג איך נעמען די שמוציקע לעפל אָדער גאָפּל און אַזוי קונציק אַ וואָרף טאָן אונטערן טיש, אַז עס פלעגט זיך פאַרוואַלגערן אונטערן אויוון. און אַזוי ווי אונטערן אויוון האָט זי קיינמאָל נישט גערייניקט, פלעגט זי אַלעמאָל שרייען, אַז עס פעלט איר גאָפּל און לעפל. ביז איין מאָל האָט זי געפונען אונטערן אויוון עטלעכע טוצן שטיקלעך דאָרטן ליגן. האָט זי פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז זיין מיין אַרבעט. אָבער פון דעמאָלט אָן האָט זי זיך שוין גע־היט, אַז די גאָפּל־לעפל זאָלן זיין ריין. דערווייל האָט מיך באַלעבאָס, י., ביי וועמען איך האָב געאַרבעט, זיך פאַראייניקט מיט נאָך אַ דזשאַנק־דילער און צוויי קריסטן, רייכע פאַבריקאַנטן, און מען האָט אָנגעהויבן טאָן גרויסע גע־שעפטן. מען האָט מיר אויך דערלויבט צו קויפן אַקציעס אין דער קאָרפּאָ־ראַציע. וואָלט איך דעמאָלט געהאַט מער געלט, וואָלט איך געקענט קויפן אַ גלייכן חלק. אַזוי ווי איך האָב דאָס נישט געהאַט, האָב איך געקויפט נאָר איין פערצנטן חלק. זיי האָבן גענומען אַ גרויסן טראַקט לאַנד ביי דער אייזן־באַן, אים אויסגעגליכן און געמאַכט פאַר איינעם פון די בעסטע דזשאַנק־שאַפּס אין ניו ענגלאַנד. דאָס לאַנד איז געגעבן געוואָרן פריי פון דער אייזן־באַן־קאָמפּאַני כדי זיי זאָלן קענען קריגן די פראַכט. די צוויי קריסטן האָבן געקראָגן קרעדיט אין באַנק, אַזוי אַז זיי האָבן געהאַט אי געלט, אי מעגלעכ־

קייטן צו טאָן גרויסע געשעפטן. די קריסטן זיינען נישט געווען טעטיק אין געשעפט, בלויז מיר דריי. מיין באַלעבאָס איז געווען קאַסירער און פאַר־וואַלטער, דער אַנדערער שותף איז געווען דער אויפקויפער און איך בין געווען דער אויפזעער. דער אויפקויפער פלעגט אויפקויפן איבער גאַנץ ניו ענגלאַנד אָפּגעבערענטע פאַבריקן, פאַבריקן וועלכע לייזן זיך אויף, אייזערנע בריקן און נאָך אַזעלכע גרויסע געשעפטן. מיין אַרבעט איז געווען פאָרן אַהין אויפן פּלאַץ, אַלץ צענעמען, צעברעכן, אויסאַרבעטן די סחורה און שיקן זי גלייך אין אייזן־גיסעריי.

אונזער פירמע האָט זיך גענומען ספּעציאַליזירן אין אויפקויפן די גרוי־סע קעסלען, „באָילערס", און פונאַנדערברעכן זיי. געבראָכן די קעסלען האָט מען דעמאָלט מיט האַמערס און דלאָטעס. יעדער קעסל האָט פון פינף הונ־דערט ביז אַ טויזנט „ריוועטס". יעדער ריוועט מוז אָפּגעבראָכן ווערן. די קונץ אין דעם ליגט וואָס דער ריוועט מוז אָפּגעבראָכן ווערן מיט איין קלאַפּ. אויב דער קלאַפּ איז ניט שטאַרק גענוג, גיט זיך דער ריוועט אַ בייג און דערנאָך נעמט עס פון צען ביז פינף־און־צוואַנציק קלעפּ אָפּצוברעכן דעם איינעם ריוועט. דער גרעסטער „סלעדזש"־האַמער וואָס איז פאַראַן, וועגט אַכצן פונט. אָבער אַזאַ האַמער איז צו גרינג. האָבן מיר געמאַכט אַ ספּעציעלן שווערן האַמער, וואָס האָט געוואויגן זעקס־און־צוואַנציק פונט. קיינער פון מיינע אַרבעטער האָט נישט געקענט אָפּברעכן מער ווי דריי ריוועטס און דערנאָך האָט ער געמוזט רוען. איך האָב געקענט אָפּברעכן צען ריוועטס, איינעם נאָך אַנדערן. ביי דער אַרבעט האָבן זיך אויסגעאַרבעט די מוסקולן פון די הענט אַזוי גרויס, אַז איך האָב נישט געקענט קויפן קיין פאַרטיקע קליידער, ווייל איך האָב ניט געקענט אַריינשפאַרן מיינע הענט אין די אַרבל. ביי דער אַרבעט האָב איך אָנגעהויבן טרינקען שטאַרק. איך פלעג טרינקען טעגלעך אַ קוואָרט אָדער צוויי שנאַפּס. דער טאָג האָט זיך געווייינטלעך אָנ־געהויבן גאַנץ פרי און יעדער איינער פון אונז האָט אויסגעטרונקען אַ טיי־גלאָז מיט שנאַפּס. און ביי דער אַרבעט זיינען געשטאַנען אַ פּאָר גאַלאָן שנאַפּס און יעדער איינער האָט געטרונקען וויפל ער האָט געוואָלט.

די אַרבעט איז פאַרגרינגערט געוואָרן ווען מען האָט אָנגעהויבן נוצן אַ „סעטאַלין־טאָרטש" איף צו שניידן אייזן. איך בין געוואָרן אַן עקספּערט אויף דער אַרבעט. מען האָט שוין מער מיט די גרויסע סלעדזש־האַמערס נישט געדאַרפט ברעכן די קעסלען.

איך האָב געהאַט אַ געוואוינהייט, אַז ווען איך פלעג אָוועקפאָרן אויף אַזאַ שטיקל אַרבעט, פלעג איך מיטנעמען מיט זיך עטלעכע ביכער אויף צום לייענען. איינמאָל זייענדיק אין מיינאַרד, מאַסאַטשוסעטס, האָב איך זיך געזעצט עסן מיטאָג אין מיינע שמוציקע אָוועראָלס און אַריינגעקוקט דער־ווייל אין אַ בוך. קומט צו אַ מאַן, אָנגעטאָן ווי אַ פאַרמער, מיט אַ היי־ווילקע אין האַנט, און פרעגט מיך וואָס איך לייען. אַזוי ווי איך האָב געלייענט „פּראָמאָטעאוס״ פון איסכילאָס, האָב איך זיך ניט געוואָלט אַריינלאָזן אין לאַנגע געשיכטעס צו דערציילן דעם פאַרמער ווער איסכילאָס איז. האָב איך אים געענטפערט זייער קורץ. לייגט ער אַוועק די האַנט אויפן בוך און זאָגט: „יונגערמאַן, איך וואָלט זיך געפילט געשמייכלט אויב איר וואָלט אָנגענומען מיין איינלאַדונג אויף אָונטברויט ביי מיר אין הויז״. איך האָב די איינלאַ־דונג נישט געוואָלט אָננעמען, ווייל איך האָב נישט געהאַט מיט זיך קיין אַנדערע קליידער זיך איבערצוטאָן, אַחוץ די אין וועלכע איך האָב געאַרבעט און וועלכע זיינען געווען זייער שמוציק. ער איז אָבער באַשטאַנען און איך האָב אים נאָכגעגעבן.

ווען איך בין אַריין אין הויז בין איך געוואָרן איבערראַשט. מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסן צימער פול מיט ביכער. איך האָב זיך דער־וואוסט, אַז דער „פאַרמער״ איז אַ פּראָפעסאָר אין האַרוואַרד. די גאַנצע פאַמיליע האָט מיר אָפּגעגעבן גרויס כבוד און איך בין געווען דער ערן־גאַסט פאַרן אָוונט. איך האָב זיך געפילט אויסערגעוויינטלעך שלעכט צוליב מיינע שמוציקע קליידער. אויך איז מיין ענגליש געווען שרעקלעך אָרעם צו ענטפערן אים אויף די פראַגן וועלכע ער האָט מיר געשטעלט.

איך וויל דאָ פאַרצייכענען וואָס איך האָב איבערגעלעבט ווען איך האָב געלייענט אין ציטונג, אַז דער רוסישער קייסער האָט אָפּגעדאַנקט, און די רעוואָלוציע וואָס איז אויסגעבראָכן אין רוסלאַנד איז דערפאָלגרייך. די צייטונג האָב איך דערזען ווען איך בין געפאָרן אין אַ טראַמוויי. טרערן פון פרייד האָבן זיך פריי געגאָסן. איך האָב געפילט ווי פון מיר פערזענלעך זיינען אַראָפּגעפאַלן די קייטן. ווייל כאָטש איך בין געווען אין אַמעריקע רויִק, מיטן געדאַנק דאָ צו פאַרבלייבן אויף אייביק, איז מיר דאָך רוסלאַנד געווען ליב און טייער. כ׳בין אַלעמאָל געווען אַ קעגנער פון אַלע די וואָס האָבן געהאַלטן, אַז רוסלאַנד דאַרף קריגן אַ מפּלה אין דער מלחמה. מיין ליבע צו רוסלאַנד איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איך האָב געוואָלט, אַז כאָטש

מיטן צאַר זאָל רוסלאַנד געווינען. און צו דייטשלאַנד האָב איך געטראָגן אַ האַס זינט איך האָב באַטראַכט דעם דייטשישן באָדן צום ערשטן מאָל און דערהערט דעם אויסדרוק „פאַרפלוכטער יודע״.

דאָס איז שוין געווען אָנהויב 1917, ווען געשעפטן אין לאַנד זיינען גע־וואָרן זייער גוט און אונזער געשעפט האָט געמאַכט גרויסע פּראָפיטן. איך האָב געאַרבעט זייער שווער, אונטער שווערע באַדינגונגען, אָבער איך בין געווען זייער צופרידן. מיר האָט זיך פאַרגעשטעלט אַ שיינע צוקונפט אין אַ גרויסן געשעפט און איך האָב שוין געהאַט אַ סך באַקאַנטשאַפט אין דער געשעפטס־וועלט. די באַדינגונגען אין הויז, וואו איך האָב געוואוינט, זיינען געוואָרן אַ סך בעסער, ווייל די פינאַנציעלע לאַגע פון אַלעמען איז געוואָרן בעסער. צו האַלטן די הוצאות קליין אונטערוועגס, פלעג איך אָפט שלאָפן אין די חורבות, וואָס איך פלעג פונאַנדערברעכן. און ווען מען האָט גע־דאַרפט טאָן אַ ריזיקאַליש שטיקל אַרבעט — און מורא האָבנדיק זיך צו פאַרלאָזן אויף מיינע אומדערפאַרענע אַרבעטער — פלעג איך זי אַליין טאָן. מיין געהאַלט איז געווען זייער אַ קליינער, נאָר פינף און צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך, ווייל איך האָב געוואָלט, אַז מער פּראָפיטן זאָלן בלייבן אין דער פירמע, אין וועלכער איך האָב געהאַט אַ חלק. אָבער די אַרבעטער האָב איך געצאָלט אַזוי הויך ווי פערציק דאָלאַר אַ וואָך.

## צווישן לעבן און טויט

די אַלע יאָרן וואָס איך האָב געטאָן די געפערלעכע אַרבעט האָט קיינ־מאָל ניט געטראָפן קיין אומגליק־צופאַל און מיט דעם האָב איך זייער שטאַרק שטאָלצירט. ביז איין מאָל, ענדע מאַי אָדער אָנהויב יוני 1917, זייענדיק זייער מיד פון זייער אַ שווער שטיקל אַרבעט, וואָס האָט ביי מיר פאַרנומען אַ פּאָר חדשים צייט, איז געשען אַן אומגליק־צופאַל מיט מיר אַליין. אַנלאָדנ־דיק אַן אייזערנעם וואָל פון פיר און פערציק הונדערט פונט, האָט זיך די קייט איבערגעריסן, האָט מיך אומגעוואָרפן און האָט זיך אַרויפגעקייקלט אויף מיין ברוסט. ווען מען האָט מיך געבראַכט אין שפּיטאָל, האָבן די דאָקטוירים מיך אויפגעגעבן, ווייל זיי האָבן געפונען, אַז די ביינער פון ברוסט־קאַסטן האָבן זיך אויסגעבויגן און אַרויסגעקוועטשט דאָס האַרץ פון

אָרט און פאַרקוועטשט די אָדערן. די צירקולאַציע פון בלוט איז געוואָרן זייער שלעכט. איך בין געלעגן אַ וואָך צייט צווישן לעבן און טויט. ווען איך האָב מיין באַוואוסטזיין צוריקגעקראָגן, האָב איך בשום אופן נישט גע־קענט פאַרשטיין ווי עס איז מעגלעך, אַז צו איין און צוואַנציק יאָר מוז איך שוין שטאַרבן. איך האָב דאָך נאָך גאָרנישט געהאַט געלעבט. און טרעפן דאַרף עס איצט, ווען מיין פינאַנציעלע לאַגע איז גוט און עס עפנט זיך פאַר מיר אַזאַ גוטע צוקונפט אַלס אַ מיטגליד פון געשעפט. און איך האָב ביי זיך באַשלאָסן, אַז איך מוז לעבן. איך ווייס נישט וואָס עס האָט געהאָלפן — מיין באַשלוס צי מיין בעל־הביתטעס גראָז, וועלכע זי האָט געהאַט ביי זיך פון איר מאַמעס קבר, און וועלכע זי האָט אונטערגעלייגט ביי מיר צוקאָפּנס... אָבער איך האָב זיך אָנגעהויבן בעסערן.

מאָנאַטן־לאַנג בין איך געלעגן צו בעט. איך האָב זיך שוין דערפילט שטאַרק און קרעפטיק. איך האָב אָבער ניט געקענט שטיין אויף מיינע פיס. די דאָקטוירים האָבן נישט געקענט אויסגעפינען די אורזאַך דערפון. איך ווייס נישט ווען עס איז געווען די ערגסטע צייט פון מיין לעבן, נאָר מיר דוכט, אַז ליגנדיק אין בעט און פאַרשטעלנדיק זיך אַלס אינוואַליד, אָן פיס, איז געווען דאָס ערגסטע. מיין דאָקטאָר האָט מיר געהייסן עסן טשיקן־זופּ, ניט די פלייש; די בעל־הביתטע פלעגט גראָד קויפן די הינער פאַר מיר, אָבער קיינמאָל האָט זי נישט געקענט קריגן קיין קלענערע פון אַכט פונט. אָבער צוגיין צום שוחט צו קוילן די הון האָט זי ניט געוואָלט, ווייל זי האָט געזאָגט אַז זי שעמט זיך. האָב איך געמוזט ליגן ביים פענצטער און אָפּוואַרטן באַקאַנטע קינדער, כדי זיי בעטן אַז זיי זאָלן דאָס טאָן. אַלץ צוזאַמען האָט מיך געמאַכט זייער נערוועז און נאַטירלעך האָט דאָס מיר נישט צוגעהאָלפן. ביז דער קריסטלעכער שותף מיינער האָט מיך גענומען אין באָסטאָן צו אַ פּראָפעסאָר און ער האָט מיר געהאָלפן.

# אויס שותף

ווען איך האָב אָנגעהויבן אַרומגיין בין איך אַוועק צו דער אַרבעט. דער דאָקטאָר האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל שווער ניט אַרבעטן, אָבער אַזוי ווי די עצם אַרבעט איז אַ שווערע, האָב איך מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע און בין אָפּגעלעגן עטלעכע וואָכן אין בעט. ווען איך בין ווידער צוריקגעקומען צו דער אַרבעט, איז יענעם טאָג פאָרגעקומען אַ מיטינג פון די דירעקטאָרן פון דער קאָרפּאָראַציע, און איינער פון די אידישע שותפים האָט געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל מיר אָפּזאָגן פון דער שטעלע. עס האָט געווירקט אויף מיר ווי אַ דונער וואָלט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ. אויף מיין פראַגע — „סטייטש, איר אַליין האָט דאָך מיר צוגעזאָגט, אַז איר וועט מיר געבן אַ הוספה אין געהאַלט און מער אַקציעס צו ווערן אַ גלייכער שותף אין געשעפט ?!" האָט ער געענטפערט, אַז דאָס איז געווען איידער איך האָב געהאַט דעם אומגליק־צופאַל, אָבער איצט, אַז איך קען נישט אַרבעטן, דאַרפן זיי מיך מער נישט האָבן. איך האָב זיך געווענדט צו דעם אַנדערן שותף, מיין געוועזענעם בעל־הבית, האָט ער געזאָגט, אַז ער איז איינשטימיק מיט זיין שותפס פאָרשלאָג. האָב איך זיך געווענדט צום קריסט. זאָגט ער: „וואָס דערוואַרטסטו פון מיר ווען דיינע אייגענע ברידער ווילן דיך אַרויסוואַרפן ?" איך בין שטאַרק אין כעס געוואָרן און נאָך אַביסל צייט פון הייסע אַרגומענטאַציעס האָב איך געוואָרפן אַ שטול אין דעם קריסטס קאָפּ און „נישט געטראָפן". איך בין אַרויס פון צימער. זיי האָבן זיך אַנטזאָגט אַפילו אָפּצוקויפן מיינע אַקציעס און אַזוי ווי פאַר דער צייט וואָס איך בין געווען קראַנק האָבן זיי מיר נישט געצאָלט, און דאָס געלט וואָס איך האָב געהאַט, אייגענע, איז אַוועק אויפן שפּיטאָל און דאָקטוירים, בין איך געבליבן מיט זייער ווייניק געלט מיט וואָס עפּעס אָנצוהויבן טאָן. די פּאַסירונג האָט געווירקט אויף מיר זייער שטאַרק. יאָרן־לאַנג האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ געדאַנק פון נקמה און זיך נישט געקענט נעמען טאָן עפּעס אַנדערש. צוויי יאָר נאָכדעם ווי זיי האָבן מיך אַרויסגעשטויסן, האָט די פירמע באַנקראָטירט.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך אָנגעטראָפן י.׳ן אין אַ שטאָט אין דער מיטל־וועסט. זיין גאַנץ געלט האָט ער געהאַט פאַרלאָרן, ער איז געווען זייער אָרעם. איך האָב אים געגעבן פאַר דריי הונדערט דאָלאַר סחורה אָנצוהויבן אַ

געשעפט. ער האָט די הלוואה קיינמאָל נישט באַצאָלט, כאָטש איצט האָט ער געלט. און ווי מאָדנע די מענטשלעכע נשמה איז. פון דעם מאָמענט אָן, וואָס איך האָב אים דאָס געלט געגעבן, האָב איך זיך אינערלעך באַרואיקט און מער זיך ניט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק פון נקמה.

איך בין געבליבן אין שטעטל ג. און אָנגעהויבן טאָן געשעפט פאַר זיך אויף אַ קליינעם פאַרנעם. און גראָד איז עס אַוועק נישט שלעכט. איך האָב געהאַט אַ סך באַקאַנטשאַפט און אין באַנק האָט מען מיך גוט געקאָנט. זיי האָבן מיר געגעבן קרעדיט. וואָלט איך געבליבן לענגער אין שטעטל און געטאָן געשעפטן פאַר זיך אַליין, איז קיין שום פראַגע נישט אַז איך וואָלט געוועזן אַ גאַנץ דערפאָלגרייכער קליינער געשעפטסמאַן, ווייל אין דער קורצער פעריאָדע פון זעקס חדשים איז מיר געלונגען אָפּצושפּאָרן צוויי טויזנט דאָלאַר. האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז אַ קליינער געשעפטסמאַן פון אַ דאָרף, איינער וועמען איך האָב געקאָנט, האָט זיך געוואָלט אַריבערקלייבן אין אַ גרויסער שטאָט. האָט ער מיר געמאַכט דעם פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן גיין בשותפות און עפענען אַ הורטאָוונעם געשעפט אין ספרינגפילד, מאַס. געלט האָט ער געהאַט גענוג און ער וועט אַריינלייגן אין געשעפט וויפל עס וועט זיך פאָדערן. האָבן מיר געעפנט דאָס געשעפט; ער, בלייבנדיק אין דאָרף צו פאַרענדיקן זיינע געשעפטן, און איך האָב דערווייל אויסגעשטאַט דאָס נייע געשעפט. עס האָט גענומען מער געלט אויסצושטאַטן דאָס געשעפט ווי מיר האָבן גערעכנט, אַזוי אַז ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דער גאַנצער אונטערנעמונג. איך האָב נאָר געהאַט אַריינגעלייגט צוויי טויזנט דאָלאַר אין געשעפט. איך האָב געאַרבעט זייער שווער, פון פינף פאַרטאָג ביז צוועלף־איינס ביינאַכט. געפּרובירט אַלץ טאָן אַליין, כדי די הוצאות זאָלן זיין קלע־נערע. איך האָב אַליין געפירט די ביכער און מיין שותף פלעגט קומען נאָר זונטיק זען ווי דאָס געשעפט האָט זיך איינגעשטעלט. ער האָט גענומען מיך פאַרדעכטיקן, אַז איך פאַרנעם געלט, כאָטש ער האָט עס נישט געזאָגט די־רעקט. מיר האָט עס זייער וויי געטאָן, אָבער אַזוי ווי ער האָט מיך נישט באַשולדיקט, האָב איך זיך נישט געקענט פאַרטיידיקן. דערווייל האָט ער זיך אַריבערגעקליבן קיין ספרינגפילד און איך האָב גענומען פאָדערן, אַז מען זאָל נעמען אַ „סוירטיפייד אַקאַונטענט" איבערצוקוקן די ביכער. ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן און געפונען אַלץ אין אָרדענונג, האָב איך אים פאָרגעשלאָגן, אַז אַזוי ווי איך האָב איינגעשטעלט דאָס געשעפט און דאָס

ערגסטע איז אַריבער און ער איז אין שטאָט, אַז ער זאָל פירן דאָס געשעפט אַליין; ער זאָל מיר אויסצאָלן מיינע צוויי טויזנט דאָלאַר און איך זאָל אַרויס פון שותפות. און ער האָט אַזוי געטאָן. דאָס איז שוין געווען אין יאָר 1918.

## פּועלי־ציוניזם

מיין געזעלשאַפטלעך לעבן האָט זיך אין ספּרינגפילד איינגעשטעלט זייער גוט. דאָרט האָב איך זיך באַקענט מיטן פּועלי־ציוניזם. גאַנץ לעבּ־האַפטע דיסקוסיעס, עפנטלעכע און פּריוואַטע, פלעגן פאָרקומען צווישן די פּועלי־ציוניסטן און די סאָציאַליסטן. און כדי זיך צו באַטייליקן אין די דיס־קוסיעס האָב איך געמוזט לייענען פּאַרטיי־ליטעראַטור. איך האָב זיך אַפילו איינגעשאַפט קאַרל מאַרקסעס „דאָס קאַפּיטאַל", וועלכן איך האָב געלייענט, אָבער ניט פאַרשטאַנען. אָבער איך האָב געהאַט די סאַטיספאַקציע צו זאָגן, אַז איך האָב געלייענט „דאָס קאַפּיטאַל".

אין ספּרינגפילד האָב איך צוריקגעקראָגן מיין זעלבסט־צוטרוי, בעיקר אַ דאַנק די אָפטע געשפּרעכן מיט אַ בחור מירסקי, אָדער ווי ער האָט זיך גערופן — מוירפּי. ער האָט געהאַט זייער אַ גרויסע ווירקונג אויף מיר צו פילן די מענטשלעכע ווירדע אין זיך.

פון די עלטערן האָב איך שוין קיין בריוו נישט געהאַט. דער בירגער־קריג און די רעוואָלוציע האָבן אָפּגעשטעלט דאָס קומען פון בריוו. און ווען איך האָב אויפגעגעבן דאָס געשעפט האָב איך דערפילט אין זיך אַ פרייקייט, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געפילט פריער. אַ הפקרדיקע פרייקייט. און איך האָב נישט געוואוסט, און נישט געוואָלט וויסן, וואָס צו טאָן וויטער. אַ געפיל פון „דער טיזל זאָל דאָס נעמען" האָט מיך באַהערשט.

פון ספּרינגפילד בין איך אַוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק און אַפילו נישט געזוכט קיין אַרבעט אָדער קיין געשעפט. איך האָב מיטאַמאָל דערפילט, ווי איך האָב אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם גאַנצן יאָך פון אַלץ און אַלעמען.

שמואל-בער לייקין

# איך ווער אַ קוילן־גרעבער

פון ניו־יאָרק בין איך אַוועקגעפאָרן קיין פילאַדעלפיע, און צוריקגעקערט זיך קיין ניו־יאָרק. געלט האָב איך אויסגעגעבן גאַנץ פריי, פונקט ווי איך וואָלט גאָרנישט געאַרבעט כדי עס צו מאַכן. ביז איין פרימאָרגן האָב איך דערפילט די פוסטקייט פון דעם אַלץ און באַשלאָסן זיך צו נעמען צו פּראָדוקטיווער אַרבעט (זשיטלאָווסקיס איינפלוס). בין איך אַוועקגעפאָרן אין די קוילן־מינען פון פּענסילווייניע און געוואָרן אַ קוילן־גרעבער. איך האָב געוואָלט ווערן איינער פון דער מאַסע. איך בין איינגעשטאַנען ביי אַ ליטווישער פרוי. איר מאַן און זון האָבן געאַרבעט אין די קוילן־מינען. חוץ דעם זיינען געווען „פיר באָרדערס" און איך בין געווען דער פינפטער. אין יענע יאָרן האָט מען געאַרבעט פון טאָג, נישט פון דער שעה, און איך בין געווען אַן אַרויסהעלפער ביי אַ קוילן־גרעבער. די אַטמאָספערע אין הויז איז געווען דערשטיקט צו ווערן. אַלע, די פרויען אַריינגערעכנט, זיינען געווען אַלעמאָל אין אַ האַלב־שיכורן צושטאַנד. מען האָט געטרונקען מער שנאַפּס ווי מען האָט געגעסן שפייז. גלייך אין פרימאָרגן איז מען אויפגעשטאַנען און יעדער איינער האָט געקראָגן אַ טיי־גלאָז מיט ביליקן „בוט־לעג" שנאַפּס, און גענומען דעם קעסעלע („דינער־פּייל") און אַוועק אין דער מינע. מיין אַרבעט דאָרט איז געווען אָנצולאָדן די שוין־אויסגעהאַקטע קוילן אין וועגעלע. קומענדיק אַהיים פאַרנאַכט האָט יעדער איינער געקראָגן אַ טיי־גלאָז מיט שנאַפּס און אַ געקעכץ מיט גרויסע שטיקער פלייש, פון וועלכע עס האָט מיך די ערשטע צייט געעקלט. אָבער דערנאָך בין איך צו דעם צוגעוואוינט געוואָרן. נאָך דעם האָט מען וויטער געטרונקען שנאַפּס ביז שפּעט אין אָוונט. שלאָפן איז מען געשלאָפן צו צוויי אין אַ בעט. און ווען אין פרימאָרגן איז מען אַוועק צו דער אַרבעט, זיינען געקומען די נאַכט־אַרבעטער און זיי זיינען דורכן טאָג געשלאָפן אין די זעלביקע בעטן. דאָס בעטגעוואַנט איז אַלעמאָל געווען שוואַרץ. אַפילו ווען מען האָט עס איבערגעביטן אויף פרישן, האָט עס אויך אויסגעזען גרוילעך־שוואַרץ. געשלעגן זיינען גאַנץ אָפט פאָרגעקומען. אין אַ פּאָר בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן נישט ווילנדיק.

איינמאָל איז פאָרגעקומען אַ רעליגיעזער וויכוח צווישן אַן אירישמאַן און אַ מאַכמעדאַנישער סיריער. זיי האָבן באַשלאָסן ביי מיר פרעגן מיין מיינונג. נישט וועלנדיק אַריינגיין אין רעליגיעזע חילוקי־דעות האָב איך

געענטפּערט, אַז אַלע רעליגיעס טויגן אויף כּפּרות. און מיטאַמאָל האָב איך זיך געפונען אין אַ לאַגע, וואו אַלע אין דעם „ספּיק־איזי סאַלון" האָבן זיך אויף מיר אַ וואָרף געטאָן. איך בין געווען איינער אַנטקעגן מער פון אַ טוץ. פלעשער און שטולן זיינען געפלויגן פון אַלע זייטן. איך בין גוט צעבלוטיקט געוואָרן, אָבער אייניקע פון זיי זיינען געבליבן ליגן אויפן דיל. דער אינצי־דענט האָט מיך אויסגעהיילט פון פּרובירן ווערן „איינער פון די מאַסן". איך בין פון דאָרט אַוועק און זיך אַרומגעדרייט און גאָרנישט געטאָן. ביז איך בין אָנגעקומען אין אַטלאַנטיק סיטי.

דאָרט האָט דעמאָלט געוואוינט מיין קוזינע, א. ע. זי האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיר און האָט מיך זייער מקרב געווען. אַ דאַנק איר נאָענט־קייט און איר מוטערלעכער זאָרג, האָב איך זיך באַרואיקט און אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ תכלית. האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין באַלטימאָר, ווייל דורך דער צייט וואָס איך בין דאָרט נישט געווען זיינען אַהין אָנגעקומען מיין טאַטנס שוועסטער און איר מאַן. איך האָב זיי זייער געוואָלט זען.

# אין באַלטימאָר

קומענדיק קיין באַלטימאָר האָב איך געפונען דעם פעטער בלאָזנדיק פון זיך. עס איז שוין נישט מער דער איד דער בטלן. די באָרד איז אויס־געקעמט אין דער ברייט און די לאַנדסלייט רופן אים „רבי". אין שול זיצט ער אויבן־אָן און מען גיט אים אָפּ כּבוד אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ רב. נאָך מער האָט מיך איבערראַשט די מומע. ווען זי איז געקומען אַהער מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט זי נישט געקענט דאַווענען און וועגן לייענען און שרייבן איז שוין אָפּגערעדט. דאָ זייענדיק, האָט זי זיך אויסגעלערנט דאַווענען פון סידור און לייענען און שרייבן אַ אידישן בריוו. פאַר אַ פרוי אין די פינף און זעכציקער איז דאָס געווען אַ גרויסער וואונדער. אי דער פעטער, אי די מומע האָבן זיך דאָ אָפּגעלעבט. די קינדער האָבן געאַרבעט און גע־געבן געגנוג אין הויז. אמת, זייער אַן אָרעם לעבן, אָבער צו בעסערס זיינען זיי נישט געווען געוואוינט. דערפאַר האָבן זיי דאָ געהאַט גענוג פרייע צייט צו טאָן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און זיי האָבן אויך געקראָגן כּבוד. מיין מומע האָט געהערט צו עטלעכע סאָסייעטיס און איבערהויפּט האָט זי זיך

מתעסק געווען אַרום לוויות. איך בין געבליבן וואוינען ביי דער מומען. זייער וואוינונג איז געווען איבער אַ דזשאַנק־שאַפּ און פאַרשיידענע איינזעקטן זיינען אַלעמאָל געווען פול אין די צימערן. זי איז געווען זייער אַ גוטע קעכין און אירע עסנס זיינען געווען אויסגעצייכנט. זי האָט זיך זייער שטאַרק באַליידיקט ווען מען האָט נישט געגעסן גענוג. איך האָב געקויפט אַ קליינעם דזשאַנק־שאַפּ און גלייך פאַרדינט ניט שלעכט. איך פלעג אַרבעטן פון פינף אין פרימאָרגן ביז צען ביינאַכט, איבערהויפּט ווען איך האָב דערזען אַז איך האָב גענומען מאַכן געלט. אין דער קורצער צייט פון קאַרגע צוויי יאָר איז מיין פאַרמעגן געוואַקסן ביז דרייסיק טויזנט דאָלאַר.

# יידישע שולן

קולטורעל האָב איך זיך פאַראינטערעסירט אין אידישע קינדער־שולן. און אַזוי ווי באַלטימאָר האָט נישט געהאַט קיין איין קינדער־שול חוץ די תלמוד־תורות, האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן דורך די פּועלי־ציון, אַז זיי זאָלן עפענען אַ קינדער־שול. מיט יאָרן פריער, פאַר מיין קומען, האָבן זיי דאָרט געהאַט אַ זונטיק־שולע, אָבער אין 1919 האָט די שול שוין מער ניט עקזיסטירט. די גרופּע פּועלי־ציון — כאָטש זייער אַ טעטיקע — איז אָבער געווען צו קליין אויפצונעמען אַזאַ אונטערנעמונג. בין איך געוואָרן אַ מיטגליד אין אַרבעטער־רינג און געפונען דאָרט נאָך צוויי מענטשן, וועלכע זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין אַ קינדער־שול, פּונקט ווי איך. מיר האָבן גענומען אַגיטירן צווישן די פערצן ברענטשעס, וואָס די שטאָט האָט פאַרמאָגט, מען זאָל עפענען אַ שול. אַנטקעגן דעם זיינען אַרויסגעטראָטן די אַלטע גוואַרדיע, וועלכע האָט זיך גרופּירט אַרום דעם מענעדזשער פון „פאָרווערטס", און מיט אַלע קונציקע מיטלען געשטערט אין דער אַרבעט. איבערהויפּט איז די שוועריקייט געלעגן אין דעם וואָס מיר האָבן געוואָלט דורכפירן אַ טעקס פון אַ דאָלאַר אַ יאָר אויף יעדן מיטגליד, כדי מיר זאָלן זיין פינאַנציעל פאַרזיכערט. אַזוי שנעל ווי אונז פלעגט געלינגען דורכצופירן דעם טעקס אין אַ ברענטש, פלעגן די קעגנער אָנהויבן ציען דראָטן. אַ ספּעציעלע זיצונג פלעגט גערופן ווערן און מען האָט דעם טעקס אָפּגעוואָרפן. דער קאַמף איז געווען זייער אַ היציקער. ער איז געפירט געוואָרן

אַ פּאָר מאָל מיט שטולן, אָבער ענדלעך איז אונז געלונגען צו עפענען אַ שול. און זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז י. ב. ביילין, דער דעמאָלטיקער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג, האָט אונז אַ סך געהאָלפן.

דער ערשטער לערער איז געווען אַ באַוואוסטער אידישער שרייבער. און זאָל ער מיר מוחל זיין, אפשר טויג ער זיך אויס אויף שרייבן ביכער — אפשר — נאָר קיין לערער איז ער זיכער נישט. דאָס האָט אונז געטאָן זייער אַ סך שאָדן. ער איז אַוועק אין מיטן זמן, און מיר האָבן געמוזט קריגן אין צווישן־זמן וואָס עס האָט זיך געלאָזט. אויפן קומענדיקן יאָר האָבן מיר געקראָגן זייער אַ פּעאיקן מענטשן און איבערהויפּט איינער וואָס ווייס ווי אומצוגיין מיט קינדער. און די שולע איז געוואָרן אונזער שטאָלץ. איך קען זאָגן, דער שטאָלץ אַפילו פון אונזערע קעגנער. גראָד דעמאָלט איז דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס" אַרויסגעקומען מיט זיינע „בולבע־און־פּאָטיי־טאָס" עדיטאָריעלס. דער קאַמף האָט זיך ווייטער צעפלאַקערט אַרום דער שול, אָבער מיר האָבן שוין געוואונען אַ סך פריינט פון די נישט־טעטיקע מיטגלידער און מיט זייער הילף פלעגן מיר אין די ברענטשעס דורכפירן וואָס מיר האָבן געוואָלט. עס איז געווען ביי אונז באַשלאָסן, אַז איינער פון אונז מוז זיין ביי יעדער ברענטש־מיטינג פון אַרבעטער־רינג, און ווען די פראַגע פון דער שולע ווערט אויפגעהויבן, זאָל ער גלייך לאָזן וויסן די טוער. און מיר פלעגן שוין זען צוזאַמענקלייבן געננוג פון אונזערע פּאַטריאָטן אַרי־בערצושטימען וועלכן עס איז קעגנערישן פאָרשלאַג.

אין דער צייט האָב איך ווידער אָנגעהויבן לייענען זייער פיל, אָבער הויפּטזעכלעך אידישע ליטעראַטור. יעדער נייער זשורנאַל אָדער ניי בוך איז געווען אַן אָנגענעמע דערשיינונג. און איך האָב עס געמוזט גלייך באַ־קומען און לייענען. ביי דעם לערער פון דער אַרבעטער־רינג־שול איז גע־וואָרן אַ קולטורעלער צענטער וואו אַ גרופּע פון אונז פלעגן זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָדער בעסער געזאָגט, ביז אין פרימאָרגן, און דיסקוטירן אידישע ליטעראַטור. זיין פרוי, זייער אַן אָנגענעמע און אַ פריילעכע, האָט פיל אַרויסגעהאָלפן צו מאַכן די אָוונטן אינטערעסאַנט. דאָס זיינען געווען אַ פּאָר יאָר פון שיינעם לעבן. קיין דאגות פרנסה איז נישט געווען און קול־טורעל האָב איך זיך אויסגעלעבט זייער שיין.

שמואל-בער לייקין

# קריזיס

אַזוי זיינען אַריבער די יאָרן 1919־1920. ביים סוף פון 1920 איז פאָר־געקומען אין לאַנד אַן עקאָנאָמישע איבערראַשונג פון ווערטן. פרייזן האָבן אָנגעהויבן פאַלן. אייגנטלעך האָט זיך דאָס אָנגעהויבן אָנהויב 1920. מיין בראַנזשע האָט עס דערפילט סוף 1920. פרייזן האָבן גענומען פאַלן אַזוי שנעל אַז עס איז געווען שווער צו וויסן וואָס צו טאָן. נישט האָבנדיק צו־פיל דערפאַרונג אין אַמעריקאַנער געשעפטן און נישט האָבנדיק קיין עלטערן, מענטשן וועלכע זאָלן מיך עצהן, האָב איך באַשלאָסן, אַז עס איז נישט גע־פערלעך — פרייזן גייען אַראָפּ, וועלן זיי אויך אַרויפגיין. כ'האָב געהאַלטן אין איין קויפן סחורה אויף דעם פּרייז וואָס איז געווען אויפן מאָמענט. אייגן געלט האָב איך געהאַט, קיין קרעדיט אין באַנק האָב איך נישט געזוכט, האָב איך געצאָלט מזומן פאַר יעדן איינציקן פונט סחורה, און הויפּטזעכלעך ווען איך האָב געהאַט קאָנטראַקטן אויף אַ סך סחורה וואָס איך האָב פאַרקויפט צו הויכע פרייזן. איך האָב גראָד די סחורה נישט געקענט שיקן, ווייל דער ווינטער איז געווען זייער אַ שווערער און די ניו־ענגלאַנד אייזן־באַנען האָבן אַרויפגעלייגט אַן עמבאַרגאָ. איך, נישט וויסנדיק אַז אַן עמבאַרגאָ מאַכט בטל אַ קאָנטראַקט, בין געווען זיכער, אַז אַזוי שנעל ווי מען וועט קענען שיקן פראַכט, וועל איך קענען שיקן מיין סחורה. און דערווייל האָב איך געהאַלטן אין איין קויפן. ווען מען האָט, אין 1921, אַראָפּגענומען די עמ־באַרגאָ און איך האָב גענומען שרייבן בריוו אַז איך וויל שיקן די סחורה, האָב איך זיך דערוואוסט אַז צוויי פירמעס האָבן שוין באַנקראָטירט און די אַנדערע האָבן מיר געענטפערט, אַז די באַשטעלונגען זיינען מער קיין באַ־שטעלונגען נישט, ווייל די עמבאַרגאָ האָט זיי אָפּגעווישט. דערווייל בין איך געלעגן מיט סחורה וועלכע האָט מיך געקאָסט הויכע פרייזן. פונדעסטוועגן, ווען איך וואָלט דאָס דעמאָלט פאַרקויפט, וואָלט איך נאָך געקענט ראַטעווען אַ היפּשע פאָר טויזנט דאָלאַר. אָבער ניט באַגרייפנדיק די עקאָנאָמישע לאַ־גע פון לאַנד, האָב איך אויפגעהאַנגען אַ שלאָס אויף דער טיר און בין אַוועק־געפאָרן צו גאַסט. אַזוי בין איך אַרומגעפאָרן אַ זעקס חדשים. די פרייזן זיי־נען אַלץ נידעריקער געפאַלן, ביז מיין קאָנטראַקט („ליס") אויף דער געביי־דע איז אויסגעגאַנגען און נישט וועלנדיק צאָלן העכערע דירה־געלט, איז דאָס פאַרדונגען געוואָרן איבער מיין קאָפּ און איך האָב געמוזט זיך אַרי־

בערקלייבן אָדער פאַרקויפן די סחורה. האָב איך בעסער פאַרקויפט די סחורה און געקראָגן פאַר דעם וויניקער ווי איין טויזנט דאָלאַר.

איך האָב באַשלאָסן אויסצופאַרקויפן די סחורה און אַרויס אינגאַנצן פון דזשאָנק־ביזנעס. הויפּטזעכלעך האָט געווירקט אויף מיר וואָס אַלע מיינע באַקאַנטע האָבן געלאַכט פון מיר: ווי קומט דאָס, פלעגן זיי פרעגן, אַ יונ־גערמאַן און אַ גאַנץ אינטעליגענטער זאָל זיין אין די דזשאָנק־ביזנעס. מי־ליאָנען מענטשן מאַכן אַ לעבן אין דזשאָנק. פאַרוואָס מוזט איר שטיין אין אַזאַ געשעפט? און איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן, אַז אפשר זיינען זיי גע־רעכט. איך האָב אויספאַרקויפט מיין געשעפט אין אַ צייט ווען פרייזן זיינען געווען די נידעריקסטע זינט פאַר דעם אַמעריקאַנער בירגער־קריג.

# איך האָב חתונה

ביז דעמאָלט האָב איך וויניק געטראַכט וועגן הייראַטן. אין אַלגעמיין האָבן פרויען געשפּילט זייער אַ קליינע ראָלע אין מיין לעבן. ביז היינט צו טאָג קען איך דאָס ניט אָפּשאַצן ריכטיק פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געווען. איך האָב אין מיין לעבן איבערגעלעבט פאַרשיידענע שטימונגען. אין דער צייט ווען איך האָב געהאַט אַ שפלות־קאָמפּלעקס, בין איך געווען איבער־צייגט אַז קיין פרוי וויל אויף מיר ניט קוקן. איך האָב אויך געהאַט צייטן פון גדלות־קאָמפּלעקס און געגלויבט, אַז די מיידלעך וועלכע איך האָב באַ־געגנט זיינען נישט גוט גענוג פאַר מיר. אָבער צו זיין ערלעך, ווייס איך נישט צי דאָס זיינען געווען די גאַנצע אורזאַכן. אָבער דער פאַקט בלייבט, אַז איך האָב געהאַט זייער וויניק פרויען־באַקאַנטע און אויף מיין גאַנץ לעבן האָבן זיי זייער וויניק געווירקט.

אין 1919 און 1920 האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן חתונה האָבן, אָבער איך האָב געהאַלטן, אַז איך האָב נאָך נישט גענוג געלט. מיר האָט זיך געוואָלט האָבן אַן אייגענע היים, דינסטן און אַן אויטאָמאָביל. און איך האָב ביי זיך געטראַכט, אַז אויב אין קאַרגע צוויי יאָר פון מיין זיין אין באַלטימאָר, וואוהין איך בין געקומען מיט דריי הונדערט דאָלאַר אין קע־שענע, האָב איך געקענט אָפּשפּאָרן אַ דרייסיק טויזנט דאָלאַר, וועל איך נאָך אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָבן פופציק אָדער אפשר פינף און זיבעציק טויזנט

דאָלאַר, און דעמאָלט וועל איך חתונה האָבן. אָבער דער גורל האָט פאַר מיר עפּעס אַנדערש אָנגעצייכנט. אין 1921, ווען מיין געשעפט איז געגאַנגען זייער שלעכט, און איך האָב געהאַלטן אין איין פאַרלירן געלט, האָב איך זיך פאַרליבט אין אַ מיידל און מיט אַ יאָר שפּעטער האָבן מיר חתונה געהאַט, פּונקט דעמאָלט ווען מיין פינאַנציעלע לאַגע איז געווען זייער אַ שלעכטע.

ווען איך האָב באַשלאָסן אַרויסצוגיין פון די דזשאָבּ־ביזנעס האָב איך געקויפט אַ האַלב געשעפט אין אַ גראָסערי און פליייש־געשעפט, און באַצאָלט דערפאַר פיר און צוואַנציק הונדערט דאָלאַר. איך האָב נישט געהאַט דאָס גאַנצע געלט, האָב איך געמוזט באָרגן ביי קרובים אַ טויזנט דאָלאַר און לייען אויף מיינע אינשורענס. מיין שותף איז געווען אַ גוטער געזעלשאַפט־לעכער טוער, אָבער זייער אַ שלעכטער געשעפטסמאַן. גלייך אויף מאָרגן ווי איך בין אַריין אין געשעפט האָב איך דערזען מיין צרה. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר אויסצאָלן אַ טויזנט דאָלאַר און איך וועל גלייך אַרויס. ער האָט זיך אָנטזאָגט דאָס צו טאָן. נאָך ערגער איז געווען, וואָס עס פלעגט טעגלעך פעלן געלט אין דער קאַסע. און אַז איך האָב אים געפרעגט: ווי קומט עס? האָט ער מיר געענטפערט: „נו, מיר זיינען דאָך דאָ אין צווייען, איז אָדער איך, אָדער איר". איך האָב פאַרשטאַנען וואו ער צילט און באַ־שלאָסן צו שווייגן, ווייל אויב ניט, קען איך נאָך אין די אויגן פון די באַ־קאַנטע ווערן אַ גנב.

איך בין מיט אים אָפּגעשטאַנען אין געשעפט צוויי און אַ האַלב יאָר. דאָס זיינען געווען צוויי און אַ האַלב יאָר פון מאַטערניש, דערנידעריקונג און באַליידיקונג. איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז איין מענטש קען אַ צווייטן פאַרשאַפן אַזויפיל האַרץ־ווייטיק. איך האָב זיך פיל מאָל געבעטן ביי אים, ער זאָל באַצאָלן אַלע חובות פון געשעפט און איבער־נעמען דאָס געשעפט פאַר זיך, און איך וועל אַרויס אָן אַ גראָשן, אָדער, אויב ער וויל אַרויס, וועל איך באַצאָלן אַלע חובות און נאָך אים געבן פינף הונ־דערט דאָלאַר מזומן. ער האָט עס אָבער נישט געוואָלט.

דאָס געשעפט איז געגאַנגען פון שלעכט אויף ערגער. עסן פלעגן מיר נעמען אין געשעפט און צו צוואַנציק דאָלאַר געהאַלט. דאָס געשעפט האָט אָבער נישט געטראָגן אַרויסצונעמען דעם געהאַלט. אָט גראָד אין דער צייט האָב איך חתונה געהאַט. פאַרגעסן וועגן אויטאָמאָבילן און דינסטן און גע־דאַרפט לעבן מיט די צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך, וועלכע דאָס געשעפט האָט

נישט געקענט דעקן. באַך צוויי און אַ האַלב יאָר פון מוטשעניש איז אונז געלונגען צו פאַרקויפן דאָס געשעפט און מיר האָבן געהאַט גענוג געלט צו באַצאָלן אַלע חובות און צו צעטיילן זיך מיט פיר און אַכציק דאָלאַר, וועל־כע זיינען איבערגעבליבן. בין איך געבליבן מיט צוויי און פערציק דאָלאַר מזומנים און איך האָב געהאַט איבער צוויי טויזנט דאָלאַר פערזענלעכע חובות צו צאָלן. טויזנט דאָלאַר, וועלכע איך האָב געליען ווען איך בין אַריין אין געשעפט און איבער טויזנט דאָלאַר, וועלכע איך האָב געמוזט לייען אויף צום לעבן דורך דער צייט. דאָך, ווען איך בין געקומען אַהיים און אַוועק־געלייגט די צוויי און פערציק דאָלאַר אויפן טיש פאַר מיין פרוי, האָב איך פון שמחה געטאַנצט, וואָס איך בין פּטור געוואָרן פון דעם שותף און פון דעם גראָסערי סטאָר, און געזאָגט מיין פרוי, אַז כאָטש איך ווייס נישט וואָס איך וועל טאָן און ווי איך וועל פאַרדינען אויף אַ לעבן, בין איך דאָך גליק־לעך וואָס איך בין פּטור געוואָרן פון די אַלע צרות.

# אַ משפּחה הונגערט

איך האָב פּרובירט גיין צוריק אין די דזשאַנק־ביזנעס, כאָטש איך האָב נישט געהאַט קיין געלט. איך האָב זיך אָנגעשטויסן אָן פאַרשיידענע שוועריקייטן פון קריגן אַ דערלויבעניש צו עפענען אַזאַ געשעפט אין פאַרשיי־דענע געגנטן פון שטאָט, וואו איך האָב געקענט קריגן געביידעס פּאַסיק פאַר אַזאַ געשעפט.

דערווייל האָבן די פרוי און קינד געדאַרפט עסן, און וואו צו נעמען איז נישט געווען. די אָרעמקייט אין הויז איז געווען זייער גרויס. צייטנווייז איז נישט געווען וואָס צום עסן. איין פאַל האָט זיך איינגעקריצט זייער שטאַרק אין מיין זכרון: ווען עס איז נישט געווען אין הויז וואָס צו געבן דעם קינד עסן.

מיין פרוי האָט זיך געהאַדעוועט אין אָרעמקייט. איר מוטער איז גע־בליבן אַן אלמנה דאָ אין לאַנד מיט זעקס קליינע קינדער. מיין פרוי, די עלטסטע, האָט געמוזט יונגערהייט אַוועק אין שאַפּ אַרבעטן. מיין שוויגער האָט געאַרבעט אַליין זייער שווער און האָט געגעבן אַלע זעקס קינדער אַ גוטע דערציאונג, איין זון אַפילו געמאַכט פאַר אַ לאָיער.

ווען איך האָב זיך באַקענט מיט מיין צוקינפטיקער פרוי האָט זי פאַר־דינט פערציק דאָלאַר אַ וואָך, און האָט זיך געקליידט זייער שיין. נאָך אונ־זער חתונה האָב איך נישט געהאַט אַפילו קיין דריי דאָלאַר איר צו קויפן אַ פּאָר שיך. אַ קלייד האָט זי, ווי עס איז, געקענט איבערניצעווען אַליין פון עפּעס אַלטס. מיך האָט עס זייער געקרענקט, וואָס איך בין נישט פעאיק געגנוג צו געבן מיין ווייב דאָס נויטיקסטע צום לעבן. איך האָב ווידער גע־נומען קוקן אויף זיך ווי אויף אַ גרויסן שלימזל.

איין פאַל וועגן וועלכן מיין פרוי און איךריידן איצט גאַנץ אָפט: אירע אַ באַקאַנטע האָט חתונה געהאַט און מיר זיינען געווען איינגעלאַדן אויף דער חתונה. מיין פרוי האָט פשוט ניט געהאַט קיין פּאָר שיך צו גיין צו דער חתונה. ענדלעך איז אונז געלונגען צו קריגן ביי אַ באַקאַנטן אַ פּאָר שיך פאַר דריי דאָלאַר, אויף באָרג. און אַזוי אויסגעפּוצט זיינען מיר אַוועק אויף דער חתונה. דאָרטן האָבן מיר אָנגעטראָפן מיין פרויס אַמאָליקע חבר־טעס, אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק.

איך וויל דאָ באַמערקן אַ קליינעם אינצידענט. ווען איך האָב געהאַט געלט האָב איך געגעבן גאַנץ פריי אויף פאַרשיידענע אַנשטאַלטן און באמת הנאה געהאַט פונעם געבן. איך פלעג צאָלן אַ יערלעכע ביישטייערונג צום אידישן לערער־סעמינאַר. אין אָט דער פעריאָדע ווען ביי אונז איז קיין ברויט נישט געווען אין הויז, איז געקומען אַ פאַרטרעטער פון לערער־סעמינאַר, אַ באַוואוסטע פערזענלעכקייט, אַ שרייבער און קולטור־טוער. און ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז היינטיקן יאָר וועט ער מיר מוזן אַנטשולדיקן, איך קען נישט ביישטייערן קיין געלט, האָט ער מיר געענטפערט: „איך האַלט דאָס פאַר אַ גראָבקייט. עס איז פשוט אַ חזירייַ פון אייך איר זאָלט מיר אָפּ־זאָגן". נישט וועלנדיק מאַכן קיינע סקאַנדאַלן, האָב איך אַרויסגענומען פינף דאָלאַר פון די וועכנטלעכע רענט־געלט (איך האָב געצאָלט רענט אַלע וואָך, ווייל עס איז געווען שווער אָנצוזאַמלען אויף אַ גאַנצן חודש) און אים גע־געבן. איך בין געווען צופרידן וואָס מיין פרוי האָט נישט געהערט זיין זידלעריי.

# פּאַרקאָכטקייט אין ליטעראַטור

אין די יאָרן 1919־1923 בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אידישער ליטעראַטור. יעדער ניי ליד האָט ביי מיר אַרויסגערופן פרייד. יעדע קורצע דערציילונג האָט אַרויסגערופן לאַנגע דיסקוסיעס. ווען עס איז געקומען אַ ביכער־אַגענט האָב איך זיך געפילט גליקלעך וואָס איך האָב געקענט מיט אים אַרויסגיין פאַרקויפן ביכער. עס פלעגט אָפט קומען פאַרקויפן ביכער איינער אַ שרייבער, ניט קיין סימפּאַטישער מענטש. פלעגט ער איינשטיין ביי מיר אין הויז און איך האָב זיך געטיילט מיט אים מיט מיין בעט. ער האָט אָבער גענומען געלט און פאַרגעסן איבערצושיקן די ביכער. מענטשן האָבן אָנגעהויבן האָבן טענות צו מיר. בין איך אַוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק, אויפגעזוכט דעם חברהמאַן, אים גוט אָנגעסטראַשעט מיט פּעטש און — ער האָט איבערגעשיקט די ביכער.

אין 1923 האָב איך איבערגעלעבט אַן אָנגענעמע איבערראַשונג. דאָס איז געווען ווען איך האָב איבערגעלייענט אין דער „צוקונפט" די ערשטע קאַפּיטלעך „קענטאָקי" פון י. י. שוואַרץ. איך האָב געפילט ווי אַ דורשטי־קער וואָס געפינט אין מדבר אַ קוואַל וואַסער. איך בין מיד געווען לייענען וועגן שטעטל און ווידעראַמאָל וועגן שטעטל. אונזערע שרייבער, כאָטש זיי וואוינען אין אַמעריקע יאָרן־לאַנג, קענען ניט דאָס היגע לעבן און טאָמער שרייבן זיי שוין יאָ וועגן דעם היגן לעבן, שרייבן זיי וועגן ניו־יאָרק. מער ווי ניו־יאָרק עקזיסטירט ניט פאַר זיי. אָבער אויך דאָס ניו־יאָרקער לעבן קענען זיי ניט. זייערע העלדן לעבן ניט קיין אייגענעם לעבן, נאָר אַ לעבן וואָס די שרייבער זעען דורך די פענצטער פון דער ליטעראַרישער קאַפע. מיך האָט צוגעצויגן א. ראַבאָי מיט זיינע דערציילונגען פון די פּרעיריס. דער טאָן איז געווען אַ פרישער, אַ לעבעדיקער, כאָטש זיינע מענטשן זיינען געגאַנגען אויף הילצערנע פיס. איך האָב געהאָפט, אַז ער וועט אָבער גע־פינען זיין וועג. אָפּאַטאָשו האָט מיך געהאַלטן געפאַנגען מיט זיינע קורצע דערציילונגען, אַזוי מוסטערהאַפט אויסגעהאַמערט. אָבער זיי זיינען געווען אַזוי קורץ, אַז זיי האָבן ניט באַפרידיקט. ווען איך לייען איבער אָפּאַטאָשוס אַ דערציילונג פיל איך ווי איך וואָלט געקייעט אַ געשמאַקע זאַך און דאַרף עס דערנאָך אויסשפּייען. איך בלייב אַ נישט־צופרידענער.

שוואַרצעס „קענטאָקי" האָט מיך באַפרידיקט, פּונקט ווי איך וואָלט גע־

כאַפּט אַ שווים אין אַ שטילן וואַסער. זיין געהאַמערטע שפּראַך, זיין קלאָר־קייט פון אויסדרוק, זיינע העלדן — אַזעלכע נאַטירלעכע מענטשן — האָבן מיך דערפרישט. יאָרן־לאַנג האָב איך זיך נאָכגעפרעגט אויף י. י. שוואַרצן. היינט קען איך שטאָלצירן מיט שוואַרצעס פריינטשאַפט.

## שווערע פראַצע

דערווייל האָב איך געקראָגן אַ שטעלע אַלס אָרגאַניזאַטאָר פון דער „בוטשער אַסאָסיאיישאַן". איך האָב די אַרבעט ניט ליב געהאַט, אָבער די פינף־און־דרייסיק דאָלאַר אַ וואָך האָבן מיר געגעבן ברויט. נאָך זעקס חדשים אַלס אָרגאַניזאַטאָר האָב איך געקראָדגן אַן אָנבאָט פון אַ שמאַטע־געשעפט דאָרטן צו אַרבעטן ווי אַ „שיפּינג און רעסיווינג קלוירק" פאַר פערציק דאָ־לאַר אַ וואָך געהאַלט. איך האָב די שטעלע אָנגענומען און אַ נײַ קאַפּיטל האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן.

די באַלעבאַטים זיינען געווען צוויי אידישע ברידער. איינער, דזש., אין מיין עלטער. דער אַנדערער, ב., צוויי יאָר אינגער. דזש., איינער פון די פּעאיקסטע מענטשן וואָס איך האָב אין מיין לעבן אָנגעטראָפן, איז געווען ערלעך, דירעקט, האָט געהאַט אַ שנעלן גערדאַנק, אַ געזונטן לאָגישן קאָפּ און איז געווען אַ שווערער אַרבעטער. ב., אַ שווערער אַרבעטער, האָט געהיט די סענטן. יעדער זאַך אין געשעפט האָט ער געמוזט איבערזען. ער איז געווען אַן עקשן און האָט געליטן פון אַ שפלות־קאָמפּלעקס.

זיי האָבן געטאָן גרויסע געשעפטן, אָבער אין אַ קליינעם פּלאַץ. עס איז געווען שרעקלעך ענג. הונדערטער און הונדערטער טאָן סחורה זיינען חודש־לעך איבערגעהאַנדלט געוואָרן. די ערשטע פּאָר וואָכן האָב איך פיל האַרץ־ווייטיק איבערגעלעבט. איינער פון די פּאַרלייט האָט פון מיר געוואָלט פּטור ווערן, האָט ער געזאָגט די באַלעבאַטים, אַז איך נעם כאַבאַר ביים אַריינ־נעמען די סחורה. אַ פּאָר אמאָל האָבן זיי מיר געשטעלט פראַגן וועלכע זיי־נען מיר אויסגעקומען מאָדנע. איינמאָל האָב איך זיי גאַנץ אָפן געזאָגט: איר ווייסט אַליין, אַז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק וואָלט איך פאַר אייך ניט גע־אַרבעט אַפילו פאַר צען טויזנט דאָלאַר אַ יאָר (זיי האָבן מיך געקענט אין דער צייט ווען איך בין געווען אין געשעפט פאַר זיך אַליין און מיר האָבן

אָפּט קאָנקורירט). איצט בין איך געקומען אַרבעטן פֿאַר אייך ווייל איך האָב ניט קיין ברויט אין שטוב, אָבער איך וועל בעסער שטאַרבן פֿון הונגער איידער אַרבעטן דאָ אונטער אַ פֿאַרדאַכט. איר מוזט מיר זאָגן צוויי זאַכן: וואָס מען האָט אייך דערציילט וועגן מיר און ווער עס האָט אייך דערציילט. נאָכדעם ווי איך האָב זיי צוגעזאָגט, אַז איך וועל ניט טשעפּען דעם פֿאַלשן מסור, האָבן זיי מיר דערציילט אַז דער קריסטלעכער יונגערמאַן, דער קאָ־ליקע, האָט זיי דערציילט אָט די אַלע זאַכן און אַז זיי אַליין ווייסן אַז עס איז אַ ליגן (מיט יאָרן שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זיי האָבן אָנגע־שטעלט אַ דעטעקטיוו מיך צו היטן און זיין באַריכט האָט זיי איבערצייגט אין מיין ערלעכקייט). איך האָב געאַרבעט זייער שווער. די עטלעכע יאָר גראָסערי האָבן מיינע כוחות פֿון מיר צוגענומען און איך האָב שוין ניט געקענט אַרבעטן אַזוי שווער ווי אין די פֿריערדיקע יאָרן, כאָטש איך האָב דאָס זיך אַליין ניט געוואָלט צוגעבן.

מיין לאַגע איז געווען זייער אַ שלעכטע. פֿון די פֿערציק דאָלאַר האָב איך געדאַרפֿט צאָלן חובות און עס האָט ניט געקלעקט די חלה אויף המוציא׳ס. און ערגער איז געווען וואָס איך האָב ניט געזען קיין צוקונפֿט פֿאַר זיך. אַ פּאָר יאָר ביי דער אַרבעט, ניט באַגעגענען זיך מיט געשעפֿטס־לייט, ניט וויסן קיין פּרייזן, וועל איך מוזן בלייבן אַן אַרבעטער אויפֿן גאַנצן לעבן. אָבער אויפֿגעבן די שטעלע און זוכן עפּעס אַנדערש איז געווען אויסגע־שלאָסן. און כל זמן איך בין פֿאַררוקט אין „וועיר־האַוז" האָב איך ניט קיין געלעגנהייט עפּעס אַנדערש צו געפֿינען. איך האָב באַשלאָסן דורך שווערער אַרבעט אַזוי צו פֿאַרבעסערן מיין שטעלע, אַז די באַלעבאַטים זאָלן ניט קענען עמעצן אַנדערש נעמען אויף מיין אָרט.

אין צוויי חדשים צייט האָב איך איבערגענומען די גאַנצע אַרבעט פֿון „וועיר־האַוז" — אַלע דעפּאַרטמענטס. לכתחילה האָבן די אַנדערע צוויי פּאַרליים מיר געלייגט שוועריקייטן אין וועג, אָבער אַז זיי האָבן דערזען אַז זיי האָבן אַ פֿריינט אין מיר, אַז איך מיין ניט קיין שלעכטס פֿאַר זיי — פֿאַרקערט, אַז איך בין זייערער אַ פֿריינט, אַז איין פֿאַרמאַן האָט געמאַכט אַ טעות און ב. איז געקומען מיט אַ געשריי, האָב איך אויף זיך גענומען די שולד, זיינען זיי געוואָרן מיינע בעסטע גוטע פֿריינט און וואָלטן פֿאַר מיר געטאָן אַלץ אין דער וועלט. דורך זייער קאָאָפּעראַציע איז מיר געלונגען צו פֿאַרשפּאָרן דעם געשעפֿט פֿיל הונדערטער דאָלאַר מאָנאַטלעך. מיר איז געלונגען איבער־

צייגן די באַלעבאַטים, אַז זיי זאָלן העכערן דאָס געהאַלט פון די פּאָרלייט. פון צופיל אַרבעט און אָנשטרענגונג האָב איך צוזאַמענגעבראָכן ביי דער אַרבעט און מען האָט מיך געמוזט אָפּפירן אַהיים.

דער זומער פון 1924 איז געווען זייער אַ שווערער פאַר מיר. איך פלעג קומען שרעקלעך מיד פון דער אַרבעט. פיל מאָל האָט געטראָפן, אַז איך האָב קיין כוח ניט געהאַט צוצוטראָגן דאָס שפּייז צום מויל. איך פלעג אַוועקפאַלן אַ מידער, אַ צעבראָכענער, אַפילו ריידן איז פאַר מיר געווען אַן אָנשטרענגונג. מיין פרויס פאַמיליע האָט גענומען ריידן, אַז איך בין פשוט פויל. איך מאַך זיך אַז איך בין קראַנק, ווייל איך וויל ניט אַרבעטן. זייערע רייד האָבן געשניטן ווי מעסערס, אָבער וואָס האָב איך זיי געקענט ענטפערן? איך ווער פאַרברענט פון אַמביציע, איך אַרבעט איבער מיינע כוחות און זיי זאָגן אַז איך פויל זיך אַרבעטן.

ווען איך האָב דערפילט אַז איך בין וויכטיק אין געשעפט, האָב איך גענומען בעטן מיינע באַלעבאַטים זיי זאָלן מיך לאָזן אַרויספאָרן טאָן געשעפט. צומערשט האָבן זיי ניט געוואָלט דערפון הערן, אָבער אַז איך האָב זיי געזאָגט אַז זיי דאַרפן פאַרשטיין, אַז איך וועל לאַנג ניט בלייבן ביי זיי אויף דער שטעלע וועלכע איך האָב פאַרנומען, ווייל צופיל קענען זיי מיר ניט צאָלן פאַר דער סאָרט אַרבעט און מיינע אַמביציעס זיינען פיל העכער ווי די פופציק דאָלאַר וועלכע זיי צאָלן מיר איצט, אָדער אַפילו פינף און זיבעציק, וועלכע זיי וועלן מיר שפּעטער געבן — האָבן זיי איינגעזען אַז מיינע טענות זיינען גערעכט און האָבן מיר געהייסן אַרויספאָרן אין די נאָענטע שטעטלעך אויף צוויי־דריי טעג אַ וואָך און די איבעריקע צייט זאָל איך אָפּגעבן מיין אַלטער שטעלע.

גלייך ביים ערשטן אַרויספאָר בין איך געווען דערפאָלגרייך. די בראַנזשע האָב איך געוואוסט, געשעפטן האָב איך געפירט נאָך ווען איך בין געווען אַ איינגל. איז קיין וואונדער ניט געווען וואָס איך בין געווען דערפאָלגרייך. מיט צוויי וואָכן שפּעטער רופן זיי מיך אַריין אין קאַנטאָר און זאָגן מיר: מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז דיין פּלאַץ איז אַרומצופאָרן פאַרן געשעפט און ניט זיין אין „ווערהאַוז". געפין עמעצן צו פאַרנעמען דיין פּלאַץ און דו וועסט ווערן אַ סיילסמאַן. אָבער וואו נעמט מען אַ מאַן אויף מיין פּלאַץ?

גראָד האָט מיר צוגעשפּילט דער מזל און אויף מאָרגן קומט אַריין אַ

אידישער בחור און פרעגט ביי מיר צי ער קען קריגן אַרבעט. ער האָט דערפאַרונג אין אַזאַ סאָרט געשעפט, אָבער ער קען ניט שטימען מיטן פּאַ־טער. דערציייל איך אים, אַז מיין שטעלע איז ליידיק, אַז איך קריג פופציק דאָלאַר אַ וואָך און אַז אויב ער וועט פאָדערן ניט ווייניקער פון פערציק, וועט ער געוויס קריגן די אַרבעט. איך האָב אים אָנגעזאָגט ווי אַזוי צו ריידן.

ווען ער איז אַרויס פון אָפיס פרעג איך ביי אים: וויפל? זאָגט ער: פינף און צוואַנציק. האָב איך שוין געוואוסט אַז ער וועט די שטעלע לאַנג ניט האַלטן. און אין איין חודש צייט האָט ער אָנגעטאָן אַזויפיל שאָדן, אַז מען האָט אים אַוועקגעשיקט.

אָבער איך בין געוואָרן אַ סיילסמאַן — דער ערשטער סיילסמאַן אין דער בראַנזשע אין גאַנצן לאַנד, וועלכער האָט געצויגן פּרנסה בלויז פון כסדרדיקן אַרומפאָרן איבערן לאַנד. עס זיינען געווען סיילסלייט פאַר מיר, אָבער זיי פלעגן אַרויספאָרן נאָר פון צייט צו צייט. די איבעריקע צייט פלעגן זיי זיין אין אָפיס. איך האָב אָבער אין אָפיס קיין אַרבעט ניט געהאַט. דזש. און ב. האָבן דאָס אַליין געטאָן. פלעג איך אַרומרייזן אַלע וואָך, קומען אַהיים שבת פרי און צוריק אַוועקפאָרן זונטיק ביינאַכט אָדער מאָנטיק פרי. וואָס מער טעריטאָריע איך האָב באַרייזט, אַלץ לענגער בין איך געווען אַוועק פון דער היים. צומערשט איין וואָך, דערנאָך צוויי און שפּעטער דריי און פיר וואָכן.

מיין ערשטער אַרויספאָר איז געווען אין די קליינע שטעטלעך אַרום באַלטימאָר, אויפצוקויפן סחורה ביי די קליינע דזשאַנק־דילערס. איך האָב גלייך געוואונען זייער צוטרוי. איך האָב מיט זיי גערעדט אידיש, דורכגע־וואָרפן מיט פאָלקסווערטלעך און פסוקים. די דזשאַנק־דילערס, וועלכע זיי־נען כמעט אַלע אידן — אייניקע פון זיי האָבן אַמאָל געלערנט, און זיי פלעגן זיך זייער שטאַרק דערפרייען ווען איך פלעג זיי דערמאָנען עפּעס וואָס זיי האָבן אַמאָל אַליין געלערנט. איך האָב אויך אָפּגעמאַכט ביי זיך צו זיין פול־שטענדיק ערלעך מיט זיי און נישט זוכן צו קויפן מציאות, אַזוי, אַז זיי האָבן זיך אויף מיר פאַרלאָזט און אויף מיין ערלעכקייט. ווען איך האָב זיי געגעבן אַ פּרייז, האָבן זיי געוואוסט אַז דאָס איז דער ריכטיקער פּרייז אין יענעם מאָמענט.

גאַנץ אָפט האָב איך געקויפט סחורה פאַר שפּעטערדיקע צושטעלונגען. און אויב עס האָט געטראָפן אַז דער פּרייז איז אַרויף, האָבן זיי אַלעמאָל געקראָגן אַ העכערונג אין פּרייז, כאָטש עס איז זיי ניט געקומען. צוליב דעם

זײַנען פֿאָרגעקומען אַ סך צוויסטיקייטן צווישן מיר און מײַנע באַלעבאַטים. זיי האָבן נישט געזען די נויטווענדיקייט פֿון העכערן פּרייזן ווען דער פֿאַר־קויפֿער האָט עס אַפֿילו נישט געבעטן. מײַן טענה איז געווען, אַז אויב מיר וועלן זיי נישט געבן די העכערונג, וועלן זיי אַ צווייטן מאָל מיר נישט פֿאַר־קויפֿן פֿאַר צוקינפֿטיקע צושטעלונגען.

ביז איינמאָל איז געקומען צו אַ שאַרפֿן איבעררייד צווישן מיר און די באַלעבאַטים צוליב אַזאַ פֿאַל. איך האָב זיי געזאָגט, אַז נישט זיי צאָלן מיר געהאַלט, נאָר די קונדן בײַ וועמען איך קויף. ווײַל אויב איך וועל נישט אַרײַנברענגען קיין קניות, וועלן זיי מיר נישט צאָלן קיין געהאַלט פֿאַר מײַן גוטן אויסזען. פֿון דעמאָלט אָן האָב איך מער קיין צוויסטיקייטן נישט גע־האָט מיט די באַלעבאַטים וועגן דעם און איך האָב געהאַט אַ פֿרייע האַנט צו טאָן געשעפֿט לויט מײַן פֿאַרשטאַנד, איבערהויפּט ווען זיי האָבן פֿאַרדינט אַ סך געלט אין געשעפֿט און פֿון מײַנע קניות האָבן זיי אַלעמאָל געהאַט פּראָפֿיטן.

פֿאַר מיר האָט זיך געעפֿנט אַ נײַע וועלט. איך האָב אַלעמאָל ליב גע־האָט אַרומצופֿאָרן און זען נײַע מענטשן און נײַע סביבות. און איצט האָב איך געקראָגן די מעגלעכקייט דאָס צו טאָן. ביסלעכווײַז האָב איך גענומען אַרײַננעמען נײַע טעריטאָריעס און פֿאָרן אַלץ ווײַטער פֿון באַלטימאָר. דאָס האָט מיך שוין געצוואונגען צוליב געשעפֿט צו פֿאַרקויפֿן סחורה, אַזוי גוט ווי קויפֿן. איך האָב גלײַך פֿון אָנהויב זיך אַוועקגעשטעלט אין געשעפֿט נישט אַלס אַ צײַטווײַליקע זאַך, נאָר צו בויען אַ געשעפֿט אויף אַ געזונטן באַזיס. פֿאַר מיר האָט עס געמיינט נישט וויפֿל די באַלעבאַטים קענען פֿאַרדינען פֿון אַ צווײ אָדער דרײַ־וואָכעדיקער רייזע, נאָר וואָס פֿאַראַ בענעפֿיטן דאָס געשעפֿט וועט קענען קריגן פֿון מײַן רייזע אין שפּעטערדיקע יאָרן.

עס איז פֿאַר מיר געווען וויכטיקער צו עפֿענען אַ נײַעם מאַרקעט מיט אַ פֿאַבריק איידער צו פֿאַרקויפֿן אַן אַנדער דילער אַ קאַר אָדער אַ צווייטע סחורה, ווײַל מײַן פּלאַן איז געווען אַז יעדער איינציקער סאָרט סחורה, וועלכע מיר פּראָדוצירן, זאָל קענען פֿאַרקויפֿט ווערן דירעקט צו דעם פֿאַבריקאַנט וועל־כער קען דאָס נוצן. דאָס האָט אָפֿט געמיינט שאַפֿן אַ יש מאַין.

מיר האָבן סאָרטירט די שמאַטעס אויף איבער הונדערט סאָרטן. יע־דער סאָרט ווערט גענוצט פֿאַר עפּעס אַנדערש. און מען דאַרף אַלעמאָל זוכן נײַע פֿאַרבינדונגען, וואו מען זאָל קענען פֿאַרקויפֿן די סאָרטן פֿאַר

גרעסערע פּרייזן. איך האָב געדאַרפט שטודירן ווי פּאַפּיר ווערט געמאַכט, כּדי צו וויסן וועלכע סאָרט שמאַטע איז בעסער פּאַסיק פאַר אַ געוויסן סאָרט פּאַפּיר. דאָס האָט שוין געמיינט נישט נאָר איבערצורעדן דעם קויפער פון פאַבריק אַז ער זאָל קויפן מיין סחורה, נאָר באַקענען זיך מיטן פאַבריק־דירעקטאָר און איבערצייגן אים, אַז ער קען נוצן אַ געוויסן סאָרט שמאַטע צו מאַכן דאָס פּאַפּיר, וואָס זיי פאַבריצירן. עס איז געווען אַ לאַנגער פּראָצעס, אָבער איך בין געווען זייער דערפאָלגרייך אויף דעם געביט.

איך האָב אַריינגעטאָן אין געשעפט מיין גאַנצע ענערגיע און עס האָט ניט עקזיסטירט פאַר מיר קיין שום זאַך אין לעבן אַחוץ דעם געשעפט. איך האָב אַפילו פאַרנאַכלעסיקט מיין פרוי און קינד. דאָס געשעפט קומט פאַר־אויס. די באַלעבאַטים זיינען געווען זייער צופרידן מיט מיר און איך האָב געפילט אין געשעפט ווי אַ דריטער שותף. אַ סך מאָל בין איך ניט געווען איינפאַרשטאַנען מיט זייערע מעטאָדן אָדער אַפילו פּרינציפּן פון טאָן גע־שעפט און איך האָב זיך נישט אָפּגעהאַלטן און זיי געזאָגט וועגן דעם. איך געדענק, אַז איינמאָל אין אַזאַ איבעררייד האָב איך געזאָגט איינעם פון די באַלעבאַטים, אַז איך בין נישט איינפאַרשטאַנען מיט אים, אַז ער איז אומ־גערעכט, אָבער ליידער אַרבעט איך פאַר אים, מוז איך טאָן ווי ער וויל. וואָלט ער געאַרבעט פאַר מיר, וואָלט ער געדאַרפט טאָן ווי איך וויל.

דערווייל האָב איך געקראָגן זייער גרויסע דערפאַרונג אין דעם סאָרט געשעפט. מיין אויג האָט געקענט אָפּשאַצן סחורה און איך האָב געקענט פאָראויסזאָגן וויפל פּראָצענט עס וועלן אַרויסקומען פאַרשיידענע סאָרטן פון אַ באַל געמישטע סחורה.

עס האָט מיך אויך געצוואונגען צו שטודירן די עקאָנאָמישע לאַגע פון לאַנד צו קענען פאָראויסזען ווי די פּרייזן וועלן זיין אין דער נאָענטער צו־קונפט. איך וויל נישט אַליין צושרייבן צו מיין חכמה, אָבער אין די פיר און אַ האַלב יאָר וואָס איך בין געווען מיט זיי האָב איך קיין איין מאָל נישט געמאַכט קיין טעות וועגן דעם פּרייזן־צושטאַנד פאַר דער צוקונפט.

די מענטשן מיט וועמען איך האָב געטאָן געשעפט האָבן אַלע געדענקט אַז איך בין איינער פון די באַלעבאַטים. אין דער אמתן איז מיין געהאַלט געווען זייער אַ קליינער. איך האָב געאַרבעט ביז 1928 פאַר פינף און זיבע־ציק דאָלאַר אַ וואָך.

אין מיין אַרומפאָרן איבערן לאַנד האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט פילע

רייזנדע אַגענטן, אידן און ניט־אידן, וועלכע פֿאַרקויפֿן אַלערליי סחורות. און אַ סך מאָל האָב איך געהערט פֿון אידישע אַגענטן (קיינמאָל ניט פֿון אַ ניט איד), אַז זיי איז ליבער צו טאָן געשעפֿט מיט אַ קריסט ווי מיט אַ אידן. מיין דערפֿאַרונג האָט מיר געצייגט, אַז פֿאַר מיר איז ליבער צו טאָן געשעפֿט מיט אַ אידן אײדער מיט אַ ניט־איד. ווייל ווען עס טרעפֿט אַ סכסוך וועגן דער קוואַליטעט פֿון דער סחורה (און אין דער בראַנזשע אין וועלכער איך בין געווען באַשעפֿטיקט, זיינען אָפֿט פֿאָרגעקומען סכסוכים. די עצם סחורה ווערט ניט פֿראָדוצירט איינהייטלעך מיט אַ מאַשין און מען קען אויך ניט טעסטירן צי די סחורה איז גוט צי שלעכט), איז ווען עס טרעפֿט דער סכסוך מיט אַ אידן קומט פֿאַר אַ וויכוח אַמאָל אַ שטילער, אַ רואיקער, אַמאָל מער שטורמישער. סוף כל סוף קומט מען צו אַן אויסגלייך און מען בלייבט פֿריינט. אָבער ווען דאָס טרעפֿט מיט אַ קריסט, איז די לאַגע גאָר אַן אַנדערע. די פֿראַגע צי די סחורה איז גוט צי שלעכט ווערט ווייניק גערעדט. דער קריסט הייבט גלייך אָן מיט „פֿאַרוואָס זיינען אַלע אידן שווינדלערס און ענלעכס". אמת, ניט אַלע קריסטן האַנדלען אַזוי, אָבער איך האָב אָנגעטראָפֿן אויף מער ווי עטלעכע פֿון דעם מין. ווען איינער הייבט אָן מיט אַזאַ פּזמון, איז דאָס אַ גוטער סימן אַז ער אַליין איז אַ שווינדלער און אַ ליגנער. געוויינטלעך קריגט ער אַ קאָנצעסיע, אַרגומענטירן מיט אים העלפֿט ניט. וואָס איר וועט אים זאָגן זייט איר אַ ליגנער. מיין מעטאָדע אין אַזאַ פֿאַל איז געווען, צו לאָזן אים אויסגיסן זיין גאַל וויפֿל ער האָט געוואָלט, דערנאָך אָפּצושניידן מיט וואָס אַ קלענערן פֿאַרלוסט, דערנאָך אים מאַכן אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר, אַז מער קיין תביעות וועט ער ניט האָבן. דעמאָלט האָב איך אים געזאָגט וואָס איך דענק וועגן אים, אַז ניט נאָר איז ער אַ שווינדלער און אַ ליגנער, נאָר אין אַלגעמיין אַ נידעריקע בריה. דאָס אַלץ האָב איך געזאָגט זייער הויך, אַז ניט נאָר די מענטשן אין ביוראָ זאָלן הערן, נאָר אפֿילו אויך אין די דערבייאיקע ביוראָען, און פֿאַרענדיקט, אַז מיט אַזאַ סאָרט פֿאַרשוין ווי ער איז, וואָלט איך ניט געזעסן ביי איין טיש צו טרינקען אַ גלעזל טיי.

אַזוי ווי איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן פֿאַר פֿערציק דאָלאַר אַ וואָך און איך האָב געהאַט אַ סך חובות צו צאָלן, זיינען די ערשטע פֿאַר יאָר געווען זייער שווערע. סוף 1924 האָט מיין פֿרוי אַריינגענומען האָדעווען אין הויז פֿיר קינדער פֿון אַן אַנשטאַלט. מיר האָבן פֿאַר דעם געקראָגן פֿיר און צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך. עס איז געווען אויסערגעוויינטלעך שווער פֿאַר מיין

פרוי אויפצופאַסן אויף די קינדער, האָבנדיק אַליין אַ קליין קינד און אַן אַ דינסט אין הויז. מיר האָבן געהאַלטן די קינדער אַ יאָר צייט, ביז מיר האָבן זיך אַרומגעצאָלט מיט די חובות. דערווייל האָב איך געקראָגן אַ העכערונג אין מיין געהאַלט, איז אונזער עקאָנאָמישע לאַגע געוואָרן גאַנץ באַקוועם. מיר האָבן געהאַט גענוג אויף צום לעבן און אויף געבן צדקה, ווייל די פּאָר יאָר וואָס איך האָב נישט געקענט געבן קיין געלט פאַר צדקה, האָבן מיר זיך אָפּגעריסן פון דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט.

די פּועלי־ציון־באַוועגונג, וואו איך בין געווען טעטיק אין די פריערדיקע יאָרן און וואו איך האָב זיך געלאָזט קאָסטן קאָסטן געלט, האָט ביסלעכווייז פאַרגעסן וועגן אונז, ווי באַלד מיר האָבן נישט געקענט ביישטייערן צו די פּאַרשיידענע פאָנדן. איצט, ווען מיר האָבן זיך געקענט לאָזן קאָסטן עטלעכע דאָלאַר זיינען מיר ווידער געוואָרן חשובע מענטשן און מען האָט אונז ווייטער גענומען איינלאַדן צו פאַרשיידענע מיטינגען און אונטערנעמונגען.

איך וויל דאָ באַמערקן נאָך אַ זאַך, וואָס האָט מיר אין יענע יאָרן שטאַרק געקרענקט, אָבער היינט, זייענדיק עלטער און מער דערפאַרן, שמייכל איך וועגן דעם. אין די יאָרן ווען מיר איז געגאַנגען עקאָנאָמיש גוט זיינען אַ סך באַקאַנטע געקומען צו מיר פרעגן עצות וועגן געשעפט. און זיי האָבן געהאַלטן פון מיר אַן עולם ומלואו. אָבער אַזוי שנעל ווי איך האָב מיין געלט פאַרלוירן — איז נישט נאָר איז מען נישט געקומען פרעגן עצות, נאָר איינער פון זיי אַפילו... ניקע האָבן אַפילו געזאָגט „בעני האַלט זיך פאַר אַ חכם. איך האָב אָבער געוואוסט אַז ער וועט ברעכן האַלז און נאַקן. ער האַלט זיך צו קלוג". די זעלבע מענטשן זיינען אָבער ווייטער געקומען נאָך עצות און פינאַנציעלער הילף אַזוי שנעל ווי מיין פינאַנציעלע לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט.

שמואל-בער לייקין

# איך פאָר איבערן לאַנד

די יאָרן 1924 ביז 1929, וועלכע זיינען געווען די בעסטע אין עקאָנאָמישן צושטאַנד פון לאַנד, האָבן מיר נאַטירלעך צוגעשפּילט צו מאַכן אַ סך געלט, נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר מיינע באַלעבאַטים.

ביסלעכווייז האָב איך אויסגעשפּרייט מיין טעריטאָריע איבער די גאַנצע פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. איך האָב באַרייזט אַלע שטאַטן און קאַנאַדע, אַלע שטעט און שטעטלעך צענדליקער מאָל. מיין מאַרשרוט פלעגט זיך איינשטעלן, אָנהויבנדיק מיט פּיטסבורג און האַלטן זיך ביי די צפונדיקע שטאַטן ביזן פּאַסיפישן אָקעאַן. דערנאָך פאַרקערעווען זיך דרום און באַזוכן אַלע שטעט אין די דרום־שטאַטן. דאָס האָט געמיינט אַרבעטן דעם טאָג און פאָרן ביינאַכט. איך פלעג מאַכן די רייזע אין זעקס און דרייסיק טעג, און קיין איין נאַכט אַפילו נישט שלאָפן אין אַ האָטעל.

נאָך עטלעכע יאָר אַרומפאָרן האָט זיך עס גענומען אָפּרופן אויף מיין געזונט. נאָך אַזאַ רייזע פלעג איך זיין זייער נערוועז פון צופיל אָנשטרענגונג.

אין 1925 איז אונז געבוירן געוואָרן נאָך אַ מיידעלע.

די באַלעבאַטים, מורא האָבנדיק אַז זיי וועלן מיך פאַרלירן, האָבן אָנגעהויבן מיר געבן אָנצוהערעניש וועגן זיך איינקאָרפּאָרירן און געבן מיר אַקציעס אין געשעפט.

איך האָב דאָס געשעפט זייער ליב געהאַט. מיט די באַלעבאַטים בין איך געווען חבריש און אין זייער גוטע באַציאונגען. איך האָב זיך באַקאַנט מיט יעדן איינציקן געשעפטס־מאַן אין דער בראַנזשע איבער די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. און כאָטש פינאַנציעל האָב איך דערווייל פון דעם געגנאַסן זייער ווייניק, האָב איך אָבער אויך ווייניק געטראַכט וועגן דעם, ווייל אינערלעך בין איך געווען זייער צופרידן. איבערהויפּט בין איך געווען צופרידן וואָס מיינע קונדן פלעגן מיך אויפנעמען אַזוי שיין ווען נאָר איך בין געקומען. איך האָב געוואוסט יעדן איינציקנס געשעפטס־אָנגעלעגנהייטן און זיי פלעגן זיך אָפּט באַראַטן מיט מיר וואָס צו טאָן, ווויסנדיק פאָראויס אַז וואָס זיי דערציילן מיר וועט דאָס נישט איבערדערציילט ווערן צו עמעצן אַנדערש.

אונטער די אומשטענדן פון כסדרדיקן אַרומפאָרן בין איך נאַטירלעך נישט געווען טעטיק אין קיין געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. אָפיציעל

האָב איך באַלאַנגט צום אַרבעטער־רינג. מיינע סימפּאַטיעס זיינען געווען מיט די פּועלי־ציון, וואו איך האָב בייגעשטייערט צו אַלע פאָנדן. אונטער מיינע רייזעס האָב איך אַלעמאָל געפירט מיט זיך עטלעכע ביכער און גע־לייענט אַ סך.

געזעלשאַפטלעך האָב איך אַלץ איבערגעלאָזן צו מיין פרוי. זי האָט איינ־געלאַדן אין הויז וועמען זי האָט געוואָלט און מיר זיינען געגאַנגען צוגאַסט וואוהין זי האָט געוואָלט.

מיט מיין פרויס משפּחה האָבן זיך איינגעשטעלט די באַציאונגען אַז איך בין דער רייכער מאַן און איך דאַרף אַלעמען העלפן, אַזוי, אַז יעדער איינער איז געקומען מיט זיין פּעקל צרות צו מיר. איך האָב יעדן איינציקן געהאָלפן איבער מיינע מעגלעכקייטן.

אַזוי זיינען דורכגעגאַנגען די יאָרן ביז 1928. דאָס געשעפט וואו איך האָב געאַרבעט האָט זיך זייער צעוואָקסן. ווען איך בין דאָרטן אָנגעקומען אַרבעטן אין 1924, איז זייער פאַרמעגן געווען 27,000 דאָלאַר. אמת, גע־שעפטן האָבן זיי געטאָן אַ סך גרעסערע לויט זייער קאַפּיטאַל. דאָס געשעפט האָט אָבער געטראָגן אַ לאָקאַלן כאַראַקטער. פאַר די פיר יאָר צייט וואָס איך בין דאָרט געווען האָבן זיי שטאַרק פאַרגרעסערט דאָס געשעפט און עס האָט אָנגעהויבן טראָגן אַ מער אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער, ווייל מיר האָבן געטאָן גרויסע געשעפטן מיט אייראָפּע און מיט יאַפּאַן. אין 1928 האָט אַ פירמע אויפן פּאַסיפישן ברעג גענומען קאָנקורירן מיט אונזער פירמע מיט די אימפּאָרטירטע יאַפּאַנעזישע סחורות. זיי איז געלונגען צו מאַכן גוטע פאַרבינדונגען אין יאַפּאַן און קריגן בעסערע סחורה. פאַר אונז האָט זיך געשטעלט די פראַגע: ווי קענען מיר קאָנקורירן מיט זיי? און עס איז באַ־שלאָסן געוואָרן, אַז איינער פון אונז זאָל פאָרן קיין יאַפּאַן מיט דער אויס־זיכט צו עפענען דאָרטן אַ געשעפט, וואו די סחורה זאָל סאָרטירט און גע־פּאַקט ווערן אַזוי, אַז מען זאָל זי קענען פאַרקויפן אויפן אַמעריקאַנער מאַר־קעט און נישט דאַרפן איבערסאָרטירן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל פאָרן קיין יאַפּאַן.

שמואל-בער לייקין

# אַ נסיעה קיין יאַפּאַן

אין מערץ 1928 בין איך אַוועקגעפאָרן קיין יאַפּאַן. איך האָב צומערשט באַרייזט גאַנץ פּאַראַייניקטע שטאַטן און פאַרקויפט זייער אַ סך סחורה, מיט דעם אויסקוק צו דעקן די באַשטעלונגען זייענדיק אין יאַפּאַן.

איך וויל זיך ניט אָפּשטעלן אויף יאַפּאַן, דאָס לאַנד, די מענטשן און זייערע מעטאָדן פון טאָן ביזנעס. דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין. איך וויל נאָר צוגעבן, אַז מיר איז געלונגען צו זען דאָס לאַנד און אירע מענטשן בעסער ווי זועלכן עס איז טוריסט, ווייל מיר איז אויסגעקומען צו לעבן מיט זיי אין זייערע היימען.

די רייזע האָט מיר גענומען זעקס חדשים. ווען איך בין געקומען צוריק האָב איך געזאָגט, אַז עס איז אַ פראַגע פון צייט, אָבער עס איז זיכער אַז יאַפּאַן גרייט זיך זייער שטאַרק צו מלחמה און וועט אַריינוואַרפן די גאַנצע וועלט אין אַ מלחמה.

מיין רייזע קיין יאַפּאַן איז געווען זייער דערפאָלגרייך. איך האָב דאָרטן געמאַכט זייער גוטע פאַרבינדונגען צו קויפן סחורה און אויך געוויסע סאָרטן סחורה צו פאַרקויפן אַהין — אַזאַ סחורה וואָס אַמעריקע האָט נאָך קיינמאָל נישט עקספּאָרטירט קיין יאַפּאַן. אַ דאַנק די פאַרבינדונגען האָט אונזער פירמע נישט געדאַרפט מורא האָבן פאַר קיין קאָנקורענץ.

קומענדיק צוריק האָב איך געפונען אַ לאַגע וואָס האָט אונז געדראָט צו פאַרלירן די געשעפטן וועלכע מיר האָבן געטאָן מיט אייראָפּע. מיר האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן דער נויטווענדיקייט פון פאָרן קיין אייראָפּע. מיינע באַלעבאַטים האָבן געוואָלט אַז איך זאָל גלייך פאָרן. אָבער אַזוי ווי מיין פרוי האָט דערוואַרט צו געבערן נאָך אַ קינד, האָב איך נישט געוואָלט אַוועקפאָרן ביז דאָס קינד וועט געבוירן ווערן.

אין יוני 1928 האָט מיין פרוי געבוירן אַ דריט מיידעלע. זי איז געבוירן געוואָרן נאָרמאַל, אָבער מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט זיך אַנטוויקלט אַ געוויסע קרענק, און ווען זי איז אַלט געווען זעקס וואָכן האָט מען זי געמוזט אָפּערירן. ווען דאָס קינד איז געזונט געוואָרן בין איך, אין אָקטאָבער 1928, אַוועקגעפאָרן קיין אייראָפּע. איך האָב געהאַט מיט זיך אַ האַלבן טוץ אַדרעסן פון געשעפטסלייט מיט וועמען אונזער פירמע האָט ביז דערמאָלט געטאָן מסחר. מיין פּלאַן איז געווען אַ צווייענדיקער: ערשטנס, צו

מאַכן פאַרבינדונגען מיט די געשעפטסלייט וועלכע סאָרטירן און פּאַקן די סחורה און אויסמיידן דעם מעקלער; צווייטנס, צו שטודירן די סיטואַציע פון דער גאַנצער בראַנזשע איבער גאַנץ אייראָפּע און זען אויסצוגעפינען וועלכע סחורה מען קען אימפּאָרטירן מיט גוטע פּראָפיטן און וועלכע סחורה מען קען עקספּאָרטירן אַהין. דאָס מיינט נישט בלויז שאַפן נייע פאַרבינדונ־גען, נאָר אויך שאַפן די מעגלעכקייטן אַז די סחורה זאָל מען קענען דאָרטן נוצן.

אויך האָב איך געהאַט אין זינען די מעגלעכקייטן וועגן עפענען אַן אָפּ־טיילונג אין אייראָפּע, כאָטש נאָך דער דערפאַרונג וואָס איך האָב געהאַט אין יאַפּאַן, וואו איך האָב אויסגעפונען אַז עס איז אוממעגלעך עס צו טאָן אין יאַפּאַן, האָב איך געלייגט קליינע האָפענונגען אויף די מעגלעכקייטן צו טאָן אַזאַ זאַך אין אייראָפּע.

# אַ נסיעה אין אייראָפּע

איך האָב פערצן לענדער באַרייזט אין אייראָפּע, באַזוכט יעדע שטאָט און שטעטעלע, אויפגעזוכט יעדן איינציקן געשעפטסמאַן אין דער בראַנזשע. פאַרצייכנט מיינע איינדרוקן פון יעדן געשעפטסמאַן, ווי ער טוט געשעפט, וואָס ער אימפּאָרטירט און וואָס ער עקספּאָרטירט, וואָס פאַראַ סאָרטן סחורה ער מאַכט און ווי גוט זיי זיינען. כ'האָב אויך צוגעשטעלט מיין איינדרוק פון געשעפטסמאַן אַליין, זיינע פעאיקייטן און זיין ערלעכקייט. אַזוי איז מיר געלונגען צוזאַמענצושטעלן אַ רעגיסטער פון דער גאַנצער בראַנזשע איבער אייראָפּע, מיט מער אינפאָרמאַציע ווי די געוויינטלעכע „דירעקטאָריס" גיבן. איבער גאַנץ אייראָפּע האָב איך נישט געפונען אין קיין איין לאַנד, וועלכע האָט אַ דירעקטאָרי פון דער בראַנזשע.

עס איז געווען אַ שווער שטיקל אַרבעט, בעיקר, וואָס אַחוץ ענגליש רייד איך נאָר אידיש. אין די לאַטייניש לענדער האָב איך געהאַט גרויסע שוועריקייטן זיך צוזאַמענצוריידן. אין די דייטש־שפּרעכנדיקע לענדער האָב איך זיך צוזאַמענגערעדט מיט מיין אידיש. לויט מיין שלעכטן דייטש, האָבן מענטשן געדענקט, אַז איך רייד האָלענדיש. און אין האָלאַנד האָבן זיי גע־

מיינט, אַז איך רייד דייטש. אָבער אין די אַלע דייטש־ריידנדיקע לענדער האָב איך נישט געהאַט קיינע שוועריקייטן זיך צוזאַמענצוריידן.

איך האָב זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט און איך בין אַריינגעפאָרן אין רוסלאַנד זיך זען מיט מיינע עלטערן. איך וויל זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף מיינע איינדרוקן פון רוסלאַנד. דאָס געהערט נישט אַהער. מיינע עלטערן, כאָטש זיי האָבן מיך געזען און געהאַלטן אין אײן אַנטאַפּן, האָבן זיי זיך נישט געקענט גלויבן, אַז דאָס בין איך טאַקע.

## אַ ביטערע אַנטוישונג

איך בין געקומען צוריק קיין אַמעריקע סוף מאַי 1929. די לעצטע פּאָר יאָר האָבן מיר מיינע באַלעבאַטים געגעבן ביים סוף יאָר אַ „באָנוס". אין יאָר 1928 האָט די פירמע געמאַכט זייער גרויסע פּראָפיטן. אַזוי ווי איך בין נישט געווען אין דער היים סוף יאָר האָבן זיי מיר געדאַרפט געבן דעם באָנוס ווען איך בין צוריקגעקומען פון אייראָפּע. צו מיין אַנטוישונג האָבן זיי נישט פאַרגרעסערט דעם באָנוס. אויף מיין פראַגע „פאַרוואָס — איר אַליין האַלט דאָך אין איין זאָגן, אַז איך האָב איך געהאָלפן ווערן דאָס וואָס איר זייט און אַז אייער קאַפּיטאַל איז געוואַקסן פון 1924, ווען איר האָט פאַרמאָגט $27,000 ביז איבער $700,000 ענדע 1928 — בין איך דאָך באַרעכטיקט אויך עפּעס צו געניסן פון דעם". האָט מיר געענטפערט דזש., אַז „אמת, מיר האָבן אין 1928 געהאַט זייער אַ גוטן יאָר, אָבער מיר ווילן דיר נישט געבן אַ גרעסערן באָנוס ווייל טאָמער וועט זיין דער נעקסטער יאָר אַ שלעכטער און מיר וועלן דיר נישט קענען געבן קיין באָנוס, וועסטו זיך פילן שלעכט".

מיר האָט דאָס זייער פאַרדראָסן. נישט אַזוי צוליבן געלט ווי מאַכן מיך צום נאַר מיט אַזאַ נאַרישן תירוץ. דערנאָך האָב איך זיי געפרעגט, ווען זיי רעכענען צו אינקאָרפּאָרירן דאָס געשעפט. ענטפערט מיר ב., אַז זיי וועלן קיינמאָל נישט געבן קיין פרעמדן אַ חלק אין געשעפט. איך האָב אים זייער שטאַרק באַדאַנקט פאַר זיין אָפן־האַרציקן ענטפער. ער, נישט באַגרייפנדיק וואָס דאָ קומט פאַר, פרעגט מיך פאַרוואָס איך דאַנק אים. האָב איך אים געענטפערט, וואָס וואָלט איך געטאָן ווען איר האַלט מיך אין איין פאַרפירן

מיטן צוזאָג מיר צו געבן אַקציעס אין געשעפט נאָך פינף יאָר. איצט ווייס איך, אַז איך האָב נישט אויף וואָס צו האָפן און איך בין נאָך יונג גענוג צו זוכן מיין גליק ערגעץ אַנדערש. און צוגעגעבן, אַז איך לאָז אים וויסן אָפיציעל, אַז איך רעזיגניר. איך וועל פאַרבלייבן אַזוי לאַנג ווי ער וויל, כדי צו ברענגען אין אָרדענונג אַלע געשעפטן, אָבער איך וועל זיי פאַרלאָזן.

דזש., וועלכער איז אַ סך קליגער פון ב., האָט פּרובירט מאַכן שפּאַס פון דער גאַנצער געשיכטע און האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין מיד און נער־ווערז, אַז איך זאָל אַוועקפאָרן אויף אַ מאָנאַט וואַקאַציע. איך האָב אים געזאָגט, אַז ער מאַכט אַ טעות, אַז נישט וועגן דעם האַנדלט זיך עס. איך האָב גע־מאַכט אַזאַ גרויסן דערפאָלג אַרבעטנדיק פאַר זיי ווייל איך האָב געגלויבט אין זיי, און אַ טייל פון מיין טאָן געשעפט איז געווען אין לויבן זייביידן פערזענלעך מיט וועמען איך בין געקומען אין באַרירונג. אָבער איצט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זייער צוזאָג איז נישט געווען מער ווי אַן אָפּנאַרעריי און איך האָב פאַרלוירן מיין גלויבן אין זיי, קען איך מער ניט זיין פאַרבונדן מיט זייער געשעפט. צו שטיין מיט זיי און נעמען מיין געהאַלט און מיין האַרץ זאָל ניט זיין ביי דעם, וועט זיין נישט גוט פאַר מיר און נישט גוט פאַר זיי.

איך בין אַוועק אַהיים אַ צערודערטער און דערציילט מיין פרוי וואָס עס איז פאָרגעקומען. זי האָט מיר צוגעגעבן מוט, אַז איך האָב ריכטיק גע־האַנדלט און אַז עס איז גענוג צו אַרבעטן פאַר יענעם און פאַרנאַכלעסיקן דאָס ווייב און קינדער, ווי איך האָב זיי פאַרנאַכלעסיקט ביז איצט.

די באַלעבאַטים האָבן אַלץ מעגלעכעס געטאָן כדי מיר איינצורעדן אַז איך זאָל מיט זיי פאַרבלייבן. זיי האָבן מיר אָנגעבאָטן צען טויזנט דאָלאַר אַ יאָר און נאַטירלעך — אַלע הוצאות אויף זייער חשבון. איך האָב זיי דערקלערט, אַז עס האַנדלט זיך נישט אַזוי שטאַרק אין דער געלט־פראַגע ווי אין דעם פאַרלירן צוטרוי צו זיי. אַלנפאַלס, אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט באַזוכט מיינע קונדן איבערן לאַנד זינט איך בין אַוועקגעפאָרן אין אייראָפּע, האָב איך געדאַרפט מאַכן אַ רייזע איבערן לאַנד.

איך בין אַרויסגעפאָרן און נישט געמאַכט דעם דערפאָלג וואָס איך פלעג אַלעמאָל מאַכן אין מיינע רייזעס. איך האָב נישט געקענט ריידן מיט אַזאַ איבערצייגונג וועגן דער סחורה ווי אויך וועגן זייערע געשעפטס־מע־טאָדן. צו טאָן געשעפט מוז מען ריידן מיט איבערצייגונג, מיט זיכערקייט,

אי וועגן דעם אַרטיקל וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך, אי וועגן דער פירמע, אַז זיי וועלן שיקן די ריכטיקע סחורה און אָפּהיטן אַלע דעטאַלן פון דער טראַנסאַקציע. און אויף דער רייזע האָב איך דערפילט, אַז איך טו עס מיט אַ האַלבן מויל.

# אין שותפות

אָנקומענדיק קיין דעטראָיט האָט מיר אַ געשעפטסמאַן געמאַכט אַ פאָר־שלאַג, אַז איך זאָל קויפן אַ האַלב געשעפט און ווערן זיינער אַ שותף. איך האָב דעם מאַן יאָרן־לאַנג געקענט, מיט אים געטאָן אַ סך געשעפט. איך האָב געוואוסט, אַז דער מאַן איז זייער אַן ערלעכער און אַן איידעלער און מיר איז דער פּלאַן געפעלן געוואָרן. איך האָב אים אָבער געזאָגט, אַז איך בין אין דעטראָיט צוליב געשעפט פאַר דער פירמע, אַז זיי צאָלן מיינע רייזע־הוצאות, האָב איך ניט קיין מאָראַלישע רעכט די רייזע אויסצונוצן פאַר פּערזענלעכע צוועקן. אויב ער וויל וואַרטן אַ חודש צייט, וועל איך אים לאָזן וויסן צי איך בין פאַראינטערעסירט אין זיין ענין צי ניט. ער האָט פּרובירט מיר איינריידן, אַז איך זאָל אַריינקוקן אין די ביכער און זען צי דאָס געשעפט אַפּעלירט צו מיר. איך בין אָבער מיינס באַשטאַנען. איך האָב פאַרגעזעצט מיין רייזע.

איך בין אָבער ביזן פּאַסיפישן ברעג נישט דערפאָרן. מיין האַרץ איז נישט געווען ביי דעם און איך האָב געוואוסט, אַז אויב איך וועל זיך צוויי־גען, וועל איך צוזאַמענברעכן. האָב איך נאָך דריי וואָכן רייזע זיך אומגע־קערט צוריק, און זיי געזאָגט, אַז איך קען נישט אָנגיין מיט דער אַרבעט. איך וויל זיין ערלעך צו זיי און צו זיך. זיי האָבן מיך צוגערעדט נעמען אַ וואַקאַציע.

איך האָב די פראַגע איבערגערעדט מיט מיין פרוי און עס איז באַשלאָסן געוואָרן איך זאָל אויסנוצן מיין וואַקאַציע אויף פאָרן קיין דעטראָיט און זען וועגן דער שותפות וואָס דער מאַן האָט מיר פאָרגעלייגט. איך האָב געפונען די לאַגע אַזאַ: דער מענטש, ב.., איז זייער אָרנטלעך, אַן איידעלער מענטש, האָט פאַרבראַכט זיין לעבן איבער ביכער און איז אָבער זייער אַ

שלעכטער געשעפטסמאַן. ער פּערזענלעך איז אַמאָל אין דעם סוף פון לעצטן יאָרהונדערט געווען זייער רייך. אָבער אין פּאַניק פון 1907 האָט ער אַלץ פאַרלוירן. אין 1911 האָט ער אָנגעהויבן דאָס געשעפט, צו וואַשן שמוציקע שמאַטעס און זיי פאַרקויפן צו פאַבריקן פאַר די אַרבעטער צו ווישן זייערע הענט. אין 1911 איז ער געווען דער דריטער אין גאַנצן לאַנד, וואָס האָט געעפנט אַזאַ געשעפט. די אַלע יאָרן, פון 1911 ביז 1929, איז אים געלונגען צו שאַפן זייער אַ גוטע רעפּוטאַציע. אָבער קיין געלט האָט ער נישט געמאַכט. ער האָט געהאַלטן ביים באַנקראָטירן, ווייל די סחורה וואָס ער האָט געהאַט און דאָס געלט וואָס מען איז אים געווען שולדיק האָבן נישט געדעקט דאָס, וואָס ער איז געווען שולדיק אַנדערע. ער האָט אָבער געהאַט אַ סך מאַשינען וואָס זיינען געווען אויסגעצאָלט.

איך האָב עטלעכע טעג פאַרבראַכט אין זיין געשעפט. איך האָב געזען די מעגלעכקייטן, אַז מען קען מאַכן אַז דאָס געשעפט זאָל אַרייַנברענגען גוטע פּראָפיטן. איך האָב גלייך מיט אים געמאַכט אַ קאָנטראַקט.

איך האָב געקויפט אַ העלפט פון געשעפט אַחוץ דער געביידע, וועלכע האָט געהערט צו אים פּערזענלעך. איך האָב באַצאָלט פאַרן האַלבן געשעפט זיבעצן טויזנט פינף הונדערט דאָלאַר, צען טויזנט מזומנים און זיבן טויזנט פינף הונדערט האָב איך געדאַרפט אים אויסצאָלן פון די צוקינפטיקע פּראָפיטן.

דאָס געשעפט האָט זיך זייער שטאַרק גענויטיקט אין מזומן געלט. דער פּלאַן איז געווען, אַז די צען טויזנט דאָלאַר וועלכע איך האָב געגעבן דעם שותף ב. זאָלן בלייבן אין געשעפט אַלס אַ הלוואה פון אים. זיינע צוויי שוואָגערס, פון וועלכע איינער איז אַ ריכטער און דער צווייטער אַ גרויסער געשעפטסמאַן, האָבן מיר צוגעזאָגט צו קריגן אַ הלוואה פאַר אונז אין באַנק פאַר נאָך צען טויזנט דאָלאַר. דאָס זיינען געווען מיינע באַדינגונגען ווען איך בין אַריין אין געשעפט. אָן די געלטער, האָב איך געפילט, קען איך נישט אָנפירן דאָס געשעפט דערפאָלגרייך. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזן עפּעס אַנדערש. די שוואָגערס האָבן אַפילו ניט פּרובירט צו קריגן די הלוואה און מיין שותפס צען טויזנט דאָלאַר האָט ער גלייך אַרויסגעצויגן, ווייל ער פּערזענלעך איז געווען שולדיק אַרום דרייסיק טויזנט דאָלאַר, פון וועלכע איך האָב נאַטירלעך נישט געוואוסט ווען איך האָב געקויפט אַ העלפט פון געשעפט.

דאָס געשעפט איז געווען אינקאָרפּאָרירט, האָבן די ביכער נאַטירלעך ניט געצייגט די געלטער וועלכע ער פערזענלעך איז שולדיק.

די געביידע איז געווען זיינע פּערזענלעך און די קאָאָפּעריישאָן, דאָס הייסט אונזער געשעפט, האָט אים געדאַרפט צאָלן פיר הונדערט און פופ־ציק דאָלאַר אַ חודש דירה־געלט. עס האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז ער האָט געדאַרפט קריגן אַ נייעם מאָרגעדזש אויף דער געביידע, איז ער געקומען צו מיר מיט אַ פּלאַן, אַז די קאָרפּאָריישאָן זאָל מאַכן אַ ליס מיט אים פער־זענלעך צו צאָלן זעקס הונדערט דאָלאַר אַ חודש דירה־געלט, צאָלן זאָל מען פיר הונדערט און פופציק. זיין פּלאַן איז געווען, אַז אויב ער וועט צייגן די לייט ביי וועמען ער נעמט דעם מאָרגעדזש, אַז ער קריגט זעקס הונדערט דאָלאַר אַ חודש דירה־געלט, וועט ער קענען קריגן אַ גרעסערן מאָרגעדזש. און אַזוי ווי איך האָב געוואוסט, אַז דער מאַן איז ערלעך, בין איך אויף דעם איינגעגאַנגען. גלייך ווי איך האָב זיך געשטעלט אַרבעטן האָב איך געזען, אַז דאָס געשעפט איז זייער אַ גוטעס, אַז מען קען מאַכן אַ סך געלט, אָבער עס פעלט קאַפּיטאַל מיט וועלכן אָנצופירן דעם גע־שעפט. סחורה האָבן מיר געמוזט קויפן ביי די לייט וועלכע האָבן געטאָן מיט אונז געשעפט פריער און וויסן, אַז אונזער קרעדיט איז גוט. פון נייע פירמעס האָבן מיר בישט געקענט קויפן, מורא האָבנדיק, אַז זיי וועלן אונז אָפּזאָגן קרעדיט. די צרה איז אָבער געווען, וואָס די פירמעס ביי וועמען מיר האָבן געקויפט, האָבן אונז גערעכנט אַ צו הויכן פּרייז פאַר דער סחורה. און עס איז געווען אוממעגלעך אָנצוגיין מיטן געשעפט אונטער אַזעלכע אומשטענדן.

דאָ איז מיר צונוץ געקומען מיין ברייטע באַקאַנטשאַפט מיט די גע־שעפטס־לייט פון דער בראַנזשע. איך האָב אָנגעהויבן קויפן סחורה פון נייע מענטשן און גראַד בידעריקער ווי דער מאַרקעט־פּרייז. אַ דאַנק דעם וואָס איך האָב געוואוסט וועלכע פירמע מאַכט גוטע סחורה און וועלכע מאַכט שלעכטע, בין איך געווען אין אַ לאַגע אויסצוקלייבן די צושטעלער פון סחורה. און גלייך פון ערשטן חודש אָן האָט דאָס געשעפט גענומען געבן פּראָפיטן. ביים ערשטן חודש פון יאָר 1930 האָבן מיר שוין געצייגט פּראָפיטן פאַר די קאַרגע זעקס חדשים, וואָס איך בין געווען אין געשעפט, איבער פופצן טויזנט דאָלאַר.

ביים ערשטן חודש פון יאָר האָבן מיר געדאַרפט צושטעלן אַ פינאַנציעלן

באַריכט צו דער אַגענטור, וועלכע גיט אַרויס קרעדיט־באַריכטן. צו מיין גרעסטער איבעראַשונג האָב איך געזען ווי מיין שותף מאַכט אויס אַ באַריכט מיט פערציק טויזנט דאָלאַר מערער ווי די ביכער צייגן, און האָט אונטערגעשריבן זיין נאָמען אויף דעם. כאָטש איך האָב פריער געלייענט די קרעדיט־באַריכטן וועגן אונזער פירמע איידער איך בין אַריין אין געשעפט, און איך האָב געוואוסט אַז זיי שטימען ניט מיט די ביכער, אָבער ווען איך האָב געזען ווי ער שרייבט אונטער זיין נאָמען צו דעם און וויסנדיק, אַז טאָמער וועט אויסקומען דער פירמע באַנקראָטירן מיינט דאָס, אַז ער וועט דאַרפן גיין אין פריזאָן פאַר אַזאַ פעלשונג, האָט דאָס מיך אינגאַנצן צעטומלט. איבער דער לאַגע, אין וועלכער איך בין געווען, האָב איך זיך נישט געקענט העלפן. ווייל אויב מיר וועלן אַריינגעבן דעם ריכטיקן באַריכט, מיינט דאָס, אַז די קרעדיט־ביוראָ וועט אונז אַוועקשטעלן אין אַ נידעריקער קרעדיט־ריזיקע, און עס וועט זיין אוממעגלעך פאַר אונז צו קויפן סחורה. האָב איך שוין געמוזט שווייגן וועגן דעם.

אַחוץ דעם וואָס מיין שותף ב. איז געווען אַ שלעכטער קויפער איז ער געווען נאָך אַן ערגערער פאַרוואַלטער. איך האָב געזען, אַז עס קאָסט אונז ביז פערציק פּראָצענט מערער צו פּראָדוצירן סחורה ווי אונזערע קאָנקורענטן. אויף דעם געביט בין איך אַזאַ דורכפאַל ווי מיין שותף איז געווען. איך האָב קיינמאָל נישט געקענט אַרויסקריגן פון מיינע אַרבעטער אַ פולן טאָג אַרבעט, כאָטש דעם געהאַלט וועלכן איך צאָל איז אַלעמאָל העכער, ווי דער לוין, וואָס מיינע קאָנקורענטן צאָלן. הויפּטזעכלעך איז דאָס דערפאַר ווייל מיין געשעפט, זינט ער איז עטאַבלירט געוואָרן אין 1911 האָט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט קיין אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטן. האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז די מער פעאיקערע זיינען אַוועק און די ערגערע זיינען געבליבן. נאָך אַן אורזאַך איז, וואָס איך בין אַלעמאָל געווען צופיל פאַרנומען מיט דעם געשעפט און קיין צייט נישט געהאַט אָפּצוגעבן זיך מיט פּראָדוקציע. איך האָב אַלעמאָל גערעכנט, אַז דעם געשעפט באַצאָלט ניט צו האַלטן אַ מענטשן הויפּטזעכלעך צוליב היטן די פּראָדוקציע, כאָטש איך וויים, אַז דאָס איז נישט ריכטיק.

ווען איך בין אַריין אין שותפות האָב איך געפונען, אַז דאָס געשעפט קריגט באַשטעלונגען אויסשליסלעך דורך פּאָסט, ווייל מיין שותף ב. האָט פיינט געהאַט סיילס־לייט און איז קיינמאָל נישט אַרויס אַליין צו זען אַ קונה.

ער איז אָבער געווען אַ גוטער אַדווערטייזינג־מאַן און האָט אַרויסגעאַרבעט אַ גוטן געשעפט דורך פּאָסט. איך האָב אָבער פאָראויסגעזען, אַז די באַ־שטעלונגען דורך פּאָסט וועלן ביסלעכווייז אָפּפאַלן און דאָס געשעפט וועט זיך אָפּשטעלן, הויפּטזעכלעך צוליב דעם. אין 1911, ווען מיין שותף האָט געעפנט דאָס געשעפט, זיינען נאָר געווען דריי געשעפטן פון דעם סאָרט איבערן לאַנד. אין 1929 זיינען שוין געווען זעקס און זיבעציק, און בעת מיינע רייזעס איבערן לאַנד האָב איך געזען, אַז עס וועט נישט נעמען לאַנג און יעדע איינציקע שטעטל וועט האָבן אַזאַ געשעפט.

מענטשן קויפן סחורה דורך פּאָסט, ווען זיי קענען דאָס נישט קריגן ביי זיך אין דער היים. אויב, אָבער, עס איז פאַראַן אַזאַ געשעפט ביי זיך אין שטעטל וועלן זיי ניט אויסשרייבן די זעלביקע סחורה פון ערגעץ ווייט, זיכער ניט אַן אַרטיקל וואָס האָט ניט קיין פּאַטענט און איז אַפילו נישט רעגיסטרירט. כדי נישט צו וואַרטן ביז די געשעפטן וועלן אָנהויבן גיין שלעכט, האָב איך גענומען אויסברייטערן דאָס געשעפט אויף אַנדערע וועגן. איך האָב גענומען פאַרקויפן צו דזשאַבערס, כאָטש די פּראָפיטן זיינען קלע־נערע, אָבער מיט מער באַשטעלונגען האָט מיר געלוינט צו פאַרקויפן אַ טייל פון דער אויסגעאַרבעטער סחורה פאַר ביליקער.

איך בין אַריין אין געשעפט דעם 16טן יולי, 1929, און אין סעפּטעמ־בער האָב איך גענומען מאַכן פּלענער צו עפענען אָפּטיילונגען אין באָפאַלאָ, ניו־יאָרק און סינסינעטי, אָהייאָ. אין באָפאַלאָ איז ניט געווען אַזאַ מין סאָרט געשעפט און אין סינסינעטי איז געווען נאָר איין קליינער געשעפט פון דעם מין. מיין פּלאַן איז געווען צו אַרבעטן טאָג און נאַכט אין אונזער ווע־שעריי, וואו די סחורה ווערט געוואַשן און סטעריליזירט. דערנאָך ווערט דאָס געשניטן און אַראָפּגענומען אַלע מעטאַלענע זאַכן און סאָרטירט צו קאָליר, דיק פון סחורה און פאַרפאַקט אין באַלן פאַרטיק צו שיקן. אין באָפאַלאָ און סינסינעטי זאָלן מיר האָבן נאָר קאָנטאָרן אויף צו פאַרקויפן די סחורה, וועלכע וועט געשיקט ווערן אַהין פון דעטראָיט.

# שווערע טעג

איך האָבּ שוין געפונען אַ פּאַסיקן מענטשן פאַר איין קאַנטאָר, און גע־פירט אונטערהאַנדלונגען מיט אַ צווייטן מענטשן פאַר דער צווייטער קאַנ־טאָר. מיטאַמאָל האָט די בערזע, דער „סטאָק־מאַרקעט" אין וואָל־סטריט געקראַכט. און כאָטש געשעפטן זיינען נאָך געווען גאַנץ גוט, האָב איך ביי זיך באַשלאָסן, אַז עס וועט מוזן פאָרקומען אַ דעפּרעסיע, וואָס וועט אָנ־האַלטן, ווי איך האָב דעמאָלט פאָראויסגעזאָגט, פינף יאָר צייט. מיין שותף האָט געלאַכט פון מיר, און אַזוי האָט יעדער איינער מיט וועמען איך האָב גערעדט וועגן דעם, געהאַלטן אַז איך בין משוגע. איך האָב זיך אָבער איינ־געשפּאַרט, פּונקט ווי אין אָנהויב 1914 בין איך געווען משוגע, ווייל איך האָב פאָראויסגעזאָגט, אַז אַ מלחמה וועט אין קורצן אויסברעכן. איך האָב באַשלאָסן ניט אויסצושפּרייטן דאָס געשעפט, ניט ספּעקולירן, ניט קויפן קיין צופיל סחורה און היטן די הוצאות פון געשעפט, אַז אַן איבעריקער דאָלאַר זאָל נישט אויסגעגעבן ווערן. ווייל כאָטש דאָס געשעפט האָט גע־מאַכט פּראָפיטן, זיינען מיר געווען שרעקלעך פאַרענגט אין געלט. אָפט האָט די פינאַנציעלע לאַגע מיך געטריבן ביז פאַרצווייפלונג.

סחורה האָבן מיר געקויפט אויף דריי און פיר חדשים־דיקע וועקסלען, אַזוי אַז עס איז אונז אויסגעקומען צו צאָלן פון צוועלף ביז פופצן טויזנט דאָלאַר אַ חודש אין וועקסלען. דאָס האָט געמיינט כמעט יעדן איינציקן טאָג אין חודש צאָלן אַ וועקסל.

אין שטאָט האָב איך נישט געהאַט קיין איינעם ביי וועמען איך זאָל קענען כאַפּן אַ גמילת חסד אויף אַ טאָג אָדער צוויי, אַחוץ מיין אַלטן פריינט ב. פון מיינע גרינע יאָרן אין מאַסאַטשוסעטס. איך האָב אים געפונען אין דעטראָיט, און וועלכער האָט געהאַט אַ קליינעם געשעפט. צו אים פלעג איך זיך ווענדן גאַנץ אָפט נאָך אַ הלוואה און ער פלעגט מיר געבן יעדע איינציקע פּעני וואָס ער האָט ביי זיך געהאַט. אָבער עס זיינען נאָר געווען זייער קליינע סומעס, וואָס האָבן מיר זייער ווייניק געהאָלפן.

אין 1930 זיינען נאָך געשעפטן איבערן גאַנצן לאַנד געווען נישט שלעכט. כאָטש פון חודש צו חודש איז מיר שווערער געוואָרן צו קריגן באַ־שטעלונגען, אָבער דורך שווערער אַרבעט און היטן די אויסגאַבן האָבן מיר אויסגעמאַכט נישט שלעכט אין געשעפט. די זאָרג איז נאָר ביי מיר געווען:

וואו נעמט מען געגוג מזומנים אויף אַנצופירן דאָס געשעפט. די פראַגע איז מיר נישט אַרויס פון קאָפּ טאָג און נאַכט. איך פלעג אויפשטיין אין מיטן נאַכט און אַריינקוקן אין מיין קליינעם ביכעלע, ווי גרויס עס איז דער וועקסל וואָס איך דאַרף מאָרגן צאָלן און זאָרגן וואו וועל איך נעמען דאָס געלט עס צו באַצאָלן. די זעלביקע זאַך פלעג איך טאָן ווען איך בין געזעסן אין געזעלשאַפט אָדער אין טעאַטער. אונטער די אומשטענדן האָב איך זייער שטאַרק געהיט, אַז אונזערער אַ טשעק זאָל נישט קומען צוריק אַ נישט־אויסגעצאָלטער, אָדער איך זאָל נישט קענען באַצאָלן דעם וועקסל ווען ער פאַלט שולדיק. און דאָס איז געווען דער איינציקער וועג ווי איך האָב געקענט אָנהאַלטן דעם קרעדיט.

איך באַנוץ דאָס וואָרט „איך״, ווייל אַזוי שנעל ווי איך בין אַריין אין געשעפט האָט דער שותף איבערגעלאָזן אַלע זאָרגן, סיי פינאַנציעלע סיי פראָדוקציע־זאָרג אַלץ צו מיר, און אַליין האָט ער זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט אַדווערטייזינג. אונזערע באַציאונגען צווישן זיך זיינען געווען ווי פון אַ פאָטער צו אַ געראָטענעם זון. ער האָט מיך זייער שטאַרק רעספּעקטירט און געהאַלטן פון מיר זייער פיל. מיינע באַציאונגען צו אים זיינען געווען ווי צו אַ פאָטער, — מיט גרויס רעספּעקט און אָפּשיי. איך האָב געדאַרפט נוצן אַ סך דיפּלאָמאַטיע אין מאַכן נייע איינריכטונגען אין געשעפט. איך האָב איינגעזען, אַז אַ מענטש פירט דאָס געשעפט פאַר אַכצן יאָר אויף אַ געוויסן וועג און איז נאָך אַליין אַן עלטערער מענטש איבער פינף און זעכ־ציק, — קען ער ניט שנעל איינגיין אויף נייע איינריכטונגען. איך האָב אָבער שנעל געפונען אַ וועג ווי צו טאָן אַלץ וואָס איך האָב געוואָלט און נישט נאָר ער זאָל נישט פּראָטעסטירן, נאָר זיין גליקלעך מיט דעם.

איך פלעג פריער איבעררײדן מיט אים וועגן אַ געוויסער זאַך און אויס־געמאָלן ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן אַזוי געטאָן. און מער וועגן דער פראַגע נישט גערעדט. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער צו מיר ריידן דעם און זאָגן, פאַרוואָס טוען מיר דאָס ניט אַזוי, ער דענקט, אַז עס וואָלט געווען זייער גוט. נאָכדעם האָב איך שוין דאָס דורכגעפירט ווי איך האָב געוואָלט. אָבער אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז דאָס קומט פון אים. און ער איז געווען זייער גליקלעך, וואָס זיין פּלאַן אַרבעט. ער איז געווען נאַאיוו ווי אַ קינד און זיין גרעסטע זאָרג אין לעבן איז געווען ער זאָל חלילה ניט דאַרפן באַנקראָטירן. זיין טרוים אין

לעבן איז געווען פאַרקויפן זיין העלפט פון געשעפט און אַריבערקלייבן זיך אין אַ קליין שטעטל, וואו עס איז פאַראַן אַ גוטע ביבליאָטעק, כדי ער זאָל קענען זיצן און לייענען.

געזעלשאַפטלעך האָט זיך מיין לעבן איינגעשטעלט נישט אַזוי גוט פאַר מיר פּערזענלעך. מיין פרוי, קומענדיק אָהער פון באַלטימאָר, וואו זי האָט איבערגעלאָזן איר מוטער, שוועסטער און ברידער און זייער פיל יוגנט־פריינט, האָט זייער שטאַרק געבענקט נאָך באַלטימאָר. און באַגרייפנדיק, אַז אויב מיין פרוי וועט נית זיין גליקלעך אין דעטראָיט וועל איך דאָ נישט קענען זיין, האָב איך באַשלאָסן אַז מיין פרוי מוז קריגן דאָ פריינט און טעטיקייטן, וועלכע זאָלן אויספילן איר גאַנצע ליידיקע צייט.

איך האָב זיך גלייך אָנגעשלאָסן אָן די פּועלי־ציון, וואו מיין פרוי איז געוואָרן זייער טעטיק, הויפּטזעכלעך אַרום די שולן און ביי דער פּיאָנערן פרויען־אָרגאַניזאַציע. זי פלעגט האָבן מיטינגען זיבן נעכט אַ וואָך און עטלע־כע מיטינגען בייטאָג. אַזוי ווי מיר האָבן זיך נישט געקענט דערלויבן צו האַלטן אַ דינסט אין הויז פלעג איך בלייבן אַלע נאַכט מיט די קינדער, נישט אַרויסגייענדיק אַפילו אין קינאָ. איך האָב אויסגענוצט די ווינטער־אָוונטן פון 1929־1930 אויף צו באַקענען זיך מער מיט די לעצטע אידישע ביכער, וועלכע זיינען אַרויס און וועלכע איך האָב פאַרנאַכלעסיקט צו לייע־נען דורך די פריערדיקע עטלעכע יאָר. אַזוי איז דורכגעגאַנגען דאָס יאָר 1930.

אין אָנהויב 1931 זיינען געשעפטן געוואָרן פיל ערגער. הויפּטזעכלעך זיינען פּרייזן געפאַלן זייער שנעל. אַז מען האָט געקויפט אַ וואַגאָן סחורה איין טאָג, האָט מען אויפן צווייטן אים געקענט קויפן אַ סך ביליקער. דאָך האָט אונזער געשעפט געהאַלטן אין איין מאַכן פּראָפיטן, אַ דאַנק די בייע באַשטעלונגען, וועלכע איך האָב געקראָגן פון דזשאַבערס, וואָס איך האָב זיי געקענט נאָך פון יאָרן פריער. דער אומגליק איז געווען וואָס די דזשאַ־בערס האָבן אויפגעהערט צאָלן רעגלמעסיק. איך האָב אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר זייערע קרעדיטן. איך האָב אָבער זיי נית געקענט אָפּשניידן מיט אַמאָל, ווייל דאָס וואָלט געווען אי פאַרלירן דאָס געלט וואָס זיי זיינען שולדיק, אי די באַשטעלונגען פאַר דער צוקונפט. איך האָב אָבער געזען אַרויסצוקריגן פון זיי וואָס מער געלט, זיי זאָלן נישט זיין שולדיק מער וויפל זיי זיינען געווען שולדיק ביז איצט.

שמואל-בער לייקין

# דער טויט מישט זיך אַריין

אין מערץ 1931 בין איך אַוועקגעפאָרן צו אַ קאָנווענשאָן פון אונזער בראַנזשע. אויפן צווייטן טאָג האָב איך טעלעפאָנירט מיין שותף און ער האָט מיך געבעטן איך זאָל קומען דעם זעלביקן טאָג צוריק, ווייל אים איז אומעטיק אָן מיר. איך האָב געדאַרפט אויפן וועג זיך אָפּשטעלן זען אַ קונה און איך האָב זיך פון אים אויסגעלאַכט און געזאָגט, אַז ער וועט מוזן צוואַרטן נאָך אַ טאָג. די גאַנצע געשיכטע האָט מיר אויסגעזען ווי אַ שפּאַס. איך האָב זיך טאַקע אָפּגעשטעלט אויפן וועג נאָך אויף אַ טאָג, און ווען איך בין געקומען אַהיים האָב איך שוין געפונען מיין שותף אין שפּיטאָל, וואו מען האָט אים צוגענומען מיט אַ געפּלאַצטן אַפּענדיקס. דעם זעלביקן אָוונט איז ער געשטאָרבן. פאַר מיר איז דער קלאַפּ געווען זייער אַ גרויסער. איך האָב ליב געהאַט דעם מאַן אַזוי ווי אַ פאָטער. איך האָב פיל געוויינט אויף זיין טויט. ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן ווען אויף מאָרגן פרי איז געקומען זיין זון מיט אַ שוואָגער צו אונז אין קאַנטאָר און אויפגעעפנט די אייזערנע קאַסע און פאַרנומען אַלע זיינע פּערזענלעכע פּאַפּירן. די האַנדלונג האָט מיר אויסגעקוקט זייער גראָב און עס האָט מיר וויי געטאָן.

פאַר מיר האָבן זיך איצט געשטעלט צוויי פראַגן. וואָס וועט זיין מיט זיין העלפט פון געשעפט און ווי וועלן די קרעדיטאָרן אויפנעמען די נייס פון מיין שותפס טויט? וועלן זיי מיר געבן קרעדיט, ווי זיי האָבן געגעבן ביז איצט, ווען מיין שותף האָט געלעבט. די לאַגע איז געוואָרן ערגער ווען איך האָב אָפּגערופן די פירמע ביי וועלכער איך האָב פריער געאַרבעט, און דערנאָך דאָרט געקויפט אַ סך סחורה און איך בין זיי געווען שולדיק איבער צוואַנציק טויזנט דאָלאַר. כ'האָב זיי דערציילט וועגן מיין שותפס טויט, האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז ביי זיי איז אַ גרויסע פראַגע צי איך וועל איצט קענען קריגן די קרעדיטן וועלכע מיין פירמע האָט געקראָגן ביז איצט.

איך בין געוואָרן פאַרצווייפלט. איך האָב נישט געוואוסט צו וועמען זיך צו ווענדן. און זיצנדיק אַזוי פאַרזאָרגט אין קאַנטאָר קומט אַריין אַן איטאַליענער, אַ געשעפטסמאַן פון ניו־יאָרק, ביי וועמען מיר פלעגן קויפן סחורה און וועמען איך בין געווען שולדיק אַרום צען טויזנט דאָלאַר. דערציילט איך אים די גאַנצע לאַגע און פרעג ביי אים אַן עצה וואָס צו טאָן. לאַכט ער זיך אויס פון דער גאַנצער געשיכטע און זאָגט מיר, אַז איך זאָל

נישט זאָרגן, ער וועט מיר געבן וויפל סחורה איך דאַרף נאָר, אַפילו אָן וועקסלען. ווען ער וועט דאַרפן געלט וועט ער מיר לאָזן וויסן און איך וועל אים צושיקן וועקסלען. אויף מיין טענה, אַז צופיל וועקסלען מיט אַמאָל וועל איך נישט קענען באַצאָלן, האָט ער געענטפערט, אַז וועגן דעם וועט מען שפּעטער זאָרגן. און אויב מען וועט דאַרפן וועט ער עטלעכע וועקסלען באַנייען. דער מאַן האָט אין מיר אַריינגעגעבן אַ נייע נשמה. איך האָב זיך דערפילט, אַז נישט אַלץ איז פאַרלוירן.

ער האָט מיר טאַקע גלייך פאַרקויפט פאַר דרייסיק טויזנט דאָלאַר סחורה און געשיקט ווי מען האָט אָפּגערעדט, נישט בעטנדיק קיין געלט אָדער קיין וועקסלען. נאַטירלעך האָב איך באַצאָלט יעדן איינציקן סענט און אַפילו אים נישט געבעטן באַנייען קיין וועקסלען.

דערווייל האָב איך געצאָלט דער אַלמנה הונדערט דאָלאַר אַ וואָך, זי זאָל האָבן פון וואָס צו לעבן, נישט וויסנדיק וואָס די חשבונות וועלן זיין שפּעטער. דעמאָלט האָב איך זיך אויך דערוואוסט, אַז מיין שותף, ווען ער האָט געלעבט, האָט געליען ביי אַ מאַן מיט יאָרן צוריק פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר אויף וועקסלען און ווען ער האָט געגעבן פינף און צוואַנ־ציק טויזנט דאָלאַר שערס פון אונזער קאָרפּאָריישאָן אַלס משכון. ווען דער שותף איז געשטאָרבן איז ער געווען שולדיק פערצן טויזנט דאָלאַר אויף די פינף און צוואַנציק. דער מאַן ביי וועמען דער שותף האָט געליען דאָס געלט האָט אָפּגעזעצט די וועקסלען אין באַנק. איך האָב געוואוסט, אַז אויב די באַנק וועט נישט קריגן די צאָלונגען צו דער צייט וועלן זיי איבערנע־מען העלפט פונעם געשעפט, ווייל די אלמנה האָט קיין געלט נישט געהאַט אויף צו מאַכן די צאָלונגען, וועלכע זיינען געווען טויזנט דאָלאַר אַ מאָנאַט. איך האָב איבערגערעדט מיטן שותפס צוויי שוואָגערס, דעם ריכטער און דעם געשעפטסמאַן, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל מאַכן די צאָלונגען אין באַנק אויף זייער חשבון, און דערנאָך ווען מיר וועלן קומען צו אַ פאַרשטענדעניש וועגן דער אלמנהס העלפט אין געשעפט, וועט דאָס אַראָפּגערעכנט ווערן. און אַזוי האָב איך געטאָן.

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען מיט דער אלמנה וועגן איבערנעמען איר העלפט פון געשעפט. די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן אַזוי ווי פון פעך. פריער האָט דער שוואָגער, דער געשעפטסמאַן, געפירט די פאַרהאַנדלונגען, אָבער ער האָט געמוזט קריגן די גוטהייסונג פון ריכ־

טער, דער אלמנהס ברודער. דערנאָך האָט דער ריכטער איבערגענומען די פאַרהאַנדלונגען און געמוזט קריגן די צושטימונג פון געשעפטסמאַן. אַזוי וויביידע מענטשן זיינען אַנגעזעענע אין שטאָט, האָב איך געדענקט אַז זיי זיינען ערלעך אין זייערע פאַרהאַנדלונגען און וואָס מען וועט אָפּריידן וועט דאָס זיין באַשטימט. דערווייל האָב איך געצאָלט הונדערט דאָלאַר אַ וואָך צו דער אלמנה, טויזנט דאָלאַר אַ חודש אין באַנק און דירה־געלט פיר הונ־דערט דאָלאַר אַ חודש, ווייל דער שותף ווען ער האָט געלעבט האָט, אין יאַנואַר 1931, אַראָפּגעלאָזט די דירה־געלט אויף פיר הונדערט דאָלאַר.

אַזוי איז דורכגעגאַנגען דער יאָר 1931 און 1932. איך האָב אָפּגעצאָלט די גאַנצע פערצן טויזנט דאָלאַר אין באַנק. געשעפטן זיינען געוואָרן ערגער און ערגער און מזומן געלט איז געווען זייער שווער צו קריגן. די דזשאָ־בערס האָבן אויפגעהערט צאָלן און כאָטש איך האָב נאָך געצייגט קליינע פּראָפיטן אין געשעפט, אָבער מיט די גרויסע אויסצאָלונגען איז מיין גע־שעפט געווען שרעקלעך פאַרענגט אין געלט.

ווען איך האָב אָנגעהויבן מאָנען ביי דער אלמנה, אַז מען זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיך אָפּשרייבן לויט אונזער אָפּמאַך, וועלכער איז געווען אַז איך צאָל דאָלאַר פאַר אַ דאָלאַר לויט די ביכער נאָך און נעם איבער פאַר זיך אַלע חובות, וויסנדיק אַז פילע חובות וועלן קיינמאָל נישט אַריינקומען. זיי האָבן אַלץ געהאַלטן אין איין אָפּלייגן, ביז איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך וועל אויפהערן שיקן די הונדערט דאָלאַר אַ וואָך און אַזוי האָב איך געטאָן. דעמאָלט האָבן זיי מיך אַריינגערופן, אַז זיי זיינען פאַרטיק אונטערצושרייבן די פּאַפּירן. מען האָט מיר אָבער אויך דערלאַנגט אַ פּאַפּיר אונטערצושרייבן אין וועלכע איך פאַרפליכטע זיך צו צאָלן פאַר דער צוקונפט, פאַר די קו־מענדיקע צוואַנציק יאָר, דירה־געלט זעקס הונדערט דאָלאַר אַ חודש און אויך דעם אונטערשייד פון פיר הונדערט און פופציק און דערנאָך פיר הונ־דערט אַ חודש, וועלכע איך האָב לעצטנס געצאָלט, ביז זעקס הונדערט דאָלאַר, ווי דער קאָנטראַקט לויטעט וואָס די קאָרפּאָראַציע האָט אונטער־געשריבן מיט אַ פאַרשטאָרבענעם שותף. עס האָט נישט געהאָלפן מיין טענה, אַז דער קאָנטראַקט וואָס איז אונטערגעשריבן געוואָרן פאַר זעקס הונדערט דאָלאַר אַ חודש, איז געווען נאָר צוליב קריגן אַ גרעסערן מאָרגעדזש, אַז פאַקטיש האָט דאָס געשעפט קיינמאָל נישט געצאָלט אַזאַ דירה־געלט. האָבן זיי מיר געענטפערט, אַז עס איז נישט וויכטיק צי זיי וויסן וועגן דעם צי

נישט, אַז זיי ווילן נישט האַנדלען מיט מיר מאָראַליש נאָר לויטן געזעץ.

איך האָב זיך געפונען ווי אַ געפאַנגענער אין אַ שטייג און נישט גע־וואוסט ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון אַזאַ קלעם. איך האָב דעמאָלט איינגעזען דעם מוראדיקן טעות, וואָס איך האָב געמאַכט ווען איך האָב אונטערגע־שריבן אַזאַ קאָנטראַקט. אמת, אַז בשעת איך האָב אים אונטערגעשריבן האָב איך זיך געוואַקלט, נישט דערפאַר וואָס איך האָב נישט געגלויבט מיין שותף, נאָר מורא געהאַט פאַר די קאָנסעקווענצן וואָס עס וועלן געשען נאָך זיין טויט. געוואָלט בשעת מעשה אויסמאַכן נאָך אַ קאָנטראַקט וועלכער זאָל טאַקע גילטן אויף נאָך זיין טויט, אָבער קענענדיק מיין שותף, און ווי אַלע אַלטע מענטשן, האָט ער פיינט געהאַט צו ריידן וועגן טויט, האָב איך אים נישט געוואָלט ווייטאָן און אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט אָן די באַוואָ־רעניש. און איצט האָב איך געדאַרפט צאָלן פאַר דעם זייער טייער.

ביז דעם פונקט אין די פאַרהאַנדלונגען האָב איך נישט געהאַט קיין אַדוואָקאַט. אַז איך האָב נישט געוואָלט אָפּנאַרן די אלמנה, פאַרקערט, איך האָב זי געוואָלט פאַרזאָרגן, אַז זי זאָל האָבן פון וואָס צו לעבן איר גאַנצן לעבן. אָבער ווען זיי האָבן דורכגעפירט דאָס שטיקל שווינדל בין איך אַוועק צו אַ לאָיער. און דער לאָיער האָט מיך געראָטן אַריינצוואַרפן דאָס גע־שעפט אין באַנקראָט. איבעררייד מיט די קרעדיטאָרן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און קריגן ביי זיי אַ פאַרלענגערונג אויף זעקס חדשים צייט צו צאָלן וואָס איך בין זיי שולדיק. אויפן עפנטלעכן אויספאַרקויף זאָל איך אויפקויפן די מאַשינעריע און עפענען אַזאַ געשעפט אונטער אַ נייעם נאָמען, ווייל נאָך אַלעמען, דאָס געשעפט — דאָס בין איך דאָך. און מיט דעם וועל איך אָפּ־ווישן אַלע חובות וואָס איך בין שולדיק דער אלמנה און אויך פטור ווערן פון דעם קאָנטראַקט אויף דער געביידע. איך האָב מיין לאָיער געזאָגט, אַז אפשר טעכניש און יורידיש איז ער גערעכט, אָבער איך וועל דאָס קיינ־מאָל נישט טאָן. די וועלט וועט קיינמאָל נישט וויסן וואָס די אלמנה האָט געטאָן קעגן מיר. אָבער זיי וועלן וויסן וואָס איך האָב געטאָן צו איר און זיי וועלן אַלעמאָל זאָגן, אַז איך האָב באַראַבעוועט אַן אלמנה.

איך האָב גערופן דעם ריכטער און די אלמנה צו אַרביטראַזש, פון וועלכן זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט. איך האָב זיי גערופן צום רב (דער ריכטער איז זייער אַ פרומער) און זיי האָבן זיך אויך אָפּגעזאָגט פון דעם. דערווייל האָב איך זיי געשיקט אַ טשעק פאַר פיר הונדערט דאָלאַר דירה־געלט,

וועלכן זיי האָבן אָפּגעשיקט צוריק. דעם 11טן פון דעם מאָנאַט האָבן זיי אַרעסטירט מיין געלט אין באַנק. איך האָב דערפילט ווי זיי וואָלטן מיר אַריינגעשטאָכן אַ מעסער אין רוקן, ווייל דעם זעלביקן טאָג האָט די קרע־דיט־ביוראָ אַרויסגעשיקט אַ רויטן צעטל צו אַלע מיינע קרעדיטאָרן וועגן דעם. און אַזוי ווי די לאַגע איז געווען זייער אַ שלעכטע האָב איך געוואוסט וואָס די רעזולטאַטן וועלן דערפון זיין. איך בין געווען פאַרצווייפלט. בין איך אַוועק צום ריכטער אין געריכט־הויז און דאָרטן אין געריכט־הויז גע־מאַכט אַ סקאַנדאַל, מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט מיך אַרעסטירן און די געשיכטע וועט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט.

ער האָט מיך אָבער אַריינגערופן אין זיין פּריוואַט־צימער, אַז דער עולם זאָל נישט הערן מיינע געשרייען. איך האָב אים אָנגערופן מיט אַלערליי נע־מען און אים געהייסן גלייך אַראָפּנעמען דעם אַרעסט פון מיינע געלטער, אויב נישט וועל איך רואינירן דאָס גאַנצע געשעפט, אַז די אלמנה וועט פון דעם קיין סענט נישט קריגן. מיינע לעצטע ווערטער צו אים זיינען געווען: תמות נפשי עם פלישתים. אין אַ שטונדע אַרום האָב איך געקראָגן אַ טע־לעפאָן פון באַנק, אַז דער אַרעסט איז אַראָפּגענומען געוואָרן.

איך האָב באַשלאָסן גלייך אַרויסצוקלייבן זיך פון זייער געביידע, וואו לויטן ערשטן קאָנטראַקט האָב איך באַדאַרפט פאַרבלייבן נאָך אַ יאָר צייט. איך האָב גוט געוואוסט, אַז אַזאַ שריט קען מיך ברעכן פינאַנציעל. איך האָב אויסגעחשבונט, אַז עס דאַרף מיך קאָסטן צען טויזנט דאָלאַר אַריבער־צופירן די מאַשינען און איינצושטעלן אַ נייעם פּלאַץ. אך האָב באַשלאָסן צו מאַכן דעם שריט, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז מיט די מענטשן קען איך מער ניט האַנדלען. מיר האָט גראָד אָפּגעגאָלטן. גלייך אויף מאָרגן האָב איך געפונען אַ געביידע וועלכע איז אַ סך מער פּאַסיק פאַר מיין געשעפט ווי די אין וועלכער איך בין געווען, און מיט נידעריקן דירה־געלט. דעם ערשטן יאָר פינף און זיבעציק דאָלאַר אַ חודש, דעם צווייטן און דריטן יאָר צוויי הונדערט און פופציק, דעם פערטן דריי הונדערט און דעם פינפטן דריי הונדערט און פופציק דאָלאַר אַ חודש. און אויב איך וועל די געביידע וועלן קויפן אין דער צוקונפט, איז העלפט פון דעם איינגעצאָלטן געלט וועט אַראָפּ פון דער פּרייז פון דער געביידע. גלייך האָב איך זיך גענומען איבערצופירן די מאַשינען.

# אויף אייגענער אחריות

די אלמנה האָט זיך גלייך דערוואוסט וועגן דעם און איז געקומען צו לויפן מיט סטראַשונקעס, וואָס זיי וועלן טאָן. איך האָב זיי געענטפערט, אַז איך האָב פּרובירט האַנדלען ווי אַ מענטש, נאָר אויב זיי קענען נישט האַנדלען ערלעך וועל איך זיי צאָלן מיט זייער אייגענער מטבע. נאָך עטלע־כע וואָכן אונטערהאַנדלונגען האָבן זיי אונטערגעשריבן די פּאַפּירן, אָבער איך האָב זיי געגעבן זיבן טויזנט דאָלאַר מערער וויפל מיר זיינען משווה געוואָרן פריער, באַטירלעך נישט אין מזומנים נאָר אויסצוצאָלן. זיי האָבן פּרובירט אַריינצושרייבן אין נייעם קאָנטראַקט פאַרשיידענע קונצן. איך האָב זיך שוין אָבער געהיט און זיי איז נישט געלונגען מער מיר צו פאַרדרייען.

דער פּלאַן איז געווען, אַז עס וועט נעמען אַ חודש צייט איינצושטעלן די מאַשינען אין דעם נייעם פּלאַץ, אָבער עס האָט גענומען קאַרגע פיר חדשים. און געלט האָט עס געקאָסט אַ סך מער ווי איך האָב גערעכנט עס וועט דאַרפן קאָסטן. ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט אַלץ, האָב איך זיך געפונען אין אַ זייער שלעכטער פינאַנציעלער לאַגע. באַשטעלונגען האָב איך געהאַט וויניק און חובות צו צאָלן האָב איך געהאַט זייער אַ סך.

אין מערץ 1933 האָבן זיך די באַנקען אין דעטראָיט און דערנאָך איבערן גאַנצן לאַנד צוגעמאַכט. גראָד האָט געטראָפן, אַז איך בין פאַרכאַפּט גע־וואָרן אין באַנק מיט (פאַר מיר) אַ גרויסע סומע געלט. אין מיין געשעפט קומען אַריין די געלטער מערסטנס צווישן דעם 11טן און 15טן פון חודש, האָב איך מיינע געלטער דעפּאָנירט און גלייך אָנגעשריבן טשעקס אָפּצוצאָלן מיינע חובות. האָט די באַנק טאַקע געהאַלטן מיינע דעפּאָנירטע טשעקס, אָבער האָט נישט אויסגעצאָלט די טשעקס וועלכע איך האָב אַרויסגעגעבן.

די דזשאָבערס וועלכע זיינען מיר געווען שולדיק אַ סך געלט און וועל־כע האָבן זייער שלעכט געצאָלט, האָבן זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט, וואָס די בענק האָבן זיך צוגעמאַכט און האָבן אויפגעהערט צאָלן אין גאַנצן. איניקע האָבן באַנקראָטירט, מיט אַנדערע האָב איך געמאַכט סעטלמענטס, ביז איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט אַלע חשבונות. פאַרלירנדיק אויף די דזשאָבערס 32,000 דאָלאַר, בין איך געבליבן אָן קאַפּיטאַל מיט וואָס אָנצו־פירן דאָס געשעפט. איך בין דעמאָלט געווען אין אַן ערגערער לאַגע ווי ווען איך בין צומערשט אַריין אין געשעפט.

מיין לאָיער און אַקאַונטענט האָבן מיך געראָטן צו באַנקראָטירן, ווייל זיי האָבן נישט געזען קיין אויסוועג פאַר מיר, ווי אַזוי איך זאָל זיך קענען אַרויסדרייען פון אַזאַ שווערער פינאַנציעלער לאַגע. געשעפטן איבערן לאַנד זיינען געוואָרן ערגער און ערגער. צו קריגן באַשטעלונגען פון דזשאַבבערס האָב איך מורא געהאַט, אַז איך וועל נישט קריגן באַצאָלט. די פאַבריקן האָבן געאַרבעט ניט רעגלמעסיק און דאָס ביסל סחורה, וואָס מען האָט זיי פאַרקויפט האָט מען געמוזט פאַרקויפן פאַר אַ זייער ביליקן פרייז, ווייל די קאָנקורענץ איז געווען זייער גרויס איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן צו נעמען באַשטעלונגען פון דער רעגירונג, וועלכע נוצט זייער אַ סך פון די סאָרטן סחורה. די פרייזן זיינען געווען זייער ביליקע, אָבער מיט דעם וואָס איך האָב געאַרבעט טאָג און נאַכט און צייטנווייז אין דריי שיפטס, זעקס טעג אַ וואָך, האָט מיין געשעפט אָנגעהויבן אַריינטראָגן קליינע פּראָפיטן. און די הויפּט־זאַך, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אַריינקריגן מזומן געלט און געקענט צאָלן חובות.

אַ געשעפט קען געפירט ווערן דערפאָלגרייך אויב געלטער האַלטן אין איין אַריינקומען, עס מאַכט נישט אויס וויפל מען איז שולדיק.

די אַרבעט איז געווען זייער שווער, מיט אַ סך קאָפּ־דרייעניש, אָבער איך בין געווען גליקלעך, וואָס איך האָב געקענט אָנהאַלטן מיין געשעפט.

געזעלשאַפטלעך בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן מער אין פאַרשיידענע אַרבעטן, כאָטש צופיל צייט האָב איך פאַר דעם נישט געהאַט.

אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָב איך גענומען לייענען מער וועגן אידישע פראַגן, ביכער וועלכע גייען אונטערן נאָמען „יודאַאיקאַ". איך האָב אויך געדונגען אַ לערער צו לערנען אַ בלאַט גמרא. אַזוי זיינען דורכגע־גאַנגען די יאָרן 1930, 1931 און 1932. אין געשעפט האָב איך זיך קאָנצענ־טרירט מערסטנס אויף רעגירונגס־באַשטעלונגען און אויך אָנגעהויבן אַרויפּ־אַרבעטן דעם דירעקטן פאַרקויף צו פאַבריקן, ווייל די געשעפטן דורך פּאָסט זיינען אָפּגעפאַלן, ווי איך האָב פאַראויסגעזען מיט יאָרן פריער.

אַלץ האָט אויסגעזען נאָרמאַל און איך האָב שוין גערעכנט, אַז מיין קאַמף פאַרן שטיקל ברויט איז שוין פאַרענדיקט, און איך וועל קענען האָבן געננוג אויף מיין הוצאה. אָבער דער גורל האָט געהאַט פאַר מיר עפּעס אַנדערש.

אין 1933 האָב איך גענומען רעגירונג־באַשטעלונגען אויף צוויי מיליאָן פונט אויף צו שיקן אין פאַרשיידענע פּלעצער איבער גאַנץ אַמעריקע און

אין די האַוואַיער אינזלען. גלייך ביים אַרויסשיקן דעם ערשטן וואַגאָן סחורה קיין נאָרפאָלק, ווירדזשיניע, האָט דער לאָקאַלער רעגירונגס־אינספּעקטאָר, וועלכער אינספּעקטירט די סחורה איידער עס ווערט אַרויסגעשיקט, מיך געלאָזט וויסן, אַז ער האָט געקראָגן אַ טעלעגראַמע, אַז מיין וואַגאָן סחורה איז צוריקגעוויזן געוואָרן פונעם רעגירונגס־אינספּעקטאָר, וועלכער קוקט איבער די סחורה ווען זי קומט אָן, און אַז איך זאָל מער קיין סחורה נישט שיקן. אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַרויסגעשיקט שוין נאָך אַ וואַגאָן סחורה, בין איך גלייך אַוועקגעפאָרן קיין נאָרפאָלק, אויסצוגעפינען פאַרוואָס מיין סחורה איז צוריקגעוויזן געוואָרן. דאָרט האָב איך געפונען אַזאַ לאַגע: עס איז פאָרגעקומען אומרעגלמעסיקייט מיט אַ פּאָר אינספּעקטאָרן, וועלכע האָבן אָנגענומען סחורה נישט לויט די ספּעציפיקאַציעס, און וואַשינגטאָן האָט גלייך אַהין אַריינגעשיקט מענטשן איבערצוקוקן אַלץ. און אַזוי ווי די סחורה, וועלכע איך שטעל צו, איז שווער צו באַשטימען צי עס איז פולע הונדערט פּראָצענט לויט די ספּעציפיקאַציעס, כדי צו זיין זיכער האָבן זיי צוריקגע־וויזן זעכצן וואַגאָנען, צווישן וועלכע עס זיינען געווען צוויי מיינע וואַגאָ־נען, כאָטש דער צווייטער וואַגאָן איז נאָך נישט אָנגעקומען קיין נאָרפאָלק. אויף מיין טענה, ווי קענט איר צוריקווייזן סחורה וועלכע איז אַפילו נאָך נישט אָנגעקומען, האָב איך קיין באַשטימטן תירוץ נישט געקענט קריגן.

איך בין אַוועק צום אַדמיראַל, וועלכער איז דער הויפּט פון נאָרפאָלק ניוווי יאַרד, האָט ער מיר געענטערפט, אַז לײדער קען ער פאַר מיר גאָר־נישט טאָן, ווייל וואַשינגטאָן פירט די אונטערזוכונג און עס ליגט אַלץ אין זייערע הענט. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב נישט דערוואַרט, אַז דער אַדמיראַל פון דער אַמעריקאַנער ניווי זאָל זיך באַהאַלטן הינטער אַ ווייבעריש קליידל. אים איז מיין ענטפער זייער געפעלן געוואָרן און ער האָט שטאַרק געלאַכט. ער האָט מיר אָבער געגעבן זיין ערן־וואָרט, אַז אין דעם פאַל קען ער זיך נישט אַריינמישן. איך בין גלייך אַוועק קיין וואַשינגטאָן.

דאָרטן האָב איך אויך נישט געקענט קריגן קיין צופרידנשטעלנדיקן ענטפער פאַרוואָס זיי האָבן צוריקגעוויזן סחורה, וועלכע זיי האָבן קיינמאָל נישט געזען. איך האָב אָבער ביי זיך געטראַכט, אַז אַזוי ווי איך האָב באַ־שטעלונגען אויף צוויי מיליאָן פונט, לוינט מיר נישט צו מאַכן אַ ווען וועגן איין וואַגאָן פון דרייסיק טויזנט פונט. איך האָב פשוט מורא געהאַט, אַז די באַאַמטע וועלן זוכן אַ וועג ווי אָפּצורעכענען זיך מיט מיר. בין איך דורכ־

געקומען מיט זיי, זיי זאָלן אַריינגעמען די צוויי וואַגאָנען סחורה מיט אַ רעדוקציע אין פּרייז. פאַרן אַרויסגיין פון קאָנטאָר זאָגט מיר דער הויפּט־איינקויפער פון דער ביורו, אַז די רעגירונג מוז האָבן אַ סך שמאַטעס און אַז איך זאָל זען שיקן די סחורה אין צייט, ווי לויטן קאָנטראַקט. איך האָב אים דערמאָנט, אַז דער אינספּעקטאָר אין דעטראָיט האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט געקראָגן אַ טעלעגראַמע, אַז איך זאָל מער נישט שיקן קיין סחורה. זאָגט ער, אַז דאָס איז נאַרישקייטן. די טעלעגראַמע איז געשיקט געוואָרן פון נאָרפאָלק און זיי האָבן געמיינט, אַז איך זאָל נישט שיקן סחורה קיין נאָרפאָלק, אָבער נישט געמיינט, אַז איך זאָל נישט שיקן קיין סחורה צו די אַנדערע ביין פּונקטן וואוהין איך דאַרף צושטעלן סחורה. נאָך מער, דער וואָס האָט געשיקט די טעלעגראַמע האָט גאָר קיין רעכט נישט געהאַט אַזאַ טעלעגראַמע צו שיקן. איך האָב אים געענטפערט, אַז עס קען זיין אַז אַלץ איז ווי ער זאָגט, אָבער כדי צו זיין זיכער, אַז דער דעטראָיטער אינספּעקטאָר וועט מיר לאָזן שיקן די סחורה, זאָל ער אים גלייך שיקן אַ טעלעגראַמע וועגן דעם. און ער האָט מיר צוגעזאָגט דאָס צו טאָן.

קומענדיק אַהיים האָט דער אינספּעקטאָר מיר געזאָגט, אַז ער וועט נישט אָננעמען קיין סחורה ביז ער וועט נישט קריגן קיין אינסטרוקציעס פון וואַשינגטאָן. איך האָב טעלעפאָנירט קיין וואַשינגטאָן און דער מאַן האָט מיר געזאָגט, אַז ער גייט גלייך שיקן אַ טעלעגראַמע. צען טעג שפּעטער זיינען נאָך אַזעלכע אינסטרוקציעס פון וואַשינגטאָן נישט געווען. דורך דער צייט האָב איך טעלעפאָנירט קיין וואַשינגטאָן עטלעכע מאָל, עס האָט אָבער גאָרנישט ניט געהאָלפן. דערווייל האָב איך אָנגעהויבן קריגן טעלעגראַמעס פון די פאַרשיידענע רעגירונגס־פּונקטן וואוהין איך האָב געדאַרפט שיקן סחורה, אַז איך בין הינטערשטעליק מיט מיינע צושטעלונגען און אויב איך וועל די סחורה גלייך נישט צושטעלן וועלן זיי בטל מאַכן די קאָנטראַקטן, קויפן סחורה אויפן אָפענעם מאַרק און רעכענען מיר פאַרן אונטערשייד אין די פּרייזן.

מיין פאַבריק האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט און איך האָב שוין געהאַט גרייט צום איבערשיקן זעכצן וואַגאָנען סחורה. אָבער דער אינספּעקטאָר האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שיקן די סחורה און אָן אים האָב איך עס נישט גע־קענט טאָן. איך בין געוואָרן זייער פאַרענגט אין געלט און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. ביז איין נאַכט, אַרום צוויי אַזייגער פאַרטאָג, האָט דער טע־

לעפּאָן אין הויז געקלונגען — אַ קייבלגראַם פון פוירל האַרבאָר, אַז זיי האָבן בטל געמאַכט מיין קאָנטראַקט און אַז איך זאָל מער קיין סחורה אַהין נישט שיקן, אַז זיי קויפן די סחורה אויפן אָפענעם מאַרק און וועלן מיר רעכענען פאַרן אונטערשייד אין פּרייז.

אין די נעקסטע פּאָר טעג האָבן אַלע פונקטן בטל געמאַכט מיינע קאָנ־טראַקטן און זיי האָבן שוין אָנגעהויבן קויפן סחורה אויפן אָפענעם מאַרק. לויט די פּרייזן וואָס זיי האָבן געצאָלט האָט עס געמיינט, אַז איך וועל דאַרפן גוט מאַכן אַ סומע פון איבער פינף און פופציק טויזנט דאָלאַר. עס האָט נישט געהאָלפן מיינע טעלעגראַמעס, בריוו און טעלעפאָנישע געשפּרעכן מיט די פאַרשיידענע באַאַמטע אין וואַשינגטאָן און איך האָב געמוזט צומאַכן מיין געשעפט.

איך בין געווען שולדיק די אַרבעטער פיר וואָכן שכירות, און נישט געהאַט קיין סענט ביי דער נשמה. בין איך אַוועקגעפאָרן קיין וואַשינגטאָן. איך בין אָנגעקומען מאָנטיק פרי און גלייך אַוועק אין קאַנטאָר פון נייוויי־דעפּאַרטמענט. דאָרטן האָב איך דעם הויפּט־איינקויפער פון פלאָט דערציילט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. איך האָב ביי אים געפרעגט פאַרוואָס ער האָט נישט געשיקט די טעלעגראַמע צום דעטראָיטער אינספּעקטאָר, ווי ער האָט מיר געהאַט צוגעזאָגט. אָנשטאָט אַן אויפקלערונג האָב איך באַקומען זידל־ווערטער, אַז אַלע אין דער בראַנזשע זיינען גנבים. האָב איך אים געענט־פערט, אַז ער איז אַ ליגנער און אַז איך בין נישט געקומען צו אים זיך פאַרגלייכן אין יחוס. האָט ער מיר געענטפערט מיט כעס, אַז ער קען פאַר מיר גאָרנישט נישט טאָן. האָב איך אַרויסגענומען מיין שליסל פון געשעפט, און אים אַוועקגעלייגט אויף זיין טיש. פרעגט ער מיך: „וואָס איז דאָס?" ענטפער איך אים, אַז דאָס איז דער שליסל פון מיין געשעפט, אַזוי ווי די רעגירונג מאָנט ביי מיר פינף און פופציק טויזנט דאָלאַר און אַזוי ווי די פאַרזיכערונג־באָנדס, וועלכע איך האָב איינגעלייגט אין וואַשינגטאָן אויף פופציק טויזנט דאָלאַר, מיינט דאָס, אַז אָדער די רעגירונג אָדער די פאַר־זיכערונג־קאָמפּאַני, וועלכע האָט פאַר מיר איינגעלייגט די באָנדס, וועלן מיין געשעפט סיי־ווי צונעמען, גיב איך אים אַוועק דעם שליסל און זאָל ער איבערנעמען מיין געשעפט. ער מעג שטאָלצירן מיט דעם וואָס ער האָט גענוצט דעם גאַנצן אַמעריקאַנער פלאָט כדי צו דערהרגענען אַ פליג.

איך בין אַוועק אין אַ ווינקל פון זיין קאַנטאָר און זיך אַוועקגעזעצט.

אַזוי בין איך געזעסן ביי אים אין קאַנטאָר פון ניין אין דער פרי ביז פיר פאַרנאַכט, פון מאָנטיק ביז פרייטיק פרי. איך האָב ביי זיך באַשלאָסן, אַז איך וועל דאָרטן זיצן ביז איך וועל מאַכן אַ טאָלק פון דעם גאַנצן ענין. דורך דער וואָך האָט מיך דער מאַן עטלעכע מאָל געפרעגט, פאַרוואָס איך זיץ דאָרטן? איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב נישט צוליב וואָס צו פאָרן אַהיים. פרייטיק אין דער פרי רופט ער מיך צו צו זיין שרייב־טיש און פרעגט ביי מיר וואָס איך וויל. זאָג איך אים, אַז איך וויל, אַז די רעגירונג זאָל מיר דערלויבן אָנצוגיין מיט די קאָנטראַקטן און צושטעלן די סחורה לויטן אָפּמאַך. זאָגט ער מיר, אַז דאָס איז אוממעגלעך, ווייל די פאַר־שיידענע רעגירונגס־פּונקטן האָבן שוין געקויפט אַנדערע סחורה. פרעג איך ביי אים, צי זוכט ער אַ תירוץ, צי וויל ער טאַקע אויסגלייכן דעם סכסוך. אויב ער איז פאַראינטערעסירט אין אויסגלייכן דעם ענין, קען ער זייער גרינג טעלעפאָנירן די אַלע פלעצער און זיי הייסן נעמען די סחורה וואָס איך וועל שיקן. אַי, זיי האָבן געקויפט אַנדערע, שאַדט עס נישט, ווייל די רעגירונג נוצט אויס אַ סך מער ווי מיינע קאָנטראַקטן באַטרעפן, און אַנ־שטאָט קויפן אַלע דריי חדשים וועלן זיי קויפן אין זעקס חדשים אַרום נייע סחורה.

ער האָט גלייך דעפּעשירט צו אַלע נייוווי־יאַרדס און האָט מיר געהייסן וואַרטן ביז עס וועלן אָנקומען די ענטפערס פון זיי. אַרום צוויי אַזייגער בייטאָג זיינען אָנגעקומען ענטפערס פון אַלע פּונקטן, אַז זיי זיינען ווילּיק אָנצונעמען מיין סחורה. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר געבן אַ בריוו אַז איך מעג אָנגיין מיט די קאָנטראַקטן און אויך אַ בריוו צום דעטראָיטער אינספּעקטאָר, אַז ער זאָל גיין עקזאַמינירן די סחורה. ער האָט מיר געהייסן פאָרן אַהיים און פאַרזיכערט, אַז די בריוו וועלן אַרויסגעשיקט ווערן. איך האָב אָבער שוין נישט געוואָלט זיך פאַרלאָזן אויף אים מער און אים גע־געבעטן גלייך אָנשרייבן די בריוו ער האָט אַזוי געטאָן.

דעם בריוו צום אינספּעקטאָר האָט ער מיר נישט געקענט געבן, ווייל עס האָט געמוזט דורכגיין דורך פּאָסט און נישט דורך קיין פּריוואַטן מענטשן. בין איך באַשטאַנען, אַז איך וויל אַליין זען אַז דער בריוו ווערט אַריינגע־וואָרפן אין בריוו־קאַסטן. איך האָב מיינס אויסגעפירט.

איך בין געקומען צוריק און גענומען שיקן די סחורה און גלייך זיך געשטעלט אַרבעטן צו פּראָדוצירן מער. דערווייל איז מיר די רעגירונג גע־

ווען שולדיק אַרום צוועלף טויזנט דאָלאַר וועלכע זיי האָבן פאַרהאַלטן גלייך ווי מיינע קאָנטראַקטן זיינען בטל געוואָרן.

איידער איך האָב פאַרלאָזן וואַשינגטאָן בין איך אַריין אין קאָנטאָר וואו מען צאָלט אויס געלט און זיי דערקלערט, אַז דער ענין איז שוין דערלייַדיקט און אַז זיי זאָלן מיר אויסצאָלן מיינע געלטער. זיי האָבן מיר געענטפערט, אַז עס פריייט זיי צו הערן און אַז אין אַ טאָג אָדער צוויי וועלן זיי מיר אַרויסשיקן טשעקס. איך האָב געוואַרט איין וואָך און צוויי און קיין געלט איז נישט אָנגעקומען. איך האָב עטלעכע מאָל טעלעפאָנירט, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. בין איך ווייטער געפאָרן קיין וואַשינגטאָן.

איך בין אַרומגעלאָפן פון איין באַאַמטן צום צווייטן און קיין טאָלק נישט געקענט דערגיין. ביז איין קלוירק האָט מיר דערקלערט די געשיכטע. ווען מיינע קאָנטראַקטן זיינען בטל געוואָרן האָט אַ באַאַמטער צוגעשפּיליעט אַ רויטן צעטל צו מיין לעדזשער־בלאַט און די צאָלונגען זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן. אַראָפּנעמען אָט דעם רויטן צעטל קען נאָר דער וואָס האָט עס צוגעטשעפּעט אָדער אַ העכערער באַאַמטער. בין איך אַוועק צו דעם הויפּט פון דער אַמעריקאַנער נייווי. ער האָט מיך גאַנץ העפלעך אויפגענומען און ווען איך האָב אים דערציילט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער מיר געהייסן קומען אויף מאָרגן. און ווען איך בין אויף מאָרגן געקומען, האָט זיין סעקרעטאַר מיר געגעבן אַ צעטעלע צו וועמען צו גיין. דאָרטן האָב איך שוין געפונען אַלע טשעקס אויסגעשטעלט און גרייט פאַר מיר.

איך בין געקומען צוריק אַ גליקלעכער און איך האָב גערעכנט, אַז אַלע מיינע צרות זיינען שוין אַריבער.

שמואל-בער לייקין

# „ען־אַר־איי״

אין יענער צייט האָט פּרעזידענט רוזוועלט פּראָקלאַמירט די „ען־אַר־איי״, און סחורה און אַרבעטערס געהאַלט זיינען גלייך געשטיגן. איך האָב זיך מיטאַמאָל געפונען אין אַ לאַגע, אַז ווען איך שיק אַרויס אַ וואַגאָן סחורה איז אָנשטאָט צו פאַרדינען צוויי פּראָצענט פּראָפיט דאַרף איך גאָר דערלייגן פון אַכצן ביז צוואַנציק פּראָצענט. בין איך וויטער אַוועק קיין וואַשינגטאָן צום הויפּט־איינקויפער פון דער בייזוי. איך האָב אים דערציילט אין וואָס פאַראַ לאַגע איך געפין זיך. ער האָט מיר געענטפערט, אַז דער פּרעזידענט האָט אַזעלכע זאַכן פאָראויסגעזען און ער האָט געזאָגט, אַז די וואָס האָבן באַשטעלונגען מיט דער רעגירונג וועלן קריגן אַ העכערונג אין פּרייז גוט צו מאַכן די העכערע קאָסטן אַ דאַנק דער „ען־אַר־איי״, און אַז דער קאָנגרעס האָט גוטגעהייסן דעם פּונקט.

אויף מיין פאָדערונג אַז ער זאָל בייטן דעם קאָנטראַקט אויף אַ העכערן פּרייז, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער קען דאָס נישט טאָן. איך זאָל אָבער צושטעלן די סחורה לויטן קאָנטראַקט און דערנאָך צושטעלן אַ באַזונדערן חשבון פון דעם אונטערשייד אין קאָסט אַ דאַנק דער העכערונג וואָס די „ען־אַר־איי״ האָט אַריינגעבראַכט. אָדער, אויב איך וויל, קען איך בטל מאַכן די קאָנטראַקטן און די רעגירונג וועט דאָס גוטהייסן. ער האָט אָבער צוגעגעבן, אַז אויב איך וועל האַנדלען ווי אין לעצטן פאַל וועל איך קיינמאָל מער נישט קענען קריגן קיין רעגירונגס־קאָנטראַקטן. ער האָט מיר געראָטן, אַז איך זאָל אָננעמען זיין ערשטן פאָרשלאַג. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער אַליין וועט זען, אַז מיין חשבון, וואָס וועט צוגעשטעלט ווערן ווי אַ צוגאָב, זאָל אויסגעצאָלט ווערן.

איך האָב אים אויפגעוויזן, אַז איך בין נישט בכוח אַריבערצוטראָגן אַזעלכע גרויסע פאַרלוסטן און אַז איך וועל סיי־ווי פאַרלירן מיין געשעפט, אויב איך וועל אָנגיין מיט די קאָנטראַקטן אויף די פריערדיקע פּרייזן. האָט ער מיר געגעבן אַן עצה, אַז איך זאָל נעמען נייע קאָנטראַקטן אויף העכערע פּרייזן און שיקן מיין סחורה אַביסל לויט די העכערע פּרייזן און אַביסל לויט די אַלטע קאָנטראַקטן, אויף נידעריקע פּרייזן. אַזוי וועל איך צעטיילן מיינע פאַרלוסטן אויף אַ לענגערער צייט. און דערביי האָט ער מיר צוגעזאָגט, אַז די רעגירונג וועט ביי מיר נישט מאָנען די צושטעלונג פון די

אַלטע קאָנטראַקטן אין דער באַשטימטער צייט, נאָר וועט עס פאַרלענגערן אויף נאָך אַ יאָר צייט. איך האָב אַזוי געטאָן.

איך האָב קיינמאָל נישט געוואוסט וויפל פאַרלוסטן איך האָב געהאַט אין צושטעלן דעם קאָנטראַקט, נאָר מיין אָפּשאַצונג איז געווען פון צוואַנ־ציק ביז פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר. ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט דעם קאָנטראַקט האָב איך צוגעשטעלט דער רעגירונג אַ חשבון אויף פערצן טויזנט דאָלאַר. די אורזאַך איז געווען וואָס די רעגירונגס־באַשטע־לונגען זיינען געאַרבעט געוואָרן אין דער זעלבער צייט מיט די באַשטעלונ־גען וואָס איך האָב פאַרקויפט צו פריוואַטע פירמעס. עס איז געווען זייער שווער אויסצוחשבונען און איבערהויפּט צושטעלן באַווייזן, אַז די העכערונג איז געווען פאַר די קאָנטראַקטן פון דער רעגירונג און ניט פאַר די גע־שעפטן וואָס איך האָב געטאָן מיט פריוואַטע פירמעס. עס האָט מיך גע־קאָסט זעקס הונדערט דאָלאַר צוצושטעלן דעם חשבון. הונדערט און אַכט און צוואַנציק פאַרשיידענע אַפידייוויטס האָב איך זיי באַדאַרפט צושטעלן. נאָך דעם אַלעמען האָט דער גאָווערנאָר־דזשענעראַל פון דער אַמעריקאַנער טרעזשורי מיר צוגעשיקט אַ שיין בריוועלע פון צוויי שורות, אַז מיין פאָ־דערונג איז אָפּגעזאָגט געוואָרן, נישט אָנגעבנדיק קיין אורזאַך. איך האָב געדאַרפט זיין אין וואַשינגטאָן צוליב אַנדערע געשעפטן. בין איך שוין אויך אַריין צום גאָווערנאָר־דזשענעראַל, זיך ביי אים אָנפרעגן די אורזאַך פאַר־וואָס ער אָנערקענט נישט מיין חשבון. האָט מיר געענטפערט איינער דאָרטן אין קאָנטאָר, אַז די אורזאַך פאַרוואָס מיין רעכענונג איז נישט פאַרהאַנדלט געוואָרן איז, ווייל דער הויפּט־איינקויפער פון דער נייווי האָט זיי צוגע־שטעלט אַ בריוו, אַז איך בין צו דעם נישט באַרעכטיקט, ווייל איך האָב נישט צוגעשטעלט די סחורה אין דער באַשטימטער צייט וואָס איז אָנגע־געבן געוואָרן אין דעם קאָנטראַקט.

מיך האָט דער ענין זייער שטאַרק פאַרדראָסן. ער האָט מיך פשוט אַריינ־גענאַרט אין זאַק. קומענדיק אַהיים האָב איך אָנגעשריבן אַ בריוו צום גאָ־ווערנאָר־דזשענעראַל און אים דערקלערט די גאַנצע געשיכטע, ווי דאָס ניט צושטעלן די סחורה אין צייט איז געווען די שולד פון דעם רעגירונג־איינ־ספּעקטאָר און ווי דער הויפּט־איינקויפער פון דער נייווי האָט מיר איינגע־רעדט צוצושטעלן די סחורה און ער האָט מיר נאָך צוגעזאָגט, אַז אַזוי ווי ער איז באַקאַנט מיט דעם גאַנצן ענין, וועט ער מיר העלפן קריגן דאָס

געלט וואָס די רעגירונג איז מיר שולדיק, לויט דעם געזעץ וואָס איז אָנ־גענומען געוואָרן אין קאָנגרעס. און אויב איצט זאָגט ער אַנדערש, איז ער אַ פשוטער ליגנער.

# אַ בריוו פאַרן העכסטן געריכט

שרייבנדיק דעם בריוו איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז מיין בריוו וועט אַריין אין די הענט פון יונייטעד סטייטס סופרים קאָורט. די געשיכטע איז אַזאַ:

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גאָווערנאָר־דזשענעראַל פון דער טרעזשורי האָט אַלע קאָנטראַקטאָרס וואָס האָבן געמאָנט געלט צוליב דער „ען־אַר־איי״, אָפּגעזאָגט צו געבן זיי וועלכע עס איז באַלוינונג.

אין 1938 איז די פראַגע פאַרהאַנדלט געוואָרן אין קאָנגרעס און עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אַנדער געזעץ צו פאַרגיטיקן די אַלע קאָנטראַק־טאָרס. אַ לאָיער פון וואַשינגטאָן האָט זיך געווענדט צו מיר איך זאָל אים איבערגעבן מיין קלאַגע, ווייל ער איז זיכער, אַז ער קען דאָס געלט אויפ־מאָנען. פאַר זיין געהאַלט וועט ער נעמען פינף און צוואַנציק פּראָצענט פונעם קאָלעקטירטן געלט. איך האָב אין אָנפאַנג נישט געוואָלט פטרן צייט אויף דעם, אָבער איך האָב זיך באַרעכנט, אַז אַזוי ווי קיין געלט וועט עס מיר מער נישט קאָסטן, וועט אפשר פאַרט פון דעם עפּעס אַרויסקומען. איך האָב אים איבערגעגעבן די קלאַגע. ער איז אַוועק אין „קאָורט אָוו עק־וויטי״ מיט דער קלאַגע. איך האָב אָבער געדאַרפט צושטעלן אַ נייע קלאַגע. ווייל לויטן נייעם געזעץ האָט די קלאַגע געדאַרפט אַנדערש אויסגעשטעלט ווערן. דאָס האָט מיך ווידער געקאָסט צוויי הונדערט דאָלאַר. אין 1940 איז פאָרגעקומען אַ „הירינג״ פאַר אַ פעדעראַלן ריכטער, וועלכער איז ספּעציעל געקומען פון וואַשינגטאָן פאַר אַזעלכע קלאַגעס. צוויי טעג בין איך געזעסן אויפן עדות־שטול און געענטפערט אויף פאַרשיידענע טעכנישע פראַגן, וועל־כע זיינען געווען פאַרבונדן מיט זאַכן וואָס זיינען פאָרגעקומען מיט זעקס־זיבן יאָר פריער. סוף 1940 האָט דער פעדעראַלער געריכט געפסקנט, אַז עס קומט מיר דרייצן הונדערט דאָלאַר. ווען איך האָב געקראָגן צוגעשיקט דעם פסק האָט עס מיר געמאַכט צום לאַכן.

ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער, ווען איך האָב געקראָגן צו וויסן, אַז די רעגירונג אַפּעלירט מיין אָנקלאָגע צום יונייטעד סטייטס סופּרים קאָורט, אין וועמענס הענט די גאַנצע פראַגע ליגט איצט, מיט אַלע בריוו, וואָס איך האָב געשיקט קיין וואַשינגטאָן צו די פאַר־שיידענע באַאַמטע. איך רעכן, אַז מיינע קינדס־קינדער וועלן נאָך אַמאָל אפשר קריגן עפּעס פון דעם ענין.

די דערפאַרונג האָט מיך אָפּגעקילט אַביסל פונעם נעמען קאָנטראַקטן פון דער רעגירונג, איבערהויפּט גרויסע קאָנטראַקטן.

אין 1937 זיינען געשעפטן אין לאַנד נישט געווען צו גוט. די עקאָנאָ־מישע לאַגע אין 1936 איז געווען אַ סך בעסער. אָבער מיין געשעפט איז געגאַנגען זייער גוט. אין די יאָרן 1936 און 1937 האָב איך אָפּגעווישט די פאַרלוסטן פון דעם רעגירונגס־קאָנטראַקט און עס איז איבערגעבליבן אַ שיינער רווח.

דורך די אַלע יאָרן פון קאַמף האָב איך זיך באַטייליקט אין געזעל־שאַפטלעכן לעבן. איך האָב צוגעטראָגן מיינע ביישטייערונגען צו פאַרשיי־דענע פאָנדן און אינסטיטוציעס. איך האָב אָבער אויך קיינמאָל ניט אָפּגע־זאָגט יחידים, ווען זיי זיינען געקומען צו מיר נאָך הילף. איך האַלט, אַז דער וואַלד באַשטייט פון איינצלנעביימער און מען טאָר ניט פאַרנאַכלעסיקן די ביימער צוליב דעם וואַלד. למען האמת דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז אין אַלע פאַלן האָט זיך עס געהאַנדלט אין קליינע סומעס געלט, אין צענדליקער דאָלאַר און אין אייניקע פאַלן אין הונדערטער, אָבער מערסטנס אין געדולד אויסצוהערן יענעמס צרות, אין צייט צו געפינען אַ שטעלע פאַר אַ מענטשן אָדער אונטערזוכן אַ געוויסן געשעפט און געבן אַן עצה צי דער אָנפרעגער זאָל אַריין אין דעם געשעפט, צי ניט; אויב יאָ, אויף וואָס פאַראַ באַדינגונגען.

מיין פרויס פאַמיליע האָט זיך געווענדט צו מיר מיט אַלע פינאַנציעלע צרות, און דאָס איז נאַטירלעך. מיין פאַמיליע, וועלכע געפינט זיך אין רוס־לאַנד, האָב איך רעגלמעסיק געשיקט געלט, אָבער ניט קיין גרויסע סומעס. אפשר צו ווייניק. און ניט אַלע יאָר האָט מען געקענט שיקן געלט. מיין פאָטער איז געשטאָרבן אין 1936. זיין שטיקל געשעפט איז קאָנפיסקירט געוואָרן און די מוטער איז אַוועק וואוינען מיט מיין שוועסטער אין מאָגי־ליעוו אויפן דניעפּער. גאָט ווייסט וואָס עס איז געוואָרן מיט זיי, צי זיי לעבן און וואו זיי געפינען זיך איצט.

שמואל־בער לייקין

# איך ווער אַ „פּאַרמער"

אין 1936 האָב איך געטאָן אַ אידן אַ טובה, וועלכע האָט מיך געקאָסט אַ סך געלט און פאַרשאַפט אַ סך צרות.

מיין פרויס אַ קוזין האָט געהאַט אַ פאַרם, וועלכע ער האָט זייער שיין אַרויפגעאַרבעט. די פאַרם האָט געהאַט הונדערט אַקער ווייַנטרויבן, זעכציק אַקער פאַרם־לאַנד, פערציק אַקער וואַלד, פאַרמאָגט אַ שיין, גרויס הויז, וועלכעס האָט אים געקאָסט איבער צוואַנציק טויזנט דאָלאַר אויפצובויען. מיר זיינען דאָרטן עטלעכע מאָל געווען אויף אַ פּאָר טעג רו, און מיר זייַנען אַלעמאָל געווען באַגייסטערט פון דער פאַרם. דורך די יאָרן פון דער דעפּרעסיע האָט דער קוזין ניט געצאָלט די ראַטעס אויפן מאָרגעדזש און אין 1936 האָט די באַנק צוגענומען ביי אים די פאַרם. זיי זייַנען געווען אויף אים אין כעס, ווייל ער האָט אָנגעפירט אַן אַגיטאַציע צווישן די פאַרמער, אַז זיי זאָלן ניט צאָלן די מאָרגעדזשעס.

דעמאָלט האָט דער קאָנגרעס דורכגעפירט דאָס פרייזיער־לעמבקע־געזעץ, אַז מען קען ניט צונעמען קיינע פאַרמס צוליב דעם וואָס מען האָט אויף זיי ניט געצאָלט קיין מאָרגעדזשעס. אַזוי שנעל ווי דער סופרים־קאָורט האָט דערקלערט, אַז דער פרייזיער־לעמבקע־געזעץ איז ניט קאָנסטיטוציאָנעל, האָט די באַנק „פאַרקלאָוזד" דעם מאָרגעדזש און געוואָלט, אַז מיין פרויס קוזין זאָל אַראָפּ פון פאַרם. די באַנק האָט זיך אָנטזאָגט אַפילו מיט אים צו אונטערהאַנדלען. איז ער געקומען צו לויפן צו מיר, אַז איך זאָל אים ראַטעווען.

די מאָרגעדזש באַנק איז גראַד אין דעטראָיט. איך בין אַוועק צו זיי און זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז מיטן קוזין ווילן זיי ניט האַנדלען. אויב איך וויל נעמען דעם מאָרגעדזש אויף מיין נאָמען, וועלן זיי דורכקומען מיט מיר. זייענדיק פאַרבלענדט מיטן געדאַנק, אַז איך וועל העלפן מיין קוזין, האָב איך גענומען די מאָרגעדזשעס אויף מיין נאָמען, אויף דער סומע פון פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר.

איך האָב געהאַט צוויי אויסרעכענונגען. ערשטנס, בין איך געווען מיטן געדאַנק, אַז די פאַרם קען זיך באַצאָלן און קען אויסצאָלן די חובות, און צווייטנס, איז לויט דעם דעמאָלטיקן מישיגען געזעץ געווען איינגעפירט, אַז אויב איך צאָל ניט אויפן מאָרגעדזש קען מען צונעמען די פאַרם, אָבער

מען קען מיך ניט אָנקלאָגן פאַר „דעפּישענסי", ד. ה., אויב די פאַרם ברענגט ניט אַריין גענוג כדי צו דעקן דעם מאָרגעדזש קען מען ניט מאָנען ביי מיר דאָס איבעריקע. בין איך געווען צופרידן צו געמבלען מיט די דריי טויזנט דאָלאַר, וועלכע איך געדאַרפט איינצאָלן, מיט דער האָפענונג, אַז מיט מיין איבערזיכט איבער דער געשעפטלעכער זייט פון פאַרם וועט דער קוזין קע־נען ראַטעווען די פאַרם.

אויסגעלאָזט האָט זיך עפּעס אַנדערש. אַזוי שנעל ווי איך האָב איבער־גענומען די חובות האָט מיין קוזין זיך צו מיר צוגעהערט ווי צום קאָטער. ער האָט טאַקע דעם ערשטן יאָר געהאַט אַ גערעטעניש אויף וויינטרויבן, אָבער דאָס געלט האָט ער אַריינגעלייגט אין קעשענע און מיר אויסגעשטעלט אַ פייג. גיין אין קאָורט האָב איך ניט געוואָלט, אַראָפּוואַרפן אים פון פאַרם — אַוודאי און אַוודאי ניט. האָב איך געמוזט מאַכן די צאָלונגען פון מיין אייגענער קעשענע, פאַר מאָרגעדזשעס און פאַר שטייערן. דריי יאָר צייט האָב איך זיך אָפּגעמוטשעט ביז איך האָב דערזען, אַז די שפּיל איז פאַרן טייוול. בין איך אַוועק אין באַנק און דורכגעקומען מיט זיי, איך וועל זיי צוצאָלן זעקס טויזנט דאָלאַר מזומן און די פאַרם. מיין גליק האָט מיר נאָך צוגעשפּילט. אין 1937 האָט דער העכסטער געריכט אין מישיגען געפּסקנט, אַז אויב ריעל עסטייט, ביים אויספאַרקויף אויף ליציטאַציע דעקט ניט די פולע סומע פון מאָרגעדזש, דאַרף דער באַלעבאָס גוטמאַכן דאָס איבעריקע געלט. האָט די געשיכטע מיך געקאָסט דרייצן טויזנט דאָלאַר אין מזומנים און דריי יאָר האַרץ־ווייטיק. איך האָב געהאָפט, אַז פון אינוועגטאַר אויפן פאַרם וועל איך קענען ראַטעווען אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז דער קוזין איז געווען קליגער. ער האָט געמאַכט הלוואות אָן מיין וויסן און געגעבן אין משכון דעם אינוועגטאַר. איך האָב נאַטירלעך גע־קענט פּשוט צונעמען דעם אינוועגטאַר, וואָלט דאָס אָבער געמיינט פאַרן קוזין צו גיין אין פּריזאָן פאַר נעמען געלט אונטער פאַלשע פּרעטענזיעס. ער איז דאָס טאַקע ווערט געווען, אָבער ווי קען מען דאָס דערלאָזן? האָב איך אַ שפּיי געטאָן אויף דער גאַנצער געשיכטע און עס געלאָזן צורו.

די יאָרן פון 1936 ביז איצט, סוף 1942, זיינען געווען פינאַנציעל די בעסטע יאָרן פון מיין לעבן. אמת, איך אַרבעט זייער שווער אין געשעפט, אַביסל צו שווער, און די כוחות ווערן שוואַכער, אָבער די אַרבעט באַצאָלט זיך.

שמואל-בער לייקין

# איצט

איך האָב אויסגעבויט אַ הויז פאַר זיך, לויט מיין געשמאַק, ניט גע־זשאַלעוועט קיין געלט, עס אָנגעפילט מיט שיינקייט און רייכקייט.

מיין געשעפט שטייט אויף אַ פעסטן פינאַנציעלן פונדאַמענט, האָט אַ גוטן און ראַיעלן נאָמען אין באַנק און אין דער געשעפטס־וועלט, און דאָך פעלט מיר די אינערלעכע זיכערקייט. איך גערדאַנק האַלט אין איין עגבערן אין מיין מוח: עס קען זיך איבערדרייען! עס העלפט ניט מיין ראַציאָנאַלי־זירן מיט זיך. דאָס געפיל איז שטאַרקער פון אַלע מיינע אַרגומענטאַציעס. בילדער מאָלן זיך פאַר מיר: וואָס וועט זיין, אַז איך וועל פאַראַרעמט ווערן. איך וועל מוזן שנײַדן מיין סטאַנדאַרד פון לעבן, מיין פרוי און קינדער וועלן זיך מוזן אָפּזאָגן פון פילע זאַכן, איך וועל זיך מוזן אָפּזאָגן פון געבן געלט צו די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און דעם האַרץ־ווייטיק און בושה, וואָס איך וועל דאַרפן אויסשטיין ביים אויסטענהן זיך, פאַרוואָס איך גיב ניט. דאָס פאַראומערט מיר דאָס לעבן, אפשר דערפאַר גיב איך אַזוי ליבעראַל צו אַלץ און צו אַלעמען, איצט, כל זמן איך קאָן.

איך פּרוביר זיך באַוואָרענען, וויפל עס איז נאָר מעגלעך, אַז עס זאָל נישט קומען צו אַזאַ צושטאַנד.

לעצטנס האָב איך געהאַט פיל געלעגנהייטן צו אינוועסטירן געלטער אין פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, וואָס פון געשעפט־שטאַנדפונקט וואָלט עס מיר זייער גוט באַצאָלט. אָבער איך האָב ביי זיך באַשלאָסן ניט אויסצו־שפּרייטן זיך און נישט אונטערנעמען קיין געשעפטן, ווייל עס קען דאָך טרעפן אַז עס זאָל נישט אַוועקגיין גוט און איך וועל דאַרפן פאַרלירן מיין געלט.

אָט דאָס גאַנצע געפיל איז מיר פרעמד, ווייל ביז לעצטנס בין איך אין געשעפט געווען אַ גרויסער ספּעקולאַנט און חוץ מיט אַ פּאָר אויסנאַ־מען בין איך אַלעמאָל געווען דער געווינער. איצט, אין דער עלטער פון 46 יאָר, האָב איך מורא צו ספּעקולירן, איך זאָל נישט פאַרלירן דאָס וואָס איך האָב.

אמת, עס שפּילט דערביי אַ גאַנץ היפּשע ראָלע אַן אַנדער מאָמענט. אין די צוויי געשעפטן, וועלכע איך פאַרמאָג איצט, לייג איך אַריין מיין גאַנצע צייט און ענערגיע און נאָך אַ טאָג אַרבעט בין איך דערשעפּט און איך

ווייל נישט אָנציען אויף זיך נאָך געשעפטן, מורא האָבנדיק פאַר מיין געזונט.

ביז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו היטן מיין געזונט. איך האָב פון דעם געהאַט זייער פיל און נישט געטראַכט עס אָפּצוהיטן. איצט, אָבער, פיל איך אַ מידקייט און די וויכטיקייט פון אָפּהיטן דאָס געזונט.

אין אַלגעמיין איז די פראַגע פון טויט זייער אָפּט אין מיין געדאַנק. איך דענק און פיל, אַז צו אַ הויכן עלטער וועל איך נישט דערלעבן.

עס העלפט נישט מיין אַרגומענטירן מיט זיך, אַז עס איז נאַריש צו טראַכטן וועגן טויט, ווען מען איז נאָך אַזוי יונג ווי 46 יאָר; ווען איך האָב די מעגלעכקייט צו געניסן פון לעבן אַ דאַנק דער שווערער אַרבעט און פילע דערפאַרונגען, וואָס איך האָב געהאַט; אויך אַ דאַנק די דערגרייכונגען וואָס איך האָב דערגרייכט, סיי פינאַנציעל און סיי געזעלשאַפטלעך. אָבער עס בלייבט דער פאַקט, אַז איך קען די געדאַנקען וועגן טויט נישט פאַרטרייבן.

במילא ווירקט עס אויף מיין פירונג פון געשעפט. איך היט זיך אַז יעדער טראַנסאַקציע זאָל זיין פּינקטלעך פאַרשריבן, אַזוי אַז אויב עפּעס טרעפט מיט מיר זאָל אַלץ זיין אויף פּאַפּיר.

זאָל מען נישט דענקען, אַז דער טויט שרעקט מיך און פאַראומערט מיר דאָס לעבן. גראָד ניט. איך טראַכט וועגן דעם רואיק און געשעפט־מעסיק. אָבער איך וואָלט נישט וועלן, אַז דער סוף זאָל איצט קומען, ווען מיינע קינדער זיינען נאָך יונג, איידער איך האָב זיי אַרויסגעפירט אין דער וועלט און זיי האָבן די מעגלעכקייט צו שטיין אויף זייערע אייגענע פיס.

פאַר זיך פּערזענלעך וואָלט איך געקענט גאַנץ רואיק מאַכן שלום מיטן געדאַנק, אַז דאָס איז דער סוף.

וואָס האָב איך דערגרייכט מיט מיינע קינדער?

פון די פיר טעכטער איז די עלטסטע ניינצן, דאָס אינגסטע אַכט, איינע זעכצן און איינע פערצן.

די עלטערע איז דורכגעגאַנגען אַכט יאָר פאַרבאַנד־שולע, דריי יאָר מיטלשולע, איז גרינטלעך באַקאַנט מיטן אידישן לעבן און מיט אידישע פראַגן.

זי איז דורכגעגאַנגען איין יאָר קאַלעדזש און הייַנטיקס יאָר איז זי אַוועק אין אַ קונסט־שולע זיך לערנען מאָלן, צו וואָס זי האָט אַ שטאַרקע נייגונג.

זי האָט אויך אַ נייגונג צו שאַפן מוזיק, אָבער איך צווייפל זייער שטאַרק, צי פון די טאַלאַנטן וועט זי קענען פאַרדינען אויב זי וועט עס אַמאָל דאַרפן.

זי איז מער געניגט צו זיין אַ טרוימעריןְ, און ווי אַלע טרוימער קען זי נישט אַרבעטן שווער אויף איין זאַך. זי וואַרפט זיך פון איין חלום צום צווייטן. איר וועג אין לעבן האָט זי נאָך נישט געפונען.

די צווייטע טאָכטער האַלט איצט ביים ענדיקן די אידישע מיטלשולע, איז אין לעצטן יאָר האַי־סקול און גרייט זיך צו גיין אין קאַלעדזש.

זי איז מער פון דעם פּאָזיטיוון טיפּ און האָט קיין מורא ניט פאַר אַר־בעט. זי איז פיל אידישער ווי די עלטערע און אידישע פראַגן אינטערע־סירן איר מער. וואָס פאַר אַ קאַריערע זי וועט פאַר זיך אויסקלייבן איז שווער צו וויסן. אין דעם עלטער פון זעכצן יאָר, וועלכער איז אַן איבער־גאַנגס־פעריאָדע פון קינד צו יונג־פרוי, ווייסט זי אַליין נישט וואָס זי וויל.

איך האָב אַלעמאָל געוואָלט, אַז מיינע קינדער זאָלן האָבן אַ פּראָפע־סיע אין האַנט, צו קענען זיין זעלבסטשטענדיק אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אויב עס מאַכט זיך אַזאַ לאַגע. צוליב דער אורזאַך גיב איך נישט מיינע קינדער קיין צופיל לוקסוס און לערן זיי צו זיין דעמאָקראַטיש.

די דריטע טאָכטער איז דורכגעגאַנגען די פאַרבאַנד־שולע און איז אויך אין לעצטן יאָר מיטלשולע. זי איז אין צווייטן יאָר האַי־סקול. זי איז זייער נאַציאָנאַליסטיש געשטימט און איז אַ אידישיסטקע, כאָטש אַליין רעדט זי ענגליש. אָבער זי לייענט אידיש פריי און אַביסל העברעאיש. זי איז טעַ־טיק אין די „הבונים". זי איז זייער קלוג און האָט אַ שאַרפע צונג. עס איז צו פרי צו טראַכטן וועגן אַ קאַריערע פאַר איר.

די קלענסטע, אַכט יאָר אַלט, האָט נאָך ביז איצט נישט געקראָגן קיין אידישע דערציאונג אין אַ שולע, ווייל די לעצטע צוויי יאָר איז זי געווען גאַנץ אָפט קראַנק. היי־יאָר וועלן מיר איר שיקן אין אַ אידישע שולע, אָבער עס זיינען פאַראַן צווישן מיין פרוי און מיר חלוקי־דעות וואוהין זי צו שיקן. מיין פרוי, וועלכע איז אַביסל רעליגיעז געשטימט, וויל דאָס אינגסטע קינד שיקן אין תלמוד תורה. איך וואָלט זייער נישט וועלן אַריינ־פירן אַ דיסאַנאַנס אין אונזער פאַמיליע דורך געבן איין קינד אַן אַנדער סאָרט דערציאונג ווי עס האָבן געהאַט אַנדערע. מיין פרוי באַשטייט אָבער אויף איר פאַרלאַנג. די פערצן און זעכצן יעריקע טעכטער האַלטן מיט מיר און אַרגומענטירן מיט דער מאַמען זייער שטאַרק קעגן איר פּלאַן.

איך בין געווען איבערראַשט צו הערן די געזונטע אַרגומענטן, וועלכע די צוויי טעכטער שטעלן אַרויס קעגן דער מאַמען און פּאַרוואָס זיי ווילן, אַז דאָס אינגסטע קינד זאָל קריגן די זעלבע דערציאונג ווי זיי, און אַז דער גייסט וואָס הערשט אין דער היים זאָל ניט געשטערט ווערן דורך אַריינ־ברענגען אַן אַנדער פילאָזאָפיע דורך דער אינגערער טאָכטער. זיי האָבן געמאָלן אַ בילד, ווי שווער עס וועט זיין פאַר דער אינגערער טאָכטער איינ־צולעבן זיך אין דער היים, וואו עס וועט הערשן אַן אַנדער גייסט ווי דעם, וואָס זי וועט קריגן אין דער תלמוד תורה.

די היים ווערט געפירט מיט אַ כשרע קיך. יום־טובים ווערן געפּייערט נישט רעליגיעז, נאָר טראַדיציאָנעל.

איך רייד מיט די קינדער מערסטנס אידיש. זיי ענטפערן נאַטירלעך אויף ענגליש. מיין פרוי רעדט צו זיי ענגליש.

כאָטש די קינדער קענען לייענען אידיש און זיינען פאַראינטערעסירט אין אידישע פראַגן, לייענען זיי נישט קיין אידישע ביכער, חוץ אין אַ זעל־טענעם פאַל. אין מיין ביבליאָטעק שטייען אידישע ביכער אין די הונדער־טער, ענגלישע נאָר רעפערענס ביכער. די קינדער לייענען זייער פיל, אָבער זיי וועלן בעסער גיין אין שטאָט־ביבליאָטעק און נעמען ענגלישע ביכער צום לייענען, איידער אַרויסנעמען אַ אידישן בוך פון שראַנק.

ווי איך האָב געזאָגט, איז מיין פרוי רעליגיעז געשטימט. און כאָטש זי האָט עס מיר קיינמאָל נישט געזאָגט, ווייס איך, אַז זי וואָלט געווען זייער צופרידן ווען איך וואָלט געהערט צו אַ שול.

אין די איבער־אַכט־און־צוואַנציק יאָר, וואָס איך געפין זיך אין אַמע־ריקע, איז אַחוץ אין די ערשטע עטלעכע יאָר, ווען איך בין געגאַנגען אין שול ראש השנה און יום כיפור, בין איך אַלע יאָרן אין קיין שול נישט געווען. איצט טראַכט איך גאַנץ ערנסט וועגן ווערן אַ מיטגליד אין אַ שול. איך ווייס ניט וואָס איז די הויפּט־קראַפט וואָס שטויסט מיך דערצו, צי מיין עלטער, צי די אומרואיקע צייט, ווען מענטשן ווערן מער רעליגיעז, צי צוליב מיינע קינדער, וועלכע האָבן אַ פּאָר מאָל אויסגעדריקט דעם וואונטש, אַז איך זאָל געהערן צו אַ שול, צי צוליב מיין פרוי.

צו מאַכן אַ סך־הכל פון מיין לעבן ביז איצט. אייניקע מאָל דענק איך, אַז איך האָב עפּעס דערגרייכט אין לעבן און אַן אַנדערש מאָל דענק איך, אַז עס איז אַ לעבן אַוועק מיט קלייניקייטן, אויסגעטוישט אַ לעבן אויף

קליין-געלט. איין זאַך גיט מיר גרויסע צופרידנקייט: צום ביסל וואָס איך האָב דערגרייכט אין לעבן האָט מיר קיינער ניט געהאָלפן. פאַרקערט, אין דער צייט וואָס איך האָב געשלעפּט דעם וואָגן באַרג־אַרויף, האָב איך גע־האָלפן אַנדערע. און דאָס וואָס איך האָב דערגרייכט אויפן מאַטעריעלן גע־ביט האָב איך עס דערוואָרבן אויף אַן ערלעכן אופן און דורך שווערער אַרבעט. איך קען זאָגן מיט אַ ריינעם געוויסן, אַז אין די אַלע יאָרן האָב איך נישט נאָר קיינעם נישט אָפּגענאַרט אין געשעפט, נאָר קיין איינער האָט נישט פאַרלוירן קיין געלט דורך פירן געשעפטן מיט מיר.

און דאָס גיט מיר גרויסע צופרידנקייט אין לעבן.

איך וויל דאָ זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם סאָרט געשעפט אין וועלכן איך באַשעפטיק זיך כמעט אַלע מיינע יאָרן דאָ אין לאַנד. מיין געשעפט באַ־שטייט אין אויפקויפן געוויסע שמאַטעס, זיי וואַשן אין וועשעריי, זיי סטע־ריליזירן, דערנאָך סאָרטירן, שניידן — די גרויסע שטיקער אויף קליינע, די קליינע צוזאַמענגייען אויף גרויסע, אַראָפּנעמען אַלע מעטאַלענע זאַכן און פאַרקויפן צו פאַבריקן, די אַרבעטער זאָלן מיט דעם ווישן זייערע הענט ביי דער אַרבעט. דאָס געשעפט איז אַן אַרויסוואוקס פון די דזשאַנק־ביזנעס, אָדער ווי עס ווערט לעצטנס אָנגערופן, „ווייסט מאַטיריעל״.

ביי דעם אַלגעמיינעם עולם און אויך ביים אידישן מענטשן, הערשט אַ פאַלשע פאַרשטעלונג וועגן די „ווייסט מאַטיריעל״־ביזנעס. דער עצם גע־שעפט ווערט פאַררעכנט פאַר אַ נידעריקן סאָרט. דער עולם באַגרייפט נישט די וויכטיקייט פון דער גאַנצער בראַנזשע פאַר דעם וואוילזיין פונעם גאַנצן לאַנד אין צייט פון שלום און הויפּטזעכלעך אין צייט פון מלחמה. די בראַנ־זשע טוט געשעפטן אין ביליאָנען דאָלאַר אַ יאָר, און מיט דעם קאָנסערווירט זי די נאַטירלעכע רייכטימער פון לאַנד מיט צענדליקער ביליאָנען. איצט, אין דער צייט פון מלחמה, האָט מען אָנגעהויבן באַגרייפן ווי וויכטיק די „ווייסט מאַטיריעל״ איז. די גאַנצע ריזיקע אונטערנעמונג איז אויפגעבויט געוואָרן דאָ אין אַמעריקע דורך אידן. היינט צו טאָג ליגט ניינציק פּראָ־צענט פון דעם מסחר אין אידישע הענט.

איך קלייב זיך אַמאָל צו שרייבן אַ בוך וועגן דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער „ווייסט־מאַטיריעל״־אינדוסטריע אין אַמעריקע, די פּו־באַנדערצווייגונג און אויסשפּרייטונג פון דער אינדוסטריע, די נייע גע־שעפטן וועלכע זיינען אַנטשטאַנען אַ דאַנק די אויסשפּרייטונג פון דער

„ווייסט מאַטיריעל״־אינדוסטריע און די פילע אינדוסטריען וועלכע וואָלטן ניט געקענט עקזיסטירן אויב עס וואָלט נישט געווען אַזאַ ברייטער, פאַר־צווייגטער „ווייסט מאַטיריעל״־מסחר. און הויפּטזעכלעך באַטאָנען די ראָ־לע, וואָס די אידן האָבן געשפּילט אין אויפבויען און אַנטוויקלען די „ווייסט מאַטיריעל״־אינדוסטריע.

מיט דעם וויל איך פאַרענדיקן מיינע זכרונות, מיט דער האָפענונג, אַז אין די שפּעטערדיקע יאָרן וועל איך קענען צוגעבן מיינע דערפאַרונגען אין די יאָרן, וועלכע עס זיינען מיר נאָך באַשערט צום לעבן.

דריטער קאַפּיטל

# אין קאַמף פאַר אַ אידישער מדינה

צען יאָר זיינען אַוועק זינט איך האָב אָנגעשריבן דעם ערשטן טייל פון מיינע זכרונות. כ׳וועל איצט פאַרצייכענען, וואָס עס איז געשען מיט מיר אין משך פון די ווייטערדיקע צען יאָר. דאָס זיינען געווען יאָרן פון טיפער פאַרצווייפלונג און אויך פון שיינע דערגרייכונגען. אין מיין פּערזענלעכן לעבן זיינען דאָס אויך געווען יאָרן פון טעטיקייטן, אויפטוען און, דערהויפּט, יאָרן פון דינען דעם כלל.

## כלל אַרבעט

זינט מיין קומען קיין דעטראָיט, אין 1929, בין איך טעטיק אין דער פּאַרטיי פּועלי־ציון. די ערשטע יאָרן האָבן מיר צוגעצויגן די אידיש־וועלט־לעכע שול־אַרבעט און דאָס אידישע בוך, — דאָס העלפן שרייבער אַרויסצו־געבן זייערע ביכער און דערנאָך העלפן די ביכער פאַרקויפן.

די פּועלי־ציון פאַרבאַנד־שולע האָט דעמאָלט געהאַט 120 תלמידים און איין לערער, חבר לעווין. ער איז געווען אַ טרייער, איבערגעגעבענער לע־רער. ער האָט געאַרבעט זייער שווער, ווייל אַחוץ לערער איז ער אויך גע־ווען דער סעקרעטאַר פון דער שול־פאַרוואַלטונג. ער האָט אָנגעפירט מיט אַ פרויען־קלוב פאַר דער שולע, און אַליין איינגעמאָנט דעם שכר־לימוד. ער איז געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט איבערן קאָפּ. מען האָט געלערנט זעקס טעג אַ וואָך, נאָטירלעך זיינען די לימודים געשטאַנען אויף אַ נידעריקן ניוואָ. עס איז מיר אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף וועגן דעם מיט די שול־טוער. זיי גופא זיינען געווען צופרידן, ווייל זיי האָבן געלייגט דעם שווער־פּונקט אויף דער קוואַנטיטעט און אַרגומענטירט: „אונזער שולע האָט מער קינ־דער ווי די אַרבעטער־רינג־שולע און די שלום־עליכם־שולע. אין יענע יאָרן איז נישט געווען קיין קאָאָפּעראַציע צווישן די דריי טיפּן נאַציאָנאַל־ראַדי־

קאַלע שולן. יעדע שולע האָט געפירט אירע טעטיקייטן פאַר זיך און מיט דער קוואַנטיטעט זיינען די שול־טוערס געווען צופרידן. די צענטראַלע אין ניו־יאָרק האָט כמעט ניט אַכטונג געגעבן צי די לימודים שטייען אויף אַ געהעריקער הייך, וואָס זאָל באַרעכטיקן די הוצאות און די אַרבעט, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן אויסהאַלטן אַ שולע. די פּועלי־ציון־פּאַרטיי, וועלכע גרויסט זיך אַלעמאָל מיט די אידישע שולן, וואָס זי איז געווען זייער גרינ־דערין, האָט זיך קנאַפּ אינטערעסירט אַפילו אַריינצוקוקן, וואָס עס קומט פאָר אין די שולן. איך רייד דאָ וועגן צענטראַלן ביוראָ אין ניו־יאָרק. ווען עס איז פאָרגעקומען די שפּאַלטונג אין די פּועלי־ציון־רייען פון דעטראָיט וועגן אַ לערער פאַר דער שולע און איך בין געשיקט געוואָרן קיין ניו־יאָרק צו פאַרהאַנדלען אין צענטראַל־ביוראָ, מ׳זאָל עפּעס טאָן וועגן דעם און אונז שיקן אַ גוטן לערער, וואָס זאָל קענען אַוועקשטעלן די שולע אויף דער גע־העריקער קולטורעלער הייך, און דערמיט צעמענטירן די באַוועגונג אין דעטראָיט, האָבן די פירערס אין צענטראַל־ביוראָ אַפילו ניט געהאַט דאָס געדולד מיך אויסצוהערן. איינציקוויז האָט מען פאַרלאָזט די זיצונג און איך בין געבליבן אַליין מיט די ליידיקע שטולן... דעמאָלט איז פאַר מיר גע־וואָרן קלאָר, אַז אַ סך פון די פירנדיקע חברים זיינען קעגן אידישע שולן און די אַנדערע, ניט קיין קעגנערס, האַלטן די שולן פאַר אַ ברכה לבטלה. פונדעסטוועגן האָט דאָס ביידע צדדים ניט אָפּגעהאַלטן פון גרויסן זיך מיט די שולן.

אין משך פון די לעצטע 23 יאָר האָבן די שולן אַ סך פּראָגרעסירט. הויפּטזעכלעך האָט פּראָגרעסירט דער בודזשעט. פריער איז דער בודזשעט געווען וויניקער פון צען טויזנט דאָלאַר יערלעך. איצט איז ער 50 טויזנט דאָלאַר. די צאָל תלמידים האָט זיך פאַרגרעסערט מיט 40 פּראָצענט. איצט האָבן מיר 14 לערער. אַ לערער לערנט נאָר צוויי קלאַסן, אַנדערהאַלבן שעה אַ קלאַס, אָדער איין קלאַס צוויי שעה, און נאָר פיר מאָל אַ וואָך. פאַר דעם קריגט אַ לערער פינף טויזנט דאָלאַר אַ יאָר — אַ געהילף־לערער פון דריי ביז פיר טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. צו דעם איז פאַראַן אַ דירעקטאָר, וואָס טענהט, אַז ער קען ניט לערנען אַפילו מיט איין קלאַס, ווייל ער האָט ניט קיין צייט. אַ סעקרעטאַרין אַרבעט אין ביוראָ פון דער שולע אַ גאַנץ יאָר. דער בודזשעט איז אַ שווערע לאַסט. די אידישע שטאָטישע „וועלפעיר־פעדעריישאָן” גיט 8 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר און דעקט דעם פולן יערלעכן

בודזשעט פון דער פּאַראייניקטער מיטלשולע פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבע־טער־פאַרבאַנד, שלום עליכם און אַרבעטער־רינג, צווישן אַכט און צען טויזנט דאָלאַר. טאָמער זאָגט מען עפּעס וועגן דעם צו הויכן בודזשעט און אַז די לערערס אַרבעטן ניט גענוג אַרבעט פאַר זייער געהאַלט, הערט מען פּראָ־טעסט־פאַרוואורפן. שטיי איך די לעצטע יאָרן אָן אַ זייט, אָבער איך גיב, אי אַ ביישטייערונג, אי אַ הלוואה און איך גיי צו דער קהלשער „וועלפעיר־פעדערײשאָן" וועגן יערלעכן בודזשעט.

די פאַרבאַנד־שולע מיט דער שלום עליכם־שולע האָבן זיך פאַראייניקט, אָבער די פאַראייניקונג איז ניט קיין געראָטענע. ביידע צדדים זיינען אַריין אין שותפות מיט באַזונדערע כוונות. איטלעכער צד האָט געדענקט, אַז דער צווייטער צד וועט טאָן די אַרבעט און שאַפן דאָס געלט. דער שידוך איז געוואָרן אויס. אויס כלה, ווייטער מויד. איך בין געקומען צו דער איבער־צייגונג, אַז די אידישע דערציאונג טאָר מער ניט בלייבן אין הענט פון קליינע גרופּעס, נאָר דאָס אָרגאַניזירטע אידנטום דאַרף איבערנעמען דעם חינוך פון אונזערע קינדער. די „וועלפעיר־פעדערײשאָן" איז וויליק דאָס צו טאָן, אָבער שאַפן איין איינהייטלעכע שול מיט אַ פּראָגראַם־מינימום פאַר אַלעמען. זי איז וויליק אַריינצונעמען די אידישע שפּראַך ווי אַ לימוד פאַר די קינדער וואָס ווילן עס, און יעדער אינגל זאָל טראָגן אַ יאַרמלקע נאָר ווען מען לערנט תנ"ך און סידור. אין מיינע פאַרהאַנדלונגען מיט דער „פעד־ערײשאָן", פאָדער איך, אַז זי זאָל דעקן דעם בודזשעט און קאָנטראָלירן די הוצאות, אויך די פירונג פון דער שולע, אָבער די לימודים זאָלן באַשטימט ווערן דורך יעדער גרופּע באַזונדער. אויף דעם וויל מען ניט איינגיין. נאָך עטלעכע יאָר וועט עפּעס מוזן געטאָן ווערן, ווייל אַרום אונזערע שולן זיינען נאָך אַלץ טעטיק די אידיש־ריידנדיקע חברים. אָבער זייערע רייען ווערן שיטערער פון יאָר צו יאָר, גיכער פון חודש צו חודש.

# דאָס אידישע בוך — טענות פון אַ געטרייען לייענער

איך האָב אַלעמאָל געהאָלפן פאַרשפּרייטן דאָס אידישע בוך. אין משך פון די לעצטע צוואַנציק יאָר האָב איך געהאָלפן פאַרשיידענע שרייבערס אַרויסצוגעבן זייערע ביכער. כ׳האָב פון דעם געהאַט פיל הנאה און אויך אַ סך עגמת נפש. שרייבערס זיינען אויך מענטשן, נאָר אַ קאַפּיטשקע אַן אַנדער סאָרט מענטשן... זיי זיינען כמעט אַלע עגאָצענטריש, פאַרשאַפן זיי עגמת נפש. אָבער אַז מען פאַרשטייט זיי, קען מען גוט הנאה האָבן פון זייער פּירעכץ. איך וועל געבן אייניקע ביישפּילן. איך גיי מיטן שרייבער א. פאַר־קויפן זיינס אַ בוך. איך רייד גאָרניט. איך שטעל אים נאָר פאָר. א. זאָגט: „אָט איז מיין ניי בוך, גיט מיר 5 דאָלאַר". רופט זיך אָפּ דער איד: „יאָ, פריינט א., איך פאַרשטיי אָבער ניט וואָס איר שרייבט". ענטפערט אים א.: „ווער זאָגט עס, אַז איר קענט פאַרשטיין? אָבער גיט מיר די 5 דאָלאַר". דער איד בלייבט שטיין מיט אַן אָפן מויל און גיט אים די 5 דאָלאַר.ביים אַוועקגיין זאָגט א.: „הע, פאַרשטיין וויל ער?!"

קומט צו פאָרן ל. מאַכט מען אים אַן אָוונט, פאַרזאַמלען זיך אַ 40 מענטשן און ל. האַלט אַ דרשה, לאמור, אַזוי צו זאָגן: „דער תנ"ך איז ניט ווערט די שאָלעכץ פון אַ ציבעלע. מיין קליין ביכל איז ווערט מער ווי די גאַנצע ביבל". אָפּגעדרשנט פרעגט מען אים: „סטייטש?" ענטפערט ער: „חמורים, וואָס ווייסט איר וועגן ליטעראַטור".

אַ שרייבער וויל אַרויסגעבן זיינע געזאַמלטע שריפטן. שאַפט זיך אין דעטראָיט אַ קאָמיטעט צו העלפן אים. איך בין דער פאָרזיצער. מיר האָבן געשאַפן 1,480.00 דאָלאַר. מיר האָבן געמיינט, אַז פאַר איין שטאָט איז עס גאַנץ פיין. ביים איבערגעבן אים דאָס געלט האָט ער געמורמלט: „נו, איך וועל זיך מוזן באַנוגענען מיט דער סומע. נאָך אַלעמען, קיין שווינדזוכט האָב איך דאָך ניט". אַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש... אַ גאָר חשובער שריי־בער קומט צו פאָרן. ער וויל, אַז דעטראָיט זאָל שאַפן פאַר אים פינף טויזנט דאָלאַר צו קענען אַרויסגעבן אַלע זיינע ווערק. דערקלער איך אים, אַז שאַפן פינף טויזנט דאָלאַר אַרויסצוגעבן די ביכער פון איין שרייבער, איז אַ סך געלט, איבערהויפּט איצט, ווען מיר שטייען אין מיטן אַ געלט־אַקציע אַרויס־צוגעבן ביכער פון צוויי אַנדערע שרייבערס. איך פרעג אים, צי וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן, ער זאָל דערווייל אַרויסגעבן פינף בענד און דערנאָך נאָך

פינף בענד. ענטפערט ער: „ג' איז מיט אייך, ווי קענט איר עס גאָר זאָגן, אַז איך זאָל אויסקלייבן, וואָס אַרויסצוגעבן איצט און וואָס שפּעטער, אַז יעדער אות, וואָס איך האָב געשריבן איז אַזוי וויכטיק ווי די ביבל"... אָדער אַזאַ פאַל: אַ שרייבער ל. מיט וועמען איך האָב זיך זייער גוט באַ־פריינדעט שיקט מיר אַ טעלעגראַמע: „אַראַנזשירט פאַר מיר אַ צונויפקום ביי זיך אין הויז, שבת אָוונט, איך קום צו פאָרן, איך דאַרף געלט אַרויסצו־געבן אַ בוך". די טעלעגראַמע איז געקומען ווען מיין פרוי איז געווען קראַנק, טעלעגראַפיר איך אים, אַז מחמת קראַנקייט איז עס איצט אוממעגלעך. איך האָב אים אָנגעשריבן אַ בריוו און אויפגעקלערט די סיבות. מיט דעם האָט זיך געענדיקט אונזער פריינטשאַפט. ער האָט אַפילו ניט געפונען פאַר נוי־טיק אָנצופרעגן וואָס מיין פרוי מאַכט. מיט אַ יאָר פריער איז ער געווען צוויי וואָכן אונזער גאַסט, און מיין פרוי האָט אים אויפגענומען בסבר פנים יפות, פונדעסטוועגן...

איצט זע איך איין, אַז אָט די קאָמיטעטן זיינען היפּשלעך שולדיק אין אָוועקפּטרן דעם מאַרק פון אידישן בוך. עס איז געוואָרן אויס געשעפט, און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שנאָרעריי.

אָבער דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין.

אין די לעצטע עטלעכע יאָר איז די פראַגע וועגן פאַרקויף פון אידישן בוך געוואָרן זייער אַן אָנגעווייטיקטע. עס דערשיינען אַפילו ביכער, וועלכע האָבן אין גאַנצן ניט געדאַרפט אַרויסגיין. עס זיינען אָבער פאַראַן ווייך־האַרציקע מענטשן, גיבן זיי זייערע נעמען צו אַ קאָמיטעט, גייען אַרויס בריוו איבערן לאַנד אין נאָמען פון קאָמיטעט, אַלע פון איין נוסח: „מיר ווענדן זיך צו אייך אַלס אַ ליבהאָבער פון דער אידישער קולטור", מיט אַלע לויב־געזאַנגען, און „איר ווייסט דאָך ווי שווער עס איז איצט פאַר אַ מחבר אַרויס־צוגעבן אַ בוך. דער יקרות איז גרויס. איז לכן, שיקט אַ טשעק". אייניקע מחברים גיבן נאָך צו פון זייער זייט אַז זיי זיינען חולאים; אַנדערע ווידער, שרייבן, אַז זיי האָבן ניט קיין פרנסה. נו, זיי אַ גזלן און ענטפער ניט! ביז פאַראַיאָרן האָב איך געשיקט. ווען איך האָב ניט געהערט פון קאָמיטעט (מחבר) איז גוט געווען. טאָמער איז אָנגעקומען אַ בריוו, איז עס אין די מערסטע פאַלן געווען אַ זידל־בריוו, למאי דער טשעק איז געווען צו קליין. לעצטנס שיק איך ניט קיין טשעק צום קאָמיטעט. איך וואַרט ביז איך קריג נאָך אַ בריוו, אַז דאָס בוך איז שוין, דאַנקען גאָט, אַרויס און מען האָט עס

מיר אַרויסגעשיקט. קריג איך טייל ביכער, וואָס זיינען אַן אָנשיקעניש. איך ווייס, אַז אויפן אַמעריקאַנער מאַרק גייען אַרויס ענגלישע ביכער וואָס אַ סך פון זיי שטייען אויף אַ פּיל נידעריקער מדרגה פון אידישע שלעכטע ביכער. האָט דאָך אָבער אַמעריקע אַ גרויסן מאַרק פון צענדליקער מיליאָן אָפּנעמערס, זיינען פאַראַן בעלנים אויך אויף אַלערליי סאָרטן ביכער. אידיש־לייענערס זיינען געבליבן בלויז עטלעכע צענדליק אין אַ שטאָט, און זיי מוזן קויפן אַלץ וואָס ווערט געדרוקט. ביי מיר איז עס אַ פּראַגע נישט בלויז פון געלט, נאָר אויך פון צייט. איך רייס אָפּ יעדע נאַכט אַ פּאָר שעה צו לייענען אַ בוך, ווייל איך וויל לייענען. טיילמאָל מוז איך לייענען נאַרישקייטן, ווייל אַז ס׳קומט אָן אַ בוך, מוז מען דאָך אַריינקוקן און זען וואָס עס שטייט דאָרט, טאָמער איז עס ווערט צו לייענען. אַזעלכע ביכער האַלטן אין איין קומען. שיקן זיי צוריק צום מחבר, מיינט איט פאַרשאַפן עגמת נפש. ער גופא האַלט דאָך געוויס, אַז זיין בוך איז אַ וויכטיק ווערק.

מיר האָבן שרייבערס, וואָס זיינען זייער פּראָדוקטיוו. אַלע עטלעכע יאָר גיבן זיי אַרויס אַ נייע אויסגאַבע פון „אַלע ווערק״. קלייבן זיך אָן דופּלי־קאַטן און יעדע אויסגאַבע איז פון אַ באַזונדערן פאָרמאַט. שטייען אויף דער פּאָ־ליצע אַ שרייבערס ביכער איינינקע די נאָרמאַלע גרויס, לעבן אַ קליין „טל ומטרל״, דערנאָך אַן „עוג מלך הבשן״, וואָס קען ניט אַריינקריכן אין פּאָלי־צע. פּיל ביכער, וועלכע ווערן לעצטנס געדרוקט, האָבן גאָר ניט צו טאָן מיטן צפון־אַמעריקאַנער אידישן לעבן. אַזעלכע ביכער האָבן געקענט גע־שריבן ווערן אין טשילי, אין מעקסיקע אָדער אַפילו אין אַפריקע. דאָס אַמע־ריקאַנער אידישע לעבן ווערט אין זיי ניט געשילדערט. לעצטנס, זינט דעם דריטן חורבן, הערט מען די טענה, אַז מען מוז פאַרצייכענען דאָס אידישע לעבן וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן אין אייראָפּע. נו, און וואָס איז געווען פריער, פאַר דעם חורבן־פּעריאָד? האָבן אַ סך אידישע שרייבערס יאָ גע־שריבן וועגן אידישן לעבן אין אַמעריקע?

ווען מיינע קינדער זיינען געווען קליין און האָבן געלערנט אין דער פאַרבאַנד־שולע, האָבן מיר איינגעפירט צו לייענען אַלע פרייטיק אָוונט אידי־שע ליטעראַטור. כ׳האָב אָנגעהויבן מיט שלום עליכם ווען זיי האָבן ליב געהאַט. נאַטירלעך האָב איך געדאַרפט מאַכן דערקלערונגען. געפּרוּווט לייענען מענדעלען, פּרץ, בערגעלסאָן און אַנדערע, אָבער דער אינהאַלט איז געווען פרעמד פאַר זיי. האָבן זיי אָנגעהויבן פאָדערן: „טאַטע, דו זאָגסט

דאָך, אַז די אידישע ליטעראַטור איז אַזוי רייך! לאָמיר לייענען וועגן אידישן לעבן אין אַמעריקע". איז אַחוץ י. י. שוואַרצ'ס „קענטאַקי", האָב איך קיין זאַך ניט געפונען. איך האָב פּרובירט לייענען וועגן „סוועט־שאָפּ", אָבער מיינע קינדער זיינען געווען צו ווייט פון דעם. אַמעריקע פון 1940 איז ניט אַמעריקע פון 1900. אַ סך פון אונזערע אידישע שרייבערס האָבן זיך אָפּ־געריסן פון אידישן פאָלקסלעבן. ביכער דערשיינען גראָד פּיל. די מערסטע אינהאַלטלעך היסטאָרישע, פון פינגער געזויגענע, די איבעריקע זיינען זכרונות פון דער ניט־לאַנג פאַרגאַנגענער עפּאָכע. אָבער וואו איז אונזער היינט? וואו איז דער פינף־מיליאָניקער אידישער ישוב דאָ אין אַמעריקע? טאָמער זעט מען אַמאָל אין אַ ניו־יאָרקער צייטונג באַשריבן דאָס לעבן אין אַ גע־וויסער שטאָט, קומט עס אַרויס אַזוי אויבערפלעכלעך און היפּשלעך צע־דרייט. לייען איך אין 1952 אין אַ אידישער צייטונג: „דעטראָיטס אידישע קהילה 100 יאָר אַלט". ווען דער שרייבער פון אַרטיקל וואָלט געקומען פּער־זענלעך קיין דעטראָיט און זיך באַקענט מיט דעם לאָקאַלן אידישן לעבן, וואָלט ער אַזוי ניט געשריבן. שרייבט מען אָבער ביי אונז וועגן דעטראָיט זיצנדיק אין ניו־יאָרק און מען פאַרלאָזט זיך אויף אינפאָרמאַציע, וואָס מען קריגט דורך אַ צווייטן. האָט עס טאַקע אַזאַ פּנים.

## דעטראָיטער אידישער קאָונסיל

אָנהייב די דרייסיקער יאָרן האָט זיך דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנ־גרעס אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף. נאָך דער סאַן רעמאָ־קאָנפערענץ, ווען די שותפות פון קאָנגרעס און דעם אַמעריקאַנער אידישן קאָמיטעט האָט זיך אויפגעלייזט און דער קאָנגרעס איז פריי געוואָרן צו ווערן טעטיק אין אַמע־ריקאַנער אידישן לעבן, איז ער איינגעשלאָפן אויף לאַנג. די פּועלי־ציון האָבן געפּרואווט אים אויפוועקן, אָבער עס איז זיי ניט געלונגען. איז גע־קומען היטלערס נאַציזם און האָט אים אויפגעוועקט. האָט דער קאָנגרעס באַ־שלאָסן צו שאַפן קאָונסילס (ראַטן) אין פאַרשיידענע שטעט. דאָס האָט גע־מיינט אָרגאַניזירן די אידישע געמיינדעס אויף דעמאָקראַטישע יסודות. זיי־נען געקומען פאַרטרעטער פון קאָנגרעס און האָבן איינגעאָרדנט פאַרזאַמלונ־גען. דער אָפּרוף אין שטאָט איז געווען אַ גוטער. די צייט איז געווען רייף.

איך ווייס ניט צי דער קאָנגרעס האָט ניט געהאַט די פינאַנציעלע מיטלען, צי ער איז נאָך געווען אין אַ הינער־פּלעט. די אַרבעט האָט זיך געצויגן ווי פון פּעך. פּלוצלונג האָט די „וועלפעיר־פעדריישאָן" זיך גענומען אָרגאַני־זירן אַ קאָמיוניטי־קאָונסיל, אַ קהילה־ראַט, באַזירט אויף יחידים. די „פעד־דריישאָן" האָט גערופן צו די מיטינגען וועמען זי האָט געוואָלט. דער פּלאַן איז געווען, אַז אַזוי ווי אין שטאָט איז געווען אַ קאָמיטעט פון 21, וועלכער האָט מיט עטלעכע יאָר פאַר דעם געשאַפן דעם מושב זקנים, וועט מען צו־ציען נאָך אייניקע מענטשן, און אָט דער פאַרגרעסערטער קאָמיטעט וועט ווערן דער „קאָונסיל". איך, ווי דער פרעזידענט פון פּאַרטיי־צווייג 3 פּועלי־ציון, בין פאַרבעטן געוואָרן אין קאָמיטעט. עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע, ווי אַזוי דער „קאָונסיל" זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערן און ווי מ'זאָל אויסאַרבעטן די קאָנסטיטוציע. איך האָב גלייך פון אָנהויב אָן דער־זען, אַז מיין געדאַנק וואָס אַ „קאָמיוניטי קאָונסיל" דאַרף זיין, און דער גע־דאַנק פון קורט פּייזער, דירעקטאָר פון דער פעדעראַציע, זיינען ווייט ווי מזרח ממערב. עס זיינען געשאַפן געוואָרן דריי פראַקציעס: פעדעראַציע־פראַקציע, וואָס האָט געפאָדערט אַ ראַט פון יחידים, ניט פאַראַנטוואָרטלעך צו קיינעם, נאָר צו דער עפנטלעכער מיינונג (דאָס האָט געמיינט אַ „קאָונסיל" וועלכן די פעדעראַציע וועט קאָנטראָלירן); אַ קאָנגרעס־פראַקציע, צו וועל־כער איך האָב געהערט, און זי האָט געפאָדערט אַ „קאָונסיל" צוזאַמענגעגע־שטעלט פון פאַרטרעטערס פון אָרגאַניזאַציעס, איטלעכער דעלעגאַט זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך צו זיין אָרגאַניזאַציע, וואָס ער פאַרטרעט און ער קען דורך איר געביטן ווערן. און אַ דריטע פראַקציע, וועלכע איז געווען אַ פּאַ־רעווע. אירע אָנגעהעריקע האָט ניט געאַרט ווי דער קאָונסיל וועט צוזאַמענ־געשטעלט ווערן. עס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פיל זיצונגען און קיין הסכם איז ניט דערגרייכט געוואָרן. אונזער גרופּע, כאָטש ניט קיין גרויסע, איז באַשטאַנען פון אַ צען מענטשן, אָבער אַלע האָבן זיך געקענט פונאַנדער־קלייבן אין ענינים און שרייבן אַ קאָנסטיטוציע. אַלע ציוניסטן און פּועלי־ציוניסטן, וואָס זיינען געוואוינט געוואָרן צו קעמפן אויף פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענפאָרן, האָבן פאַרהאַלטן די אַרבעט און ניט געלאָזן, אַז די „פעדע־ריישאָן" זאָל שאַפן דעם „קאָונסיל" אָן אונז.

ביז איינמאָל, אויף אַ מיטאָג־זיצונג, האָט קורט פּייזער זיך אויפגע־שטעלט און דערקלערט: „מער וועל איך ניט וואַרטן! איך גיי שאַפן דעם

קאָנסיל באַזירט אויף יחידים״. איך האָב דערפילט ווי אימיצער וואָלט מיר אַ שטאָך געטאָן מיט אַ מעסער. ניט קלערנדיק קיין סך האָב איך זיך אויפגעשטעלט און אַזאַ קלאַפּ געטאָן אין טיש, אַז דאָס געפעס האָט געגומען אַראָפּפאַלן, און כ׳האָב אויסגעשאָסן: „צום טייוול! ווער זענט איר, וואָס וועט אונז יאָ לאָזן, צי ניט לאָזן טאָן וואָס מיר ווילן. איר זענט נאָר אַ געדונגענער מענטש — היינט זענט איר דאָ און מאָרגן זענט איר אין אַן אַנדער שטאָט, אויב יענע שטאָט וועט אייך געבן מיט טויזנט דאָלאַר מער אַ יאָר״. דאָס אומדערוואַרטע איז געשען. קורט פייזער האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „אויב דאָס איז, וואָס די אידן פון דעטראָיט ווילן טאַקע, וועלן מיר שאַפן אַ קאָנסיל פון פאָרטרעטערס פון אָרגאַניזאַציעס״. אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט ער טאַקע פאַרלאָזט דעטראָיט, און איז אַוועק קיין פילאַדעלפיע. די דעמאָקראַטישע כוחות האָבן געוואונען די ערשטע רונדע. איצט דאַרף מען אויסקלייבן אַ קאָמיטעט אויסצואַרבעטן אַ קאָנסטיטוציע. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון דריי: אַ יוריסט, אַ געוועזענער פּרעזידענט פון די אַלגעמיינע ציוניסטן דזשעימס עלמאַן; חגי, אַ פּועלי־ציוניסט און אַ גוטער רעדנער, און איך. מיר זיינען אַלע געווען איינשטימיק, אַז די קאָנסטיטוציע דאַרף זיין ברייט, אַלץ אַרומנעמען און דעמאָקראַטיש לויט אירע פאַרשריפטן. מיר האָבן געהאַט אַ סך זיצונגען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָנצושרייבן אַזאַ דאָקומענט איז ניט גענוג, אַז מען זאָל זיין איינשטימיק מיט דעם הויפּט־ציל. מען דאַרף האָבן וויזיע, כדי פאָראויסצוזען ווי מענטשן וועלן אויסטייטשן פאַרשיידענע אויסדרוקן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די פעדעראַציע וועט וועלן קאָנטראָלירן דעם „קאָנסיל״, און אויב ניט וועט זי זען צו פאַרשמעלערן זיינע אַקטיוויטעטן מיטן אויסרייד, אַז טייל האַנדלונגען זיינען קעגן דער קאָנסטיטוציע. עלמאַן, אַלס יוריסט, האָט זיך הויפּטזעכלעך אָפּגעגעבן מיט דער יורידישער זייט. חגין איז געגאַנגען דער עיקר אין דעם, אַז די אַריינפיר־דערקלערונג זאָל קלינגען שיין און דערהויבן. מיר איז געגאַנגען מער אין לעבן זיכער צו מאַכן, אַז די פעדעראַציע אָדער אַן אַנדער גרופּע, זאָלן ניט קענען פאַרכאַפּן די מאַכט; אַז אונטער קולטור־אַרבעט זאָל אויך אַריין קינדער־דערציאונג, די פאַרפליכטונג צו העלפן דעם ציוניזם, און נאָך איניקע פונקטן. די פעדעראַציע האָט דעם קאָמיטעט אַריינגעשיקט אַן עקספּערט, אַ פּראָפעסאָר. מיט אים האָבן מיר געהאַט צרות. אַ פרומער איד, האָט ער געוואָלט, אַז „קולטור״

זאָל מיינען ענגליש אָדער העברעאיש, אָבער ניט אידיש. צווייטנס, דאָס וואָרט נאַציאָנאַל זאָל ניט באַנוצט ווערן. דער פּראָפעסאָר האָט זיינס אָבער ניט אויסגעפירט. אויף איין פּונקט האָב איך פאַרלאָרן. איך האָב געוואָלט, אַז דער בודזשעט זאָל געדעקט ווערן דירעקט פון די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס, אָדער דורך אַ באַזונדערער געלט־אַקציע, וויסנדיק פּאָראויס, אַז אויב די פעדעראַציע וועט דעקן דעם בודזשעט, וועט זי קאָנטראָלירן די אַקטיוויטעטן פון „קאָונסיל" איצט, זעען איין אַ סך, אַז איך בין ניט געווען אומגערעכט.

אין 1952 האָבן שוין געהערט צום קאָונסיל 307 אידישע אָרגאַניזאַציעס. דער בודזשעט האָט באַטראָפן 75 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. איך בין אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע די אַלע 14 יאָר, מיטן אויסנאַם פון איין יאָר. איך קען ניט זאָגן, אַז איך בין צופרידן מיטן קאָונסיל און זיין אַרבעט. ער איז אַוועק מער און מער אויפן וועג פון „אַנטי־דיפימעישאָן"־אַרבעט. עס זיינען פאַראַן פיר הויפּט־סיבות, וואָס אָנשטאָט צו טאָן פּאָזיטיווע אַרבעט פאַרן אידישן ישוב, גיט זיך אָפּ דער קאָונסיל מיט נעגאַטיווער אַרבעט, מיט קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם.

1) מיטן אויסנאַם פון ערשטן פּרעזידענט סיימאָן שעטצער, האָבן מיר ניט אין שטאָט דעם פּאַסיקן מענטשן, צו זיין פּרעזידענט. איך מיין איינעם, וועלכער זאָל זיין אַן אָנגעזעענער מענטש אין שטאָט און זאָל זיין אַ פולבלוטיקער איד, מיט קענטשאַפטן און מיט אידישע טראַדיציעס — ווייל וואָס מער איינער איז אַ איד, אַלץ ווייניקער האָט ער מורא פאַר אַנטיסעמיטיזם; און פאַרקערט: וואָס מער איינער איז אויסגעהוילט פון אידישקייט, אַלץ מער ציטערט ער פאַר אַנטיסעמיטיזם.

2) די דירעקטאָרן, וואָס מיר האָבן געהאַט — אַחוץ אייזיק פריינק — האָבן גאָרניט געוואוסט פון אידישן לעבן אָדער פון אידישקייט. ביז היינט האָבן מיר דאָך ניט קיין אינסטיטוט אויסצושולן סאָציאַלע אַרבעטער. די אַלע „סאָושל וואָרקערס", מיט אַ קליינעם אויסנאַם, האָבן דורכגעמאַכט קאָלעדזש־קורסן אין פּסיכאָלאָגיע, סאָציאָלאָגיע און זיי ווערן „ספּעצן", אָבער זיי קענען ניט די אידישע שפּראַך, ניט דאָס אידישע לעבן. ווי קען אַ בלינדער זיין אַ פירער? לערנען דאַרפן זיי ניט, ווייל די נאָכפראַגע אויף „סאָושל וואָרקערס" איז זייער גרויס, גיט מען זיי מער געלט און מען כאַפּט זיי אויס. אַ דירעקטאָר פון „קאָונסיל" קריגט 12 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר און מער. גע־

הילפן קריגן פון 6 ביז 9 טויזנט דאָלאַר יערלעך. אַ דירעקטאָר אין אַ „אידישן צענטער" באַקומט איבער 12 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר שכירות. ביי די גויים קריגט דער דירעקטאָר פון אַ „יאָנג מען קריסטשען אַסאָסיאיישאָן" פון 5 ביז 6 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר.

3) די „פעדעריישאָן" האָט אַלע יאָרן, און לעצטנס נאָך מער, אויסגעאיבט אַ גרויסן דרוק, ניט צו דערלאָזן אַז דער „קאַונסיל" זאָל זיך אָפּגעבן מיט קולטור־אַרבעט — דורך פּשוט ניט געבן קיין געלט פאַר דעם. דער בודזשעט פון קאַונסיל דאַרף צוגעשטעלט ווערן צו דער פעדעריישאָן פּונקט נאָך פּונקט: וויפל פאַר געהאַלט פאַר יעדן אָנגעשטעלטן, וויפל פאַר פּאָסט־מאַרקעס, וויפל פאַר טעלעפאָן־הוצאות. אונטער אַזעלכע אומשטענדן דערלאָזט ניט די פעדעריישאָן צו טאָן וועלכע עס איז אַרבעט, וואָס איז איר ניט צום האַרצן. לעקציעס, קינדער־דערציאונג, קאָנצערטן — בקיצור, אַלץ וואָס עס קען גיין אונטערן נאָמען „קולטור" איז פאַרווערט. אונטער אַזאַ בודזשעט־סיסטעם קען מען ניט שפּאָרן פון איין זאַך און אויסגעבן פאַר אַ צווייטער, ווי: אָפּזאָגן אַן אומנויטיקן מענטש און דאָס געלט נוצן צו ברענגען אַ לעקטאָר אד"ג. האָט מען איינגעשפּאָרט געלט אויף איין פּונקט, מוז דער סכום בלייבן ביי דער פעדעראַציע, און אויב מען דאַרף 50 דאָלאַר אויף עפּעס נייעס, מוז מען גיין צו דער „פעדעריישאָן" נאָך אַ דערלויבעניש. די לעצטע פאַר יאָר האָט די פעדעראַציע אָנגענומען אַ קריגערישע שטעלונג. אירע דעה־זאָגערס גייען דורך מיט אַ שאַרפער קאַם דעם בודזשעט און וואַרפן אַרויס זאַכן וואָס געפעלן זיי ניט. דער אָפיציעלער תירוץ איז — עקאָנאָמיע. אָבער אין דער אמתן איז עס גאָר עפּעס אַנדערש: מ'וויל פּשוט ניט דערלאָזן, אַז דער „קאַונסיל" זאָל זיך פירן פריי, מ'וויל ווייזן דער עקזעקוטיווע, אַז אירע מיטגלידער קענען ריידן און באַשליסן וויפל זיי ווילן, אָבער דער באַלעבאָס איז די פעדעראַציע. זיי טשעפּען זיך צו קלייניקייטן: אַ הוצאה פון 50 אָדער 100 דאָלאַר. אָפט דוכט זיך, אַז זיי האָבן אַ סאַדיסטישע הנאה צו מאַטערן די עקזעקוטיווע. אייניקע פון אונז האָבן געוואָלט דעקן די קליינע סומעס פון זייער אייגענער קעשענע, זאָגט די „פעדעריישאָן" — „ניין! אויב איר וועט עס טאָן, וועלן מיר שניידן אייער בודזשעט אויף אַזאַ סומע".

4) די הויפּט־שולדיקע זיינען די אָרגאַניזאַציעס און זייערע פּאַרטרע־

טערס. זיי אינטערעסירן זיך ניט געוווּג מיט דער אַרבעט, זיינען נאַכלעסיק און אפשר ניט דערוואַקסן צו אַזאַ אַקטיוויטעט.

די אונטערשטע שורה איז: מיר האָבן אין דעטראָיט אַ דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע, וועלכע האָט געקענט ווערן די קהילה, אָבער זי איז ווייט פון דעם. און עס איז שווער פאָראויסצוזאָגן, וואָס די צייט וועט ברענגען. עס וואָלט ניט געווען יושרדיק צו זאָגן, אַז דער „קאָמיוניטי־קאָונסיל" טוט ניט קיין גוטס. מיט דעם אַליין, וואָס דער קאָונסיל איז דער אָפיציעלער פיר־שפּרעכער פון דעטראָיטער אידנטום האָט ער באַרעכטיקט זיין עקזיסטענץ. יחידים קענען ניט ריידן אין נאָמען פון די דעטראָיטער אידן, ווי עס איז געווען אַמאָל. אויך דאָס בוררים־געריכט טוט גוטע אַרבעט, איבערהויפּט אין מחלוקת־פאַלן צווישן איין אידישער אָרגאַניזאַציע און אַ צווייטער. אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און פּרייז־קאָנטראָלן, האָט דער קאָונ־סיל געפּרואווט צאַמען דעם שוואַרצן מאַרק־האַנדל אין די ריין־אידישע בראַנזשעס. אין איין פאַל האָב איך זיך באַטייליקט. איין איד איז שוין גע־ווען פאַראורטיילט צו תפיסה און עס האָט געהאַלטן, אַז נאָך אייניקע זאָלן אָנגעקלאָגט ווערן. אַ דאַנק דער מי פון קאָונסיל, מיט דער הילף פון פעד־דעראַלע באַאַמטע, איז דאָס אויסגעמיטן געוואָרן. איך דענק, אַז עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף דעם. ווען מיר זיינען געקומען, דאָס הייסט דער קאָמיטעט פון „קאָונסיל" צו דעם פעדעראַלן באַאַמטן, האָט ער אונז דער־קלערט, אַז די לאַגע איז אַ שלעכטע, אַז דער שוואַרצער מאַרק גייט אָן אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב, און אַז ער האָט באַשלאָסן איין מאָל פאַר אַלעמאָל, אַז ער וועט דעם מאַרק ליקווידירן; און אַז ער האָט געוווּג באַווייזן צו שיקן נאָך פינף אָדער זעקס מענטשן אין תפיסה. מיר האָבן אים דערקלערט, אַז מיר זיינען ניט געקומען בעטן, אַז ער זאָל דאָס ניט טאָן, אדרבה ואדרבה, עס איז זיין פליכט צו פאַרפאָלגן יעדן איינעם, וועלכער ברעכט דאָס געזעץ. אָבער טאַקע יעדן איינעם. ווי קומט עס אָבער וואָס ער פאַרפאָלגט נאָר דעם קליינהענדלער און ניט דעם פאַבריקאַנט, וועלכער קויפט די סחורה און צאָלט גרויסע געלטער אונטערן טיש? פאַרוואָס קלאָגט ער ניט אָן דעם פאַברי־קאַנט, דעם קויפער צוזאַמען מיט דעם פאַרקויפער? וואָלט דער פאַבריקאַנט ניט געצאָלט מער ווי די פּרייזן זיינען איינגעשטעלט דורך פּרייזן־אַדמיניס־טראַציע, וואָלט דער „דילער" דאָך געמוזט פאַרקויפן פאַרן געזעצלעכן פּרייז. ענטפערט ער אונז, אַז ער קען ניט אָנקלאָגן דעם פאַבריקאַנט, ווייל די גע־

שעפטן פירן אָנגעשטעלטע און ניט דער באַלעבאָס אַליין, קען ער געזעצלעך ניט ציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט דעם באַלעבאָס פאַר די פאַרברעכנס פון די אָנגעשטעלטע...

אונז האָט דער תירוץ געקלונגען אַזוי לעכערלעך, אַז איך האָב באַשלאָסן צו האַנדלען ניט דיפּלאָמאַטיש און אים געשטעלט די פראַגע ברוטאַל, אָפן: איז עס דערפאַר ווייל די „דילערס" זיינען אידן און די פאַבריקאַנטן זיינען קריסטן, און דערצו נאָך זייער רייכע? דער באַאַמטער האָט זיך פאַרלאָרן, און האָט אונז געגומען פאַרזיכערן, אַז עס איז ניט אַזוי; האָב איך אים דערקלערט, אַז עס איז ניט וויכטיק וואָס ער דענקט און זאָגט; די עפנטלעכע מיינונג וועט עס אַזוי אויסטייטשן. מיר, פון אונזער זייט, וועלן אַרויסגעבן אַ דערקלערונג אין די צייטונגען מיט אַן אָפענער אָנפראַגע צו אים, פאַרוואָס ער ציט ניט צו צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט די פאַבריקאַנטן, אויב ער ווייס, אַז די פאַרקויפער נעמען העכערע פרייזן ווי דאָס געזעץ דערלויבט. ווייס ער דאָך, אַז די קויפער, די פאַבריקאַנטן, צאָלן די הויכע פרייזן און דאָס געזעץ זאָגט דאָך, אַז מען טאָר ניט פאַרקויפן אָדער קויפן פאַר העכערע פרייזן ווי די „אָ-פּי-עי" שרייבט פאָר. ער האָט איינגעזען, אַז ער געפינט זיך אין ניט קיין גינסטיקער לאַגע, האָט ער אונז געזאָגט, אַז ער איז ניט פאַראינטערעסירט צו שיקן עמעצן אין תפיסה. ער וויל בלויז אָפּשטעלן דעם שוואַרצן מאַרק און ער בעט אונז מיר זאָלן אים העלפן. מיר האָבן אים דערקלערט, אַז טאַקע צוליב דעם זיינען מיר געקומען צו אים.

נאָך פיל שטורמישע מיטינגען מיט די „דילערס" איז אונז געלונגען אַריינצוברענגען אַביסל אָרדענונג. דער אמת איז, אַז שולדיק אין דעם שוואַרצן מאַרק אין דער בראַנזשע זיינען געווען די באַאַמטע אין וואַשינגטאָן. זייענדיק אַ מיטגליד פון דעם נאַציאָנאַלן „אָ-פּי-עי"-קאָמיטעט, האָב איך ביי איינעם פון די מיטינגען אין וואַשינגטאָן זיי געזאָגט, אַז מיט זייערע האַנדלונגען טרייבן זיי אָט די בראַנזשע אין שוואַרצן מאַרק אַריין. עס איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ לאַגע, אַז אויפן געזעצלעכן וועג האָבן די „דילערס" ניט געקענט שטיין אין געשעפט. אייך נאַציאָנאַלע אידישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער פראַגע, ווייל דער שוואַרצער מאַרק האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער בראַנזשע איבערן גאַנצן לאַנד, און די בראַנזשע ליגט מערסטנס אין אידישע הענט. די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע האָט זיך געווענדעט צו מיר, איך זאָל זיי צושטעלן אַ שטודיע פון דער גאַנ-

צער אָנגעלעגנהייט, מיט מיינע רעקאָמענדאַציעס. וואַשינגטאָן האָט אָנגענומען איין רעקאָמענדאַציע, אָבער ניט די צווייטע, אָבער די לאַגע איז געוואָרן גרינגער. איז במילא געוואָרן וויכטיק פאַר אונזער קאָמיטעט צו צוימען די אַפּעטיטן פון די „דילערס". דער קאָמיטעט פון קאָנסיל איז באַשטאַנען פון דריי: אַ רב, וועלכער האָט געהאַלטן דרשות פאַר די „דילערס" אין נאָמען פון אידישן פאָלק און געוואָרנט קעגן חילול השם; אַ יוריסט, וואָס האָט צו זיי גערעדט אין נאָמען פון געזעץ, אָבער זיי האָבן אים ניט געוואָלט אויסהערן, ווייל דאָס געזעץ האָבן זיי געוואוסט בעסער פון אים, און ניט אַזוי דאָס געזעץ, ווי דאָס אויסמיידן דאָס געזעץ; דער דריטער, אַ געשעפטסמאַן, בין איך געווען. גראָד ווייס איך זייער גוט די געשעפטן פון דער בראַנזשע. דער ערשטער איז אַרויסגעפאַלן פון קאָמיטעט דער רב, דערנאָך דער יוריסט. בין איך געבליבן אַליין. בלויז איינציקע מענטשן ווייסן וועגן דעם אינצידענט, ווייל עס איז קיינמאָל ניט באַריכטעט געוואָרן אין דער עקזעקוטיווע פון קאָנסיל וועגן דער אַרבעט. איך ווייס, אַז אַנדערע קאָמיטעטן האָבן געאַרבעט אין אַנדערע בראַנזשעס, דערפאַר זיינען די „דילערס" געבליבן מיינע פריינט. זיי ווייסן, אַז עס האָבן זיי געדראָט שווערע שטראָפן.

# אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס

אַ קאָמיטעט איז געקומען צו מיר מיט אַ ווענדונג, איך זאָל אָננעמען די פּרעזידענטשאַפט פון לאָקאַלן אָפּטייל פון אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. כ'בין געווען אין כעס אויפן קאָנגרעס, וואָס ער האָט קיין זאַך ניט געטאָן פון 1922 ביז 1933. ווען דער קאָנגרעס איז געשאַפן געוואָרן אין 1917—1918, האָבן אַ סך אידן געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף אים. זיי האָבן געגלויבט, אַז מיט דער צייט וועט ער קענען פאַראייניקן אין זיך אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטן אין אידישן לעבן און ווערן דער הויפּט־כוח אין דעם אַמעריקאַנער אידישן לעבן, איבערהויפּט נאָך 1923, ווען דער אַמעריקאַנער אידישער קאָמיטעט האָט אָפּגעבראָכן די שותפות און דער קאָנגרעס האָט באַקומען פרייע הענט זיך צו פאַרנעמען מיט אַרבעט אין אַמעריקע. עס האָט געמוזט קומען אַ בלוטיקער מבול —

דער נאַציזם — אויפצואוועקן דעם קאָנגרעס פון שלאָף. די פועלי־ציון האָבן אים פּראָבירט אויפוועקן, אָבער אָן דערפאָלג. און די פועלי־ציון האָבן דאָך פריער געבראַכט קרבנות פאַרן קאָנגרעס. אַחוץ דעם וואָס זיי זיינען געווען די שטאַרקסטע אַגיטאַטאָרן ביים ברענגען דעם קאָנגרעס צום לעבן, זיינען זיי דערנאָך אַרויס פון אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, כדי צו קענען בלייבן אין קאָנגרעס. די הויפּט־סיבה, וואָס האָט אָפּגעקילט מיינע געפילן צום קאָנ־גרעס איז געווען אַ רעדע, וואָס זיין פּרעזידענט ראַבאַי סטיפן ס. ווייז האָט געהאַלטן אין דעטראָיט, אין די שפּעטע דרייסיקער יאָרן. ער האָט געזאָגט אין יענער רעדע, אַז ער האָט באַשלאָסן אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס אָפּגעבן זיין גאַנצע ענערגיע, צייט און מיטלען צו באַקעמפן דיסקרימינאַציע, וואו און קעגן וועמען זי וועט אָנ־געווענדעט ווערן, ווייל כל זמן עס וועט עקזיסטירן דיסקרימינאַציע אַפילו קעגן איין נעגער, זיינען מיר אידן ניט זיכער.

אויף מיין פראַגע, צי דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האָט אים געגעבן דעם מאַנדאַט צו מאַכן פון קאָנגרעס נאָך אַ קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פאַר ציווילע רעכט; דער נאָמען אַליין, אידישער קאָנגרעס, ווייזט, האָב איך אַרגומענ־טירט, אַז דער קאָנגרעס דאַרף זיך אָפּגעבן מיט אידישע אינטערעסן און אַז באַקעמפן דיסקרימינאַציע קעגן אידן, איז נאָר איין טייל פון דער פּראָ־גראַם; דער קאָנגרעס האָט אין זיין פּראָגראַם אפשר פונקטן וואָס זיינען וויכטיקער, ווייל זיי זיינען פּאָזיטיווע, ווי אידישע קולטור, אַריינגערעכנט שולעס פאַר קינדער, דעמאָקראַטיזירן דאָס אידישע לעבן; די נעגער־פראַגע האָבן אידן ניט געשאַפן, און די אידן באַציען זיך אַ סך בעסער צום נעגער ווי די קריסטן. אַוודאי דאַרפן מיר ווי אידן און ווי אַמעריקאַנער העלפן, צוזאַמען מיט אַנדערע ליבעראַלע גרופּן, לייזן די נעגער־פראַגע — האָב איך צוגעגעבן — אָבער זיין אין אַוואַנגאַרד און שלעפּן די אחריות אויף אונזערע פּלייצעס, דאַרפן מיר ניט. אויף דעם האָט ד״ר ווייז געענטפערט, אַז ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס קען ניט זיין קיין אידיש לעבן פריי פון דיסקרימינאַציעס, אויב עס ליידן פון דיסקרימינאַציעס אַנ־דערע גרופּעס; און אַזוי ווי די נעגערס זיינען די סאַמע גרעסטע קרבנות פון דיסקרימינאַציע, דאַרף דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס זיין דער אַוואַנגאַרד פון קאַמף אָפּצושאַפן דיסקרימינאַציע קעגן די שוואַרצע.

גלייך נאָך דעם זיינען געעפנט געוואָרן טיר און טויער פון קאָנגרעס

פֿאַר אַלע מינים ליבעראַלן — ראָזע און רויטע. איבערצונעמען די לאָקאַלע פּירערשאַפֿט פֿון אַזאַ ערב־רב, האָב איך ניט געהאַט קיין חשק. אין עטלעכע יאָר אַרום האָט דער קאָנגרעס אײַנגעזען זײַן טעות און האָט געמוזט רײניקן זײַנע רייען. דער טשאַרטער פֿון דעטראָיטער קאָנגרעס־אָפּטייל איז דורכן צענטער צוריקגעצויגן געוואָרן און ס׳זײַנען געשאַפֿן געוואָרן צוויי נײַע לאָקאַלע אָפּטיילונגען, כדי פּטור צו ווערן פֿון די ניט־געוואונטשענע עלעמענטן.

## קאַמף קעגן קאָמוניסטן און זייערע נאָכלויפער

אין דער צייט פֿון „פּאַראייניקטן פּראָגנט״־פּעריאָד האָט דער לינקער „אַרבעטער־אָרדן״ געוואָלט ווערן אַ מיטגליד פֿון אידישן „קאָמיוניטי קאָונסיל״. איך בין דעמאָלט געווען דער פֿאָרזיצער פֿון אויפֿנעם־קאָמיטעט, האָב איך די „אָרדן״־אַפּליקאַציע אָפּגעוואָרפֿן. האָבן די לינקע אַפּעלירט צו דער עקזעקוטיווע. עס איז אויפֿגעטראָטן אַ קאָמיטעט פֿון אָרדן. זײַנע טענות זײַנען געווען, אַז דער „אַרבעטער־אָרדן״ טוט אידישע קולטור־אַרבעט, האַלט אויס שולעס פֿאַר קינדער, גיט אַרויס ביכער אין אידיש און איז אַ פּראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציע. פּאָליטיש זײַנען זיי די מערסטע אָרדן־מיטגלידער לינק געשטימט, אָבער זיי האָבן אויך אין זייערע רייען ציוניסטן און אַפֿילו רעליגיעזע אידן, האָט דער קאָמיטעט אונטערגעשטראָכן, און אין אַלגעמיין גיט די אָרגאַניזאַציע זיך אָפּ ווייניק מיט פּאָליטיק אין דער עקזעקוטיווע איז פֿאָרגעקומען אַ מאָדנע זאַך. אַלע רייכע פֿאַרטרעטערס פֿון אידישן קאָמיטעט, פֿון רעפֿאָרם־טעמפּל און אַפֿילו פֿון אָרדן בני ברית, זײַנען געווען פֿאַר דעם, אַז מען זאָל דעם לינקן „אָרדן״ אַרײַננעמען לטובת „יוניטי״ (אחדות). איך האָב געמוזט שטאַרק קעמפֿן, און מיט דער הילף פֿון די ציוניסטישע רעפּרעזענטאַנטן און אַרבעטער־רינג־פֿאַרטרעטערס, איז אונז געלונגען ניט אַרײַנצולאָזן די לינקע. דער „אָרדן״ האָט אַפּעלירט צום פֿערטל־יאָריקן דעלעגאַטן־מיטינג, די העכסטע אינסטאַנץ פֿון קאָונסיל. איך האָב געוואוסט, אַז די לינקע וועלן קומען שטאַרק אָרגאַניזירט צו דעם מיטינג, האָב איך צוגעגרייט אַ רשימה מיט באַווייזן קעגן זיי: ערשטנס, אַז דער אָרדן איז אָרגאַניזירט געוואָרן פֿון קאָמוניסטן; צווייטנס, אַז דער אָרדן איז פּאָליטיש זייער טעטיק; דריטנס, אַז דער אָרדן נעמט אינסטרוקציעס פֿון דער קאָמו־

ניסטישער פּאַרטיי. כ׳האָב געבראַכט דאָקומענטן צו באַווייזן ווי אַזוי די שטעלונג פון אָרדן האָט זיך געביטן, לויט דער ליניע פון קרעמלין, בנוגע די אַראַבישע פּאָגראָמען אין ארץ־ישראל און דעם סטאַלין־היטלער־פּאַקט אין 1939. כ׳האָב אַרויסגעבראַכט, אַז צום קאָונסיל קענען געהערן נאָר יענע אידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שטעלן די אינטערעסן פון אידישן פאָלק העכער פון אַנדערע אינטערעסן; און אַז זיי, די אָרדן־לייט, פּונקט ווי די אַנדערע אָנגעהעריקע צו די קאָמוניסטן, שטעלן די אינטערעסן פון אַן אויס־לענדישער מאַכט העכער פון אַלץ; און אויב ס׳זאָל זיך שאַפן אַ לאַגע, ווען די אינטערעסן פון אָט דער אויסלענדישער מאַכט וועלן זיין קעגן די איג־טערעסן פונעם אידישן פאָלק, וועלן זיי אין דער צוקונפט, פּונקט ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, גיין מיט דער אויסלענדישער מאַכט קעגן די אינטעי־רעסן פון איינענעם פאָלק, אפילו דעמאָלט, ווען מ׳וועט פּאָגראָמירן אידן.

די אָרדן־לייט זיינען טאַקע געקומען צום מיטינג גוט צוגעגרייט. זיי האָבן געבראַכט אַלע לינק־געשטימטע דעלעגאַטן, וועלכע האָבן פאַרטראָטן לאַנדסמאַנשאַפטן און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. איך האָב דערוואַרט אַ שטאַרקן קאַמף. ווי איבערראַשט בין איך אָבער געוואָרן, אַז נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעלייענט מיין רשימה פון פאַקטן, האָט אַפילו קיין איינציקער פון זייערע לייט ניט גענומען דאָס וואָרט צו פאַרטיידיקן דעם אייגענעם שטאַנד־פּונקט. און ביי דער אָפּשטימונג האָט קיינער ניט געשטימט פאַר זייער צד.

## געלט־זאַמלונגען

דעטראָיט איז באַקאַנט צווישן אידן איבערן לאַנד ווי אַ שטאָט וועלכע זאַמלט באַדייטנדיקע פאָנדן פאַר פאַרשיידענע צוועקן. נאַטירלעך באַטייליקט איך זיך אין די זאַמל־אַקציעס. די צייט פון יאָר איז איינגעטיילט אויפן פאָלגנ־דיקן שטייגער: סוכות־צייט עפנט זיך די אַקציע פון דער פאַרבאַנד־שולע און פון די אַלע אַנדערע פאָנדן, וואָס מיר, פּועלי־ציון, האָבן פאַראייניקט אין אַ „פעדערייטעד קאַמפּיין". די אַקציע נעמט אַריין: די הבונים־יוגנט, פּועלי־ציון־פּאַרטיי, אידישער לערער־סעמינאַר, די צייטשריפטן „קעמפער" און „פּראָגנטיר", און לאָקאַלע הוצאות אין שולע. די אַקציע האַלט־אָן אין די חדשים אָקטאָבער, נאָוועמבער און דעצעמבער. דורך דער צייט פאַלן אַריין

קלענערע אונטערנעמונגען, ווי שאַפן געלט אַרויסצוגעבן אַ בוך פון אַ אידישן שרייבער, איינמאָנען די יערלעכע ביישטייערונגען פאַרן „ייווא״ (לעצטנס איז עס שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן). דורך דער צייט ווערן שוין גע־מאַכט די צוגרייטונגען פאַרן „הסתדרות־קאַמפּיין״, וועלכער עפנט זיך גלייך נאָך ניי־יאָר און ער האַלט אָן אין די חדשים יאַנואַר, פעברואַר און מערץ. אין אַפּריל הויבט זיך אָן דער „עלאַיד דזשואיש קאַמפּיין״, וואָס נעמט אַריין דעם „פאַראייניקטן אידישן אַפּיל״ (יו־דזשיי־עי״) און אַלע לאָקאַלע אינסטי־טוציעס. צווישן די דאָזיקע צוויי אַקציעס ווערט אַריינגעקוועטשט אַ „ישראל־באָנד״־קאַמפּיין און צווישן דעם „פעדערייטעד קאַמפּיין״ און דעם „הסתדרות־קאַמפּיין״ ווערט אַריינגעקוועטשט אַן „אַמפּאַל״־אַקציע. אַרום מיטן יוני, ווען עס איז נאָך ניט געענדיקט דער „יו־דזשיי־עי״־קאַמפּיין, הויבט זיך אָן, אויף אַ גרויסן שטייגער, דער „ישראל־באָנד״־קאַמפּיין, און אין מיטן ווערט אַריינ־געקוועטשט אַן אַקציע פאַרן אידישן נאַציאָנאַל־פאָנד (קרן קיימת לישראל). דאָס איז נאָך ווייט ניט אַלץ. איך האָב נאָר אויסגערעכנט די אַקציעס אין וועלכע איך באַטייליק זיך.

ס׳איז ניטאָ קיין טאָג אין יאָר, איך זאָל ניט האָבן ביי זיך קיין קאַרטלעך פאַר געלט־זאַמלונגען. אָפט טראָג איך זיך אַרום מיט דריי־פיר מינים קאַרט־לעך, ווייל איך האָב נאָך ניט באַוויזן זיי „צו דעקן״. אַ סך ביישטייערערס האָבן ליב מען זאָל קומען צו זיי מער ווי איין מאָל; אַנדערע, ווידער, גע־פינט מען ניט אין דער היים; אייניקע, כאָטש ווייניקע, באַהאַלטן זיך אויס פון מיר.

מיר האָבן אין דעטראָיט אַ „נאַציאָנאַל־פאָנד־קאָונסיל״, וועלכער פירט אָן מיט דער אַרבעט פאַרן קרן קיימת לישראל. אַלע ציוניסטישע גרופּירונ־גען געהערן צום ראַט. די הויפּט־אַרבעט ווערט געטאָן פון די פּועלי־ציון און „מזרחי״, צום ווייניקסטנס דורך די אַלגעמיינע ציוניסטן. מיר שאַפן צווישן 100 און 120 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. אַ העלפט אָדער 60 פּראָצענט ווערט געזאַמלט דורך דער „ליידיס אָוקזילערי״, אַ פרויען־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויסשליסלעך פאַר נאַציאָנאַל־פאָנד־אַרבעט. כדי צו געהערן צו דער אָרגאַניזאַציע, מוז אַ פרוי ניט זיין קיין מיטגליד פון אַ ציוניסטישער פּאַרטיי. די איבעריקע געלטער ווערן געשאַפן דורך טראַדי־ציאָנעלע זאַמלונגען: פּושקעס, פלאַנצןביימער, גאָלדן־בוך־סערטיפיקאַטן, „ספר הילד״, צוויי מאָל אַ יאָר „טעג״ טאָג, תשעה באב און פּורים ווערן

געמאַכט אַפילו אין די שולן. פאַרן יאָר 1950—1951 בין איך געווען דער פּרעזידענט פון קאָונסיל. אין 1952 בין איך געוואָרן פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע.

## ציוניסטישע אַרבעט

אין 1936 האָב איך זיך צוזאַמענגערעדט מיט לאָורענס קראַן, אַן אַלגעמיינעם ציוניסט, מיר זאָלן שאַפן אַ ראַט פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין דעטראָיט צו טאָן ציוניסטישע אַרבעט בכלל, אָבער לאָזן פריי יעדע פּאַרטיי צו טאָן איר באַזונדערע אַרבעט. אַז איך האָב געבראַכט דעם פּלאַן צום צווייג 3 פּועלי־ציון, וואו איך בין אַ מיטגליד, איז ער שטאַרק באַקעמפט געוואָרן. מיר איז אָבער געלונגען צו געווינען דעם רוב אויף מיין זייט. די זעלבע זאַך האָב איך שפּעטער געמוזט דורכמאַכן מיט די אַנדערע צוויי פּאַרטיי־צווייגן, מיט די פינף פאַרבאַנד־צווייגן און מיט דריי צווייגן פון די „פּיאָנערן־פרויען". די צייט איז געווען גינסטיק פאַר אַזאַ פּלאַן. די אומרוען אין ארץ־ישראל זיינען געוואָרן שטאַרקער. גרויסע סומעס געלט האָט באַדאַרפט געשאַפן ווערן שנעל. די פּרעסע האָט געדאַרפט באַווירקט ווערן, אַז זי זאָל אָפּשפּיגלען דעם ריכטיקן צושטאַנד אין אידישן היימלאַנד. אַלע דריי לאָקאַלע טעגלעכע ענגלישע צייטונגען זיינען געווען ניט פריינטלעך צום ציוניסטישן געדאַנק, אָפּטמאָל אַפילו קעגנעריש. דאָס זיינען אַרבעטן וואָס מען קען בשיתּופות טאָן אַ סך בעסער און ווירקזאַמער. מען האָט געמוזט וועקן דעם אידישן עולם, אים אויפקלערן די לאַגע. אַפילו ציוניסטן האָט מען געמוזט אויפמונטערן, זיי זאָלן ניט אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג. אָבער דאָס וואָס עס איז געווען אַזוי לאָגיש און זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָבן, צום באַדויערן, אַ סך ציוניסטן פון אַלע לאַגערן ניט פאַרשטאַנען. זייערע פּאַרטיי־אינטערעסן און דער פּאַרטיי־פּאַטריאָטיזם איז ביי זיי געשטאַנען העכער. זיי האָבן מורא געהאַט אַז עס וועט ליידן דער פּרעסטיזש פון דער אייגענער פּאַרטיי, אויב זיי זאָלן זיך פאַראייניקן צו טאָן די אַרבעט מיט אַנדערע פּאַרטייען. דערווייל האָב איך געשריבן צום צענטראַל־ביוראָ פון די פּועלי־ציון אין ניו־יאָרק, וואָס מיר קלייבן זיך צו טאָן. דער סעקרעטאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט מיר גלייך געלאָזט וויסן אין נאָמען פון

קאָמיטעט, אַז איך זאָל זיך ניט דערוועגן צו טאָן אַזאַ זאַך, ווייל דאָס איז קעגן די אינטערעסן פון דער פּאַרטיי. איך האָב געפּרואווט זיי דערקלערן, אַז די גאַנצקייט און די סוּאוועראַניטעט פון אונזער פּאַרטיי, פּונקט ווי פון די אַנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען, וועט ניט געמינערט ווערן; אַז דער „קאָונסיל" וועט זיך אָפּגעבן מיט אַרבעט. וואָס די פּועלי־ציון טוען ניט אַליין און קענען ניט טאָן. האָט מען מיר געענטפערט, אַז אויב דער צענטראַל־קאָמיטעט וועט געפינען פּאַר נויטיק צו שאַפן אַזאַ ראַט, וועט מען דאָס טאָן אויף אַ לאַנד־פּאַרנעם, אָבער דעטראָיט האָט ניט קיין רעכט דאָס צו טאָן אָן דער דערלויבעניש פון צענטראַל־קאָמיטעט. און אויב איך וועל ווייטער אַר־בעטן אין דער ריכטונג צו שאַפן אַזאַ „קאָונסיל", וועט מען דאָס האַלטן פּאַר אַ דיסציפּלין־ברוך פון דער פּאַרטיי, און עס וועלן אָנגענומען ווערן די בוי־טיקע מיטלען. איך האָב ניט געפּאָלגט דעם צענטראַל־קאָמיטעט און אַזאַ ציוניסטישער ראַט איז יאָ געשאַפן געוואָרן, מיט אַ ברייטער פּאַרטרעטער־שאַפט פון אַלע גרופּירונגען. די קאָנסטיטוציע איז געווען זייער אַ לויזע, מיט אַ גאַראַנטיע, אַז יעדע גרופּע איז אָנגעשלאָסן פרייוויליק און זי קען אַרויסגיין פון קאָונסיל ווען זי געפינט עס פּאַר פּאַסיק אין די אינטערעסן פון איר גרופּע; אַ מערהייט פון עטלעכע גרופּעס קעגן איין גרופּע צו צוויב־גען די גרופּע צו טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס איז קעגן זייערע איבערצייגונגען, איז ניט מעגלעך; אַ גרופּע קען צו יעדער צייט דערקלערן, אַז אין אַ באַ־שטימטער אַקציע וויל זי זיך ניט באַטייליקן. אַ קאָפּיע פון דער קאָנסטיטוציע האָב איך אַוועקגעשיקט צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון און מער האָב איך פון זיי וועגן דעם ניט געהערט.

קאַרגע צוויי יאָר שפּעטער איז אַזאַ קאָונסיל געשאַפן געוואָרן פּאַרן לאַנד — דער „ציוניסטישער עמוירדזשענסי קאָונסיל". מיר האָבן שוין דע־מאָלט געהאַט אַ גוט פונקציאָנירנדיקן לאָקאַלן ראַט און עס איז באַשערט געווען אַז אונזער „ציוניסטישער קאָונסיל" זאָל שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין קאַמף פאַרן אידישן ישוב אין ארץ־ישראל און דערנאָך ביים העלפן אויס־קעמפן די אידישע מדינה. אין משך פון דער צייט פון דער עקזיסטענץ פון „קאָונסיל" זיינען ניט פּאָרגעקומען קיין מחלוקתן צווישן די פּאַרטייען אָדער גרופּירונגען. רייבונגען זיינען יאָ געווען, אָבער זייער מילדע, צווישן יחידים, אָבער ניט אויף די פּאַרטיי־ליניעס.

שמואל־בער לייקין

# די אַרבעט פון ציוניסטישן קאָונסיל פון דעטראָיט

צוערשט האָבן מיר זיך קאָנצענטרירט אויף די דריי טעגלעכע ענגלישע ציטונגען. אַלע דריי זיינען ניט געווען, ווי דערמאָנט, צו פריינטלעך צום ציוניזם. זיי האָבן זיך געהאַלטן קאָרעקט, אָבער ווען עס איז יאָ דערשינען אַ לייט־אַרטיקל וועגן פּאַלעסטינע, איז דאָס אַלעמאָל געווען געניגט צום ענגלישן צד, און דאָס איז, נאַטירלעך, געווען דער אָפיציעלער קורס. וואַשינגטאָן איז געווען פּראָ־בריטיש, און די ציטונגען האָבן אָפּגעשפּיגלט די האַנדלונגען פון סטייט־דעפּאַרטמענט און פון ווייסן הויז. מיר האָבן בלויז געקענט שיקן בריוו צו די רעדאַקציעס און זיי אויפקלערן דעם אידישן שטאַנדפּונקט.

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה איז אונזער לאַגע געוואָרן שווערער. אַמעריקע האָט אָנגענומען אַ קורס צו העלפן ענגלאַנד, און וועלכע עס איז קריטיק קעגן ענגלאַנד איז אויפגענומען געוואָרן אומפריינטלעך. אונזער ריכטיקע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן נאָך היטלערס מפּלה, ווען די ענגלישע קריגס־שיפן האָבן גענומען אָפּשטעלן שיפן מיט די פּליטים, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די קרעמאַטאָריעס, און זיי זיינען געפאָרן קיין ארץ־ישראל. די מעשה מיט די שיפן „שטרומאַ" און „פּאַטריאַ" האָבן אַפילו די אומפריינטלעכע ציטונגען ניט געקענט פאַרשווייגן.

אין פרילינג, 1945, בין איך דערוויילט געוואָרן פּרעזידענט פון ציוניסטישן קאָונסיל אין דעטראָיט, און אויף מיר איז געפאַלן דער גורל אָנצופירן מיט דער ציוניסטישער אַרבעט אין די שטורמישע יאָרן, ביז אונזער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן און ס'איז אויפגעקומען די אידישע מדינה. דאָס איז געווען אַ צייט פון שווערן קאַמף פאַר דעם אַמעריקאַנער אידנטום. ראַבאַי אבא הלל סילווער, דער פּרעזידענט פון אַל־ציוניסטישן „עמוירדזשענסי קאָונסיל", האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, און די לאָקאַלע ציוניסטישע „קאָונסילס" איבערן לאַנד האָבן געאַרבעט לויט זיינע דירעקטיוון. סילווער אַליין איז געווען ווי אַן עלעקטרישע דינאַמאָ־מאַשין, און ער האָט געפאָדערט, אַז די לאָקאַלע אָפּטיילונגען זאָלן דורכפירן אַלע אינסטרוקציעס אָן טענות און אָן פראַגעס. איך ווייס ניט ווי די אַנדערע לאָקאַלע „קאַונסילס" האָבן געהאַנדלט; איך ווייס נאָר, אַז מיר, אין דעטראָיט, האָבן דורכגעפירט אַלע אינסטרוקציעס, ווי שווער זיי זיינען ניט געווען. אָפטמאָל האָט זיך

אונז אויסגעדאַכט, אַז אַ געוויסע אַקציע איז אַן איבעריקע, אַ נוצלאָזע, אַז זי איז ניט ווערט די גרויסע מי, וואָס דאַרף אַריינגעלייגט ווערן אין איר, און מיר האָבן ניט געוואָלט דורכפירן די באַשטימטע אַרבעט. לסוף, נאָך אַלע רייד, פלעגט אימיצער פון אונז אַ זאָג טאָן: „מיר זיינען דאָך סאָלדאַטן און מיר שטייען אין מיטן אַ מלחמה, האָבן מיר ניט קיין רעכט צו איגנאָ־רירן די דירעקטיוון". מיט נייעם מוט און פרישער ענערגיע האָבן מיר זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט.

איך געדענק, אַז איינמאָל איז אָנגעקומען אַ דירעקטיוו צו קריגן אַ בריוו פון גאָווערנאָר פון מישיגען צו פּרעזידענט טרומאַן לטובת דעם פאָרשלאָג, אַז ענגלאַנד זאָל אַריינלאָזן קיין פּאַלעסטינע 100 טויזנט אידן. גראָד מיט אַ פּאָר וואָכן פריער האָבן מיר טאַקע געקראָגן אַזאַ בריוו פון גאָווערנאָר. דאָס איז אונז אָנגעקומען זייער שווער און מיר האָבן געצווייפלט אין דער מעגלעכקייט צו קריגן נאָך אַ בריוו; מיר האָבן אויך ניט געזען די צוועק־מעסיקייט פון אַזאַ אַקציע. בין איך צוגעפאָרן קיין קליוולאַנד זיך דורכצו־ריידן מיט ראַבאַי סילווערן. נאָך אַ קורצן שמועס האָב איך אים געזאָגט דעם צוועק פון מיין קומען. האָט ער אָנגעכמורעט זיינע גרויסע ברעמען און געזאָגט: „וואָס, איר דענקט, אַז עס איז צופיל אַרבעט? איך זאָג אייך, אַז צוויי מאָל זען דעם גאָווערנאָר אין צוויי וואָכן איז ניט צופיל. מיר וועלן זען יעדן גאָווערנאָר, יעדן סענאַטאָר, יעדן קאָנגרעסמאַן אַלע חודש, אַלע וואָך און אַלע טאָג. אויב איר זייט אַ גוטער ציוניסט, וועט איר דאָס טאָן". איך בין אַרויס פון זיין קאַבינעט ווי אָפּגעגאָסן מיט קאַלטן וואַסער, ניט אַזוי פון דעם וואָס ער האָט געזאָגט, נאָר ווי אַזוי ער האָט עס געזאָגט. איך בין געקומען צוריק קיין דעטראָיט און דורכגעפירט די שליחות.

שפּעטער, ווען דער קאַמף איז פאַרשטאַרקט געוואָרן, האָב איך איינגעזען ווי גערעכט סילווער איז געווען.

די ראַט־מיטגלידער האָבן זיך איינגעטיילט מיט דער אַרבעט. איטלע־כער איז געוואָרן אַ קאָמיטעט פון איינעם אָנצופירן מיט אַ באַשטימטער אַקטיוויטעט, צווישן אַ באַשטימטער גרופּע מענטשן. יעדער איינער האָט געדאַרפט צוציען צום קאָמיטעט מענטשן, וועלכע זיינען פּאַסיק אויסצופירן אַ געוויסע אַרבעט, אַמאָל מער ווי איין שטיקל אַרבעט. איך גלויב, אַז עס איז פּאַסיק צו דערמאָנען עטלעכע יחידים וואָס האָבן געטאָן גוטע אַרבעט: פיליפּ סלאָמאָוויטש, רעדאַקטאָר פון דער וועכנטלעכער אידיש־ענגלישער

צייטונג „דזשואיש ניוס״, שטאַרק באַפריינדעט מיט דעם איצט־פאַרשטאָר־בענעם סענאַטאָר וואַנדערבערג, אַ רעפּובליקאַנער, וואָס איז אַ געוויסע צייט געווען דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט פאַר אויסלענדישע ענינים ביים סע־נאַט; ראַבאַי לעאָן פראַם, לאָורענס קראָן, און ראַבאַי מ. אַדלער ע״ה, אַן אויסגעצייכנטער רעדנער.

מיר האָבן אָנגעפירט אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּראָטעסטאַנ־טישע קירכעס, די יוניאָנס, אין ביידע געזעץ־געבנדיקע הייזער פון שטאַט און אין שטאָטראַט. מיר האָבן געהאַט מקורבים פון מעיאָר און גאָווערנאָר. מיר האָבן אָפט באַזוכט אונזערע סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט. די ערשטע צייט בין איך געווען איבערראַשט פון דער אומוויסנהייט פון די „פּאָלי־טישנס״ אין דער גאַנצער פראַגע וועגן ציוניזם און פּאַלעסטינע. אַחוץ סע־נאַטאָר וואַנדערבערג און קאָנגרעסמאַן דינגעל האָבן די אַנדערע גאָרניט געוואוסט וועגן דעם גאַנצן ענין. די אויבנדערמאָנטע צוויי שטאַטסלייט האָבן אונז זייער פיל געהאָלפן.

דער ציוניסטישער „עמוירדזשענסי קאָונסיל״ פלעגט פאַררופן צוזאַמענ־פאָרן צוויי, דריי מאָל אַ יאָר אין וואַשינגטאָן, פון פאַרטרעטערס פון די לאָקאַלע „קאָונסילס״ איבערן לאַנד. פריער פלעגן מיר אויסהערן אַ פּאָר רעדעס, דערנאָך פלעגט ראַבאַי אבא הלל סילווער געבן אַן איבערבליק איבער דער לאַגע און אונז אינסטרואירן, וואָס מיר זאָלן בעטן ביי אונזערע סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט צו טאָן. דערנאָך זיינען די דעלעגאַטן געגאַנ־גען זען די סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט פון זייער אייגענעם שטאַט.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן מיין געפיל, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַזאַ מיסיע. איך האָב זיך געטרייסלט ווי אַ בלאַט. כ׳בין געווען נערוועז און ניט זיכער מיט זיך. איך בין געווען אָנגע־נעם איבערראַשט מיט דער גוטער און פריינטלעכער אויפנאַמע, וואָס איך האָב געקראָגן אין אָפיס פון קאָנגרעסמאַן דינגעל, וועלכער פאַרטרעט דעם דעטראָיטער דיסטריקט, וואו עס וואוינען די מערסטע אידן, וגם אני בתוכם. זיין סעקרעטאַרין האָט אים טעלעפאָנירט אין קאָנגרעס, און ער איז גלייך געקומען. נאָכדעם ווי ער האָט מיך אויסגעהערט, האָט ער געזאָגט, אַז עס וועט זיין פיל פּראַקטישער, אַז ער אַליין זאָל צוזאַמענרופן אַלע קאָנ־גרעס־לייט פון מישיגען צו זיך אין ביוראָ, אָנשטאָט איך זאָל גיין צו איט־לעכן באַזונדער. נאַטירלעך האָב איך זיך שטאַרק דערפרייט מיט זיין פאָר־

שלאָג. ניט אַלע זיינען געקומען. עטלעכע זיינען געווען פאַרנומען, אייניקע זיינען געווען אָפענע קעגנער. אָבער אַכט קאָנגרעסלייט זיינען יאָ געקומען. די מערסטע האָבן גאָרניט געוואוסט וועגן דער גאַנצער פּאַלעסטינע־אָנגעלעגנהייט. נאָך מיין קורצער דערקלערונג האָט זיך אַנטוויקלט אַ שמועס, מיט פאַרשיידענע פראַגעס און ענטפערס. דער פועל יוצא פון דעם איז געווען, אַז זיי האָבן אַלע איינגעשטימט צו שרייבן אַ בריוו צום פּרעזידענט. זיי האָבן עס טאַקע געטאָן, און דערנאָך מיר צוגעשיקט קאָפּיעס פון דעם בריוו.

סענאַטאָר וואַנדערבערג איז אַלעמאָל געווען אַ פריינט פון ציוניזם. איינמאָל בין איך אים געקומען זען אין אַ צייט, ווען דער סענאַט איז געווען באַשעפטיקט, טאָג און נאַכט, צו פאַרמיידן אַ שטרייק פון די אייזנבאַן־אַרבעטער. ער האָט אָנגעזאָגט דורכן זון, זיין סעקרעטאַר, אַז ער וויל מיר זען, און איך זאָל וואַרטן, ביז ער וועט קענען אַרויסגיין פון סענאַט־זאַל. דריי טעג בין איך געזעסן אין וואַשינגטאָן און געוואַרט אויף אַ מעגלעכקייט זיך צו באַגעגענען מיט אים. ענדלעך האָט מיר דער זון געלאָזט וויסן, אַז ער וועט מיר זען 2 אַזייגער בייטאָג. צו דער מינוט איז ער אַרויסגעקומען און מיך אַריינגעפירט אין דעם צימער, וואָס איז רעזערווירט פאַרן פרעזידענט, ווען ער קומט אין סענאַט. אונזער געשפרעך האָט געדויערט צוויי שעה. ער האָט כמעט גערעדט די גאַנצע צייט, און איך האָב נאָר אַריינגעוואָרפן באַמערקונגען. פון שמועס האָב איך אַרויסגענומען — ערשטנס, אַז ער איז באַקאַנט מיט אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין ארץ ישראל גופא און אַרום דער פּאַלעסטינע־פראַגע. קיין בייס האָב איך ניט געקענט צוגעבן; צווייטנס, אַז מיר האָבן אַ פריינט אין אים, אַז ער טוט און וועט אַלץ טאָן וואָס ער קען, צו העלפן די שטרעבונגען פון ציוניזם; דריטנס, און דאָס איז געווען אַ ביטערע אַנטוישונג פאַר מיר, אַז ער איז אַ קעגנער פון דער „בילטמאָר פּלאַטפאָרם" פאַר אַ „אידישער קאָמאָנוועלט". ער האָט געהאַלטן, אַז עס איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו קריגן אַ אידנשטאַט, און די רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין ניו־יאָרקער בילטמאָר־האָטעל, צו פאָדערן דאָס שאַפן אַ אידישע מדינה, שוואַכט אָפּ די פאָדערונגען אָפּצושאַפן דאָס בריטישע, „ווייסע פּאַפּיר" קעגן עליה. ער האָט געהאַלטן, אַז „עס וואָלט געווען קליגער פאַר די אַמעריקאַנער ציוניסטן צו פאַרגעסן די „בילטמאָר־פּראָגראַם". איך האָב אים פּרובירט דערקלערן,

אַז ענגלאַנד „האָט געוואָרפן די הענטשקע אין פּנים". וואָלט זי ניט געווען אַרויסגעגעבן דאָס „ווייסע פּאַפּיר", וואָלטן די מערסטע ציוניסטן געווען צו־פרידן מיט דער מעגלעכקייט אַריינצוברענגען קיין ארץ ישראל וויפל אידן דאָס לאַנד קען אַריינגעמען און מ׳זאָל קענען קויפן לאַנד, לויט אונזערע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן. אָבער איצט, אַז ענגלאַנד האָט גענומען אַזוי אכזריותדיק דורכפירן דאָס „ווייסע פּאַפּיר" און וועט עס מיט גוטן ניט אויפגעבן, וועלן מיר מוזן ברענגען די פראַגע פאַר אַ וועלט־טריבונאַל ביים פרידנס־טיש. אָבער איצט האָט ניט קיין זין צו קומען צום טריבונאַל נאָר מיט דער פאָדערונג פאַר עליה־דערלויבעניש. איך האָב אים אויך געזאָגט, אַז מיר קענען זיך ניט פאַרלאָזן אויף ענגלאַנד און אויף אַן אָפּמאַך מיט איר. דער „ווייסער פּאַפּיר" אַליין איז אַ גוטער באַוויז ווי וויניק מען קען ענגלאַנד געטרויען. מוזן מיר פאָדערן אַ אידישע מדינה און איין מאָל פאַר אַלע מאָל לייזן די אידן־פראַגע. ער האָט מיר אויף דעם ניט געענטפערט, ווייל פונקט דעמאָלט האָט אים אַ „פּעידזש" גערופן אין סענאַט־זאַל, ווייל עס האָט געדאַרפט פאָרקומען אַן אָפּשטימונג. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך האָב אים ניט איבערצייגט.

גאַנץ אַנדערש איז געווען די אויפנאַמע וואָס איך האָב געהאַט ביים צווייטן סענאַטאָר פון מישיגען, האָמער פערגוסאָן. ער האָט ניט געוואוסט קיין סך וועגן ציוניזם און וועגן דער פּאַלעסטינע־פראַגע. ער איז געווען זייער העפלעך, אָבער צופיל פאַרנומען מיט אַמעריקאַנער פראַגעס און ער האָט זיך וויניק אינטערעסירט מיט ענין פּאַלעסטינע. פונדעסטוועגן האָט ער מיר געהייסן קומען צו אים אויפצומאָרגנס. ווען איך בין צו אים געקו־מען, האָט ער גלייך דיקטירט אַ בריוו צו פּרעזידענט טרומאַן און מיר גע־געבן אַ קאָפּיע פון בריוו. ביי אַ צווייטער געלעגנהייט האָט אים באַזוכט ראַבאַי פראַם, באַקאַנט זינט יאָרן. פראַם האָט דערנאָך באַריכטעט, אַז פער־גוסאָן איז זייער פריינטלעך צום ציוניסטישן געדאַנק. פון דעמאָלט אָן האָבן מיר געקענט פאַררעכענען סענאַטאָר פערגוסאָן פאַר אונזערן אַ פריינט. איך בין עטלעכע מאָל געווען אין וואַשינגטאָן אין שייכות מיט דער מיסיע.

דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב זיך געטראָפן מיט סענאַטאָר וואַנ־דערבערג איז געווען גלייך נאָך דער מלחמה, ווען ער איז געפאָרן קיין פּאַריז צו אַ קאָנפערענץ. מען האָט דעמאָלט געמיינט, אַז דאָרט וועט אויך מעגלעך באַהאַנדלט ווערן די פּאַלעסטינע־פראַגע. אַ גרופּע פון זעקס ציוניסטן

האָט געגעבן אַ מיטאָג לכבוד דעם סענאַטאָר. איך האָב געמיינט, אַז ער וועט ריידן וועגן פּאַלעסטינע, אָבער ער האָט גאָר גערעדט וועגן רוסלאַנד און וועגן דער וועלט־לאַגע אין אַלגעמיין, און באַטאָנט: „מיר מוזן פאַר־האַלטן רוסלאַנד אונטער אַלע באַדינגונגען". אויף מיין אָנפראַגע צי דער ענין פּאַלעסטינע געפינט זיך אויפן סדר היום, האָט ער געענטפערט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן פיל גרעסערס, און פּאַלעסטינע איז בלויז אַ קליין פּינטעלע אויף דער מאַפּע פון דער וועלט. האָב איך ווייטער געפרעגט: וואָס וועט געשען, אויב אַנדערע דעלעגאַציעס וועלן באַרירן די פּאַלעסטי־נער פראַגע, וואָס פאַר אַ פּלענער האָט די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע? זיין ענטפער איז געווען אַן אומגעדולדיקער: „מיר האָבן געשטעלט אַ סך אין קאָן". אויף דעם האָב איך אַ זאָג געטאָן: „דאָס מיינט, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט, אַז אין פּאַריז זאָל פאָרקומען אַ צווייטע מינכען — און דאָס מאָל וועט דער קרבן זיין דאָס אידישע פאָלק. ער איז אויפגעשפּרונגען פון שטול און אַ זאָג געטאָן: „מיין רעקאָרד אַלס אידן־פריינט איז אַן אָפן בוך". האָב איך אים אויף דעם געענטפערט: „ביז איצט זיינען געווען בלויז ווער־טער, איצט מוזן מיר האָבן מעשים". איך ווייס, אַז איך האָב געהאַנדלט ניט דיפּלאָמאַטיש. איך האָב דערפאַר געהאַט אַ סך שלאָפלאָזע נעכט. כ'האָב גע־טראַכט: האָב איך געהאַנדלט ריכטיק, אָדער ניט? האָב איך געהאָלפן אונ־זער זאַך אָדער, חלילה, געטאָן שאָדן?

די ליבעראַלע פּראָטעסטאַנטישע גייסטלעכע האָבן גוט געשטיצט אונ־זער זאַך. איך בין איינגעלאַדן געוואָרן אייניקע מאָל צו ריידן אין קירכעס, וואו איך האָב זיך, אגב, ניט געפילט צו־היימיש. דערפאַר אָבער, ווען כ'בין פאַרבעטן געוואָרן צו ריידן ביי אַ גייסטלעכן אין הויז, וואו עס זיינען געווען איינגעלאַדן נאָך אַ צען גייסטלעכע מיט זייערע פרויען, האָב איך זיך גע־פילט זייער היימיש. מיר האָבן אָרגאַניזירט אינטימע „פּאַרלאָר־מיטינגס" צווישן די גייסטלעכע. געוויינלעך האָט איינער פון אונז ציוניסטן, וועלכער איז דעלעגירט געוואָרן צו ריידן, געגעבן אַן איינלייטונג וועגן פּאַלעסטינע־ענין. אָבער אין די דיסקוסיעס וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט נאָך דעם, איז מען אַריבער צו דער אידן־פראַגע אין אַלגעמיין. איך בין געווען איבער־ראַשט ווען איך האָב אויסגעפונען, אַז זיי ווייסן זייער ווייניק וועגן אידן און אידישע פּראָבלעמען.

שמואל-בער לייקין

# פרעסע און ראַדיאָ

די דריי טעגלעכע לאָקאַלע ענגלישע צייטונגען זיינען טאַקע ניט גע־וועז צו פריינטלעך צו אונז, אידן. דערפאַר זיינען מיר עטלעכע מאָל גע־גאַנגען זיך דורכריידן מיט די דעה־זאָגערס, אָבער מיט אַ קליינעם דער־פאָלג. מיר האָבן אָפּגעמאַכט מיט זיי, אַז דער ציוניסטישער קאָונסיל וועט פון צייט צו צייט אַרויסגעבן „סטייטמענטס" און זיי וועלן דרוקן די דער־קלערונגען. אָבער זיי האָבן ניט געהאַלטן קיין וואָרט. טאָמער האָבן זיי שוין אַמאָל יאָ געדרוקט אַ „סטייטמענט", איז עס אַרויס צעדרייט. האָבן מיר אויפגעהערט בכלל דאָס שיקן זיי אונזערע דערקלערונגען.

ווען עס זיינען דערהרגעט געוואָרן אין ארץ ישראל צוויי ענגלישע „סאַר־דזשענטס", האָבן די צייטונגען דאָס צעשמירט אויף דער ערשטער זייט מיט בילדער, איינמאָל, אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל. וועגן די ענגלישע איבערפאַלן אויף אידישע קאָלאָניעס האָבן זיי בלויז געדרוקט אַ פּאָר שורות אויף דער זיבן און צוואַנציקסטער זייט. איך בין געגאַנגען זען דעם הויפּט־רעדאַקטאָר, נאָר איך האָב זיך צו אים ניט געקענט דערשלאָגן. אָבער אַ מיטגליד פון רעדאַקציע־שטאַב, גראָד אַ איד, האָט מיך אויפגענומען. האָב איך אים געפרעגט: „איר טענהט אַלעמאָל אַז איר זייט אומפּאַרטייאיש ביים איבערגעבן נייס. רופט איר דאָס אומפּאַרטייאיש? נאָך אַ לאַנגן, היציקן שמועס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער ציוניסטישער קאָונסיל זאָל צוגרייטן אַן אַרטיקל וועגן דער לאַגע אין ארץ ישראל און די לייטונג וועט עס דרוקן אין גאַנצן, ניט קירצן און ניט פאַרדרייען. מיר האָבן צוגעשיקט אַזאַ אַר־טיקל, 10 טעג שפּעטער איז דאָס אַרטיקל אָפּגעדרוקט געוואָרן. אינצווישן האָט זיך געביטן די לאַגע. עס זיינען געוואָרן אַקטועל אַנדערע אַספּעקטן אַרום דער פּאַלעסטינע־פראַגע. דער סוף איז געווען, וואָס נאָכן איבערלייע־נען דאָס אַרטיקל און גוטהייסן עס צום דרוק, האָבן זיי דאָס אַרטיקל גע־קירצט און די הויפּט־פּונקטן ניט געדרוקט. מער האָבן מיר מיט די צייט־טונגען ניט פאַרהאַנדלט.

מיט די ראַדיאָ־סטאַנציעס איז דער ענין געשטאַנען נאָך ערגער. איין סטאַנציע האָט געהערט צו איינעם, ריטשאַרדסאָן, און ער איז געווען אויס־געשפּראָכן אַנטי־אידיש. די אַנדערע צוויי גרויסע סטאַנציעס, כאָטש זיי זיינען ניט געווען קעגן — זיינען זיי אָבער געווען ווייט פון צו זיין פאַר

אונזער זאַך. בלויז צוויי קליינע, לאָקאַלע סטאַנציעס, וואָס האָבן געהאַט אידי־שע קאָמערציעלע פּראָגראַמען האָבן מיר געקענט אויסנוצן, און מיר האָבן דאָס טאַקע געטאָן אויף וויפל ס'האָט זיך געלאָזט.

## מאַסן־פאַרזאַמלונגען און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס

דאָס מיטל פון מאַסן־פאַרזאַמלונגען האָבן מיר אַ סך אויסגענוצט. מיר האָבן איינגעאָרדנט צוויי מינים פאַרזאַמלונגען: איין מין פאַרן אַלגעמיינעם עולם, אידן און קריסטן, מיט באַוואוסטע קריסטלעכע רעדנערס. עס פלעגן קומען בערך אַ 20% קריסטן. מיר האָבן איין מאָל דורכגעפירט אַזאַ מיטינג אויף דער גאַס, אַרום סיטי האָל. דער צווייטער מין איז געווען פאַרזאַמלונ־גען בלויז פאַר אידן, ווייל עס איז געווען וויכטיק צו אינפאָרמירן די אידן גופא, וואָס עס קומט פאַר און אויפהאַלטן זייער שטאַנדהאַפטיקייט.

ביידע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס — „סי־אַי־אָ" און „אַמעריקען פעדע־ריישאָן אָוו לייבאָר", האָבן אונז געהאָלפן ווען מיר האָבן זיך געווענדעט צו זיי. זייערע פירער זיינען פיל מאָל אויפגעטראָטן אויף אונזערע מיטינגען. מיר האָבן אָבער געהאַט צרות מיט אונזערע לינקע עלעמענטן. זיי האָבן זיך געריסן צו טאָן ציוניסטישע אַרבעט. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז מיט זייער טומל קענען זיי אַמאָל שאַפן דעם איינדרוק, אַז די גאַנצע ציוניסטישע באַ־וועגונג איז „רויט"... די לינקע האָבן געהאַלטן אין איין באַשולדיקן די ציוניסטישע באַוועגונג, אַז זי טוט ניט גענוג. זיי האָבן געפאָדערט מען זאָל איינאָרדענען גאַסן־דעמאָנסטראַציעס און דורכפירן נאָך אַזעלכע אַקציעס. זיי אָפּשטעלן אין גאַנצן האָט מען ניט געקענט, ווייל דאָס וואָלט געשאַפן אַן אטמצופרידנקייט צווישן אַ גרויסן טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג, פאַרביטערטע קעגן ענגלאַנד. עס איז אונז אָבער געלונגען צופרידנצושטעלן דעם לינקן עלעמענט אָן צו שאַפן דעם איינדרוק, אַז מיר זיינען אַ לינקע באַוועגונג.

שמואל-בער לייקין

# דער אידישער „קאָמיוניטי קאַונסיל״

כאָטש דער פּרעזידענט פון אידישן קהילה־ראַט איז געווען אַן אַנטי־ציוניסט, און דער דירעקטאָר איז אויך ניט געווען קיין ציוניסט, האָט דער „קאָמיוניטי קאַונסיל״ געגעבן די פולסטע קאָאָפּעראַציע דעם ציוניסטישן ראַט און זיין אַרבעט. אָן דעם „קאָמיוניטי קאַונסיל״ וואָלט אונזער אַרבעט ניט געווען אַזוי דערפאָלגרייך. דער „קאָמיוניטי קאַונסיל״ האָט געהאַט די טעכנישע מיטלען: די נעמען און אַדרעסן פון אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס, פון זייערע פאָרטרעטערס און אויך אַ ביוראָ־שטאַב דורכצופירן אַלע טעכנישע אַרבעטן.

דער קאַמף אין ארץ ישראל קעגן ענגלאַנד איז פאַרשאַרפט געוואָרן. די פאָדערונגען פון ציוניסטישן „עמוירדזשענסי־קאַונסיל״ אין ניו־יאָרק זיינען געווען פאַר מער אָנגעשטרענגטער אַרבעט: ריידן מיט די קאָנגרעסלייט, סענאַטאָרן און גאָווערנאָרס, מיט די סטייט געזעץ־געבערס, מיט דעם מעיאָר און שטאָט־ראַט, מאָביליזירן די פרעסע, קירכעס, אַלערליי קלובן — בקיצור, אויסנוצן יעדע מיינונג, וואָס האָט עפּעס אַ ווערט. אַוודאי האָב איך ניט געטאָן די אַרבעט אַליין, אָבער איך האָב געזען, אַז איטלעכער, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו טאָן אַ געוויסע אַרבעט, זאָל זי דורכפירן. דאָס האָט געמיינט: זיצונגען אַלע אָוונט, מיטינגען כמעט אַלע טאָג מיט „לאָנטשאָנס״. איך בין געוואָרן מיד. עס איז מיר נמאס געוואָרן צו בעטן זיך ביי קריסטן זיי זאָלן זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן אונז. איך האָב דערפילט אונזער מאַכט־לאָזיקייט און דערנידעריקונג. פונדעסטוועגן בין איך ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט, האַבנדיק שטענדיק אין זינען, אַז זיי דאָרטן, אין ארץ ישראל, לעבן איבער פיל, פיל ערגערס ווי מיר, און מיין אַרבעט, אין פאַר־גלייך מיט זייערער, איז אַ קינדער־שפּיל. איך בין ווייטער געגאַנגען בעטן און פאָדערן רעזאָלוציעס, בריוו און טעלעגראַמעס צום פּרעזידענט, צום סענאַט, צום סטייט־דעפּאַרטמענט. איך בין אויסגעשטאַנען אַ סך צרות פון אַלערליי שלעק און אָנשיקענישן. עס פלעגן מיר אָנקומען בריוו אָן אונטער־שריפטן, אַנאָנימע טעלעפאָן־רופענישן. יעדער איינער האָט געגעבן עצות, וואָס דער ישוב זאָל טאָן, וואָס די אידישע אַגענטור זאָל טאָן, און אויב מען וועט אים ניט פאָלגן, וועט זיין שלעכט.

ווען די אַראַבער זיינען באַפאַלן די ערשט־פּראָקלאַמירטע אידישע מדינה,

האָבן זיך די טעלעפאָן־רופן געצומען פאַרמערן. איין איד איז מיר גאָר דער־גאַנגען די יאָרן: „איך מוז זיך פאַרבינדן מיט בן־גוריונען און אים זאָגן, אַז ער זאָל זיך באַנוצן מיט עראָפּלאַנען". איינמאָל האָב איך פאַרלאָרן מיין געדולד און אים געבעטן, אַז ער זאָל מיר ניט דרייען קיין קאָפּ. זיין ענט־פער איז געווען: „איך וואָרן אייך, אויב מדינת ישראל וועט, חס וחלילה, פאַרלירן די מלחמה, וועט איר באַצאָלן מיט אייער קאָפּ". לכתחילה בין איך געוואָרן שטאַרק אין כעס און אויפגעהאַנגען דעם טעלעפאָן. באַלד האָב איך זיך באַרואיקט און געצומען טראַכטן: אויב מיר האָבן אידן, וועלכע האָבן אַזאַ שטאַרקן געפיל פאַרן קאַמף צו שאַפן אַ אידישע מלוכה, קענען מיר דעם קאַמף ניט פאַרלירן, נאָר מיר מוזן געווינען.

ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די זעלבסטשטענדיקע מדינת ישראל בין איך געוואָרן ווי צעמישט. עס האָט זיך מיר ניט געגלויבט, אַז איך האָב עס טאַקע דערלעבט. אין משך פון די אַלע יאָרן פון מיין אַרבעט פאַרן ציוניזם, האָב איך קיינמאָל ניט געחלומט, אַז איך וועל דערלעבן צו זען די פאַרווירקלעכונג. אין דער זעלבער צייט האָב איך מורא געהאַט, אַז עס איז אפשר געווען אַן איבערגעאיילטער שריט. ניט די וועלט און אויך ניט מיר אידן זיינען צוגעגרייט צו דעם. איך האָב עס קיינעם ניט געזאָגט, אַפילו ניט מיין פרוי און קינדער. כ'האָב מורא געהאַט פאַרן צווייפל, אַז ער זאָל זיך ניט פאַרשפּרייטן צווישן אַנדערע. איך האָב געוואוסט, אַז איצט, מער ווי ווען עס איז פריער, מוזן מיר זיך אָנשטרענגען און העלפן אין קאַמף. איך האָב געטאָן פּונקט ווי פיל אַנדערע אידן האָבן געטאָן. פּלוצלונג האָבן זיך באַוויזן שליחים, וועלכע האָבן גערעדט האַלבע ווערטער. זיי ווילן זיך פאַרבינדן מיט עמעצן, וועלכער קען עפּעס פאַרקויפן. נו, טעלעפאָנירט מען, מען פאַרבינדט זיך, אָבער עס ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי דאַרפן גאָר אַ סך זאַכן. זיי ווילן קויפן אַלץ וואָס מען קען קריגן, נאָר קיין געלט האָבן זיי ניט. דאַרף מען ווייטער זען מענטשן, וואָס האָבן געלט, אָבער דאָס איז אַ באַ־זונדער קאַפּיטל און ס'איז ניט מעגלעך אַריינצוגיין אין פּרטים.

דעם 14טן יוני, 1948, האָבן מיר דורכגעפירט אַ פייערונג לכבוד דער גרינדונג פון דער אידישער מדינה. דאָס איז געווען אַן אימפּאָזאַנטע פייע־רונג, אויף אַ פּלאַץ אין מיטן שטאָט אונטערן פרייען הימל. עס האָבן זיך פאַרזאַמלט פון 25 ביז 30 טויזנט אידן, אַלט און יונג — אַזאַ פאַרזאַמלונג האָבן די דעטראָיטער אידן פריער קיינמאָל ניט געזען.

ביז דעמאָלט זיינען אַלע אונזערע מאַסן־פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַ־ציעס געווען פּראָטעסט־אַקציעס, אָדער צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער קריסטלעכער וועלט צו די עוולות וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן אונז. דאָס מאָל זיינען די אידן זיך צוזאַמענגעקומען צוליב פרייד און אויסצודריקן די שמחה. זיצנדיק אויף דער פּלאַטפאָרמע האָבן זיך טרערן געגאָסן פון מיינע אויגן, טרערן פון גרויס פרייד, וואָס איך האָב זוכה געווען צו דער־לעבן אַ אידישע מדינה, און וואָס איך האָב בייגעטראָגן מיין קליינעם חלק צום זיג. ס׳איז געווען פאַר מיר אַ מאָמענט פון עלית נשמה, פון גרויסער התעוררות.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מיך געטראָפן מיינער אַ באַקאַנטער און גע־פרעגט אַ קלאָץ־קשיא: „ווי קומט עס, לייקין, וואָס איר זייט ניט געווען דער פאָרזיצער פון דער פייערונג?״ ערשט דעמאָלט האָב איך זיך געכאַפּט. יאָ, טאַקע, ווי קומט עס? נו, מסתמא האָט דער קאָמיטעט געדענקט, אַז מיין ענגליש איז ניט גוט גענוג, אַז מיין אויסשפּראַך איז ניט קאָרעקט גענוג. אַי, מיין ענגליש איז דאָך געווען גוט, ווען איך האָב אָנגעפירט דעם קאַמף און געווען פאָרזיצער ווען סענאַטאָרן זיינען געווען די גאַסט־רעדנערס? נו, מילא. אין מיינע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן האָב איך זיך קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט אויף כבוד אָדער רעקלאַמע. כ׳בין אַלע מאָל געווען גליקלעך, ווען די אַרבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

## אַ פּלאַן וועגן אַ אידישן געזעלשאַפטלעכן טעאַטער

אין 1940, גלויב איך, איז געקומען קיין דעטראָיט אַ יונגערמאַן, וואָס איז געווען ניט לאַנג אין לאַנד. איך ווייס ניט גענוי וואָס עס האָט אים גע־בראַכט קיין דעטראָיט, אָבער באַלד איז ער געוואָרן אַן אַריינגייער צו אונז אין שטוב. מיין פרוי און די טעכטער האָבן אים גערן געהאַט אין הויז. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש און זייער באַהאַוונט אין אידישע אָנגעלעגנהייטן. אויף מיר האָט ער ביי דער ערשטער באַגעגעניש ניט גע־מאַכט קיין וואַזשנעם איינדרוק. ער האָט גערעדט מיט צופיל קאָמפּלימענטן. דער „ליטוואַק״ אין מיר האָט דאָס ניט געקענט פאַרטראָגן. עס האָט גע־קלונגען, רחמנא לצלן, ווי חניפה. ווען איך האָב אים בעסער דערקענט, האָב

איך אויסגעפונען, אַז ער איז ערלעך און מיינט טאַקע ערנסט וואָס ער זאָגט, נאָר דער „פּאָליאַק" רעדט עס אַזוי אַרויס פון אים. האָט ער, נעבעך, אָנגע־טראָפן אויף אַ קאַלטן ליטוואַק. ווען איך האָב גענומען אַ טאָפּ טאָן אין וואָגן היי: וואָס טוט ער דאָ? וואָס זיינען זיינע פּלענער? האָט ער מיר אַרויסגעלייגט פּלענער און גאַנץ וואַגיקע, אויף אַ ברייטן פּאַרנעם. איך רייד דאָ וועגן מאַרק יואווילער און וועגן זיין פּלאַן צו שאַפן אַ געזעלשאַפטלעך טעאַטער אין דעטראָיט. ווען ער האָט אָנגעהויבןריידן וועגן דעם ענין, האָט ער זיך אַזש פאַרכלינעט. עס ווערט געשאַפן אַ קאָמיטעט, און איך מוז צו־שטיין צום קאָמיטעט; מיין נאָמען און מיינע געשעפטס־פעאיקייטן וועלן צוגעבן דעם פּלאַן פיל חשיבות, און אָן מיר וועט פון דעם גאָרניט ווערן.
איך האָב אים אויסגעהערט און געטראַכט: רעדט ער דאָס טאַקע וועגן מיר? זינט ווען בין איך דאָס אַזאַ „יאַ טעביע דאַם"? מיר איז עפּעס ניט געווען געפעלן זיין ריידן צו מיר און דאָס לויבן מיך אין הימל אַריין. איך האָב אים אָפּגעפּטרט מיט אַ וויץ. ווען איך בין געבליבן אַליין, האָב איך גענו־מען די זאַך איבערטראַכטן. עס וואָלט געווען גוט, אַז דעטראָיט זאָל שאַפן אַזאַ טעאַטער. די לאַגע פון טעאַטער איז אַזאַ שלעכטע און עס גייט צו ער־גערס. אפשר איז יואווילערס פּלאַן טאַקע אַ גוטער? איך וועל זיך דורכ־ריידן מיט נאָך עטלעכע מענטשן, וועמען אידישע קולטור איז באַענט און טייער. איך האָב זיך פאַרבונדן טעלעפאָניש מיט מאַקס האָלצמאַן, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ניט נאָר ווייסט ער פון דעם פּלאַן, נאָר ער איז אַזוי באַגייסטערט, אַז ער זעט שוין די מעגלעכקייטן און טאַקע אין דער נאָענטער צוקונפט אָנצוהויבן שפּילן טעאַטער. איך ווייס, אַז מאַקס איז אַ פאַראַנטוואָרטלעכער געזעלשאַפטלעכער טוער און ניט קיין היץ־קאָפּ. האָב איך אים געפרעגט: „מי ומי ההולכים?" האָט ער אויסגערעכנט אַ צעטל פון נעמען, באַקאַנטע אין שטאָט מיט זייער אינטערעס פאַר אידישער קול־טור־אַרבעט. איך וויל נישט אויסרעכענען קיין נעמען, טאָמער וועל איך מחמת שכחה דורכלאָזן וויכטיקע טוער, און דאָס וועט זיין ניט גערעכט לגבי זיי.

ווען יואווילער איז געקומען דאָס צווייטע מאָל אין שטוב אַריין, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וועל אַריין אין קאָמיטעט. זיין פרייד איז געווען אָן אַ שיעור. נאָך פיל זיצונגען איז באַשלאָסן געוואָרן:

1) שאַפן אַ פאָנד פון הונדערט טויזנט דאָלאַר, כדי צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון טעאַטער אויף עטלעכע יאָר.

2) צוציען צו דער אַרבעט אַלע שיכטן אין אידישן לעבן. דער שלום עליכם פאָלקס־אינסטיטוט, דער אַרבעטער־רינג, די פועלי־ציון און דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרעבטער־פאַרבאַנד זיינען געווען דער רוקנביין. אָבער מען מוז אויך צוציען די לאַנדסמאַנשאַפטן, די שולן, צוויגן פון בני ברית און גלאַט יחידים, וועלכע זיינען פאַראינטערעסירט אין דעם.

אין משך פון אַ פּאָר חדשים איז געשאַפן געוואָרן אַ באַוועגונג, וואָס דעטראָיט האָט נאָך ביז אַהער ניט געזען. אַפילו רבנים, אָרטאָדאָקסישע און קאָנסערוואַטיווע, סתם שול־אידן זיינען צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג. זיי האָבן געפירט אי פּראָפּאַגאַנדע, אי אַ געלט־אַקציע. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האָבן מיר געשאַפן נאָענט צו דער אַנגעמערקטער סומע — אין צוזאָגן — און 10 פּראָצענט איז געווען איינגעצאָלט פאַר לויפנדיקע הוצאות.

אונזער פּלאַן איז געווען צו אַנגאַזשירן עלף שוישפּילערס און זיי צאָלן אַ גאַראַנטירטן געהאַלט פאַר 48 וואָכן אַ יאָר, זיי זאָלן שפּילן צוויי מאָל אַ וואָך פאַר דערוואַקסענע; אַ קאָמיטעט זאָל באַשטימען וועלכע פּיעסן עס זאָלן געשפּילט ווערן. איינמאָל אַ וואָך, שבת בייטאָג, זאָל געשפּילט ווערן ספּעציעל פאַר קינדער. צוויי מאָל אַ וואָך זאָל די טרופּע שפּילן פאַר די לאַנדסמאַנשאַפטן. אמת, אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן פירן דורך קולטור־אָוונטן, אָבער עס איז אַז אַך און ווי צו אַזאַ קולטור... מיר האָבן אויך געפּלאַנט צו שאַפן אַ דראַמאַטישע שולע פאַר יוגנטלעכע. די פּלענער זיינען געווען שיינע, אָבער ווען מיר האָבן אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט דער אַקטיאָרן־יוניאָן, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַזעלכע שוועריקייטן, אַז מיר האָבן זיך ניט געקענט צונויפריידן מיט ראובן גוסקין. אַלס מענטש פון דער סוחרי־שער וועלט, האָב איך אין אָנהויב געמיינט, אַז גוסקין וויל קריגן בעסערע שכירות און קאָנדיציעס פאַר די יוניאָן־שוישפּילערס, און עס איז בלויז אַ פראַגע פון דינגען זיך ביז מען וועט קומען צו אַן אויסגלייך. אָבער באַלד איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז ניט אין דעם גייט עס, ווייל די שכירות, וואָס מיר האָבן געוואָלט צאָלן, זיינען געווען בעסערע ווי די אַקטיאָרן האָבן געקראָגן אין ניו־יאָרק. ער האָט פשוט ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַ געזעלשאַפטלעך טעאַטער, פּונקט ווי די באַלעגאָלעס האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז עס זאָל פונקציאָנירן די אייזנבאַן. עס איז שווער

צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַ מענטש מיט אַזעלכע באַגריפן האָט געקענט ווערן דער פירער און טאָן־געבער פון דער אידישער אַקטיאָרן־יוניאָן. אפשר האָט דאָ צוגעשפּילט דער פאַקט, וואָס יואווילער, דער דירעקטאָר פון אַקטיאָרן־פאַרבאַנד אין פּוילן, איז געווען דער איניציאַטאָר פון דעם פּלאַן. גוסקין האָט זיך אויסגעדריקט, אין אַ פּריוואַטן שמועס, אַז ער וועט ניט דערלאָזן, אַז דער „גרינער" זאָל ברענגען נייע פּאָראָנדקעס אַהער אין אַמעריקע. דער פאַרדרוס איז אָבער געווען אַ סך גרעסער אויף אונזערע שרייבערס און טאָן־געבערס. מילא, גוסקין, אַ מענטש מיט שמאָלע האָריזאָנטן, איז צוגע־גאַנגען צום גאַנצן ענין ווי אַ יוניאָן־באַאַמטער, און פון זיין שטאַנדפּונקט איז ער אפשר געווען גערעכט, ווען ער האָט געפאָדערט, אַז מיר זאָלן איינ־לייגן די סומע, וואָס דאַרף באַטרעפן אַ יאָר שכירות. ער האָט ניט געגלויבט אין דער אידייע און ניט געהאַט צו אונז קיין צוטרוי. און ווען מיר האָבן באַשלאָסן דאָס צו טאָן, האָט ער געמאַכט אַנדערע שטערונגען. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס ער האָט געוואָלט האָבן דאָס לעצטע וואָרט וועמען מיר זאָלן אַנגאַזשירן.

דורך די לאַנגע חדשים פון די אַלע אונטערהאַנדלונגען, האָט בלויז איין יואל ענטין אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן אונזער פּלאַן צו גרינדן אַ געזעל־שאַפטלעך טעאַטער. אָבער מיט מיין גרעסטן רעספּעקט פאַר דעם אָנדענק פון דעם חשובן שרייבער, מוז איך צוגעבן, אַז ער האָט אונז ניט געטאָן קיין טובה. ער האָט די אידייע שוין פאַרוואַנדלט אין אַ פאַקט און ער האָט אים אויפגעהויבן ביזן זיבעטן הימל. מיר אַליין זיינען נאָך ניט געווען קלאָר בנוגע דעם צוזאַמענשטעל פון פּערסאָנאַל, און וואָס מיר וועלן אויפפירן, וויפל מאָל אַ וואָך און געווען פאַרנעפּלט אין צענדליקער אַנדערע פראַגעס. יואל ענטין האָט שוין אין פּלאַן אַריינגעלייגט זיינע אייגענע חלומות און האָפע־נונגען, און אים געמאַכט פאַר אַ ווירקלעכקייט. דערוויל האָבן מיר ניט גע־קענט דערגיין קיין טאָלק מיט גוסקינען, און אונזער קאָמיטעט האָט באַ־שלאָסן צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין ניו־יאָרק. ערשטנס, זיך צו טרעפן מיט גוסקינען און זען, אַז ביי דער באַגעגעניש זאָלן אויך זיין שלמה מענדעלסאָן און נחום כאַנין. אפשר מיט זייער הילף וועלן מיר זיך קענען צוזאַמענריידן. אין דער דעלעגאַציע זיינען געווען מאַקס האָלצמאַן און איך. מיר האָבן גע־האַט אַזאַ צוזאַמענטרעף. מיר האָבן אַפּעלירט צו כאַנינען, אַז ער זאָל ווירקן אויף גוסקינען, מ'זאָל אונז ניט שטעלן אַזעלכע האַרבע פאָדערונגען. דער

שמועס האָט זיך פאַרצויגן אַ פּאָר שעה, אָבער צו קיין טאָלק זיינען מיר ניט געקומען. עס איז געווען איינער פון יענע געשפּרעכן, וואָס זיינען קיי־לעכדיק, אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סוף. דער קלוגער כאַנין האָט מער געשמייכלט ווי גערעדט. אַ פּאָר מאָל אַריינגעוואָרפן: „עקשן, לאָז זיך ריידן". מיר זיינען אַוועק מיט גאָרנישט.

אונזער צווייטע קאָרט איז געווען זיך צו זען מיט אידישע שרייבערס און זיי באַווירקן אַריינצוקוקן אין גאַנצן עסק, אַז זיי זאָלן שרייבן וועגן דעם ענין בכלל, — צי אונזער פּלאַן איז אַ געוואונטשענער, וואו זיינען מיר גע־רעכט און וואו זיינען מיר זיך טועה, אָדער דער גאַנצער פּלאַן טויג ניט, אָדער ער טויג יאָ, נאָר וועט ניט קענען אויסהאַלטן. מיר אַליין זיינען ניט געווען זיכער צי אונזערע פּלענער זיינען ריכטיקע. האָבן מיר טאַקע גע־וואָלט הערן קאָנסטרוקטיווע קריטיק, מיט דער האָפענונג, אַז פון דעם קע־נען זיך אויסקריסטאַליזירן צוויי זאַכן: איינס, וואָס אַזאַ טעאַטער דאַרף זיין; צווייטנס, דעת הקהל וועט שוין צווינגען גוסקינען ניט צו זיין קיין אבן נגף. האָבן מיר זיך געטראָפן מיט איינעם פון אונזערע גרויסע שרייבערס. האַלצ־מאַן האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט אונז פאַרשטיין. ער איז אַ גרויסער וואָרט־קינסטלער און שרייבט אַליין דראַמעס, און ווי יעדער שרייבער, וויל ער מסתמא, אַז זיינע דראַמעס זאָלן געשפּילט ווערן. מיט אים האָבן מיר זיך געדאַרפט טרעפן צוערשט. אויך איך האָב געגלויבט, אַז ער איז דער פּאַסי־קער שרייבער צו וועמען מיר זאָלן זיך ווענדן. מיר האָבן זיך מיט אים גע־טראָפן. מאַקס האָלצמאַן האָט אים דערציילט דעם גאַנצן פּלאַן, און אים געזאָגט, אַז מיר טאַפּן אין דער פינסטער און מיר ווילן אַן עצה. מיר האָבן אים אויך דערציילט וועגן די שוועריקייטן וואָס מיר האָבן מיט דער אַק־טיאָרן־יוניאָן. פאַר אונז איז עס דאָך ניט געווען קיין ענין פון געשעפט, צו מאַכן געלט — נאָר פאַרקערט: מיר אַליין זיינען גרייט זיך צו לאָזן קאָסטן טויזנטערס, ווייל מיר האָבן צוטרוי צו די פאָלקס־מאַסן און מיר גלויבן אין דער אידישער קולטור. האָט זיך דער שרייבער אָנגערופן: „איז וואָס ווילט איר פון מיר?" האָט אים מאַקס געזאָגט, אַז מיר ווילן, אַז ער זאָל וועגן דעם שרייבן. זיין ענטפער איז געווען: „וואָס גייט עס מיר אָן, וואָס אַ פּאָר אידן ווילן טאָן אין דעטראָיט?" איך בין אויפגעשפּרונגען, אַזוי ווי אַ שלאַנג וואָלט מיר אַ ביס געטאָן, און אים געפרעגט, ניט גאַנץ איידל: „נו, אַז איר שרייבט אָן דאָ, אין ניו־יאָרק, אַ בוך, פאַרוואָס קומט איר קיין דעטראָיט,

און מיר גיבן איך געלט, — איז פאַרוואָס מוזן מיר אויף זיך טראָגן דעם יאָך פון דער אידישער קולטור, און איר, שרייבער, זענט פּטור פון אַלץ? זינט ווען האָט מען איינגעפירט מחיצות אין אידישן לעבן, אַז אַ ניו־יאָרקער דאַרף נישט העלפן אידישע קולטור־אַרבעט אין דעטראָיט?" פּאַר אַלע מיינע טענות האָב איך געקראָגן גוט אָנגעזידלט, כאחד הריקים. מיר זיינען געשטאַנען איינער קעגן צווייטן גרייט דורס צו זיין איינער דעם אַנדערן. איך האָב אויסגעלאָזן מיין גאַנצן כעס צו אים. ער האָט מיר געענטפערט מיט זילזולים. האַלצמאַן האָט אונז געפּרואווט איינהאַלטן, אָבער עס זיך אים נים איינגעגעבן. דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ לאָבי פון אַ ניו־יאָרקער האָטעל. אונזערע געשרייען האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון האָטעל־מענעדזשער. ער איז צוגעקומען און אונז געבעטן זיך צו באַרואיקן. דאָס האָט געווירקט אויף אונזביידן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי עמעצער וואָלט אויף מיר אויסגעגאָסן אַ גאַנצע קאַן וואַסער.

עס זיינען שוין אַוועק יאָרן. אַ סך מאָל טראַכט איך וועגן דעם פיינלעכן עפּיזאָד. איך באַשולדיק זיך אַליין, אַז איך האָב נים געדאַרפט ענטפערן אַזוי שאַרף. ער איז דאָך פאָרט דער גרויסער וואָרט־קינסטלער, דער הויך־עטישער שרייבער! אָבער ווען איך דערמאָן זיך וועגן דער קאַלטער רשעות, וואָס איז געלעגן אין זיינע עטלעכע ווערטער „וואָס גייט עס מיר אָן, וואָס אַ פּאָר אידן ווילן דאָרט טאָן אין דעטראָיט", פיל איך, אַז די ווערטער האָבן נים געטאָרט פאַרשוויגן ווערן. נאָך יענער באַגעגעניש האָבן מיר שוין נים געוואָלט זען מער אונזערע אַנדערע גדולים. ווען מיר זיינען געקומען צוריק קיין דעטראָיט, האָבן מיר זיך גענומען ליקווידירן דעם גאַנצן פּלאַן. עס איז געווען אַ שיינער חלום. אַמאָל טראַכט איך, אַז ווען ער זאָל געווען פאַרווירקלעכט ווערן, וואָלט ער אונז געווען פאַרשאַפט אַ סך זאָרג. אָבער דאָך איז אַ שאָד, וואָס דער חלום איז אויסגערונען געוואָרן.

שמואל-בער לייקין

# געשעפט

מיינע געשעפטן, פונקט ווי אַלעמענס געשעפטן אין משך פון אַ צייט־אַפּשניט פון צען יאָר, זיינען געווען גוט. סחורה איז געווען שווער צו באַקומען, דערפאַר איז דאָס פאַרקויפן אַנגעקומען גרינג. איך האָב געהאַט זייער ווייניק סחורה צו פאַרקויפן. דעטראָיט איז גלייך נאָך דער יאַפּאַנישער אַטאַקע אויף פּוירל האַרבאָר דערקלערט געוואָרן ווי אַ „קריטישע" שטאָט בנוגע אַרבעטער. דאָס האָט געמיינט, אַז מען האָט ניט געטאָרט דינגען מער אַרבעטער ווי מען האָט באַשעפטיקט פריער. אַזוי ווי אין מיין „שאַפּ" האָט מען לעצטנס געאַרבעט נאָר 40 שעה אַ וואָך, האָב איך ניט געקענט דינגען נאָך אַרבעטער און אַרבעטן אין צוויי שיכטן אַ מעת־לעת. צו דעם האָב איך נאָך פאַרלוירן אַלע מיינע גוטע אַרבעטער. זיי זיינען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, אָדער אַוועק אין פאַבריקן וואו זיי האָבן געקראָגן בעסער באַצאָלט. אונזער בראַנזשע האָט אַלע מאָל געצאָלט קלענערע שכירות פון די לוינען אין די אויטאָמאָביל־פאַבריקן. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט די רעגירונג דערלויבט די פאַבריקן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן מיליטער צו העכערן דאָס געהאַלט פון זייערע אַרבעטערס. אָבער זיי האָבן ניט געגעבן קיין דערלויבעניש די פאַבריקן, וואָס האָבן ניט געאַרבעט דירעקט פאַר דער אַרמיי, צו טאָן דאָס זעלביקע. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז איך האָב פאַרלוירן אַלע אַרבעטער און כ'האָב געמוזט יעדן טאָג אויפקלייבן אַרבעטער פון דער גאַס, אַזעלכע וואָס ווילן ניט אַרבעטן פון פוילקייט. זיי פלעגן אָפּאַרבעטן אַ שעה אָדער צוויי און פאָדערן איך זאָל זיי באַצאָלן, ווייל מער ווילן זיי ניט אַרבעטן. מיין פּראָדוקציע איז געפאַלן אויף 50 פּראָצענט. איך האָב אַליין געמוזט טאָן די שווערסטע אַרבעט, ווייל קיינער פון די אַרבעטער האָט זי ניט געוואָלט טאָן. עס זיינען געווען טעג, ווען עס פלעגט מיר ממש פּלאַצן די גאַל. די אַרבעט איז אַרויסגעקומען שלעכט. די מאַשינען פלעגן זיך ברעכן, ווייל קיינער האָט זיך ניט אינטערעסירט, אַחוץ מיין פאָרמאַן און דער אינזשיניר מיט איין אַרבעטער. די אַלע דריי זיינען געווען מיט דער פירמע איבער 25 יאָר. זיי האָבן מיר אַ סך אַרויסגעהאָלפן. די אַנדערע אַרבעטער, אַלע נייע, האָבן גאָרניט געוואָלט טאָן. אמת, דער געהאַלט איז ניט געווען קיין גרויסער. איך האָב געמאַכט אַפּליקאַציעס צו דער „וועידזש ענד אַור באָארד", דעם „ראַט פאַר לוינען און אַרבעטס־

שעהן״, כדי צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו העכערן די שכירות, האָט מען מיר דריי מאָל אָפּגעזאָגט. צום פערטן מאָל האָט מען מיר דערלויבט העכערן פינף סענט אַ שעה, אַנשטאָט 15 סענט, ווי איך האָב געוואָלט. עס זיינען געווען טעג און וואָכן, ווען איך האָב געוואָלט שליסן דאָס געשעפט, ווייל כ׳האָב זיך אַרויסגעזאָגט די כוחות און איך האָב ניט געזען קיין אויסוועג פון קלעם. אַוודאי האָב איך געקענט דינגען מער מענטשן און צאָלן אַ גרעסערן געהאַלט, ווי אַ סך אַנדערע קליינע געשעפטסלייט האָבן געטאָן. אָבער איך האָב באַלד ביים אויסברוך פון דער מלחמה באַשלאָסן, אַז איך וועל ניט טאָן קיין זאַך וואָס איז קעגן געזעץ. און טרויעריק־טשיקאַווע איז, אַז דווקא איך בין געווען אָנגעקלאָגט פאַר ברעכן דאָס לוין־ און שעה־געזעץ. די זאַך איז געווען אַזאַ: די „ווערידזש ענד אַור באָארד״ איז אַרויס מיט אַ דערקלערונג, אַז מ׳וועט דערלויבן אַ צוגאָב־לוין״ פאַר גרעסערער פּראָדוקציע. האָב איך זיך פאַרשטענדיקט מיט דער יוניאָן און אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון „באָנו־סעס״ פאַר פאַרגרעסערטער פּראָדוקציע. די יוניאָן האָט מיר פאַרזיכערט, אַז איך דאַרף ניט קיין דערלויבעניש אויף דעם. דריי חדשים שפּעטער האָב איך געלייענט דעם צירקולאַר, וועלכער איז ערשט געווען אַרויס פון „ווערידזש ענד אַור־באָארד״, וואו ס׳ווערט דערקלערט ווי אַזוי דער צוגאָב־לוין אַר־בעט, אָבער מען מוז האָבן אַ דערלויבעניש אויף דעם. האָב איך גלייך גע־מאַכט אַן אַפּליקאַציע. עס האָט געדויערט 10 חדשים, ביז מ׳האָט מיר גע־לאָזט וויסן, אַז מען האָט גוט־געהייסן דעם פּלאַן. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט מען מיך אָנגעקלאָגט פאַרן אָנגיין 13 חדשים מיטן פּלאַן אָן אַ דערלויבעניש. מיך האָט עס געטראָפן ווי אַ דונער. איך האָב מורא געהאַט, אַז די צייטונגען וועלן צעשמירן די נייעס, אַז איך, דער פּרעזידענט פון ציוניסטישן „קאָונסיל״, האָב געבראָכן דאָס לוין־ און שעה־געזעץ, און מענטשן וועלן עס געוויס אויסטייטשן, אַז איך האָב געצאָלט מיינע אַרבעטער ווייני־קער, ווי עס קומט זיי, אַנשטאָט מער, ווי איך האָב עס געטאָן.

ווען איך זאָל געווען געפונען ווערן שולדיק, וואָלט די עצם־שטראָף גע־ווען אַ קליינע, נאָר דאָס גאַנצע געלט וואָס איך האָב אויסגעצאָלט די אַר־בעטער אין משך פון די 13 חדשים, וואָלט ניט אַראָפּגערעכנט געוואָרן ווי אַ לעגיטימע געשעפט־הוצאה, ווען מען באַרעכנט דעם איינקונפט־שטייער. איך בין געווען זייער פאַרביטערט קעגן די ביוראָקראַטן. ערשטנס, פאַרוואָס זיי האָבן בעתן אַנאָנסירן וועגן די „באָנוסעס״ ניט געמאָלדן, אַז מען דאַרף

האָבן אַ דערלויבעניש; צוויטנס, פאַרוואָס זיי האָבן אָפּגעהאַלטן די גוטהייר־סונג צען חדשים; דריטנס, האָבן זיי דאָך יאָ גוטגעהייסן, הייסט עס, אַז איך האָב יאָ געהאַנדלט אין די ראַמען פון געזעץ. זייער טענה איז געווען: „דו האָסט אונז געדאַרפט פרעגן פריער". איך האָב איבערגעלעבט חדשים פון אַנגסט, ביים פאַרהער פון אַ קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון רעגי־רונגס־פאַרטרעטערס, אַרבעטער און פאַבריקאַנטן איז די אָנקלאַגע קעגן מיר אַרויסגעוואָרפן געוואָרן. דאָס איז געווען מיין ערשטער צוזאַמענשטויס מיט ביוראָקראַטן. דער גורל האָט מיך צוזאַמענגעפירט מיט אַ היפּש ביסל פון דעם מין ביוראָקראַטן דורך דער צייט פון דער מלחמה — אָבער ניט ווי אַן אָנגעקלאָגטן, נאָר ווי אַ גלייכן מיט גלייכע. אָפט בין איך געווען דער אָנ־קלאָגער. איך וועל עס דערציילן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך.

## קאַמף קעגן ביוראָקראַטיע און שוואַרצן מאַרק

אין אָנהויב 1943 בין איך דערוויילט געוואָרן פּרעזידענט פון דעם „סאַניטאַרי אינסטיטוט אָוו אַמעריקע". דאָס איז די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַ־ציע פון אונזער בראַנזשע, — „וואַיפּינג קלאָט". דאָס זיינען געוויסע סאָרטן וויש־שמאַטעס, אַלטע און נייע, וואָס ווערן געוואַשן און סטעריליזירט, גע־שניטן און סאָרטירט, און פאַרקויפט אין פאַבריקן. די אַרבעטער באַנוצן דעם שטאָף אָפּצואווישן די הענט און אויך די אַרטיקלען, וואָס זיי פּראָדוצירן. היות אַמעריקע איז שוין געווען אין דער מלחמה, און דער שוואַרצער מאַרק האָט זיך שוין גענומען פילן אין פאַרשיידענע אינדוסטריעס, האָב איך אין מיין ערשטער רעדע געזאָגט, אַז איך וועל ניט דערלאָזן, אַז אונזער אינדוס־טריע זאָל אַריינגעשטויסן ווערן אין שוואַרצן מאַרק. ווי נאָר איך וועל זיך דערוויסן, אַז אַ געשעפטס־מאַן רעכנט העכערע פּרייזן, ווי די, וואָס די רע־גירונג האָט באַשטימט, אָדער טוט עפּעס אַנדערש, וואָס איז קעגן געזעץ, — וועל איך גלייך לאָזן וויסן די בויטיקע באַאַמטע, זיי זאָלן עס אויספאָרשן. איך וועל קיינעם ניט שוינען. אויב זיי ווילן, קענען זיי איצט אויסקלייבן אַן אַנדער פּרעזידענט. כ'האָב געטראַכט: זאָלן זיי וויסן וואָס ס'דערוואַרט זיי. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אין משך פון דער צייט, וואָס איך בין פיר מאָל דערוויילט געוואָרן, האָט זיך די אָרגאַניזאַציע פאַרטאָפּלט אין דער צאָל

מיטגלידער און אונזער אינדוסטריע איז ניט געווען אויפן שוואַרצן מאַרק. אוודאי זיינען געווען „טשיזלערס", ניט־איבערקלייבערישע לייט; אוודאי זיי־נען געווען טראַנזאַקציעס, וואָס זיינען ניט געווען אין גאַנצן כשר, אָבער דאָס זיינען געווען אויסנאַמס־פאַלן. איך האָב זיך דערוואָרבן אַ סך שונאים. איך פלעג ביי יעדער צוזאַמענפאַר — צוויי מאָל אַ יאָר — פאַרדאַמען די טראַנזאַקציעס, וואָס זיינען געווען קעגן געזעץ, ניט אָנרופנדיק קיינעם ביים נאָמען. אָבער דער וועלכער האָט עס געטאָן, האָט גוט געוואוסט וועמען איך מיין.

גלייך ווי אַמעריקע איז אַריין אין דער מלחמה און די רעגירונג האָט גענומען קאָנטראָלירן אַלע געשעפטן, זיינען געשאַפן געוואָרן קאָמיטעטן פון יעדער אינדוסטריע מיט וועמען די רעגירונגס־באַאַמטע האָבן זיך בּאַראַטן וועגן אַלץ, וואָס עס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער באַטרעפנדיקער אינדוס־טריע. איך בין געווען אין צוויי קאָמיטעטן: „אָפּ־פּי־איי" (ביוראָ פון פרייזן־אַדמיניסטראַציע) און „וואָר פּראָדאָקשאָן־באָארד". פון אונזער אינדוסטריע זיינען געווען צען מיטגלידער. איך, אַלס פּרעזידענט, בין געווען דער פאַר־זיצער פון אונזער קאָמיטעט. אויף דער ערשטער זיצונג האָב איך גלייך גע־האַט אַ שטאַרקן צוזאַמענשטויס מיט די רעגירונגס־פאָרשטייערס.

די זיצונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין וואַשינגטאָן איין מאָל אַ חודש, אָפטער — אויב מען האָט געדאַרפט. איך האָב געפאָדערט, אַז די מי־טינגען פון די צוויי קאָמיטעטן זאָלן פאָרקומען אין דעם זעלבן טאָג אָדער לכל הפחות איין טאָג נאָכן אַנדערן, כדי די מיטגלידער פון קאָמיטעט זאָלן ניט דאַרפן פאָרן קיין וואַשינגטאָן צוויי מאָל. דאַכט זיך אַזאַ לאָגישע זאַך, און פונדעסטוועגן האָבן מיר געדאַרפט קעמפן פאַר דעם. זייער טענה איז געווען אַז דאָס זיינען צוויי באַזונדערע קאָמיטעטן מוזן זיי אָנפירן זייער אַרבעט אומאָפּהענגיק איינער פון דעם אַנדערן. איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ביי זיי איז עס אַ פראַגע פון פּרעסטיזש, אָבער זיי האָבן לסוף אונז גע־מוזט נאָכגעבן.

די ערשטע זיצונג איז געווען אַ פאַראייניקטע, „אָ־פּי־איי", „וואָר פּראָ־דאָקשאָן־באָארד" און „סאָלווידזש דעפּאַרטמענט". צו דעם זיינען געקומען פאָרשטייערס פון די פאַראינטערעסירטע רעגירונגס־אָפּטיילונגען: ים־פלאָט, אַרמיי און לופט־פלאָט, — יעדע גרופּע מיט אַן אייגענעם סטענאָגראַפיסט, טייל אַפילו מיט אַן אייגענעם אַדוואָקאַט. דאָס וואָרט האָט געקראָגן דער

פאַרטרעטער פון ים־פלאָט. ער איז גלייך אַרויס מיט די ווערטער: „איך ווייס ניט פאַרוואָס — עס איז אפשר דערפאַר, וואָס די „וואַיפּינג קלאָט אינ־דוסטריע״ געהערט צו אַ געוויסער גרופּע מענטשן, — אָבער דער פאַקט איז, אַז די אינדוסטריע זאָגט זיך אָפּ צו העלפן געווינען די מלחמה. ער האָט געקויפט אַזוי פיל מיליאָנען פונט „וואַיפּערס״ און מען שיקט זיי ניט. עס זיינען איצט פאַראַן 16 קרייצער־שיפן אין פאַרשיידענע האַפנס, און זיי קענען ניט אַרויסשווימען און מאַכן זייער ראַנדעוואו מיט זייערע שיפן, ווייל ס׳פעלן „וואַיפּערס״. יעדע קרייצער־שיף דאַרף האָבן 16 טויזנט פונט „וואַי־פּערס״, איידער זי פאַרלאָזט דעם פּאָרט; און שולדיק אין דעם זיינען „גע־וויסע מענטשן״, וועלכע געהערן צו אַ „געוויסער גרופּע״, און ער האָט דער־פאַר געבעטן דעם אַדוואָקאַט פון פלאָט, ער זאָל גלייך עפּעס טאָן וועגן דעם, און זען אַז די שולדיקע זאָלן באַשטראָפט ווערן. ער האָט לאַנג גע־רעדט און געשאָטן פעך און שוועבל. ווען ער האָט געענדיקט, בין איך גלייך געווען אויף מיינע פיס. איך האָב אָנגעהויבן זייער רואיק, אַז מען דאַרף ניט גיין ווייט צו זוכן די שולדיקע, דער שולדיקער איז דאָ אין צימער און דאָס איז ער אַליין. ערשטנס, האָט ער „נאָך ניט אויפגעגעסן קיין פונט זאַלץ״ אין זיין לעבן צו מעגן מאַכן אַזעלכע באַשולדיקונגען, וואָס קלינגען אַ סך פון אונז גוט באַקאַנט; דאָס איז אַן עכאָ פון היטלעריזם, קעגן וועמען מיר קעמפן איצט; צווייטנס, — „ווי קומט עס, וואָס איר האָט געגעבן באַשטע־לונגען אויף מיליאָנען פונטן „וואַיפּערס״ איינעם, וועלכער איז קיינמאָל ניט געווען אין דער אינדוסטריע, ער האָט ניט קיין מאַשינען און בכלל די אויס־שטאַטונג וואָס איז נויטיק די „וואַיפּערס״ צו פּראָדוצירן; בעת מיר האָבן אַ סך גרויסע פאַבריקן מיט אַ סך מאַשינעס וועלכע אַרבעטן נאָר אַכט שעה אַ טאָג און קענען פּראָדוצירן אַ סך סחורה, אָבער איר גיט זיי ניט קיין באַשטעלונגען, איז עס פּשוטע נאַרישקייט („סטופּידיטי״), אומוויסנהייט, אָדער עפּעס ערגערס! און ווי קומט עס, וואָס נאָך דעם ווי דער מאַן, וועמען איר האָט געגעבן באַשטעלונגען אויף מיליאָנען פונטן, און ער האָט ניט צוגעשטעלט דאָס מאַטעריאַל אין דער באַשטימטער צייט, האָט איר די פאַרגאַנגענע וואָך אים געגעבן נאָך אַ באַשטעלונג אויף איבער „אַ מיליאָן פונט״?! איך גלויב, אַז דער סענאַט וועט זיין פאַראינטערעסירט אין דער אַנגעלעגנהייט״. דער פאָרזיצער האָט געפּרואווט מיר אָפּשטעלן, אָבער איך בין באַשטאַנען אויף מיין רעכט צו ריידן, און אַרגומענטירט, אַז אָפּשטעלן

האָט ער געדאַרפט דעם אָפּיציר פון פּלאַט, ווען יענער האָט גערעדט אַזוי ניט דזשענטלמעניש. די שטימונג איז געוואָרן זייער אָן אָנגעצויגענע. דער פּאָרזיצער האָט איבערגעריסן די זיצונג מיטאָג־צייט.

אין רעסטאָראַן האָבן איניקע מיטגלידער פון אונזער קאָמיטעט פון 10 מיך קריטיקירט פאַרן ענטפערן אַזוי שאַרף. אַ איד דאַרף פאַרשוויגן! דווקא די צוויי ניט־אידישע מיטגלידער פון אונזער קאָמיטעט האָבן איינ־געשטימט מיט מיר. נאָכן איבעררייס האָב איך ווידער געבעטן אַ וואָרט. דער פּאָרזיצער האָט זיך געישובט, אָבער נאָכגעגעבן. איך האָב גלייך גע־ביטן דעם טאָן און אָנגעהויבן מיט די ווערטער: מיר זיינען געקומען אַהער אין נאָמען פון אונזער אינדוסטריע, צו טאָן אַלץ וואָס מען וועט פאַרלאַנגען פון אונז, כדי צו העלפן געווינען די מלחמה, ווילן מיר איצט הערן פון די פּאָרשטייערס פון די דריי פּאַרטיידיקונגס־אָפּטיילונגען וויפל „וואַיפּערס" זיי דאַרפן גליקך, און וויפל זיי דאַרפן יעדן חודש. מיר זאָגן־צו, אַז די דאָזיקע אָפּטיילונגען וועלן זייערס באַקומען, אָבער מיר ווילן קאָאָפּעראַציע פון דער רעגירונג, אַז מען זאָל אָפּשאַפן די פּאַראָרדענונגען, וואָס זיינען אין ווידער־שפּרוך איינע מיט די אַנדערע. אין די רעגירונגס־קאָנטראַקטן פאַר „וואַי־פּערס" איז אַריינגעשריבן אַ פּונקט, אַז זיי זיינען געוואַשן געוואָרן מיט „קאָוסטיק סאָדאַ". אַן אַנדער רעגירונגס־אָפּטיילונג האָט פאַרבאָטן צו פאַר־קויפן פאַר „וואַיפּערס וואַשערמען" דעם מין סאָדאַ. עס זיינען געווען אַ סך אַזעלכע פאַלן, וואָס איין רעגירונגס־ביוראָ האָט געפאָדערט און אַן אַנדער ביוראָ האָט עס פאַרבאָטן. דאָס האָט באַטייט פאַרן געשעפטסמאַן ניט אויס־פאָלגן איין פאַראָרדענונג, און דאָס האָט געקענט מיינען שטראָף און שלעכטע „פּובליסיטי" (רעקלאָמע). נאָך מיין קורצער דערקלערונג האָט זיך געביטן די שטימונג. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט און זיך גענומען ערנסט צו דער אַרבעט.

איך בין געבליבן אין וואַשינגטאָן אויף נאָך צוויי טעג. און די קומענ־דיקע פינף טעג האָט די רעגירונג געקראָגן אַ האַלבן מיליאָן פונט „וואַי־פּערס", וואָס זיינען צוגעשטעלט געוואָרן אין פאַרשיידענע פאָרטן. איך האָב זיך באַנוצט מיט דעם טעלעפאָן אין אַ פּלאָט־ביוראָ. איך האָב טעלעפאָנירט געשעפטסלייט, און זיי געהייסן צושטעלן צום נאָענטסטן פּאָרט אַזויפיל און אַזויפיל פונט „וואַיפּערס", אויב זיי ווילן ניט אַז זייער פאַבריק זאָל קאָנ־

פיסקירט ווערן פון דער רעגירונג. עס איז געווען אַ רייד וועגן קאָנפיסקירן די „וואָיפּינג־פּלענטס״.

איך האָב געדינט אין די רעגירונגס־קאָמיטעטן דורך דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה. כ׳האָב זיך אָנגעטראָפן מיט אַלערליי מינים באַאַמטע. די מערסטע זיינען געווען קליינע געשעפטסלייט, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין גרויס דערפאָלג אין זייערע מסחרים, האָבן זיי אָנגענומען רעגירונג־שטעלעס מיט אַ געהאַלט פון $6,000 ביז $8,500 אַ יאָר. די מערסטע זיינען געווען איבערגעגעבן דער אַרבעט, אָבער באַגרענעצט אין זייער אַרט דענקען. זיי האָבן מורא געהאַט צו טאָן עפּעס אָן דער דערלויבעניש פון אַ העכערן באַ־אַמטן. אַמאָל פלעגט פשוט פלאַצן די גאַל. אַ קליינקייט האָט ביי זיי גע־נומען חדשים צייט צו באַשטימען. אַ טייל פון זיי האָט מורא געהאַט, אַז מען זוכט זיי אין אַלץ אָפּצונאַרן. אַ טייל זיינען געווען פּוליאַקעס און האָבן גאָרניט געוואָלט טאָן. אַמערגסטן זיינען געווען די יונגע צוציקעס, וועלכע האָבן זיך געריסן צו טאָן אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ. דאָס זיינען געווען די יוריסטן און די „עקספּערטן״, וואָס האָבן ניט אָנגעהויבן צו וויסן ווער ס׳האָט זיי געשליירט, אָבער געמיינט האָבן זיי, אַז זיי וויסן אַלץ. עס איז געווען זייער שווער אויסצוקומען מיט זיי, ניט מיט גוטן און ניט מיט בייזן. מען האָט זיי ניט געקענט איבערצייגן, אַז דאָס וואָס זיי ווילן, טויג ניט, — ניט פאַר דער רעגירונג, אויך ניט פון געשעפטלעכן שטאַנדפּונקט. די שוועריקייטן פון דער רעגירונג זיינען געווען גאָר גרויסע.

רעגולירן אַן אינדוסטריע, מיינט באַשרענקען און ניט דערשטיקן. דאָס מיינט, אַז די אינדוסטריע זאָל פונקציאָנירן און פּראָדוצירן דעם מאַקסימום און אין דער זעלבער צייט זאָל פאַרנוצט ווערן ווייניקער רוי־מאַטעריאַל און ווייניקער אַרבעטס־כוחות און מ׳זאָל ניט קריגן קיין פאַרצוגן איבער ענלע־כע אינדוסטריעס. איך בין אַלעמאָל געווען איבערצייגט, אַז די רעגירונג האָט דורכגעפירט אַ גיגאַנטישע אַרבעט, מיט אַלע חסרונות, פונדעסטוועגן צופרידנשטעלנדיק.

איך ווייס ניט ווי עס וועט געשריבן ווערן די ענדגילטיקע געשיכטע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דעם גרעסטן קרעדיט דאַרף מען געבן אונזערע סאָלדאַטן, בחורים און אינגלעך פון פאַרמס, פאַבריקן און „אָפּי־סעס״, וועלכע האָבן קיינמאָל ניט געחלומט צו זיין זעלנער און ווערן העלדן. דעם צווייטן קרעדיט דאַרף מען געבן אונזערע גענעראַלן. אַלע יאָרן האָבן

זיי געטראַכט אין טערמינען פון פּאַרטיידיקונג, און דאָך האָבן זיי דורכגע־פירט אינוואַזיעס, וואָס וועלן בלייבן אין דער וועלט־געשיכטע ווי וואונ־דערס אין סטראַטעגיק. דעם דריטן קרעדיט דאַרף מען געבן אונזערע גרויסע אינדוסטריעס, וועלכע האָבן אין אַ קורצער צייט זיך איבערגע־שטעלט פון נאָרמאַלער פאַבריקאַציע אויף מלחמה־פאַבריקאַציע. דאָס איז אַן אויפטו וואָס גאָר ווייניק מענטשן פון אונז קאָנען אים באַגרייפן. דעם פערטן קרעדיט קומט דעם קליינעם געשעפטסמאַן, וועמענס נאָמען עס וועט זיכער אין ערגעץ ניט דערמאָנט ווערן. וואָלט דער קליינער געשעפטסמאַן צוזאַמענגעבראָכן, וואָלט אַלץ איינגעפאַלן. צו דער קאַטעגאָריע געהערן דער שפּייז־קרעמער, דער „קלינינג־ און ריפּעיר־מאַן" און הונדערטער אַנדערע קליינע געשעפטסלייט, וועלכע באַדינען אונז טאָג־טעגלעך. די מערסטע זיי־נען ניט קיין אָרגאַניזירטע און אויך ניט קיין אָנערקענטע ביי די רעגי־רונגס־אינסטאַנצן. זיי האָבן ניט געקענט קריגן קיין גאַזאָלין, קיין גומענע שינעס, קיין אַרבעטער אין פיל טיילן פון לאַנד. זיי אַליין מיט זייערע פרויען האָבן געמוזט אַרבעטן לאַנגע שעהן, כדי צו באַדינען די באַפעלקערונג. זיי האָבן געטאָן אַ גוטע אַרבעט, און אַ דאַנק זיי איז אונזער טאָג־טעגלעך לעבן אָנגעגאַנגען כמעט נאָרמאַל. אַ טונקל בלאַט אין דער געשיכטע, אויב זי וועט ערלעך געשריבן ווערן, וועט דערציילן וועגן געוויסע — ניט אַלע — יוניאָניזירטע אַרבעטער. זיי האָבן ניט געגעבן קיין ערלעכן טאָג אַרבעט. איך האָב זיי געזען אין די אויטאָמאָביל־פאַבריקן. כדי צו קענען נוצן אַ מאַ־שין, האָבן די פאַבריקן געמוזט דינגען צו צוויי און דריי מענטשן פאַר דעם זעלבן „דזשאַב", כדי איינער זאָל שטענדיק זיין ביי דער מאַשין. די אַנדע־רע, אָדער זיי זיינען געווען אין רויכער־צימער, כדי צו רויכערן טאַקע, אָדער זיי האָבן געשפּילט אין קאָרטן, אין ווערפל (דאַיס). די אָפּוועזנהייט פון דער אַרבעט איז געווען זייער אַ הויכע. קיינער האָט ניט געוואוסט וויפל אַרבע־טער עס וועלן אויפצומאָרגנס קומען צו דער אַרבעט. און כדי צו זיין זיכער, אַז די אַרבעט וועט אָנגיין, האָט יעדער פאַבריקאַנט געדונגען צוויי מאָל אַזויפיל אַרבעטער וויפל ער האָט געדאַרפט האָבן. אמת, דער פאַבריקאַנט האָט ניט דערלייגט צום עסק, ווייל זיי האָבן אָנגענומען קאָנטראַקטן פון דער רעגירונג אויפן באַזיס פון קאָסטן פלוס אַ פּראָפיט פון אַן ערך 10 פּראָ־צענט. פאַרשטייט זיך, אַז וואָס מער עס האָט געקאָסט, אַלץ מער פּראָפיטן האָבן זיי געמאַכט. אַי, עס וועט קאָסטן דער רעגירונג מער געלט? וועגן

דעם האָט זיך קיינער ניט געזאָרגט. די סיטואַציע האָט אָבער געשאַפֿן אַ מאַנגל אין אַרבעטער. איבער דעם האָבן געליטן אַ סך אינדוסטריעס, וועל־כע אַרבעטן פֿאַר דעם היים־געברויך. איך מאַך די באַשולדיקונג, ווייל איך בין געווען אין צענדליקער פֿאַבריקן, וואו איך האָב פֿאַרבראַכט לאַנגע שעהן, כ'בין דורכגעגאַנגען אַלע אָפּטיילונגען און איך האָב געהאַט די גע־לעגנהייט צו זען זאַכן, וואָס אָפֿיציעלע קאָמיסיעס וואָלטן קיינמאָל ניט געזען.

איך וויל פֿאַרצייכענען נאָך איין זאַך. אויף איינעם פֿון די צוזאַמענפֿאָרן פֿון אונזער אינדוסטריע, אָפּגעהאַלטן אין 1944 אין קליוולאַנד, איז דער גאַסט־רעדנער געווען דער דעמאָלטיקער מעיאָר און שפּעטערדיקער גאָווער־נאָר פֿון אָהייאָ און יו־עס־סענאַטאָר, לאָושע. ער האָט צו אונז גערעדט וועגן דעם ווי וויכטיק עס איז, אַז אונזער אינדוסטריע, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אינדוסטריעס, זאָלן טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך צו העלפֿן געווינען די מלחמה, אַז יחידים דאַרפֿן פֿאַרקוקן אויף פּערזענלעכע אינטערעסן, זיי מוזן האָבן אין זינען איין זאַך — העלפֿן דערגרייכן אַ נצחון. ווי אַ ביישפּיל וואָס פֿאַר אַ שונא מיר האָבן קעגן זיך, האָט ער געבראַכט די מעשה לידיצע (ער אַליין שטאַמט פֿון טשעכיע). ער האָט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט די מעשׂים פֿון די נאַציס קעגן די אידן. אין אַמעריקע איז שוין דעמאָלט געווען באַקאַנט וועגן דער אויסראָטונג פֿון די אידן מצד היטלערס מאָרד־בריגאַדעס. מיך האָט עס שטאַרק פֿאַרדראָסן. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז פֿון די איבער הונדערט צוהערערס זיינען 90 פּראָצענט אידן, און דאָך האָט ער מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט די אידן־אויסראָטונג. אַלס פּרעזידענט, האָב איך אים ביים באַדאַנקען פֿאַרן קומען צו אונז ריידן, אָנ־געוויזן, אַז 90 פּראָצענט פֿון די פֿאַרזאַמלטע דאָ געהערן צו אַ ראַסע, וואָס היטלער האָט זיך פֿאַרנומען אויסצוראָטן אין גאַנצן. איך האָב געמאָלן אַ פּאָר בילדער פֿון די אויסראָטונגען, וואָס די צייטונגען האָבן שוין באַשריבן. איך האָב דערביי צוגעגעבן, אַז מיר אידן ווייסן זייער גוט וועגן די נאַציס זיי־נען, עס איז אָבער וויכטיק, אַז דאָס אַמעריקאַנער פֿאָלק, איבערהויפּט זיינע פֿאָרשטייערס, זאָלן וויסן וועגן די ליידן פֿון אידישן פֿאָלק. נאָכן מיטינג האָבן איניקע אידישע מיטגלידער מיך קריטיקירט, אַז איך האָב ניט טאַקטיש געהאַנדלט...

זכרונות פון אַ פּראַקטישן בעל חלומות

# ק י נ ד ע ר

ווי איך האָב שוין פריער געשריבן, האָבן מיר פיר טעכטער: פנינה, בת שבע, יהודית און שולמית. פיר טעכטער געבאָרן פון די זעלבע עלטערן, געהאָדעוועט אין דער זעלבער קולטור־סביבה און אונטער כמעט די זעלבע פינאַנציעלע אומשטענדן און דאָך פיר פאַרשיידענע מענטשן, מיט באַזונדערע כאַראַקטערן, מיט פאַרשיידענע לעבנס־אָנשויאונגען.

פנינה, אַ טרוימערין, מיט אַ נייגונג צו קונסט, ניט קיין צו איפּעריקע סטודענטין, אָבער מיט אַ גרויסן דראַנג צו וויסן, מיט אַ גרויסער ליבשאַפט צו מוזיק. זי איז הויך און שלאַנק, מיט שוואַרצע האָר און זייער אַ שיינע. אגב, מוז איך דאָ באַמערקן, אַז אַלע פיר טעכטער זיינען שיינע, וועל איך שוין ביים דערציילן וועגן די אַנדערע טעכטער דאָס וואָרט שיין ניט דערמאָנען. פנינה איז געגאַנגען אין אוניווערסיטעט אין מעדיסאָן, וויסקאָנסין, איין יאָר בלויז, און האָט חתונה געהאַט. גענומען זייער אַ וואוילן בחור, אַ גראַדואירטער פון אוניווערסיטעט, אָבער ווייט פון אידישן וויסן. ניט קיין קעגנער פון אידישקייט, — נאָר פשוט, די עלטערן האָבן אים ניט געלערנט. איך האָב אים אַריינגענומען צו זיך אין געשעפט, וואו ער איז געווען דריט־האַלבן יאָר, אָבער עס האָט ניט געטויגט. ער האָט ניט ליב געהאַט דאָס געשעפט, איבערהויפּט איבער דעם, וואָס מען מוז אַלע מאָל זיין צוגעבונדן. צו דעם האָט אַ סך צוגעשפּילט דער פאַקט, וואָס זיינע עלטערן וואוינען אין באַלטימאָר, מערילענד, און זיין מוטער האָט געוואָלט האָבן דעם זון לעבן זיך. איז זי געווען דער גורם, אַז ער זאָל וואַרפן אַן אומ׳חן אויפן געשעפט, און ער האָט מיך פאַרלאָזן. זיין מוטער האָט אים צוגעזאָגט אַ סך גליקן וועגן איבערגעבן אים זייער געשעפט. אויסגעלאָזן האָט זיך נאַטירלעך פון דעם גאָרניט. פנינה האָט דערווייל געמוזט וואוינען מיט זיינע עלטערן. מיין טאָכטער איז ניט קיין קריגערין, אָבער צווישן שוויגער און שנור איז ניט געווען קיין שלום. איז פנינה קראַנק געוואָרן. איך האָב געמיינט, אַז ס׳וועט טרעפן דאָס ערגסטע.

קריגן אַ וואוינונג אין באַלטימאָר איז געווען אוממעגלעך. האָט זי מיטן מאַן זיך אַריבערגעקליבן אין אַ קליין אָרט און געווען די איינציקע אידישע פאַמיליע אין שטעטל. מיין פרוי און איך האָבן געהאַט גרויס עגמת נפש פון דעם, אָבער מיר האָבן זיך נישט געוואָלט אַריינמישן, ווייל אַזוי לאַנג

ווי זי מיט איר מאַן האָבן זיך ליב, ווען זיי ווי עס איז געפינען זייער וועג אין לעבן.

דערווייל האָט דער אידעם מיט זיינעם אַ קוזין געקויפט אַ קראָם אין אַן אַנדער קליין שטעטל. דאָס געלט האָט געגעבן אַ העלפט זיין טאַטע און אַ העלפט איך, כאָטש איך בין געווען קעגן קויפן דאָס געשעפט. איך האָב ניט געזען קיין צוקונפט אין דעם. מיין חלק האָט געדאַרפט הייסן אַ הלוואה. קיין גליקן האָט דער אידעם ניט געקענט מאַכן אין דעם, נאָר אַן אָרעם לעבן. האָט ער דערנאָך געעפנט אַן אַגענטור פון נייע אויטאָמאָבילן. ווידער האָבן זיין טאַטע און איך געגעבן הלוואות... איצט האָט ער שיין פרנסה. פנינה האָט זיך געמוטשעט מיט דער שוויגער, דערנאָך אין שטעטל איבער דריי יאָר, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דערציאונג וואָס זי האָט געקראָגן איז איר בייגעשטאַנען. דאָס בוך, מוזיק און ציוניזם זיינען איר בייגעשטאַנען אין די שווערע טעג. זי האָט געהאַט וואוהין צו אַנטלויפן, ווען דאָס טעגלעכע לעבן איז געווען ביטער. איצט האָט זי דריי קינדער. משה, דער בכור; דבורה, די מיטלסטע, און אביגיל, די מיזינקע. דאָס הויז, וואָס זיי האָבן אַליין געבויט, פירט זיך טראַדיציאָנעל אידיש. משה גייט אין תלמוד־תורה. אַליין איז פנינה אַ פירערין אין „הדסה" און פּאָרזיצערין פון דער קולטור־אָפּטיילונג, און דער אידעם איז שטאָלץ מיט איר ראָלע. כאָטש זיין מוטער פירט אַ טריפה הויז, וויל ער, אַז זיין הויז זאָל זיין אמתדיק אידיש. נאָך יאָרן פון עגמת נפש האָבן מיר פון פנינהן נחת.

בת שבע האָט געענדיקט אוניווערסיטעט און געוואונען אַ סטיפּענדיע פון טויזנט דאָלאַר אין דראַמאַטישער קונסט. איז זי אַוועק אין „יוניווערסיטי אָוו אינדיאַנאַ" אויף אַ יאָר און דערנאָך געלערנט אַ יאָר אין „ניו־יאָרק יוניווערסיטי", וואו זי האָט באַקומען אַ מאַסטערס דיגרי אין „דראַמאַטיקס". מיין פרוי און איך זיינען געווען זייער אומצופרידן מיט איר געביט־אויסוואַל, אָבער שטערן איר האָבן מיר ניט געוואָלט. איז זי געבליבן אויף אַ יאָר אין ניו־יאָרק, אָבער קיין גליקן האָט זי אין ניו־יאָרק ניט געפונען. איז זי געקומען אַהיים. מיר האָבן געהאָפט, אַז זי וועט פאַרגעסן דאָס טעאַטער. דערווייל האָט זי אין אידישן צענטער אָנגעפירט מיט אַ דראַמאַטישן קלאַס און אויך געגעבן פּריוואַטע לעקציעס. אָבער טעאַטער האָט אַ מאַגנעטישע קראַפט, און ווען מען האָט איר אָנגעבאָטן אַ שטעלע אין דער אוניווערסיטעטס־שטאָט ען אַרבאָר צו שפּילן טעאַטער, האָט זי דעם אָנבאָט אָנגענומען. אויך זי,

פּונקט ווי פנינה, האָט געלערנט 12 יאָר אין אַ אידישער שולע. זי ווייסט, וואָס עס קומט פאַר אין אידישן לעבן. זי האָט געמאַכט אַ רייזע קיין מדינת ישראל און געקומען צוריק אַ באַגייסטערטע. איר אידישקייט איז אַ וועלט־לעכע, אָבער אַ נאַציאָנאַלע. אָבער זי איז אַנטי־רעליגיעז. איך האָף, אַז דאָס וועט פאַרבייגיין, און מיט דער צייט וועט זי פירן אַ אידיש־טראַדיציאָנעלע היים.

יהודית האָט אויך גראַדואירט פון אוניווערסיטעט, וואו זי האָט גע־וואונען דעם „האָפּגוד אַוואָרד" פאַר פּאָעזיע און פּראָזע. אַלע אירע לידער און דערציילונגען זיינען געווען אויף אידישע טעמעס. זי איז די סאַמע־באַוואוסטזיניק־אידישסטע פון אַלע מיינע טעכטער. צוועלף יאָר האָט זי גע־לערנט אין פאַרבאַנד־שולע און אין אוניווערסיטעט האָט זי מיט בת שבען גענומען אַ העברעאישן קורס. ביים סוף זיינען נאָר זיי ביידע געבליבן אין קלאַס. אַלע אַנדערע סטודענטן זיינען אָפּגעפאַלן. אין דער צייט פון קאַמף מיט ענגלאַנד איבער ארץ ישראל, איז זי געווען זייער טעטיק אין „איספּאַ" און זי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט ריידן אין קלויסטערס און פאַר פרויען־גרופּעס אין פאַרשיידענע קליינע שטעטלעך, וועגן ענין פּאַלעסטינע. זי רעדט אַ גוטן אידיש און נאָך אַ בעסערן העברעאיש. גאַנץ אָפט באַקום איך פון איר בריוו געשריבן אין אידיש. נאָכן ענדיקן דעם מישיגען־אוניווערסיטעט איז זי אַוועק אין ניו־יאָרקער קאָלאָמביע, גענומען אַ צוויי־יאָריקן קורס אין אינ־טערנאַציאָנאַלע אָנגעלעגנהייטן און געקראָגן איר מאַסטערס. דערנאָך האָט זי באַקומען אַ שטעלע ביי דער פעדעראַלער רעגירונג אין וואַשינגטאָן. נאָכן דורכמאַכן פאַרשיידענע עקזאַמענס האָט זי געקראָגן אַ פּאָסטן אין סטייט־דעפּאַרטמענט פאַר אויסלענדישן דינסט. דער סטייט־דעפּאַרטמענט האָט זי אַוועקגעשיקט קיין אינדיע. איר ספּעציעלע אַרבעט איז געווען צו זאַמלען אַלץ, וואָס עס ווערט פּובליקירט אין אינדיע, פּאַקיסטאַן, ציילאָן און אַפגאַ־ניסטאַן. זי האָט באַרייזט אַלע אויבן־דערמאָנטע לענדער און באַזוכט כמעט אַלע שטעט. יהודית פאַרמאָגט אַ שטאַרקן כאַראַקטער און זי צווינגט די אומשטענדן זיך צוצופּאַסן צו איר ווילן. זי האָט אַ דורשט צו זען, צו לער־נען, צו וויסן. זי האָט ניט קיין געדולד, און וויל אַלץ אַריינכאַפּן מיטאַמאָל. צייטנווייז האָב איך מורא פאַר דעם. איר לעבנס־ווילן איז ווי פון אַ מענטשן, וועלכער ווייס, אַז ער האָט ניט קיין סך צייט. אין איר פערזענלעכן לעבן איז זי זייער באַשיידן. זי האָט ניט קיין גוסט פאַר שיינע קליידער, נוצט ניט

קיין קאָסמעטישע מיטלען פאַרן פּנים און האָט ליב פּשוטע מאכלים. זי האָט שטאַרק ליב מוזיק און שפּילט ניט שלעכט פּיאַנאָ. איר זינגען ישראל־לידער מיט דער חברה ספרדית איז באַליבט ביי אַלע אירע באַקאַנטע אידן און ניט־אידן. זי דאַרף קומען אַהיים אין פעברואַר 1954. נאַטירלעך האָבן מיר זייער שטאַרק געבענקט נאָך איר. מיר האָבן אָבער געוואוסט, אַז מיר קע־נען זי ניט איינהאַלטן אַרום זיך. צוויי מאָל אין איר קורצן לעבן האָבן מיר זי שיער ניט פאַרלאָרן. דאָס ערשטע מאָל, ווען זי איז אַלט געווען בלויז עטלעכע וואָכן, נאָר אַן אָפּעראַציע האָט זי געראַטעוועט, און דאָס צווייטע מאָל, ווען זי איז אַלט געווען 17 יאָר, און זי האָט געקראָגן 108 גראַד פיבער. מיר פילן, אַז זי איז אונז אַ געשענקטע.

שולמית, די אינגסטע, איר האָט מיין פרוי ניט געוואָלט שיקן אין דער פאַרבאַנד־שולע. איך האָב געקעמפט קעגן איר באַשלוס און נאַטירלעך פאַר־לאָרן. איז זי געגאַנגען צען יאָר אין אַ זונטיק־שולע פון אַ קאָנסערוואַטיווער סינאַגאָגע און פיר מאָל אַ וואָך אין „יוניטעד היברו סקול‟, וואָס איר גאַנ־צער דעפיציט ווערט געדעקט פון דער קהילה־פעדעראַציע. אין „היברו סקול‟ האָט זי זיך וויניק אויסגעלערנט. די לימודים ווערן געלערנט צו טרוקן און די מעטאָדן זיינען אַלטע און נודנע.. דער לערער שטעלט אַ פראַגע און ענט־פערט אַליין. דער לערער האַלט אין איין ריידן (די זעלבע צרה עקזיסטירט אויך טיילוויז אין די פאַרבאַנד־שולעס). אין דער זונטיק־שולע ווערט אַלץ געלערנט אין ענגליש, נאָר די מעלה איז, וואָס מען גיט זיך אָפּ מער מיט דער ראָמאַנטיק פון אידישקייט, — אָבער מער ווי מיט אידישקייט אַליין. מען לערנט ניט קיין תנ״ך, נאָר מעשיות פון דער ביבל. האָט זי זיך באַקאַנט מיט אַ סך לעגענדעס פון אידישן לעבן. דאָס ביסל העברעאיש, וואָס זי האָט זיך יאָ אויסגעלערנט אין „יוניטעד היברו סקול‟, איז מער ווי דער דורכ־שניט אַמעריקאַנער אידישע מיידלעך קענען. אידיש קען זי אָבער ניט קיין וואָרט. ביז „האַי־סקול‟ האָט זי זיך געלערנט שווערלעך, און מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז אין קאַלעדזש וועט זי ניט גיין. אין האַי־סקול האָט זי זיך געביטן און איז געוואָרן אַ גוטע שילערין. זי איז שוין אַוועק לערנען אין אוניווערסיטעט פון מישיגען, מיטן ציל צו שטודירן אַדוואָקאַטור, — אַ לימוד וואָס דויערט זיבן יאָר. זי איז די אַממערסטן־אַמעריקאַניזירטע. „בעיזבאָל‟ איז איר ליבלינג. קיין גוטע מוזיק האָט זי ניט צופיל ליב. זי לייענט זייער פיל און דווקא גוטע ביכער. פאַרווילונגען

שפּילן ביי איר אַ גרעסערע ראָלע, ווי ביי אירע שוועסטער אין אירע יאָרן. זי איז מער גענייגט צו אידישע טראַדיציעס און ציוניסטיש געשטימט, מער פון אירע שוועסטער.

מיין פרוי חנה לאה האָט תמיד מער געצויגן צו די אַלגעמיינע ציוניסטן. זי איז געוואָרן אַ מיטגליד פון די פּועלי־ציון צוליב מיר. לויט איר אַרט דענקען האָט זי באַדאַרפט געהערן צו מזרחי. זי איז אַלע מאָל געווען מער גענייגט צו טראַדיציאָנעלער אידישקייט. שפּעטער איז זי געוואָרן פרימער. איר הויפּט־אַרבעט איז געווען אין „הדסה" און פאַרן אידישן נאַציאָנאַל־פאָנד. חוץ דעם האָט זי געהערט צו די פרויען־פאַראיינען פון שול, תלמוד תורה, מושב זקנים און גמילות חסדים. אין אַלגעמיין זיינען מיר געווען גליקלעך, וואָס מיר ביידע און אַלע פיר טעכטער גייען אויף איין און דעם זעלבן וועג. קיין שאַרפע אידייאישע חילוקי־דעות זיינען ביי אונז נישט פאָרגעקומען. מיר האָבן אַלע געהאַט די זעלבע אינטערעסן. עס איז ביי אונז געווען בלויז אַ פראַגע פון שאַטירונגען: אַביסל מער ראַדיקאַל, אָדער אַביסל מער קאָנסערוואַטיוו. ווען מיר פלעגן דיסקוטירן אַ פראַגע, זיינען ניט געווען קיין שאַרפע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, וואָס זאָלן אַרויסרופן הייס בלוט. אויפן געביט פון קולטור איז מיין פרוי געווען מער גענייגט צו מוזיק, און איך מער צום בוך, אָבער אויך זי האָט געלייענט אידישע און ענגלישע ביכער, און איך גיי אויך צו קאָנצערטן. צווישן מיר און מיין פרוי איז קיינ־מאָל נישט פאָרגעקומען קיין שאַרפער איבעררייד וועגן וויכטיקע זאַכן. ווען מען האָט באַדאַרפט באַשליסן וועגן אַ וויכטיקן ענין, פלעגן מיר זיך צוזאַ־מענריידן זייער גרינג, דערפאַר אָבער די ווייניק וויכטיקע זאַכן, פּשוט קליי־ניקייטן פלעגן אָפט אַרויסרופן הייס בלוט. אייניקע שטריכן אין אונזערע כאַראַקטערן, פלעגן זיך צוזאַמענשטויסן און דאָס האָט פאַרשאַפט אומזיסטע האַרץ־ווייטיקן. אָבער אין די וויכטיקערע זאַכן אין לעבן האָבן אונזערע כאַראַקטערן האַרמאָנירט.

שמואל-בער לייקין

# ווי די מלחמה און אירע נאָכווייענישן האָבן געווירקט אויף מיר

אײדער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דײַטשלאַנד, האָבן טײל אידן געדענקט, אַז די לאַגע פון די אידן וועט זיך פאַרערגערן, אָבער קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז די נאַציס וועלן זיך טאַקע נעמען אויסראָטן די אידן פיזיש. כאָטש איך האָב אַלע מאָל געהאַלטן, אַז די דײַטשן זײַנען פעאיק צו מאַכן פּאָגראָמען, האָב איך זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס וואָס די נאַציס האָבן געפּריידיקט אײדער זיי זײַנען געקומען צו דער מאַכט, וועלן זיי טאַקע דורכפירן ווען זיי וועלן קומען צו דער מאַכט. איך לײען צוויי טעגלעכע אידישע צייטונגען, כמעט אַלע אידישע און אידיש־ענגלישע זשור־נאַלן. איך האָב געלייענט אַלץ, וואָס עס איז געשריבן געוואָרן וועגן דער אידישער לאַגע. נאָך פאַר דער מלחמה אין 1939, ווען היטלערס פּאָגראָמען אויף די דײַטשע אידן און דאָס פאַרברענען פון שולן האָט זיך אָנגעהויבן, האָב איך דערפילט, אַז דער באָדן אונטער מײַנע פיס האָט זיך גענומען טרייסלען. איך האָב ניט געהאַט קיין רו. דאָס ענגלישע „ווייסע פּאַפּיר", וואָס איז צו יענער צייט אַרײַן אין קראַפט קעגן ישוב אין ארץ ישראל, האָט מיר אין גאַנצן דערשלאָגן. און די וועלט האָט צוגעקוקט און געשוויגן. ווען איך האָב זיך אַמאָל אַראָפּגערעדט פון האַרצן פאַר אַ קריסטלעכן פרײַנט, האָט ער מיר געענטפערט: „באַרואיק זיך, עס איז ניט אַזוי שלעכט. די מערסטע ידיעות זײַנען בלויז פּראָפּאַגאַנדע". איך האָב געוואָלט שלאָגן מײַן קאָפּ אָן וואַנט. אַפילו די גוטע גויים גלויבן ניט, ווייל זיי ווילן ניט גלויבן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה. די נאַציס האָבן געהאַלטן אין איין געווינען און וואו נאָר זיי זײַנען אַרײַנגעקומען, האָבן זיי אומגעבראַכט די אידן. דורך דער צייט פלעגט איך דערהאַלטן בריוו פון מײַן מאַמען, וועלכע האָט געוואוינט מיט מײַן שוועסטער אין מאָגיליעוו אויפן דניעפּר. נאָך אַ שוועסטער האָט געלעבט אין לענינגראַד, און אַ ברודער האָט געוואוינט אין באָברויסק. די בריוו זײַנען געגאַנגען דורך יאַפּאַן. קיין געלט האָב איך זיי שוין ניט געקענט שיקן. קיין פּעקלעך האָט מען שוין אויך ניט געקענט שיקן. פון זייערע בריוו האָב איך געזען, אַז זיי ווייסן ניט וואָס די נאַציס טוען מיט די אידן אין די געביטן וואָס זיי פאַרנעמען. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. שרײַבן זיי וועגן דעם, — איז עס דאָך געווען אין דער צייט פון

היטלער־סטאַלין־פּאַקט, — קען איך זיי נאָך מיט מיין שרייבן פאַרשאַפן צרות; ניט שרייבן, איז ווידער שלעכט, טאָמער האָבן זיי אַ מעגלעכקייט אַריבערצופאָרן טיפער אין לאַנד און זיך ראַטעווען. ביז איין מאָל האָב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטן און געשריבן דער מאַמען, אַז זי מוז זען, אַז זיי אַלע זאָלן אַריבערפאָרן טיפער אין לאַנד, אַפילו קיין סיביר, נאָר ניט בלייבן אין ווייס־רוסלאַנד. עד היום ווייס איך ניט צי זיי האָבן דערהאַלטן מיין בריוו מיט דער וואָרענונג, אָדער ניט. איך האָב פון זיי ניט געהערט ביז נאָך דער מלחמה. איך האָב זיך באַמיט אויסצוגעפינען דעם גורל פון מיינע אייגענע אויף פאַרשיידענע וועגן — דורך דעם רויטן קרייץ, דורך די „קוויי־קערס", דורכן אידישן קאָנגרעס; אַליין געשיקט בריוו און טעלעגראַמעס. ביז איינמאָל האָב איך דערהאַלטן אַ פּאָסט־קאַרטל פון מיין עלטערער שוועס־טער, וואָס מיט איר האָט מיין מוטער געוואוינט. דאָס קאַרטל איז געווען אַדרעסירט אויף מיין נאָמען, דעטראָיט. זי האָט געשריבן, אַז זי איז צוריק אין מאָגיליעוו. פון די וויטערדיקע בריוו האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיין ברודער שלום, זיין פרוי רבקה און זיינע צוויי קליינע קינדער זיינען אַנט־לאָפן פון באָברויסק קיין מאָגיליעוו. ווען די נאַציס זיינען געווען נאָענט צו מאָגיליעוו, איז זי מיט איר מאַן אַנטלאָפן הינטער די אוראַלער בערג. מיין ברודער, זיין פאַמיליע און מיין מוטער זיינען געבליבן אין מאָגיליעוו. זיי האָבן ניט געוואָלט, אָדער ניט געקענט אַנטלויפן. ווען די נאַציס זיינען אַריין אין מאָגיליעוו און האָבן אומגעבראַכט אַלע אידן אום ראש השנה, 1942, זיי־נען מיין מוטער, אַ זקנה פון 74 יאָר, מיין ברודער, זיין פרוי, זיין טאָכטער און זון אומגעקומען על קידוש השם. זאָל זייער אָנדענק זיין געהייליקט! מיין ברודערס עלטערער זון איז געפאַלן אין דער מלחמה. אַזוי איז אָפּגע־ווישט געוואָרן אַ גאַנצע משפחה.

מיין שוועסטער האָט פאַרלאָרן בעת דער מלחמה איר עלטערן זון. די טאָכטער האָט שוין ניט געוואָלט צוריקקומען פון טיף רוסלאַנד און האָט דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ ניט־איד. מיין שוועסטער איז געבליבן מיטן אינגסטן זון.

מיין אינגערע שוועסטער, אַן אלמנה מיט אַ קינד, האָט פאַרלאָרן אין דער מלחמה איר מאַן. פון די בריוו האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זיי זיינען זייער אָרעם, און האָבן אַבסאָלוט גאָרנישט. זיי האָבן עס ניט געשריבן אָפן. פאַרקערט, זיי האָבן געשריבן, אַז זיי האָבן פון אַלדאָס גוטס, אי עסן, אי

קליידער, נאָר אַ פּאָר שיך, אַ מאַנטל און ענלעכע זאַכן וואָלטן צונוץ געקו־מען. איך האָב זיך געפּרייט וואָס איך בין ביכולת זיי צו שיקן די זאַכן און דערמיט מאַכן זייער שווער לעבן אַביסל גרינגער. אין יעדן בריוו זיינען געווען לויב־געזאַנגען צום גרויסן פאָטער, וועלכער זאָרגט זיך פאַר אַלע מענטשן פון גרויסן לאַנד. איך האָב פאַרשטאַנען דעם צינז וואָס זיי מוזן צאָלן אין זייערע בריוו.

סוף זומער, 1948, נאָך דעם ווי איך האָב זיי געשריבן, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע הילף דער סאָוועטישער פאַרשטייער האָט געגעבן אין דער פאַראייניקטער פעלקער־אָרגאַניזאַציע ביים שאַפן די אידישע מדינה, האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מיין עלטערער שוועסטער, אַז זיי דאַרפן ניט קיין אידישע מדינה, זיי איז גוט אין רוסלאַנד, און סטאַלין איז זייער פאָטער, און אַז איך זאָל זיי ניט שיקן קיין פּעקלעך, ווייל זיי האָבן פון אַלדאָס גוטס, און פאַרענדיקט, אַז זיי ווילן ניט וויסן פון מיר. דערפאַר זאָל איך צו זיי מער ניט שרייבן קיין בריוו. פון דעמאָלט אָן האָב איך פון זיי מער ניט גע־הערט. איך האָב זיך געפילט זייער שלעכט איבער דעם. איך גיב אַוועק יעדן יאָר טויזנטערס אויף צדקה, און מיינע אייגענע קען איך ניט העלפן. איך ווייס דאָך, אַז מיין פינאַנציעלע הילף וואָלט זיי זייער שטאַרק צונוץ געקומען. דאָס ערגסטע איז וואָס איך האָב מורא, אַז מיט מיין בריוו האָב איך געשטעלט זייער לעבן אין סכנה, און דאָס לאָזט מיך ניט רוען. מיין אומפאַרזיכטיקייט האָט זיי פאַרשאַפט, איין גאָט ווייס, וואָס פאַר אַ צרות.

ווען איך האָב באַקומען די בייעס, אַז מיין מאַמע און מיין ברודער שלום מיט זיין פאַמיליע זיינען אומגעקומען, האָב איך דערפילט, אַזוי ווי עמעצער וואָלט מיר דערלאַנגט אַ זעץ איבערן קאָפּ. אין יענע טעג האָב איך שוין פיל געלייענט וועגן די אַלע מיתות משונות, מיט וועלכע די נאַציס האָבן אומגעבראַכט די אידן. איך האָב געמיינט, אַז איך בין שוין פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, נאָר ווען איך האָב זיך דערוואוסט וועגן מיין אייגענער מאַמען און מיין ברודער מיט זיין פאַמיליע, איז דער ווייטיק געווען פיל שאַרפער און טיפער. איך לייען נאָך אַלץ וועגן אונזער מאַרטיראָלאָגיע, פונקט ווי אַ שיכור האַלט אין איין טרינקען אַלקאָהאָל, כאָטש ער ווייסט, אַז דאָס איז פאַר אים שעדלעך. אַפילו איצט, ווען מיין געזונט איז אָפּגעשוואַכט, און איך טאָר זיך ניט אויפרעגן, לייען איך נאָך אַלץ וועגן דעם מבול פון בלוט.

כדי צו פאַרגעסן די צרות, וואָס האָבן אונז געטראָפן, האָב איך זיך

אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט אין מיין געשעפט, אָבער נאָך מער אין אידי־שער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. איך האָב זיך געטריבן, כסדר אָן וואַקאַ־ציעס, אָן גענוג רו, מיט ווייניק שלאָף, און אַלץ געפילט, אַז איך טו ניט גענוג פאַר מיין אומה. איך בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ שולד־געפיל לגבי מיין פאָלק. עס איז דאָך אַ צופאַל וואָס איך בין דאָ. איך האָב דאָך געקענט זיין דאָרט, אָנשטאָט מיין ברודער שלום. וויפל איך האָב געטאָן, האָב איך אַלע מאָל געפילט, אַז דאָס איז ניט גענוג. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביזן 14טן מאַי, 1948, ווען מיר, די אידן אין דעטראָיט, האָבן געפייערט דאָס פּראָקלאַמירן די זעלבסטשטענדיקייט פון דער אידישער מדינה. עס איז געווען אַ גראַנדיע־זע דעמאָנסטראַציע, פול מיט היילקייט. טרערן פון פרייד האָבן זיך געגאָסן איבער מיין פּנים. איך האָב געפילט, אַז אויך איך האָב צוגעטראָגן מיין חלק צום חלום, וואָס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. איך ווייס, אַז אין גאַנצן סכום איז מיין בייטראָג אַ קליינער, אָבער אין דעם לעבן פון אַ יחיד מיינט עס זייער פיל.

נאָך ה׳ איר, תש״ח, האָב איך דערפילט אַ מידקייט, אי פיזיש, אי גייס־טיק און איך האָב געטראַכט: גענוג פאַר מיר. איבער דרייסיק יאָר טעטי־קייט אין אידישן לעבן איז „דיינו״. זאָלן אינגערע איבערנעמען די אַרבעט. מיט צוויי וואָכן שפּעטער בין איך צוזאַמענגעבראָכן. איך בין באַדעקט גע־וואָרן מיט אַן אויסשיט און געוואָרן געשוואָלן. עס איז אַ משונהדיקע קרענק. די געשווילעכץ איז ניט קיין גלאַטע, נאָר אין שטיקער. דאָס פּנים האָט ניט אויסגעזען ווי אַ מענטשלעך פּנים. זיבעצן טעג בין איך געלעגן אַ געשוואָ־לענער אין בעט. איך האָב זיך אַפילו ניט געקענט אַ קער טאָן. מיין גדאַנק איז אָבער געווען קלאָר און נאָרמאַל. פון דער קרענק בין איך אַרויס מיט שוואַכע פיס און שוואַכע הענט. די פינגער זיינען געוואָרן ווי הילצערנע. מיט דער צייט האָט זיך מיין צושטאַנד פאַרבעסערט, אָבער אין גאַנצן אויס־געהיילט פון דער קרענק האָב איך זיך ניט. איך בין געבליבן פיזיש שוואַך. איך האָב ווידער געקענט אָנגיין מיט מיין אַרבעט אין געשעפט, אָבער איך האָב געפילט, אַז עס איז מער ניט דאָס וואָס געווען. ניט איך האָב די אַמ־ביציע וואָס פריער, ניט דאָס געזונט דערלויבט מיר אָנצוגיין ווייטער מיטן געשעפט. איך האָב גענומען זוכן אַ אינגערן מענטשן אַריינצונעמען אין גע־שעפט. איך בין געווען צופרידן צו געבן 50 פּראָצענט פון דער הכנסה, אָן אַריינצולייגן געלט אין געשעפט, אָבער איך האָב ניט געקענט קריגן דעם

דערפֿאַרענעם, ערלעכן מענטשן. האָב איך געוואָלט אין גאַנצן פֿאַרקויפֿן דאָס געשעפֿט, אָדער אַ טייל, אָבער אויך דאָס האָב איך ניט געקענט.

מיינע טעטיקייטן אין אידישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן האָב איך געמוזט פֿאַרקלענערן. איך האָב ניט אָנגענומען קיין שום אַמטן, אָבער איך בין געבליבן אין די עקזעקוטיוו־קאָמיטעטן. איך האָב זיך באַטייליקט אין זיצונגען ווען נאָר מיינע כוחות האָבן דאָס דערלויבט. נאָך דער אַנטשטייאונג פֿון דער אידישער מדינה האָבן אייניקע ציוניסטן גענומען פֿירן אַן אַגיטאַציע מ׳זאָל אויפֿלייזן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. איך האָב געהאַלטן, אַז זיי באַגייען אַ שרעקלעכן טעות. די מדינה וועט נאָך אַ סך יאָרן זיך נויטיקן אין פֿינאַנציעלער הילף און אַפֿילו אין פּאָליטישער הילף. די טענה, אַז דאָס אידישע פֿאָלק זאָל דאָס טאָן, איז מיר אויסגעקומען זייער קינדיש. וואָס מיינט עס „דאָס אידישע פֿאָלק״? עס מוז דאָך זיין אַן אָרגאַניזירטע גרופּע, וואָס זאָל אָנפֿירן מיט דער אַרבעט, איז פֿאַרוואָס זאָל מען צעברעכן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און נעמען בויען נייע אָרגאַניזאַציעס, ניט ווִיסנדיק, וואָס עס וועט פֿון דעם אַרויסקומען, און צי וועט בכלל עפּעס אַרויסקומען פֿון דעם. מיט אַזעלכע רייד שוואַכט מען אָפּ די אַרבעט פֿאַר דער מדינה. איך האָב געפֿילט, אַז איך טאָר זיך ניט צוריקציען פֿון אידישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, אַז אַרבעט וועט אַלעמאָל זיין און מען דאַרף מענטשן, וועלכע זאָלן האָבן די העזה צו זאָגן, וואָס זיי טראַכטן, ווען מען דאַרף עס זאָגן. מיין געזונט־צושטאַנד האָט מיר עס אָבער געשטערט.

פּסיכאָלאָגיש איז דאָס געווען זייער שווער פֿאַר מיר. אַלע יאָרן האָב איך וועגן זיך און וועגן מיין געזונט גאָרניט געטראַכט. זיך קיין מאָל ניט געשאַנעוועט. האָט מען געדאַרפֿט אַרבעטן 18 אָדער 20 שעה אַ טאָג אין געשעפֿט, אָדער אין געזעלשאַפֿטלכן לעבן, האָב איך עס געטאָן. איז עס געווען ריין פֿיזישע אַרבט, שוואַרץ־אַרבעט, אָדער מיטינגען אין אָנגערויכערטע, פֿאַרשטיקטע צימערן — און דאָ פּלוצלונג מוז איך זיך אָפּהיטן, ווייל אָפּט ווערט מיר ניט גוט, עס שווינדלט פֿאַר די אויגן, דאָס האַרץ קלאַפּט שנעל און די פֿיס גייען ניט. פֿאַרפֿאַלן, מען מוז זיך צופּאַסן אין לעבן אַזוי ווי דאָס געזונט דערלויבט.

איך האָב אָנגעהויבן מער לייענען, און דאָ איז געשען נאָך אַן אַנטוישונג. אַ סך אידישע שרייבערס האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון אידישן לעבן. אַמעריקע מיט אירע פֿינף און אַ האַלבן מיליאָן אידן איז דאָרטן ניטאָ. מען

באַקלאָגט זיך, אַז עס זיינען ניטאָ קיין לייענער פון אידישן בוך. דאָס איז אַ ביטערער אמת. נו, און אַ גוט אידיש בוך פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן איז יאָ פאַראַן? דאָס האָבן די אידישע שרייבערס איבערגעלאָזן צו די ענגליש־אידישע שרייבערס. איז טאַקע אַז אָך און ווי צו אונז.

האָב איך זיך גענומען צו לייענען ענגלישע ביכער. מיין געזונט־צו־שטאַנד האָט זיך פאַרערגערט. איך האָב באַשלאָסן אויפצוגעבן מיין געשעפט. היות פאַרקויפן מיטאַמאָל קען איך עס ניט, וועל איך עס מוזן אויספאַר־קויפן שטיקערווייז. נאַטירלעך וועט עס מיר אַריינברענגען אַ סך ווייניקער, אָבער איך האָב געפילט, אַז כדי צו פאַרהיטן דאָס געזונט מוז איך עס טאָן. סוף 1951 האָב איך פאַרקויפט די געביידע און די מאַשינען. פאַר זיך האָב איך געלאָזן אַ קליינעם „דזשאַבינג״ געשעפט און וויפל דאָס וועט אַריינ־ברענגען וועט עס אַריינברענגען; דאָס איבעריקע וועל איך פאַרלעבן פון אָפּגעשפּאָרטן געלט, אָבער איך וועל מאַכן דאָס לעבן פאַר זיך גרינגער. איך האָב אָבער ניט געהאַט קיין צייט צו ברענגען אין אָרדענונג מיין פאַרקלע־נערט געשעפט. איך בין קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אָנצינדונג. די קראַנקייט האָט מיך זייער אָפּגעשוואַכט. נאַטירלעך האָב איך פאַרנאַכלעסיקט דאָס גע־שעפט. אין פרילינג, ווען עס איז געוואָרן וואַרעמער, האָב איך געפילט ווי איך קום צוריק צום געזונט. אָנהויב יוני, 1952, האָב איך זיך ווידער אָנ־געהויבן פילן שלעכט און איך האָב געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע, אַ „קאָראָ־נערי טראָמבאָזיס״, און מען האָט מיך גלייך צוגענומען אין שפּיטאָל.

ליגנדיק אין שפּיטאָל האָב איך געמאַכט דעם חשבון פון מיין ביסל יאָרן, 56, ווייניק אין צאָל, אָבער געלעבט לאַנג און געלעבט אַ פולן לעבן, געלעבט ניט פאַר זיך און ניט נאָר פאַר מיין אייגן ווייב און קינדער. איך האָב געהאָלפן פיל מענטשן און געטאָן וויפל אַ יחיד קען טאָן פאַרן אידישן פאָלק. אַוודאי וואָלט איך געוואָלט לעבן לענגער, איבערהויפּט וואָלט איך געוואָלט זען אַלע טעכטער חתונה־געהאַטע. אָבער אויב עס איז ניט באַ־שערט בין איך גרייט. קיין ניט־דערפילטע אַמביציעס האָב איך ניט. איין זאַך בעט איך ביי גאָט, איך זאָל ניט בלייבן קיין אינוואַליד, איך זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו אימיצן נאָך הילף. איך האָב שלום געמאַכט מיט זיך און מיט מיין גורל. אַ וואָך שפּעטער האָב איך, ליגנדיק רואיק אין בעט, געקראָגן נאָך אַ האַרץ־אַטאַקע. איך בין געווען אָנמעכטיק 12 שעה. איך האָב ניט געקענט רירן מיט אַ פינגער און ניט אַרויסברענגען קיין איין

וואָרט פון מויל. און גראָד האָב איך עפּעס געוואָלט זאָגן. עס איז מיר פּשוט געגאַנגען אין לעבן צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן מיין טאָכטער יהודית, וועלכע איז דעמאָלט געווען אין אינדיע. ווען מיר איז געוואָרן בעסער, האָט עס פּסיכאָלאָגיש געהאַט די פאַרקערטע ווירקונג ווי די ערשטע האַרץ־אַטאַקע. איך האָב רעוואָלטירט. איך האָב ניט געוואָלט שטאַרבן. וואָס הייסט? איך האָב דאָך גאָרניט געלעבט פאַר זיך. ביז איצט האָב איך דאָך זיך גאָרניט געזען. אַלץ פאַר יענעם, פאַר ווייב און קינדער, פאַרן כלל — אָבער איך אַליין וויל דאָך אויך לעבן און געניסן פון לעבן!

איך בין אַרויס פון שפּיטאָל מיט אינסטרוקציעס פון דאָקטאָר: לעב נאָרמאַל, אָבער גיי ניט שנעל, גיי ניט אַרויף קיין טרעפּ. רעג זיך ניט אויף, עס ניט צופיל מיט אַמאָל, רויכער ניט. איך האָב זיך גענומען אַריינלעבן אין מיין נייער ראָלע. אַ לעבן־לאַנג זיך קיינמאָל ניט געשאַנעוועט, זיך קיינמאָל ניט אָפּגעהיט, און דאָ פּלוצלונג מוז איך זיך היטן ניט צו מאַכן קיין שנעלערן טראָט! און דער דאָקטאָר זאָגט מיר לעב נאָרמאַל...

די ערשטע צייט איז מיר געווען זייער שווער דאָס צוגעוואוינען זיך צו אַזאַ סאָרט לעבן, אָבער ביסלעכווייז געוואוינט מען זיך צו. אָבער איך האָב שוין מער־ווייניקער ביי זיך באַשלאָסן, אַז אַזוי איז עס. עס וועט ניט העלפן מיין פּראָטעסט אַז איך בין ניט קיין בן יחיד, מיליאָנען מענטשן אין לאַנד לעבן אַ געצוימט לעבן, און איך וועל מוזן ניט נאָר זיך צופּאַסן, נאָר אָננעמען עס פאַר נאַטירלעך. אַזוי איז דאָס — ואין לך רשות להרהר אחריה.

אין מיטן סעפּטעמבער, 1952, האָב איך פּלוצים דערפילט שרעקלעכע ווייטיקן אין פּלייצע און אין די אַקסלען. די דאָקטוירים האָבן מיך געדרייט, באַטאַפּט, געזוכט און ניט געקענט געפינען די סיבה; איז געבליבן „עקס־רעיס". האָט מען פאָטאָגראַפירט יעדן גליד באַזונדער און נאָך זעקס וואָכן עקס־רעיס און אונטערזוכונגען האָבן די דאָקטוירים באַשלאָסן, אַז אַלע אָרגאַנען זיינען געזונט. מיר איז דערווייל געוואָרן ערגער. איך האָב זיך ניט געקענט אַליין אָנטאָן און אויסטאָן. ביינאַכט קען איך זיך ניט איבערקערן. איז באַשלאָסן געוואָרן איך זאָל גיין צו אַ ביין און הויט־געוועבן ספּעציאַליסט. דער ספּעציאַליסט האָט מיר געדרייט די הענט און פיס און באַשלאָסן: „עקס־רעיס". ווייטער די זעלבע געשיכטע. דער ביין־ספּעציאַליסט קוועטשט דעם שטערן און פאַרשרייבט מעדיצין. העלפט זי דעם אַפּטייקער... איז ער געפאַלן אויף אַ פּלאַן — עקסרעי־באַהאַנדלונג. דאָס האָט

מיר יאָ אַביסל געהאָלפן. עס איז מיר אָבער געווען שווער זיך אַוועקצוזעצן, און ווען איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, איז מיר געווען שווער אויפצושטיין. מיין גאַנג איז געווען ווי פון אַ זקן, קליינע טריט. די פיס זיינען געווען ווי הילצערנע, קוים וואָס איך האָב זיי געשלעפּט, און אַריינשלעפּן די פיס אין אויטאָמאָביל, ווען איך האָב געדאַרפט ערגעץ פאָרן, איז געווען זייער שווער. עס איז מיר געווען זייער שווער אָנצוקומען נאָך הילף צו אַנדערע, כאָטש דאָס איז מיין אייגן ווייב אין דער היים, און מיין סעקרעטאַרין אין געשעפט. טיף אין זיך אָב איך זיך געפילט באַליידיקט. ס'קען זיין דערפאַר, וואָס איך האָב אַלע מיינע יאָרן מורא געהאַט פאַרן אָנקומען צו אַנדערע נאָך הילף, בין איך געשטראָפט געוואָרן מיט דעם.

נאַטירלעך האָט זיך מיין קראַנקייט זייער שלעכט אָפּגערופן אויף מיין געשעפט. מיינע קאָנקורענטן, אייניקע, וועלכע איך האָב פיל געהאָלפן, האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף מיין געשעפט ווי רויב־פייגל. זיי האָבן דערציילט מיינע קונדן אַז איך בין אויסגעשפּילט, אַז איך גיי אין גאַנצן אַרויס פון געשעפט, אַז איך האַלט ביים שטאַרבן. אין גאַנצן אויפגעבן דאָס געשעפט האָב איך ניט געוואָלט. כל זמן איך לעב, מוז איך האָבן עפּעס אַ באַשעפ־טיקונג. זיצן אין דער היים וועט זיין פיל ערגער פאַר מיר. צווייטנס, דאַרף איך האָבן די הכנסה פאַר זיך מיט דעם ווייב און קינדער. איך וואָלט געקענט לעבן פון אָפּגעשפּאָרטן געלט, וואָס איך פאַרמאָג, אָבער וואָס טוט מען וועגן צדקה געבן? דאָס קאָסט מיך 10 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. און זאָל מען ניט זאָגן, אַז מען האָט ניט, גיט מען ניט. קענט איר ניט אונזערע וואוילטעטיקע זאַמלערס און איינמאָנערס. זאָל איך אויפהערן געבן, וועט מען טרייבערן מיינע אָדערן און צאַפּן דאָס בלוט. יעדער איינער מיינט דאָך, אַז זיין אינסטיטוציע איז די וויכטיקסטע, און איטלעכער קומט און פאָדערט מער ווי פאַראַיאָרן. ווען איך זאָג זיי, אַז איך קען ניט געבן, גלויבט מען ניט און זיי ריידן זייערס. און טאָמער גיט איר ניט, קומט מען נאָך אַמאָל, אַ קאָמיטעט פון צוויי, און עס הויבט זיך אָן די שלאַכט פון דאָס ניי. דאָס אַלץ רעגט אויף און דענערווירט. עס זיינען מיר געבליבן צוויי וועגן: אָדער זאָגן אַלעמען „ניין", ניט ריידן מיט זיי און ניט איינטענה'ן מיט זיי. פאַר דעם דאַרף מען האָבן אַ האַרץ פון שטיין — און דאָס האָב איך ניט; דער צווייטער וועג איז אַוועקצופאָרן פון דעטראָיט און זיך באַזעצן ערגעץ אין פלאָרידע אין אַ קליין שטעטל, זיך אָפּרייסן פון די טעטיקייטן אין אידיש־

געזעלשאַפטלעכן לעבן און דאָס ווילט זיך מיר ניט טאָן. מוז איך שטיין אין געשעפט און פאַרדינען וויפל איך קען אויף צו געבן צדקה. מיט דעם חשבון בין איך אַריין אין שותפות מיט אַ קאָנקורענט, וועלכער האָט אַ קליינעם געשעפט. קיין גרויסע געלטער קען איך ניט מאַכן, דערפאַר אָבער ווען איך וועל זיין אין בעט אָדער ליגן אין שפיטאָל וועט זיין ווער עס זאָל אַכטונג געבן אויפן געשעפט און אפשר וועל איך קענען אַוועקפאָרן אין אַ וואַרעמען קלימאַט אויף אַ פּאָר חדשים. אפשר וועט מיר דאָס העלפן.

גראָד איצט ווען איך בין קראַנק האָלט איך אין מיטן פון דער געשעפטס־פאַראייניקונג. דעם 1טן יאַנואַר, 1953, וועט זיך אָנהויבן אונזער שותפות. איך קען ניט זאָגן, אַז איך טו עס מיט אַ גרינג האַרץ. שוין 22 יאָר ווי איך בין געשטאַנען אין געשעפט אַליין, אָן שותפים. מיט אַמאָל אַ שותף. איך ווייס אַז עס וועט מיר זיין שווער זיך צוצוגעוואוינען, אָבער איך וועל דאָס מוזן טאָן.

שוין אַ חודש צייט ווי איך האָב ניט געשריבן, ווייל מיינע הענט האָבן מיר ווי געטאָן, און איך האָב די פּען ניט געקענט האַלטן אין האַנט. די דאָקטוירים זאָגן, אַז איך האָב באַקומען אַרטראַיטיס. מיין גאַנצער קערפּער איז געווען צוזאַמענגעדרייט. איך האָב זיך אַליין ניט געקענט אָנטאָן און אויסטאָן. עס איז שוין אַ וואָך צייט ווי איך פיל זיך בעסער. איך קען גיין גלייך און כאָטש איך האָב וויניק כּוח אין מיינע הענט, דאָך קען איך אַלץ טאָן פאַר זיך.

## שפּיטאָל

שוין עטלעכע יאָר, ווי דעטראָיט בויט אַ אידיש שפּיטאָל. דער בנין דאַרף קאָסטן צווישן זעקס און אַ האַלב ביז זיבן מיליאָן דאָלאַר. עס וועט האָבן פּלאַץ פאַר 216 בעטן. צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר האָט מען געזאַמלט אין פרילינג 1942 און אַזוי ווי אין האַרבסט 1942 האָט דער עלאַיד דזשואיש קאַמפּיין זיך פאַראייניקט מיטן „וואָר־טשעסט", זיינען געבליבן די צוויי און אַ האַלב מיליאָן דאָלאַר אויף אַ שפּיטאָל. לעצטן יאָר האָט די שטאָט דעטראָיט געמאַכט אַ דרייוו פאַר 20 מיליאָן דאָלאַר צו בויען שפּיטאָלן פון

דעם געלט, האָט דאָס אידישע שפּיטאָל באַקומען צוויי מיט אַ האַלבן מי־ליאָן דאָלאַר, איז געוואָרן 5 מיליאָן. אַ מיליאָן האָט מען געליען אין אַ באַנק און דעם לעצטן האַלבן מיליאָן האָט מען אַרייבבאַקומען פון ספּעציעלעביישטייערונגען. לויט דעם געלט, האָט דאָס שפּיטאָל געדאַרפט האָבן מער בעטן, אָדער לויט דער צאָל בעטן האָט עס ניט געדאַרפט קאָסטן אַזוי פיל.

דערנאָך שפּילט זיך אָפּ אַ טראַגי־קאָמעדיע וועגן כשרות. דער שפּי־טאָל־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אַז דאָס שפּיטאָל זאָל זיין טריף, נאָר עס זאָל זיין אַ כשרע קיך, פאַר די וועלכע ווילן עס. די אָרטאָדאָקסישע צוזאַמען מיט די קאָנסערוואַטיווע רבנים, אַלע פרומע אידן און פיל ניט־פרומע פאָ־דערן אַז דאָס שפּיטאָל זאָל האָבן בלויז אַ כשרע קיך. עס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן מיטינגען, מ׳האָט אָנגענומען פּראָטעסט־רעזאָלוציעס, עס זיינען דער־שינען אויפרופן אין די אידישע און ענגלישע צייטונגען אונטערגעשריבן פון כשרות־קאָמיטעט. דער שפּיטאָל־קאָמיטעט, צוזאַמען מיט דער עקזעקו־טיווע פון דער פעדערייישאָן איגנאָרירן אַלע פּראָטעסטן, פּונקט ווי דאָס וואָלט גווען זייער פּריוואַט געשעפט, און קיינער טאָר זיי קיין דעה ניט זאָגן וואָס צו טאָן. זיי האָבן אַפילו ניט געפונען פאַר נויטיק צו באַוויליקן אַ געמיינזאַמע פאַרזאַמלונג, וואו פאַרטרעטערס פון ביידע צדדים זאָלן זיך קענען דורכריידן. ווען די פּראָטעסטן זיינען געוואָרן אַביסל צו הויך, אַפילו פאַר אונזער „פעדערייישאָן", האָט דער פאָרזיצער פון שפּיטאָל־קאָמיטעט צוגעשיקט אַ בריוו צום כשרות־קאָמיטעט און זיי באַרואיקט, אַז זיי זאָלן ניט מורא האָבן, ווייל דער וואָס וועט וועלן אָפּהיטן כשרות אין שפּיטאָל, וועט עס קענען טאָן, ווייל עס וועט זיין אַ כשרע קיך אויך. און ביי דעם בלייבט עס. אַ כשרע קיך און אַ טריפה קיך אין אַ שפּיטאָל, וואָס הייסט „סיני"...

איך זע אין דעם אַ טראַגעדיע אין אַ קאָמעדיע. אַ טראַגעדיע, ווייל פיל אידן, וואָס איך האָב גערעדט מיט זיי, זיינען פאַר דעם, אַז דער שפּי־טאָל אַלס אַ גאַנצער דאַרף זיין טריף, ווייל עס וועלן דאָרט אויך זיין ניט־אידישע פּאַציענטן. אַי די קאַטוילישע שפּיטאָלן האָבן אויך פּאַציענטן, וועל־כע זיינען ניט קיין פרומע קאַטאָליקן, פונדעסטוועגן סערווירן זיי ניט קיין פלייש פרייטיק, און זיי האָבן הייליקע בילדער אין אַלע צימערן. דער ענט־פער איז — קאַטאָליקן זיינען עפּעס אַנדערש. איך בין זיכער, אַז ווען די פראַגע וואָלט געגומען געוואָרן צו אַן אָפּשטימונג צווישן דעם דעטראָיטער אידנ־

טום, בין איך זיכער, אַז די וואָס ווילן אַ טריפהן שפּיטאָל מיט אַ כשרער קיך וואָלטן געוואונען.

די קאָמעדיע איז: איך קען פערזענלעך כמעט אַלע מיטגלידער פון שפּיטאָל־קאָמיטעט, ווי אויך פון דער פעדערײשאָן־באָארד. כמעט אַלע זיינען וואוילע אידן, גאַנץ אָנגעזעענע מענטשן, נאָר אַזוי שנעל ווי זיי ווערן מיטגלידער פון אַ קערפּערשאַפט, וואָס האָט אַביסל מאַכט, מישטיינס גע־זאָגט, ווערט אַן איבערקערעניש אין זייער אַרט דענקען און זייערע האַנדלונ־גען. אַ רוסישער באַאַמטער איז אַ הונט קעגן זיי. וואו דעמאָקראַטיע, ווער מיר דעמאָקראַטיע. זיי זיינען קליגער און וויסן בעסער פון אַלעמען, און זייערע האַנדלונגען זיינען אויטאָקראַטיש און אָפט דעספּאָטיש. עס איז לייכ־טער צו קריגן אַ „פּאַרהער״ פון אַ סענאַט־קאָמיטעט, ווי פון דער פעדערײ־שאָן־באָארד. אַז איינער פון אונזערע אידן ווערט באַשטימט צו אַ העכערן אַמט, אַלץ מער דעספּאָטיש ווערט ער. ווען ער ווערט חס וחלילה דער פּרעזידענט פון דער „פעדערײשאָן״, שפּרינגט אַרויס דער אַלטער „עבד כי ימלוך״. דאָך, ווען מיר קוקן צוריק אויף אַ וואָסערע דרייסיק יאָר, זיינען מיר געגאַנגען אַ גרויסן מהלך פאָראויס אויפן וועג צו דעמאָקראַטיע. עס איז שווער צו זאָגן וויפיל צייט עס וועט נאָך נעמען ביז מיר וועלן האָבן דעמאָקראַטיע אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

איך וויל פאַרצייכענען נאָך איין געשעעניש. ס׳איז פאָרגעקומען אַ זי־צונג, פאַררופן דורך דער שערי צדק־שול. עס איז אויפגענומען געוואָרן די פראַגע וועגן דער צוקונפט פון דער שול־געביידע. די געגנט האָט זיך גע־ביטן אין די לעצטע עטלעכע יאָר. די אידן קלייבן זיך אַרויס פון דאָרט און עס וועט באַלד ווערן אַ קריסטלעכע געגנט, הויפּטזעכלעך אַ נעגערישע געגנט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו קויפן אַ שטיק לאַנד — בערך 20 אַקער לאַנד — 12 אָדער 15 מייל ווייטער פון דער איצטיקער שול. עס איז אַ קללה אין אַמעריקע, וואָס איינוואוינערס, בעיקר אידן, זיצן ניט לאַנג אין אַ געגנט. די שול איז אין גאַנצן 20 יאָר אַלט. פאַר דעם האָט מען איבערגעלאָזן אַ שול, וועלכע מען האָט באַנוצט בלויז 16 יאָר. אין די קו־מענדיקע 5 אָדער 10 יאָר וועט מען מוזן איבערלאָזן אויך די שול. מיליאָ־נען דאָלאַר גייען אין ניוועץ. נאָך ערגער איז וואָס דאָס אידישע לעבן קען ניט ווערן סטאַביל. מען האַלט אין איין לויפן. מען לאָזט איבער שולן, צענ־טערס און אַנדערע אינסטיטוציעס. עס ווערט אַ חורבן פון אַלץ, אויף וואָס

מען האָט אויסגעגעבן אַ סך געלט, ווי אויך אַרבעט. אַזוי מיט קהלשע אינ־סטיטוציעס און דאָס זעלבע מיט פּריוואַטע היימען. מיין היים, וואָס איך האָב געבויט מיט אַ סך מי, זאָרג און געלט, איז שוין איצט אין אַ ניט־אידי־שער געגנט, דער עיקר באַפעלקערט דורך נעגערס. כמעט אַלע אידן זיינען זיך צעלאָפן. איך האָב דאָס הויז געבויט אין דער געגנט, ווייל איך האָב געוואָלט וואוינען צווישן אידן, זיינען די אידן אַנטלאָפן און איך מוז זיין צווישן גוים, נאָך מער, צווישן נעגערס. ביי מיר איז ניט קיין פראַגע פון קאָליר. איך האָב ניט קיין שום פאָראורטיילן קעגן שוואַרצע, אָבער עס איז אַ פראַגע פון קולטור און געזעלשאַפטלעכער שטעלונג. מיר אָרן ניט די שוואַרצע, וואָס קויפן הייזער אַרום מיר און וואוינען אין זיי. זיי זיינען גוטע שכנים, האַלטן דאָס הויז אין אָרדענונג. אָבער די מערסטע פון זיי קענען זיך ניט דערלויבן דעם לוקסוס צו באַוואוינען אַ הויז אַליין, קלייבן זיך אַריין עטלעכע פאַמיליעס צוזאַמען און מען נעמט נאָך אַריין „באָרדערס", און דעמאָלט ווערט עס אַ סלאָם. איך וואָלט דאָס זעלבע געהאַט אויסצו־זעצן ווען ווייסע פון דעם מין וואָלטן זיך אַריינגעקליבן אין דער געגנט, ווייל אויך ניט מיט אַלע ווייסע וואָלט איך וועלן זיצן ביי איין טיש. מיר האָבן אין דעטראָיט זייער פיל ווייסע פון דעם סאָרט. דאָס זיינען די „היל־בילים", וועלכע קומען אַהער אַרבעטן אין די פאַבריקן. זיי פאַרמאָגן גאָר־נישט און האָבן ניט די אַמביציע צו קויפן אָדער דינגען אַ הויז. זיי בלייבן באָרדערס, אָדער וואוינען אין מעבלירטע צימערן. אויסער זייער „דזשאָב" און דעם „סאַלון" עקזיסטירט פאַר זיי גאָרנישט.

זאָל ביי איך ניט זיין קיין פראַגע, צוליב וואָס דאַרף אַ שול 15 אָדער 20 אַקער לאַנד. מען דאַרף אַ „פּאַרקינג לאָט". אידן קומען אין שול אין אויטאָמאָבילן, דאַרף מען פּלאַץ פאַר זיי. מען רעכנט 8 אָדער 10 אַקער לאַנד פאַר די 1000 אָדער 1200 קאַרס. איך בין געווען אויף דער זיצונג פון שערי צדק און ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. עס איז פאַר מיר געווען פּריק־רע צו פאַרבינדן אַ שול מיט אַ „פּאַרקינג לאָט". דאָס זיינען נייע צייטן מיט אַ נייעם סאָרט אידישקייט.

שמואל-בער לייקין

# ישראל־באָנדס

איך בין געווען אויף אַ זיצונג. מען האָט יעדן איינעם געגעבן 30 נע־מען און זייערע טעלעפאָן־נומערן — צו פאַרקויפן ישראל־באָנדס. יעדער קויפער פון אַ באָנד קריגט אַ פרייען בילעט צו הערן דעם וויאָליניסט יהודה מנוחין. נאָך דעם ווי איך האָב טעלעפאָנירט 15 מענטשן, האָב איך דאָס געמוזט אויפגעבן און כאַפּן אַביסל פרישע לופט. די תירוצים וואָס טייל אידן גיבן, זיינען ווערט פאַרצייכנט צו ווערן. „איך פאָר קיין פלאָרידע, האָב איך ניט קיין געלט צו קויפן באָנדס״; אָדער „איך האָב געקויפט צו־פיל באָנדס און איך קען מער ניט קויפן״. און דאָ האָב איך פאַר זיך זיין קאָרטל, וואָס ווייזט, אַז ער האָט אַפילו קיין איינציקן באָנד ניט געקויפט. אָט אַזוי גייט עס פון איין טעלעפאָן צום צווייטן. אַ, מען פאַרקויפט דאָך פאָרט באָנדס? — זיינען טאַקע פאַראַן יחידים וואָס קויפן, און די זעלבע יחידים קויפן אַלעמאָל. די אַנדערע אידן קומען אָפּ מיט סימפּאַטיע און אַ זיפץ.

# סך הכל

צען יאָר פון מיין לעבן זיינען געווען די פרוכטבאַרסטע אויף אַלע געביטן פון מיין טעטיקייט, אי געזעלשאַפטלעך, אי אין מיין פּריוואַטן לעבן. איך האָב אָפּגעגעבן מיין צייט, ענערגיע און מיין געלט לטובת הכלל, מער ווי מיינע כוחות האָבן דערלויבט. קיין אַרבעט איז ניט געווען צו קליין פאַר מיר, אָדער נידעריקער פון מיין כבוד. אויב נאָר איך האָב געגלויבט, אַז עפּעס וועט ברענגען נוצן דעם כלל, האָב איך עס געטאָן. כ׳האָב אַלע־מאָל געהאַלטן, אַז איך טו ניט גענוג פאַר מיין פאָלק.

איך האָב אויך געדינט מיין לאַנד אַמעריקע ערלעך און געטריי אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ניט זוכנדיק דערביי קיין נוצן פאַר זיך גופא. פאַרקערט, מיינע געשעפטן האָבן געליטן פון דעם, ווייל איך האָב אַלעמאָל מורא געהאַט, טאָמער וועל איך עפּעס טאָן, וואָס קען אויס־געטייטשט ווערן, אי פון דער רעגירונג, אי פון די מיטגלידער פון אונזער געשעפט־אָרגאַניזאַציע, אַז איך האָב נאָר ריין־פּערזענלעכע אינטערעסן.

איך האָב באַקומען דאַנק־בריוו פון „וואָר פּראָדאַקשאָן״, פון דער „יו־

עס־טרעזשורי״, דעם אַמעריקאַנער קריגס־פּראָדוקציע־ראַט, דעם פינאַנץ־דעפּאַרטמענט, פאַר דער אַרבעט וואָס איך האָב געטאָן. און איך שטאָלציר מיט די בריוו. איך האָב אויך באַקומען אַ „פּלאַק״ (טאַבלעט) פון אונזער געשעפט־אָרגאַניזאַציע, פאַר דער אַרבעט וואָס איך האָב געטאָן פאַר אונזער אינדוסטריע. אַז איך בין אַלט געוואָרן 57 יאָר, איז מיין געזונט צעבראָכן געוואָרן און דאָס האָט געווירקט אויף מיין גייסטיקן צושטאַנד. איך האָב פאַרלאָרן די אַמביציע. קיין פאַרגעניגן פון כלל־אַרבעט האָב איך ניט. מיין געשעפט האָב איך פאַרקלענערט, און געמאַכט פון דעם אַ קליינע אונטער־נעמונג און דאָס נאָך מיט אַ שותף. די נאָרמאַלע פאַרגעניגנס פון טאָג־טעגלעכן לעבן רייצן מיך ניט. איך האָב אַ צייט אַפילו ניט געהאַט קיין פאַרלאַנג צו לייענען אַ בוך. איך האָף, דאָס איז געווען אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד. כ׳האָב דעמאָלט געשריבן: „עס ווילט זיך ניט גלויבן, אַז מיין לעבן פון אַקטיוויטעטן, פון קאַמף און אונטערנעמונגס־גייסט איז אַוועק און איך גיי אַריין אין אַ פּעריאָד פון וועגעטאַציע, ווען דאָס לעבן איז נאָר עק־זיסטענץ. איך ווייס, אַז דאָס ווענדט זיך אין מיר. איך דאַרף זיך שטאַרקן און געפינען אין זיך די כוחות צו וועלן אויפטאָן זאַכן, צו וועלן אונטערנע־מען נייע פּראָיעקטן, צו וועלן לעבן. איך ווייס אַז דער ווילן ווענדט זיך אָן מיר, און קיין אַנדערער קען מיר אין דעם ניט העלפן. איך האָף, אַז איך וועל געפינען דעם וועג, וואָס וועט מיך פירן צו דעם״.

שמואל-בער לייקין

פערטער קאַפּיטל

# 1968

נאָך אַן איבעררייס פון פופצן יאָר וויל איך פאַרצייכענען וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אין משך פון די לעצטע יאָרן. עס קומט מיר אָן זייער שווער צוזאַמענצונעמען מיינע געדאַנקען. מיין זכרון איז צו צוויי און זיבעציק יאָר ניט אַזוי גוט ווי מיט אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר פריער. דאָך וועל איך אין קורצן איבערגעבן, וואָס עס איז געשען במשך דער צייט. איך ווייס, אַז אייניקע זאַכן וואָס איך האָב געשריבן פריער, וועלן ניט שטימען מיט דעם וואָס איך שרייב איצטער. אין משך פון דער צייט האָט זיך אַ סך געביטן, און אויך מיין בליק אויף אייניקע זאַכן האָט זיך געענדערט.

# געשעפט

מיין שותפות איז ניט געווען קיין געראָטענע. איך האָב געהאָפט, אַז היות מיין שותף האָט אַ זון אין די דרייסיקער, וועל איך אים אויסלערנען ווי אָנצופירן מיטן געשעפט, און איך זועל דורך דעם קענען פאַרגרינגערן מיין לעבן. אי איך וועל האָבן אַן אָרט וואו צו קענען אַריינקומען אויף עט־לעכע שעה אַ טאָג, אי כ׳וועל האָבן גענוג צייט פאַר זיך. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזן עפּעס אַנדערש. מיין שותפס זון איז אַ שטיקל „לעבע־יונג״. ער איז זעלטן געווען אין געשעפט. ער האָט קיין זאַך נישט געוואוסט און אויך גאָרניט געוואָלט זיך אויסלערנען. ניט ער איז אַרויסגעגאַנגען צו זען קונים, און ניט גענומען קיין אינטערעס ווי די סחורה ווערט אויסגעאַרבעט. נאַ־טירלעך איז די גאַנצע אַרבעט געפאַלן אויף מיר, ווייל דער פאָטער האָט מיר גלייך פון אָנהויב געזאָגט אַז ער אַליין וועט אין געשעפט גאָרניט טאָן. ניט ער ווייס עפּעס אין געשעפט און ניט ער טויג צו דעם סאָרט געשעפט. דאָס געשעפט האָט אַריינגעטראָגן פּראָפיטן, האָב איך עס געלאָזט גיין ווי עס גייט. דריי יאָר שפּעטער, אין 1955, האָב איך מיט מיין פרוי געמאַכט

אַ רייזע קיין מדינת ישראל און אייניקע לענדער אין איראָפּע. מיר זיינען אַוועקגעפאָרן אויף דריי חדשים. ווען איך בין צוריקגעקומען, האָב איך געזען אַז דאָס געשעפט האָט שטאַרק געליטן. מען האָט פאַרלאָרן אַ סך קונים, קיין נייע זיינען ניט צוגעקומען. האָב איך געוואָלט אינגאַנצן אויפגעבן דאָס געשעפט. אָבער מיין שותף האָט מיך ניט געוואָלט אַרויסלאָזן. דערווייל בין איך קראַנק געוואָרן און געדאַרפט דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע. די אָפּעראַציע איז געווען ניט קיין געלונגענע, איך האָב געקראָגן אַן אינפעקציע. איך בין געווען אין שפּיטאָל איבער דריי וואָכן, און אַ חודש צייט אין דער היים. דערנאָך בין איך אַרומגעגאַנגען מיט אַן אָפענעם בויך פינף חדשים, ביז די עפענונג האָט זיך פאַרהיילט.

אין אַ יאָר אַרום האָט זיך די וואונד ווידער געעפנט און איך האָב געדאַרפט דורכמאַכן נאָך אַן אָפּעראַציע. דאָס מאָל בין איך געווען אין שפּיטאָל בלויז צען טעג. אין עטלעכע חדשים שפּעטער האָב איך געהאַט נאָך אַ האַרץ־אַטאַקע. און אַ יאָר אַרום ווידער אַ האַרץ־אַטאַקע. במשך אַכט יאָר האָב איך געהאַט זעקס האַרץ־אַטאַקעס. נאַטירלעך האָט מיין געשעפט שטאַרק געליטן פון דעם. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז אַרויסגיין פון געשעפט.

מיין שותף האָט מיך ניט געוואָלט אַרויסלאָזן. האָב איך אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט מיך ניט אַרויסלאָזן מיט גוטן, וועל איך מוזן גיין אין געריכט. דאָס האָט ער ניט געוואָלט. און סוף 1959 האָב איך פאַרקויפט מיין חלק צו מיין שותף. איך האָב אים געגעבן צוויי יאָר אויסצוצאָלן פאַר מיין טייל. דער פּרייז איז געווען זייער אַ ביליקער, ווייל איך האָב געפילט, אַז איך מוז אַרויסגיין פון געשעפט, אײדער מען טראָגט מיך אַרויס...

די פאַרהאַנדלונגען זיינען פאָרגעקומען אויף זייער אַ פיינעם אופן, אָן קריגעריי. דער שותף האָט זיך ניט געדונגען וועגן פּרייז, ווייל איך האָב געשטעלט זייער אַ נידעריקע סומע, און ער אַליין האָט געמוזט צוגעבן, אַז עס איז אַ מציאה. מיר זיינען געבליבן גוטע פריינט ביז צום היינטיקן טאָג. ער האָט מיר אויסגעצאָלט די סומע אין משך פון איין יאָר. פּסיכאָלאָגיש איז מיר געווען ניט גרינג אויפצוגעבן די אונטערנעמונג, וואָס איך בין געווען פאַרבונדן מיט איר דרייסיק יאָר. ווען איך האָב איבערגענומען דאָס געשעפט האָט עס געהאַלטן ביי באַנקראָט, און איך האָב עס אַרויפגעאַרבעט צו אַ זייער גוט געשעפט, וואָס טראָגט אַריין אַ סך הכנסה, און איז די בעסטע אין דער בראַנזשע, ניט די גרעסטע, אָבער די בעסט־באַצאָלטע, מיט אַן אויס־

געצייכנטער רעפּוטאַציע, אי צווישן סוחרים, אי אין די פֿאַבריקן וואָס איך האָב זיי פֿאַרקויפֿט מיין סחורה און אויך מיט אַ רעפּוטאַציע אין באַנק. עס טוט מיר ווי דאָס האַרץ, ווען איך זע, וואָס עס איז איצט געוואָרן פֿון געשעפֿט. זומער 1968 האָט דאָס געשעפֿט באַנקראָטירט, און די קרעדיטאָרן וועלן ניט קריגן קיין סענט.

פּטור געוואָרן פֿון איין צרה, האָב איך זיך גענומען פּטור צו ווערן פֿון דער לעצטער צרה. מיט פֿיל יאָרן פֿריער האָב איך מיט אַ שותף געגרינדעט אַ פֿינאַנץ־געזעלשאַפֿט מיט מיין געלט און זיין דערפֿאַרונג. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה בין איך געווען שטאַרק פֿאַרנומען אין מיין אייגן געשעפֿט און נאָך מער מיט געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייטן, און איך האָב ניט געהאַט קיין צייט ריכטיק אַריינצוקוקן אין דער פֿינאַנץ־געזעלשאַפֿט. ווען איך האָב איינמאָל יאָ אַריינגעקוקט איז מיר געוואָרן פֿינסטער אין די אויגן. עס האָט זיך באַוויזן אַ פֿאַרלוסט פֿון איבער הונדערט טויזנט דאָלאַר. אַוודאי האָב איך געהאַט אַ בוך־פֿירונג קאָנטראָלער (אַקאַונטענט), אָבער דער בוכהאַלטער האָט געפֿעלשט די ביכער. מיין שותף האָט געקראָגן זיין מאָנאַטלעכן טשעק און האָט ניט געוואוסט וואָס עס קומט פֿאָר. איך האָב געקראָגן פֿון בוך־פֿירונג קאָנטראָלער אַלע מאָנאַט דעם באַריכט, וועלכער האָט געצייגט אַז דאָס געשעפֿט מאַכט פּראָפֿיטן. דער שותף האָט אַריינגעלייגט אין געשעפֿט נאָר עטלעכע טויזנט דאָלאַר. ער איז אַ מאָדנער מענטש, אַן אַדוואָקאַט, אָבער פּראַקטיצירט ניט זיין פּראָפֿעסיע און האָט ליב צו פֿילאָזאָפֿירן, אָבער ער קימערט זיך ניט וועגן קיין זאַך, איבערהויפּט ווען עס איז יענעמס געלט.

ער האָט מיר פֿאַרשאַפֿט אַ סך האַרץ־ווייטיק. איטלעך מאָל ווען מיר האָבן זיך אָנגעטראָפֿן האָט מיך געקאָסט אַ פֿוד געזונט. עס האָט מיר גענומען אַכצן יאָר ביז איך האָב געקענט באַצאָלן אַלע חובות, דערנאָך אָנהויבן אויסצאָלן זיך גופֿא דאָס געלט וואָס איך האָב אַריינגעלייגט. אַזוי שנעל ווי איך האָב אַרויסגעקראָגן דאָס געלט וואָס איך האָב געהאַט אינוועסטירט, האָב איך דעם שותף פֿאַרקויפֿט דאָס גאַנצע געשעפֿט פֿאַר איין דאָלאַר, אַבי פּטור צו ווערן פֿון דער צרה. וויפֿל ער האָט איינגעמאָנט פֿון חובות ווייס איך ניט און וויל ניט וויסן, אַבי איך בין פּטור געוואָרן. דער שותף האָט פֿאַרדינט אין משך פֿון די 18 יאָר 136 טויזנט דאָלאַר. איך האָב

אַפילו ניט געקראָגן קיין 2 פּראָצענט פאַר מיין געלט, וואָס איך האָב געהאַט אַריינגעלייגט. פאַר מיין אַרבעט האָב איך בכלל גאָרנישט באַקומען.

זינט איך בין אַרויס פון געשעפט, האָב איך מער צייט צו טראַכטן. וואונדער איך זיך ווי עס קומט, וואָס איך האָב ניט געהאַט קיין מזל צו שותפים. איך האָב זינט 1918 געהאַט 14 שותפים אין עלף באַזונדערע געשעפטן און פון אַלע, אַחוץ איין שותף, האָב איך געהאַט צרות. אייניקע האָבן מיך באַשווינדלט, עטלעכע האָבן מיך באַגנבעט, אייניקע האָבן מיך אויסגעכיטרעוועט, עטלעכע האָבן מיך גלאַט אויסגענוצט. איך טראַכט: אין וואָס איז געווען מיין שולד? איך האָב זיך מיט קיין איינעם ניט געקריגט; ביי קיינעם ניט פאַרנומען קיין גראָשן; איך בין געבליבן אַ פריינט מיט אַלעמען, און דאָך האָב איך ערגעץ־וואו געמוזט באַגיין פעלערן. פאַרוואָס האָב איך געמאַכט אַזוי פיל טעותן אין אויסקלייבן אַזעלכע שותפים? איך זע אַזוי פיל מענטשן, וועלכע זיינען אַ לעבן־לאַנג אין שותפות. אפשר האָבן זיי אויך צרות וועגן וועלכע איך וויס ניט. איך וויל צוגעבן, אַז דער איינער שותף, וועלכער איז געווען זייער אָרנטלעך, האָט ניט לאַנג געלעבט, בלויז אַנדערהאַלבן יאָר (ער איז געווען אַן עלטערער מענטש), דערפאַר האָבן זיינע יורשים נאָך זיין טויט מיר אָפּגעצאָלט כפל כפליים. זיי האָבן מיך באַשווינדלט און מיר פאַרשאַפט אַ סך עגמת נפש. גראָד זיינען זיי געווען אָנגעזעענע באַלעבאַטים אין שטאָט, און דערצו נאָך געשמט ווי פרומע... אָבער...

די פאַרגאַנגענע ניין יאָר האָב איך ניט קיין מסחרים. איך האָב געמאַכט אינוועסטיציעס אין גרונט־אייגנטום (ריעל־עסטייט), אָבער מיט זייער קליינע סומעס געלט. אייניקע ברענגען אַריין קליינע פּראָפיטן יעדן חודש, און אין אייניקע האָב איך פאַרלאָרן געלט. איך אַליין דאַרף ניט אַכטונג געבן אויף די געביידעס. דאָס איז דער סוף פון מיינע געשעפטן.

דאָס מאַכן אַ רייזע קיין מדינת ישראל האָט פאַרווירקלעכט אַ חלום, מיט וועלכן איך און מיין פרוי האָבן זיך אַרומגעטראָגן זינטן אויפקום פון דער אידישער מדינה. מיר זיינען געפאָרן מיט דער שיף „קווין מערי" ביז פראַנקרייך און פאַרבראַכט צען טעג אין פאַריז. דערנאָך זיינען מיר מיט דער באַן געפאָרן ביז נעאַפּאָל (איטאַליע) און דאָרט זיינען מיר אויף דער שיף „נגבה" געפאָרן קיין מדינת ישראל. די „קווין מערי" איז אַ שיף פון איבער 80 טויזנט טאָן און די „נגבה" בלויז פון 5.4 טויזנט טאָן, דערצו נאָך

איז זי געווען אַן אַלטע שיף, אָן מאָדערנע איינריכטונגען. פונדעסטוועגן זיינען מיר געווען גליקלעך אויף דער „נגבה״, גליקלעכער ווי אויף דער „קווין מערי״ אין ערשטן קלאַס. מיר זיינען געווען צווישן אידן. די באַדינונג איז געווען אויסגעצייכנט, פיל בעסער ווי מיר האָבן עס דערוואַרט. דער עיקר זיינען מיר געווען גליקלעך, וואָס מיר פאָרן קיין ישראל.

מיר האָבן געזען דאָס לאַנד און פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, און אונזערע הערצער האָבן אָנגעקוואָלן, כאָטש מיר האָבן אויך געהאַט אַ היפּש ביסל עגמת נפש. אונזער גאַנץ לעבן האָבן מיר געזאָגט ביים סדר „לשנה הבאה בירושלים״. נאַטירלעך האָבן מיר געוואָלט פּראַווען דעם סדר אין ירושלים, האָבן מיר געמאַכט רעזערוואַציעס אין האָטעל „פּרעזידענט״, וואו עס איז געפּראַוועט געוואָרן אַ סדר פאַר טוריסטן. איז עס אָבער געווען ניט קיין יום־טוב, נאָר אַ בייזער חלום. עס איז ניט געזאָגט געוואָרן די הגדה. מען האָט אָוועקגעשטעלט דריי פלעשלעך וויין פאַר אַן עולם פון העכער דריי הונדערט מענטשן. מען האָט זיך געזעצט ביי די טישן אַרום 10 אַזייגער ביינאַכט. דער עולם איז געווען הונגעריק און נערוועז. מען האָט גענומען קלאַפּן אין די טישן. מען האָט ניט געקענט געפינען דעם פאַרוואַלטער און ס׳איז ניט געווען צו וועמען צו ריידן. מ׳האָט געוואַרט, טאָמער וועלן קומען נאָך טוריסטן, כאָטש אין גאָט ווייס, וואָס מען וואָלט זיי געגעבן צו עסן — וויל אונזער עסן, חוץ דעם וואָס עס איז געווען קאַלט איז עס געווען ווייניק — בכל אופן זיינען מיר אַרויס הונגעריקע און פאַר אַזאַ סדר האָבן מיר באַצאָלט 45 אַמעריקאַנער דאָלאַר. אויך די צענטראַלע פון קרן קיימת לישראל האָט אונז פאַרשאַפט עגמת נפש. מענדל פישער, נאַציאָנאַל־פאָנד־דירעקטאָר אין אַמעריקע, האָט געשריבן אַ בריוו קיין ירושלים און האָט אונז פאַרלויבט ביזן הימל, אַז מיר זיינען אַ לעבן־לאַנג אַקטיוו פאַרן קרן קיימת און אַז איך בין געווען עטלעכע יאָר פּרעזידענט פון נאַציאָנאַל־פאָנד־ראַט אין דעטראָיט; אַז מ׳זאָל אונז אויפנעמען בסבר פנים יפות, און באַטאָנט, אַז מיר וועלן דאָרט פלאַנצן אַ „יער לייקין״. ווען מיר זיינען געקומען אין דער צענטראַלע פון קרן קיימת לישראל, האָבן מיר, נאַטירלעך, געפרעגט וואו און ווען מ׳וועט פלאַנצן דעם „יער לייקין״, כדי מיר זאָלן זיין אין יענער צייט אין דער געגנט. דער ענטפער איז געווען: „מיר וועלן אייך לאָזן וויסן״. אַז עס זיינען פאַרביי צוויי וואָכן און מיר האָבן פון קרן קיימת ניט געהערט, האָבן מיר טעלעפאָנירט פון תל אביב קיין ירושלים. מיר האָבן

געוואָלט פאָרן קיין חיפה, באַזוכן צפת און דעם גליל, דאַרפן מיר וויסן דעם טאָג און דאָס אָרט. האָבן מיר באַקומען דעם זעלבן ענטפער: „מיר וועלן אייך לאָזן וויסן". דריי טעג שפּעטער האָבן מיר ווידער טעלעפאָנירט. קריגן אַ טעלעפאָנישע פאַרבינדונג מיט ירושלים האָט דעמאָלט געדויערט כמעט אַ גאַנצן טאָג. האָט מען אונז ווידער געגעבן דעם זעלבן ענטפער: „מיר וועלן אייך לאָזן וויסן". איך בין געוואָרן שטאַרק אין כעס און זיי גוט אויסגעזידלט; ערשט דעמאָלט האָבן זיי מיר געגעבן אַ דאַטע און געזאָגט וואו דאָס וועט פאָרקומען.

ווי אַ מיטגליד פון די פּועלי ציון במשך 40 יאָר, האָב איך פאַרבעטן איניקע פירנדיקע חברים, וואָס איך האָב זיי גוט געקענט, אַזעלכע וואָס זיינען געווען געסט ביי מיין טיש פיל מאָל, אַז זיי זאָלן קומען און בייזיין די צערעמאָניע ווען מיין פרוי און איך וועלן פלאַנצן די ערשטע פאָר ביי־מער. איניקע האָבן מיר צוגעזאָגט צו קומען, אָבער קיין איינער פון זיי איז ניט געקומען, און עס איז געווען אַן אָרעמע „חתונה". קיין איינער פון די פילע חברים האָט אונז אַפילו ניט איינגעלאַדן אויף אַ קאַווע, אַחוץ גאָלדע מאיר (דעמאָלט נאָך מייערסאָן). גראָד ביי איר אין דער היים בין איך שטאַרק באַליידיקט געוואָרן. אין דעטראָיט האָבן מיר געהאַט שוועריקייטן מיטן פאַרקויפן ישראל־באָנדס. דער דירעקטאָר פון דער קהילה־פעדעראַציע איז געווען קעגן ישראל־באָנדס, און ער האָט געטאָן אַלץ כדי צו שטערן די אַקציע. איך ווייס ניט, צי ער האָט מורא געהאַט אַז דער פאַרקויף פון באָנדס וועט שטערן דעם „פאַראייניקטן אידישן קאַמפּיין", צי דערפאַר וואָס ער האָט ניט געהאַט די קאָנטראָל איבער דעם, ווי ער האָט געהאַט איבער אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס. ישראל־באָנדס זיינען דעמאָלט פאַרקויפט גע־וואָרן נאָר דורך ציוניסטן (אַלע גרופּירונגען). עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ציוניסטישער קאָמיטעט וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. עס איז גע־מאַכט געוואָרן אַן אָפּמאַך מיט דער פעדעראַציע, אַז די חדשים יאַנואַר און פעברואַר זיינען באָנד־חדשים. פון 1טן מערץ ביזן מיטן מאַי איז די צייט פון דעם „עלאַיד דזשואיש קאַמפּיין". אָנהויב 1955 האָט דער באָנד־קאָמי־טעט באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ באַנקעט לטובת דעם פאַרקויפן באָנדס. די צייט האָט געזאָלט זיין די לעצטע וואָך אין פעברואַר, אָבער דאָס איז אָפּגעלייגט געוואָרן, ווייל אַ פּאָר פון די הויפּט־קויפערס און טוערס פון באָנד־קאָמיטעט האָבן דעמאָלט ניט געקענט זיין אין שטאָט. האָט שוין דער

באַנקעט געדאַרפט פּאַרקומען אַ וואָך שפּעטער, איז עס שוין אויסגעקומען דעם ערשטן מערץ. דאָס האָט אויסגענוצט דער דירעקטאָר פון דער פעדעראַציע און ער איז אַרויס מיט אַ געוואַלד: — דער באָנד־קאָמיטעט וויל שטערן דעם „עלאַיד דזשואיש קאַמפּיין". ער האָט צוגעצויגן די אַנטי־ציוניסטן, וואָס דעטראָיט האָט אין יענער צייט געהאַט, און עס איז געוואָרן „ויצעקו": „פלישתים עליך ישראל!" אייניקע פון באָנד־קאָמיטעט זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דעם דירעקטאָר, מיט דער טענה, אַז ער איז אַ דיקטאַטאָר און אים אָנגערופן מיט פיל ערגערע נעמען. עס האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים. איין צד האָט געהאַלטן מיט דער פעדעראַציע און דער צווייטער צד האָט געהאַלטן, אַז דער באָנד־קאָמיטעט זאָל דורכפירן דעם באַנקעט און ווייזן דער פעדעראַציע מיט איר דירעקטאָר, אַז זיי קענען ניט דיקטירן וואָס די דעטראָיטער אידן זאָלן טאָן, הויפּטזעכלעך ווען עס האַנדלט זיך וועגן בלויז איין טאָג.

העגרי מאָנטאָר, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער נאַציאָנאַלער די־רעקטאָר פון „באָנד"־פּאַרקויף, האָט שטאַרק געדריקט אויפן דעטראָיטער באָנד־קאָמיטעט, אַז מיר מוזן דורכפירן דעם „דינער", און איין מאָל פאַר אַלע מאָל ווייזן דער פעדעראַציע, אַז זי קען ניט דיקטירן די דעטראָיטער אידן וואָס צו טאָן. טעלעגראַמעס זיינען געלאָפן קיין ישראל און צוריק. אָפּנים, אַז אליעזר קאַפּלאַן האָט ניט געוואָלט נעמען קיין שטעלונג און ניט אַנטאַגאָניזירן איינעם פון די צוויי צדדים. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אָפּצולייגן דעם באַנקעט אויף יוני. די אויסרעכענונג איז געווען, אַז מען טאָר נישט דערלאָזן צו אַ שפּאַלטונג ביי די דעטראָיטער אידן, ווייל פון דעם קען ליידן אי דער „עלאַיד דזשואיש קאַמפּיין", אי דער באָנד־פּאַרקויף. עס איז גרינג אָנצוהייבן אַ קריג, אָבער ס'איז זייער שווער צו ברענגען צו אַ שלום. פאַר אונז, ציוניסטן, זיינען ביידע אַקציעס געווען טייער און מיר האָבן ניט געוואָלט, אַז אַפילו איין קאַמפּיין זאָל ליידן. ווען מאָנטאָר האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם באַשלוס, האָט ער געגעבן אַ דירעקטיוו, אַז דער „באָנד־דינער" מוז פּאַרקומען דעם 1טן מערץ. דעמאָלט האָבן מיר אַלע רעזיגנירט פון באָנד־קאָמיטעט. מאָנטאָר האָט אָבער דורכגעזעצט זיין פאַר־לאַנג און האָט דורכגעפירט דעם באַנקעט. ער איז געווען אַ דורכפאַל, כאָטש דער הויפּט־רעדנער איז געווען משה שרת.

אַזוי ווי גאָלדע מאיר האָט געהאַלטן מיט מאָנטאָרן, האָט זי מיט מיר

פּאַרפירט אַ שמועס וועגן דעם ענין און גערעדט מיט פּאַרביטערונג קעגן דער דעטראָיטער פעדעראַציע און דעם דירעקטאָר. ווען איך האָב געפּרוואוט איר אויפווייזן, אַז אונז ציוניסטן איז הויפּטזעכלעך געגאַנגען אין דעם ניט צו דערלאָזן צו קיין שפּאַלטונג אין דער געמיינדע פון דעטראָיט, און אויב דאָס וואָלט געשען, וואָלט בעיקר געליטן מדינת ישראל, האָט גאָלדע גע־וואָרפן מיר אין פּנים אַריין, אַז איך בין אַ „פאַררעטער”, אַז איך האָב פאַר־ראַטן דעם ציוניזם. עס האָבן זיך דעמאָלט ביי איר אין הויז געפונען אַרום אַ טוץ אַמעריקאַנער פון פאַרשיידענע שטעט. איך האָב זיך דערפילט שטאַרק באַליידיקט. מיט אַמאָל האָב איך זיך דערמאָנט די ווערטער פון רבי ישמעאל „זו תורה וזו שכרה!”

אָבער דאָס זיינען בלויז „בראָדעוועקס” אויפן פּנים פון מדינת ישראל. ווען איך האָב געזען די גרינע פעלדער, די פרוכט־סעדער, די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, די שפּיטאָלן, די קולטור־אינסטיטוציעס, די מושבי זקנים, און דער עיקר די קינדער־היימען, זיינען אונזערע הערצער אָנגעפילט גע־וואָרן מיט פרייד און שטאָלץ. מיר האָבן בייגעוואוינט דעם זיבעטן „יום העצמאות”, און טרערן זיינען געשטאַנען אין אונזערע אויגן צוקוקנדיק די פייערונגען. מיר האָבן אויך געזען דעם ערשטן מאַי־פּאַראַד. די פיל רויטע פאָנען זיינען געווען אַביסל צופיל פאַר אונז. מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס האָט ניט צו טאָן מיט רוסלאַנד אָדער מיט קאָמוניזם — דאָך האָבן מיר דאָס שווער פאַרדייעט.

פון מדינת ישראל זיינען מיר געפלויגן קיין איטאַליע און זיך אָנגע־זעטיקט מיט קונסט, איבערהויפּט מיט קלויסטער־קונסט. פון איטאַליע זיי־נען מיר געפאָרן קיין האָלאַנד, וואו חנה האָט געהאַט אַ פעטער און אַ קוזי־נע. דאָרט האָבן מיר פאַרבראַכט צען טעג. געזען אַביסל דאָס לאַנד, די קונסט־מוזעאומס, די טוליפּאַנען־פעלדער, אָבער מער פון אַלץ האָבן אונז באַגייסטערט די מענטשן. אין ערגעץ האָבן מיר ניט געזען אַזעלכע הויכע מענטשן, מענער און נאָך מער פרויען. אַנטקעגן זיי האָב איך אויסגעזען ווי אַ קאַרליק. אַלע אַזעלכע מיושבדיקע, רואיקע און פריינטלעכע. דער אידי־שער ישוב אין האָלאַנד האָט געמאַכט אַ דערדריקנדיקן איינדרוק. אין האָ־לאַנד זיינען געבליבן וויניק אידן נאָך דער אָקופּאַציע פון די נאַציס, ימח שמם; דערצו נאָך איז דער פּראָצענט פון געמישטע חתונות זייער גרויס. נאָך ערגער איז שמד. אַ סך וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון קאָנצענטראַ־

ציע־לאַגערן, האָבן קומענדיק צוריק „אויסגעביטן דאָס רענדל...״ עס איז ניטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד, ניט מצד דער רעגירונג און ניט מצד דער באַפעלקערונג. פאַרוואָס שמדן זיך אידן? איך האָב גערעדט מיט איי־ניקע משומדים. זיי האָבן מיר אָנגעגעבן דעם תירוץ, אַז זיי ווילן ניט, אַז זיי אָדער זייערע קינדער און קינדס־קינדער זאָלן דורכגיין דאָס, וואָס זיי זיינען דורכגעגאַנגען. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי נאַרן מיך און אפשר זיך אַליין. די נאַציס האָבן פאַררעכנט פאַר אידן אַפילו די יעניקע, וועמעס אורעלטערן פון פערטן דור זיינען געווען אידן. איך גלויב, אַז פי־נאַנציעלע סיבות האָבן געשפּילט ניט קיין קליינע ראָל אין שייכות צו דעם שמדן זיך.

אין האָלאַנד מוז יעדער איינער געהערן צו אַ געמיינדע. אויב איינער איז אַ איד, מוז ער געהערן צו דער אידישער קהילה. די קהילה באַשטייערט איטלעכן לויט איר אָפּשאַצונג, און די רעגירונג קאָסירט איין דאָס געלט, פּונקט ווי זי קאָסירט איין אירע אייגענע שטייערן, און גיט עס איבער דער קהילה. מיט דעם געלט האַלט אויס די קהילה אַלע קהלשע אינסטיטוציעס. ווען די אידן האָבן זיך אומגעקערט פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אָדער פון באַהעלטעניש, איז דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן געווען צע־שטערט. כדי די אינסטיטוציעס זאָלן קענען אָנהויבן פונקציאָנירן, האָט די קהילה באַשלאָסן צו באַשטייערן יעדן איינציקן פאַר די יאָרן וואָס ער איז געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אָדער אין באַהעלטעניש. דאָס האָט גע־מיינט אָפּצאָלן קהילה־שטייער פאַר 5—6 יאָר. אייניקע ביי וועמען געלט איז געווען וויכטיקער ווי זייער אידישקייט, האָבן זיך געשמדט, און ווייל זיי זיינען אַרויס פון דער אידישער געמיינדע, האָבן זיי ניט געדאַרפט צאָלן.

איך האָב גערעדט מיט דעם וויצע־פּרעזידענט פון דער קהילה און אים געפרעגט: ווי איז דער פאַל אויב איינער האָט ניט קיין געלט, ווערט ער דאָך געטריבן צום שמד? האָט ער מיר געענטפערט, אַז די האָלענדישע רע־גירונג צאָלט אַלעמען פאַר דעם פאַרמעגן, וואָס די נאַציס האָבן צוגענו־מען אָדער פאַרניכטעט, דעריבער קען איטלעכער באַצאָלן די קהילה־שטיי־ערן; די קהילה בויטיקט זיך זייער שטאַרק אין געלט, און אויב איינער וויל ניט צאָלן, דאַרף מען אים ניט, זאָל ער גיין. דער ענטפער האָט געקלונגען זייער האַרב.

פון האָלאַנד זיינען מיר געפאָרן מיט אַ שיף קיין ענגלאַנד. אונזער טאָג־

טער יהודית איז דעמאָלט געווען אין לאָנדאָן, וואו זי האָט געאַרבעט פאַרן אַמעריקאַנער סטייט־דעפּאַרטמענט אַלס וויצע־קאָנסול. זי האָט געדונגען אַן אויטאָמאָביל און מיר זיינען אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך. ווען מיר האָבן געדאַרפט פאָרן אַהיים, האָט אויסגעבראָכן אַ שטרייק פון די שיף־אָנגעשטעלטע, און באַלד נאָך דעם האָבן די אייזן־באַן־אָנגעשטעלטע פאַרשטרייקט. עס איז ווערט צו דערציילן. די אייזן־באַן־אינזשענירן האָבן געשטרייקט, זיי האָבן געפאָדערט אַ העכערונג פון 4 שילינג אַ וואָך. זיי האָבן געאַרבעט 44 שטונדן אַ וואָך פאַר אַכט און צוואַנציק דאָלאַר. זייער אַרבעטס־צייט איז ניט געווען פינף און אַ האַלב טאָג, נאָר צעוואָרפן דורכן טאָג און נאַכט, יעדער מאָל צו עטלעכע שעה. די אינזשענירן האָבן פאַרלאָרן דעם שטרייק. אָבער דאָס לעבן אין לאָנדאָן האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. דעם טאָג וואָס מיר האָבן געדאַרפט אָפּפאָרן, האָט מען אַלע פּאַסאַזשירן צוגעפירט צום פּאָרט אין אויטאָבוסן, דאָרט זיינען מיר אַרויף אויף קליינע שיפלעך, וואָס האָבן אונז צוגעפירט צו דער „קווין עליזאַבעט", וואָס איז געווען פאַראַנקערט אויסער די ענגלישע טעריטאָריעלע וואַסערן. ווען איך בין געווען אין לאָנדאָן האָב איך געזען ווי די שטאָט בויט זיך אויף נאָך דער מלחמה, אויסצוזען פּונקט אויפן זעלבן שטייגער ווי פאַר דער מלחמה. די וואַסער־רערן זיינען אין דרויסן און ווינטער ווערט דאָס וואַסער פאַרפרוירן.

## געזעלשאַפטלעכע אַרבעט

דער אידישער „קאָמיוניטי קאַונסיל" האָט פּראָגרעסירט. די פעדעראַציע־לייט האָבן יאָרן־לאַנג געשטרעבט צו קריגן די קאָנטראָל איבערן ראַט. זיי האָבן אַריינגעשיקט פיל פאַרטרעטערס צום קאַונסיל, אַלס דעלעגאַטן פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, אָבער אַלע זיינען געווען פעדעראַציע־מענטשן. נאָר ס'איז דער פעדעראַציע ניט געלונגען צו קריגן דעם קאָנטראָל. האָט זי אָנגעווענדט אַן אַנדער מעטאָד — באַשרענקען דעם בודזשעט פון „קאַונסיל", ניט באַשטימען קיין געלט פאַר קולטור־אַרבעט. יאָרן־לאַנג האָט דער „קאַונסיל" געבעטן 500 דאָלאַר צו אַראַנזשירן אידישע לעקציעס, אָבער די פעדעראַציע האָט די סומע קיינמאָל ניט באַוויליקט. אין בודזשעט זיינען

אויסגערעכנט די סומעס פֿאַר יעדער טעטיקייט באַזונדער, און דער „קאָונ־סיל" קען ניט איינשפּאָרן קיין געלט פֿון איין טעטיקייט און עס פֿאַרנוצן אויף עפּעס אַנדערש, וואָס דער ראַט האַלט פֿאַר וויכטיק. דאָס איינגעשפּאָר־טע געלט מוז גיין צוריק צו דער פֿעדעראַציע.

אין משך פֿון אַ באַשטימטן צייט־אָפּשניט האָט דער „קאָונסיל", צוזאַ־מען מיטן אידישן צענטער, דורכגעפֿירט יערלעך דריי לעקציעס אויף אידיש. דאָס האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווען דער צענטער האָט ניט געוואָלט קיין אידי־שע לעקציעס, מיטן אויסרייד, אַז די אידיש־ריידנדיקע זיינען ניט פֿאַראינ־טערעסירט אין אידיש (עס פֿלעגן קומען צו די אידישע לעקציעס פֿיר ביז פֿינף הונדערט מענטשן). דער קאָמיוניטי קאָונסיל האָט אַ פּונקט אין סטאַטוט, אַז די שפּראַך אויף די פֿאַרזאַמלונגען איז אידיש אָדער ענגליש. אייניקע דעלעגאַטן האָבן גערעדט נאָר אידיש. אַזוי פֿלעג איך אויך טאָן. אָבער אין משך פֿון די לעצטע 20 יאָר זיינען די מערסטע צאָל מיטגלידער אין דער עקזעקוטיווע מענטשן פֿון אינגערן דור און זיי פֿאַרשטייען ניט קיין אידיש. אידיש איז טאַקע דערלויבט צו ריידן, אָבער דער פּרעזידענט האָט יעדנס רייד געדאַרפֿט איבערזעצן אויף ענגליש. די פּרעזידענטן אַליין זיינען קנאַפּע קענערס פֿון אידיש, און די איבערזעצונג איז אָפֿט קאַפּויער פֿון דעם, וואָס דער רעדנער האָט געמיינט און געזאָגט. האָבן אַלע, איך אַריינגערעכנט, גע־מוזט אָנהויבן ריידן ענגליש.

מיט צוועלף יאָר צוריק האָט די פֿעדעראַציע גענומען אַגיטירן, אַז דער קאָונסיל זאָל זיך פֿאַראייניקן מיט דער פֿעדעראַציע און זאָל אָנפֿירן מיט „פּאָבליק רילייישאָנס" — געזעלשאַפֿטלעכע אויפֿקלערונג. מיטגלידער פֿון דער עקזעקוטיווע פֿון „קאָונסיל" האָבן דאָס געוואָלט טאָן, אָבער זיי האָבן ניט פֿאָראויסגעזען, וואָס עס וועלן זיין די רעזולטאַטן. פֿיל שטעט האָבן עס פֿריער געטאָן און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז עס איז געוואָרן אויס מיט די „קאָונסילס". ס'איז געוואָרן נאָר איין קאָמיטעט פֿון דער פֿעדעראַציע, אָן קיין שום זעלבסטשטענדיקייט, ווייל די „קאָונסילס" האָבן נאָר בּאַראַ־טונגס־רעכט און ניט קיין שטים־רעכט אין דער פֿעדעראַציע. דער קאָונסיל האָט באַשטימט אַ קאָמיטעט צו פֿאַרהאַנדלען מיט דער פֿעדעראַציע וועגן פֿאַראייניקונג. דאָס האָט זיך געצויגן עטלעכע יאָר.

די עלטערע מיטגלידער, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי דער אַרבעט ווען דער „קאָונסיל" איז געשאַפֿן געוואָרן, האָבן געהיט, אַז דער ראַט זאָל פֿאַר־

בלייבן אַ דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע און זאָל פאַרטרעטן אידן פון אַלע שאַטירונגען, אַחוץ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס; זיי האָבן, נאַטירלעך, גע־קעמפט קעגן דער פאַראייניקונג. ביסלעכווייז איז דער פּלאַן פאַרגעסן גע־וואָרן. אין די לעצטע 6—7 יאָר הערשט שלום צווישן דער פעדעראַציע און דעם „קאָונסיל", הויפּטזעכלעך זינט ס'איז פאַראַנען אַן אַנדערער דירעק־טאָר פון דער פעדעראַציע, און ער וויל ניט קאָנטראָלירן דאָס געזעלשאַפט־לעכע לעבן אין די אינסטיטוציעס פון דעטראָיט.

היינט צו טאָג פונקציאָנירט דער „קאָונסיל" זייער גוט מיט אַ בודזשעט פון איבער 100 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר.

דער קאָונסיל האָט די פאָלגנדיקע שטענדיקע באַאַמטע: אַ פּרעזידענט, דריי וויצע־פּרעזידענטן, אַ סעקרעטאַר, אַ קאַסירער, אַן עקזעקוטיווע פון 48, און קאָמיטעטן —

פאַר אויסערלעכע אָנגעלעגנהייטן, מיט 52 מיטגלידער;

פאַר אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן, מיט 63 מיטגלידער;

קולטור־קאָמיטעט, מיט 33 מיטגלידער;

אַריינצונעמען נייע אָרגאַניזאַציעס, מיט 5 מיטגלידער;

פאַר טעלעוויזיע און ראַדיאָ, מיט 22 מיטגלידער;

פאַר קירך און סטייט אָנגעלעגנהייטן, מיט פינף מיטגלידער;

פּלאַניר־קאָמיטעט פאַר די פערטל־יאָריקע דעלעגאַטן־מיטינגען, מיט 12 מיטגלידער;

פאַראייניקטער קאָמיטעט פון קאָונסיל און אָרטאָדאָקסישער רבנים־ראַט, מיט 8 מיטגלידער;

פאַראייניקטער קאָמיטעט פון קאָונסילס און ציוניסטישער קאָונסיל, 2 מיטגלידער, מיט די פּרעזידענטן פון ביידע קאָונסילס;

קאָמיטעט פאַר מאַסן־מיטינגען, מיט פינף מיטגלידער;

נאָמינאַציע־קאָמיטעט, מיט זעקס מיטגלידער;

קאָמיטעט פאַר גלייכע רעכט, מיט דריי מיטגלידער;

קאָמיטעט פאַר שטאַטישע אָנגעלעגנהייטן, מיט 14 מיטגלידער.

חוץ דעם זיינען פאַראַן סוב־קאָמיטעטן: איינער פאַר ענינים פון סאָ־וועטישע אידן און אַ בוררים־קאָמיטעט פון צוויי. ווי מען קען זען פון די אויס־גערעכנטע קאָמיטעטן, האָט זיך דער „קאָונסיל" אויסגעברייטערט און נעמט אַרום דאָס גאַנצע אידישע לעבן אין דעטראָיט.

איך בין געווען אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע במשך פון 29 יאָר. עס איז שוין דאָס דריטע יאָר, ווי איך בין ניט קיין מיטגליד.

אַ פּרעזידענט ווערט אויסגעקליבן אַלע יאָר. ער קען זיין אין זיין אַמט דריי יאָר כסדר. אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע ווערט אויסגעקליבן אויף דריי יאָר, און ער קען ווידער דערוויילט ווערן אויף נאָך דריי יאָר, דער־נאָך מוז ער אַרויספאַלן אויף איין יאָר, און ער קען שפּעטער ווידער דער־וויילט ווערן אויף צוויי טערמינען. אַלע באַשלוסן פון דער עקזעקוטיווע מוזן גוטגעהייסן ווערן פון די דעלעגאַטן צום פערטל־יאָריקן מיטינג.

דער „קאַונסיל" האָט איצט 349 מיטגלידער־אָרגאַניזאַציעס. די גרעסטע גרופּע מיטגלידער האָבן די שולן פון אַלע דריי ריכטונגען. 33 שולן גע־הערן צוזאַמען מיט זייערע מענער־קלובן. פרויען־קלובן האָבן זיי 67. די צווייטע גרעסטע גרופּע שטעלן־פאַר מיט זיך אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען, וועלכע האָבן צוזאַמען 43 אָפּטיילונגען. די דריטע גרופּע איז בני ברית מיט 38 לאָזשעס. וויפל פאַרטרעטערס יעדע פון די אָפּטיילונגען האָט, ווייס איך ניט. דער קאָמיוניטי קאַונסיל נעמט אַריין אַלע שטעטלעך אַרום דעטראָיט. אין 1966 האָט מען געשאַצט, אַז דעטראָיט און די אַרומיקע שטעטלעך האָבן אינאיינעם 84,500 אידישע נפשות.

# די געשיכטע מיט אַ נאַציכע

אין משך פון די קאַרגע 30 יאָר, וואָס איך האָב זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון אידישן „קאַונסיל", איז מיר אויסגעקומען צו פירן אַ שטאַרקן קאַמף, אַז דער דאָזיקער ראַט זאָל שטיין אויף דער וואַך לטובת די אידישע אינטערעסן. דער „קאַונסיל" איז געגרינדעט געוואָרן הויפּט־זעכלעך פון די אידיש־ריידנדיקע עלעמענטן. ביסלעכוויז זיינען די אידיש־ריידנדיקע אַרויסגעפאַלן צוליבן עלטער, אָדער נאָך ערגער, וואָס אַ סך זיי־נען אַוועק אויפן עולם האמת. איז אַריינגעקומען אַן עלעמענט פון ענגליש־ריידנדיקע. די מערסטע ווייסן זייער ווייניק וועגן אידן און אידישקייט. פיל פון זיי זיינען ליבעראַלן. איך רוף זיי „פּאָזי ליבעראַלס" — צעמישטע לי־בעראַלן. זיי האָבן גענומען אַגיטירן פאַר די שוואַרצע, מען זאָל זיי איינ־לאַדן, זיי זאָלן זיך באַזעצן צווישן די אידן. דער אמת איז, אַז זיי אַליין

זיינען אַנטלאָפן, ווען עס האָט זיך אַריינגעקליבן אין זייער געגנט איין שוואַר־צע פאַמיליע. די מיטינגען פון דער עקזעקוטיווע האָבן זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט נעגערישע ענינים, און וועגן אידישע אָנגעלעגנהייטן האָט מען גאָר פאַרגעסן. איינמאָל האָב איך עקספּלאָדירט און זיי אָנגערופן היפּאָקריטן. קיין איין מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע וואוינט נישט מער וואו עס געפי־נען זיך שוואַרצע, אָבער זיי ריידן, אַז אידן זאָלן פאַרבעטן נעגערס, זיי זאָלן זיך באַזעצן צווישן זיי. איך האָב געקענט ריידן אַזוי, ווייל איך בין געווען דער איינציקער פון דער עקזעקוטיווע צו בלייבן וואוינען, ווען די גאַנצע געגנט איז שוין געווען באַזעצט פון שוואַרצע. קיין איינער האָט מיר ניט געגעבן קיין ענטפער אויף דעם. אָבער איך האָב גלייך דערפילט, אַז זיי ווילן פון מיר פּטור ווערן. אויף דער קומענדיקער נאָמינאַציע איז שוין מיין נאָמען נישט דערמאָנט געוואָרן.

מיר דוכט, אַז עס איז וויכטיק צו דערמאָנען נאָך אַן אינצידענט.

דאָס איז געשען אין די שפּעטע פופציקער יאָרן. אַ אידישע פרוי האָט, גייענדיק אויף דער גאַס, דערזען אַ פרוי, אין וועמען זי האָט דערקענט אַ נאַציכע פון בודאַפּעשט. די אידישע פרוי איז געוואָרן היסטעריש. עס איז געוואָרן אַ טומל. דער אידישער „קאָונסיל" האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט און האָט גערופן די פרוי זי זאָל איבערגעבן וואָס עס איז געשען. זי האָט דערציילט, אַז זי קומט פון בודאַפּעשט. אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַ־ציע האָט מען אַלע אידן אַרויסגעטריבן פון זייערע היימען און אַריינגע־טריבן אין געטאָ. די פרוי, וואָס זי האָט באַגעגנט אויף דער גאַס, איר שוועס־טער און איר מוטער זיינען געווען די אויפזעערינס איבער אַ הויז, וואו עס זיינען אַריינגעקוועטשט געוואָרן אַ סך אידן. יעדע נאַכט, 12 אַזייגער, פלעגט די מאַמע מיט די צוויי טעכטער אַרויסטרייבן אַלע אידן, כדי זיי איבערצו־ציילן און זען צי קיינער איז ניט אַנטלאָפן, און מען פלעגט זיי אָפּהאַלטן שעהן לאַנג אויף די פיס, און זיי האָבן זיך אַפילו ניט געטאָרט אַ קער טאָן. אויב עמיצער האָט ניט געקענט איינשטיין האָבן די מאַמע מיט די טעכטער יענעם געשלאָגן. זיי האָבן צוגענומען ביי די אידן דאָס צירונג און די בע־סערע קליידער. אין אַלגעמיין האָבן די אידן געהאַט אויסצושטיין גדויסע צרות פון דער מאַמען מיט אירע טעכטער.

דער קאָונסיל האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די אידישע נאַ־ציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און זיי געבעטן זיי זאָלן זיך באַמיען אויסצוגעפי־

נען דעם פולן אמת וועגן דער געשיכטע. איך געדענק ניט גענוי, צי דער אידישער קאָנגרעס, אָדער דער אַמעריקאַנער אידישער קאָמיטעט, האָט זיך פאַרבונדן מיטן רב הכולל פון אונגאַרן, דוכט זיך רבי שיף. ער האָט באַשטעטיקט דער אידישער פרויס באַריכט, אַז די מאַמע מיט די טעכטער זיינען געווען נאַציכעס, אַז דער נאַציכעס זון איז געווען דער הויפּט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אַרום בודאַפּעשט, און אַז נאָך דער באַפרייאונג פון אונגאַרן זיינען זיי פאַראורטיילט געוואָרן צו צוויי יאָר תפיסה. עד כאן די מעשה מיט די נאַציכעס.

אין דעטראָיט איז פאַראַן אַן איטאַליענער, דער אייגנטימער פון אַ רעסטאָראַן, און אַ סך אידן האָבן אין דעם רעסטאָראַן געגעסן. יענער איטאַליענער האָט חתונה געהאַט מיט אַ דער נאַציכע, ווען זי איז געקומען קיין אַמעריקע נאָך די רעוואָלט־געשעענישן אין אונגאַרן אין 1956. דער איטאַליענער האָט אַלע מאָל געהאַט גוטע באַציאונגען מיט אידן. איך ווייס ניט צי ער האָט געוואוסט אָדער ניט, אַז ער הייראָט אַ פרוי מיט אַ נאַצישער פאַרגאַנגענהייט. דער „קאָונסיל" האָט עס געהאַלטן בשתיקה, אָבער עס האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן צווישן די אידן איבערן שטאָט קלאַנגען, אַז די פרוי וועלכע שטייט ביי דער קאַסע אין דעם רעסטאָראַן איז געווען אַ נאַציכע. פיל אידן האָבן אויפגעהערט צו גיין אין דעם רעסטאָראַן און דאָס געשעפט איז אַוועק שלעכט. דער איטאַליענער האָט זיך באַקלאָגט פאַר זיינע אידישע פריינט און געזאָגט, אַז ער האָט אַלעמאָל געהאַנדלט מיט אידן, געקויפט ביי זיי סחורה, אַז ער איז ניט קיין אַנטיסעמיט, און וואָס איז ער, נעבעך, שולדיק, אַז אידן זאָלן באַיקאָטירן זיין רעסטאָראַן?

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע, אַז דער קאָונסיל זאָל אַרויסגעבן אַ דערקלערונג, אַז די גאַנצע געשיכטע, אַז דעם איטאַליענערס ווייב איז געווען אַ נאַציכע, איז אַ ליגן. אַ דעלעגאַציע פון אַ די „פּאָזי ליבעראַלס" זיינען געקומען צו דער עקזעקוטיווע און געטענהט, אַז דער קאָונסיל מוז אַרויסגעבן אַ דערקלערונג, אַז דער רעסטאָראַן איז „כשר", ממש למהדרין מן המהדרין, און אַז מען טאָר אים ניט באַיקאָטירן, ווייל דאָס וועט רויִנירן דעם אייגנטימער. ערשט דעמאָלט האָב איך זיך דערוואוסט וועגן דער גאַנצער געשיכטע, — אַזוי גוט האָט דער „קאָונסיל" געהאַלטן דעם סוד, אַז אַפילו די עקזעקוטיווע, וואו איך בין געווען אַ מיטגליד און בין אָנוועזנד געווען אויף יעדער זיצונג, האָט ניט געוואוסט וועגן דעם, חוץ דעם פּרע־

זידענט און דעם דירעקטאָר, און אפשר נאָך עמיצער. די עקזעקוטיווע האָט אָפּגעהאַלטן פיל זיצונגען וועגן דעם ענין און די פראַגע איז געוואָרן היצי־קער און היציקער. די „ליבעראַלע" טענה איז געווען: „וואָס איז ער נעבעך שולדיק ?" און אַז די גאַנצע מעשה, אַז זי איז אַ נאַציכע, איז אַ ליגן; און אויב עס איז אַפילו יאָ אמת, ווי אידן מוזן מיר פאַרגעבן און פאַרגעסן. איך האָב געטענהט, אַז דער „קאָונסיל" מוז זיין ערלעך און מיטטיילן די אָנגע־שלאָסענע אָרגאַניזאַציעס די פאַקטן וואָס מיר האָבן, אַריינגערעכנט דעם בריוו פון אונגאַרישן רב הכולל, און זאָלן אידן האַנדלען ווי זייער געוויסן וועט זיי דיקטירן. די מערסטע מיטגלידער, מיטן פרעזידענט בראש, האָבן זיך געשטיקט מיט דער גאַנצער געשיכטע. זיי האָבן געוואָלט ריינוואַשן דעם איטאַליענער, אַז ער זאָל חלילה נישט ליידן קיין פינאַנציעלן היזק. אָבער וואָס טוט מען מיט דעם רבס בריוו, וואו עס שטייט בפירוש אַז זי איז געווען אַ נאַצי־קאָלאַבאָראַטאָרין. איז דער פרעזידענט געפאַלן אויף אַ גאַניאַלן פּלאַן: פאַררופן אַן אַלגעמיינע זיצונג, ווער עס וויל קען קומען. דאָרטן וועט מען אַרויסברענגען אַלע טענות און עס וועט ווערן קלאָר ווי מען דאַרף האַנדלען.

צום מיטינג זיינען נאַטירלעך געקומען מערסטנס יענע, וועלכע האָבן געוואָלט ראַטעווען דעם איטאַליענערס געשעפט און זיי אַלע האָבן גערעדט מיט היץ. אויך איך האָב גערעדט היציק, אָבער אַרגומענטירט פאַרקערט ווי די אַנדערע. איך האָב געזאָגט, אַז דער „קאָונסיל" טאָר ניט האַנדלען אַנדערש, נאָר ער דאַרף איבערגעבן די פאַקטן און זאָלן אידן טאָן ווי זיי ווילן. דאָ האָט זיך אויפגעשטעלט אַ רב, אייגנטלעך אַן „אַסיסטענט ראַבאַי" פון אַ רעפאָרם־טעמפל און האָט אָוועקגעלייגט אַזאַ דרשה: אַז דער לעצטער רעדנער (מיינענדיק מיך) רעדט עמאָציאָנעל. ער איז עמאָציאָנעל, ווייל ער פילט זיך שולדיק, וואָס ער איז געבליבן לעבן, בעת זיין משפחה איז אויס־געהרגעט געוואָרן; און מען קען ניט גלויבן דעם בריוו פון אונגאַרישן רב, ווייל מסתמא האָט ער אַזוי געמוזט שרייבן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי עמיצער וואָלט מיך געשטאָכן מיט אַ מעסער. ניט וואַרטנדיק, אַז דער פאָרזיצער זאָל מיר געבן דאָס וואָרט האָב איך געפרעגט דעם געערטן ראַ־בינער, ביי וועמען, ווי ביי אַלע „פאָזי ליבעראַלס", איז זיין עמאָציאָנעל דאָס ערגסטע פון ערגסטן; אַז ווי לאַנג, דענקט ער, וואָלט זיין פרוי געווען מיט אים, ווען ער וואָלט ניט געהאַט קיין עמאָציעס. וועגן ניט גלויבן דעם רב הכולל, האָב איך אים געזאָגט, אַז ער זאָל ניט מעסטן די אייראָפּעאישע

רבנים מיט זיין אייגענער מאָס. עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל אין זאַל און די זיצונג האָט זיך געענדיקט.

אויפן קומענדיקן מיטינג פון דער עקזעקוטיווע, וואו די פּראַגע האָט געדאַרפט ווערן באַשלאָסן, האָב איך איבערגעלעבט אַ סך הארץ־ווייטיק, ווען אַן אָרטאָדאָקסישער רב האָט גערעדט געמיטלעך, און אויך געזאָגט, אַז מען קען ניט גלויבן דעם רב הכולל. נאָך אים זיינען כמעט אַלע רעדנער געווען פאַרן אַרויסגעבן אַ דערקלערונג פון קאָונסיל, אַז די געשיכטע, אַז דעם איטאַליענערס פרוי איז געווען אַ נאַציכע, איז ניט באַשטעטיקט געוואָרן און אַז מען זאָל ניט באָיקאָטירן זיין רעסטאָראַן. דערנאָך האָט זיך אויפגעשטעלט אַ יונגערמאַן, וועמעס פאָטער איז זייער רייך, און איז אַ פרומער איד דערצו, און ער האָט אַזוי געזאָגט: „וואָס גייט עס מיך אָן, וואָס עס איז געשען זיבן טויזנט מייל ווייט פון דאַנען, צי היטלער האָט גע־הרגעט איין מיליאָן, צי זעקס מיליאָן אידן. מיר לעבן אין אַמעריקע". איך בין אויפגעשפרונגען ווי אַן אונטערגעשאָסענער און אָנגעשטעלט מיין פינ־גער קעגן רעדנער און מיט גרויס אויפרעגונג געזאָגט: „ווען איך קען ניט דיין טאַטן, וואָלט איך געמיינט, אַז דו ביסט אַ נאַצי. וואָס טוסטו דאָ אין אַ אידישער אָרגאַניזאַציע?" אַלע זיינען געבליבן זיצן דערשטוינטע, — אי פון זיין אומגעלומפּערטער דרשה, אי פון מיין שאַרפן רעאַגירן אויף דעם. צום אָרטאָדאָקסישן רב האָב איך געזאָגט: „אויך דו, ברוטוס?! ווי קומט עס צו אייך?" ער האָט זיך עפנטלעך אַנטשולדיקט, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות. איך האָב געזען, אַז די שטימונג איז אַזאַ, אַז מיין פאָרשלאַג צו פאַר־עפנטלעכן די גאַנצע אָנגעלעגנהייט, לויט די דאָקומענטן וואָס דער קאָונ־סיל האָט, וועט ניט דורכגיין, און איך האָב מורא געהאַט, אַז דער פאָרשלאַג וועגן אַפּלייקענען, אַז די פרוי איז אַ נאַציכע קען יאָ דורכגיין, האָב איך גע־מאַכט אַ קאָמפּראָמיס־פאָרשלאַג, אַז דער קאָונסיל זאָל גאָרניט טאָן, און עס לאָזן גיין אַזוי ווי עס גייט.

דער פּרעזידענט האָט באַשטימט אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל אויסאַרבעטן אַ רעזאָלוציע. דער קאָמיטעט האָט אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, איינע פון יענע רעזאָלוציעס, וואָס האָבן אַ סך ווערטער און זאָגן גאָרניט. ווען דער פּרעזידענט האָט אַרויסגעשיקט די רעזאָלוציע צו די אָרגאַניזאַציעס, האָט ער איבערגעגעבן דעם טעקסט אַזוי ווי ער איז אָנגענומען געוואָרן. איך האָב ניט געשטימט. אָבער צום סוף האָט ער צוגעגעבן: „קיין באָיקאָט קענען

רעסטאָראַן דאַרף מען ניט אָנפירן". אַזוי ווי דאָס איז געווען ביים סוף פון זיין טערמין, און די זאַך איז שוין אָפּגעטאָן געוואָרן, האָב איך די פראַגע מער נישט אויפגעהויבן.

# פועלי ציון

איך בין שוין אַ מיטגליד אין דער פועלי ציון־פּאַרטיי כמעט 50 יאָר און בין געווען אין איר זייער טעטיק. לעצטנס בין איך ניט שטאַרק אַקטיוו איבער אַ סך סיבות. מיטן צענטראַל־ביוראָ בין איך ניט שווה בשווה שוין אַ צאָל יאָרן און איך קום ניט צו קיין זיצונגען אין ניו־יאָרק. די ניו־יאָרקער פירנדיקע חברים מיינען, אַז די גאַנצע חכמה ליגט נאָר ביי זיי, און זיי דערלאָזן ניט, אַז אַ חבר פון אויסער דער שטאָט זאָל האָבן דאָס וואָרט ביים צענטראַל־קאָמיטעט. אַפילו אויף צוזאַמענפאָרן, ווען אַ חבר פון אויסער דער שטאָט בעט דאָס וואָרט ביי דער ערשטער זיצונג, וועט ער עס קריגן פאַר „נעילה", פאַרן שליסן די קאָנפערענץ, ווען די צייט פאַרן רעדנער איז שוין באַגרענעצט צו צוויי מינוט. טאָמער האַלט דער חבר אין מיטן אַרויסברעכן אַ געדאַנק, גיט דער פאַרזיצער (ער איז אַלע מאָל אַ ניו־יאָרקער) אַ קלאַפּ מיטן האַמער און לאָזט ניט פאַרענדיקן דעם זאַץ. אונזערע אָרגאַניזאַציעס ריידן פיל וועגן דעמאָקראַטיע און פירן זיך אַליין דיקטאַטאָריש.

אויך אין דעטראָיט האָבן אַ פּאָר חברים זיך געפירט ווי דיקטאַטאָרן, נאָר ווינציקער איידל. אויב מען שטימט ניט איין מיט זיי, וועלן זיי ניט דיסקוטירן, כדי איבערצייגן אַז זייער שטאַנדפּונקט איז דער ריכטיקער, נאָר פשוט מען זידלט אָן. און אויב דאָס מיטל העלפט ניט, וועט מען דעם אָפּאָנענט פאַרפאָלגן עד חרמה.

אַ גוטער ביישפּיל איז דער „פאַרבאַנד־קעמפּ". נאָך מיט פיל יאָרן צוריק האָב איך אָנגעוויזן, אַז דער קעמפּ ווערט ניט ריכטיק אָנגעפירט. צופיל און ניט־קאָמפּעטענטע אָנגעשטעלטע, און יעדער אָנגעשטעלטער ברענגט מיט זיך זיין אָדער איר גאַנצע פאַמיליע אויפן חשבון פון קעמפּ. פאַרוואַלטן דאָס איינקויפן, קאָנטראָלירן, און זען אַז מען זאָל קריגן פאַר וואָס מען צאָלט, איז געווען לויז און פאַרנאַכלעסיקט. נו, האָט מען מיך אָנגעזידלט. אַז איך האָב געזען, אַז כ'קען גאָרנישט אויספירן, האָב איך זיך צוריקגע־

צויגן פון קעמפּ־אַרבעט. דער רעזולטאַט איז, אַז אין די לעצטע יאָרן האָט זיך דאָס אויפהאַלטן דעם קעמפּ ניט באַצאָלט, — און דאָס איז אין אַ צייט ווען אַלע אידישע קעמפּס מאַכן גרויסע פּראָפיטן. פיל פון זיי צאָלן אויס די היפּאָטעקן און מיט דעם איינקונפט פון די צען זומער־וואָכן קעמפּ לעבן זיי באַקוועם אַ גאַנץ יאָר.

איך האָב באַגרענעצט מיין אַרבעט אין דער פּועלי ציון־פּאַרטיי נאָר צום צווייג 3, וועלכן איך האָב געהאָלפן גרינדן אין 1934. אין משך פון יאָרן איז דער דאָזיקער צווייג געווען דער טעטיקסטער אין שטאָט, און ער איז געבליבן אַ אידיש־ריידנדיקער ביזן היינטיקן טאָג. איצט געפינען זיך אין צווייג נאָר 9 חברים און חברות, וואָס זיינען געווען צווישן די גרינדערס. אַ פּאָר זיינען אַוועק פון דעטראָיט און די איבעריקע גרינדערס זיינען שוין אויפן עולם האמת. דורך די יאָרן זיינען צוגעקומען פיל חברים. אייניקע זיינען געווען מיטגלידער אַ קורצע צייט און אַ סך זיינען געבליבן חברים יאָרן־לאַנג.

איצט איז די לאַגע ניט קיין פריילעכע. קיין יונגע מענטשן האָבן מיר ניט, בעיקר איבער דער שפּראַכן־פראַגע. צווייגן איינס און דריי באַשטייען פון עלטערע חברים יעדערער, זיינען נאָך אידיש־ריידנדיקע. די אינגערע האָבן געגרינדעט ענגליש־ריידנדיקע צווייגן. היינט צו טאָג האָבן מיר די פאָלגנדיקע ענגליש־ריידנדיקע צווייגן: 2, 4, 6, 7, 11. אייניקע חברים פון פּועלי ציון שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין „קאָמיוניטי קאַונסיל", אָבער די פּאַרטיי און דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד האָבן פאַרלאָרן די פירנדיקע ראָלע, וואָס זיי האָבן געהאַט אַמאָל, אַחוץ אין דעם הסתדרות־קאַמפּיין. דאָס איז אפשר דערפאַר, וואָס אַמאָל זיינען געווען אַ סך פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס. די לאַנדסמאַנשאַפטן זיינען כמעט אַלעמאָל געגאַנגען מיטן אַרבעטנדיקן ישראל. איצט זיינען געבליבן זייער ווייניק לאַנדסמאַנשאַפטן. די וואָס זיינען נאָך געבליבן שטיצן יאָ די אַרבעטער־ציוניסטן, פאַרקויפן ישראל־באָנדס און העלפן די „הסתדרות"־אַקציעס. צווייג דריי, אַ דאַנק דעם עלטער פון די מיטגלידער און די קליינע מחנה וואָס איז געבליבן, שפּילט היינט אַ קליינע ראָלע אין שטאָט. פונדעסטוועגן שאַפן מיר נאָך עטלעכע טויזנט דאָלאַר אַ יאָר פאַר ישראל־פאָנדן און העלפן אויסהאַלטן אַ קינדער־שול. מיר שטיצן אויך דעם „אידישער קעמפּער" און דעם „דזשואיש פראָנ־טיר", די אָרגאַנען פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אויגוסט, 1968: די דריי אידישע שולעס, חיים גרינבערג (פאַרבאַנד־פּועלי ציון), אַרבעטער־רינג און שלום עליכם האָבן זיך פאַראייניקט און ווילן טראָגן דעם נאָמען „פאַראייניקטע העברעאיש־אידישע קולטור־שול" און האָבן זיך אָרגאַניזאַציאָנעל פאַרבונדן מיט דער פאַראייניקטער העברעאישער שול — United Hebrew School, וואָס איר גאַנצער דעפיציט ווערט געדעקט פון דער אידישער פעדעראַציע. די אידיש־העברעאישע שול וועט אויסאַרבעטן די אייגענע לערן־פּראָגראַם. עס איז שוין לאַנג צייט געווען פאַר אַזאַ פאַראייניקונג.

# אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס

איך בין געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון דער אידייע פון אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס און אַגיטירט, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַזאַ קערפּערשאַפט. אין די יאָרן 1918—1919 אַלס פּועלי ציון־מיטגליד, בין איך געוואָרן אַ מיטגליד פון קאָנגרעס דורך דער פּאַרטיי. ווען דער קאָנגרעס האָט אָנגעהויבן אַריינצונעמען יחידים, בין איך געוואָרן אַ מיטגליד ווי אַ יחיד. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז דער קאָנגרעס האָט געעפנט די טירן פאַר די קאָמוניסטן. איך האָב געפּראָוואוט ניט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן איבערנעמען די פירערשאַפט. ווען איך האָב געזען, אַז איך בין ניט בכוח דאָס צו טאָן, ווייל דער גרעסטער טייל פון די מיטגלידער, וואָס זיינען ניט געווען קיין קאָמוניסטישע נאָכלויפערס, האָבן ניט געזען צו וואָס די קאָמוניסטן צילן, האָב איך רעזיגנירט. אַפילו ווען דער צענטער האָט צוגענומען דעם טשאַרטער פון דער דעטראָיטער אָפּטיילונג און אין דעטראָיט געגרינדעט אַ נייעם אָפּטייל פון קאָנגרעס, בין איך שוין ניט געוואָרן קיין מיטגליד. מ'האָט מיר אָנגעבאָטן איך זאָל איבערנעמען דעם אַמט פון פּרעזידענט אין לאָקאַלן אָפּטייל, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. אויף די זיצונגען האָט מען פאַרהאַנדלט וועגן די הונגעריקע אין אינדיע, אין כינע, וועגן אונטערדריקטע פעלקער בכלל, אָבער ניט וועגן אידישע ענינים. איך האָב זיי געזאָגט, אַז אויב זיי ווילן עפּעס טאָן פאַר אונטערדריקטע פעלקער, זאָלן זיי אַראָפּנעמען דאָס וואָרט „אידישער" און ווערן אַ טייל פון דער אַלגעמיינער באַוועגונג פאַר ציווילע רעכט, — אָבער כל זמן זיי האַלטן זיך ביים נאָמען „אידי־

שער קאָנגרעס״, מוזן זיי באַהאַנדלען אידישע פּראָגעס. כּדי צו באַהאַנדלען אַלגעמיינע פּראָבלעמען, דאַרפן זיי זיך אָנשליסן אָן אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן ספּעציעל פאַר דעם דאָזיקן צוועק. אַזוי האָב איך איבערגעריסן מיין פאַרבינדונג, נאָך אַ סך יאָרן, מיטן אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס, וואו איך בין געווען טעטיק.

# שול אָנגעהעריקייט

קומענדיק קיין דעטראָיט, אין 1929, זיינען מיר פון ציַיט צו ציַיט געגאַנגען אין שול אַריין. מיין פרוי חנה איז געווען מער רעליגיעז פון מיר. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָבן מיר באַשלאָסן, אַז עס איז ניט ריכטיק פון אונזער זייט, אַז אַנדערע זאָלן אויסהאַלטן אַ שול און מיר זאָלן פון דעם פריי געניסן. מיר האָבן אויך געפילט די נויטווענדיקייט ערגעץ וואו צו געהערן. די קינדער וואַקסן אונטער, זאָלן זיי אַריינגעצויגן ווערן אין אַ סביבה פון אַ מקום־קדוש. עס איז אונז ביידן ניט געווען צום האַרצן אַ קאָנסערוואַטיווע שול. אי איך, אי מיין פרוי, קומען פון אָרטאָדאָקסישע היימען. און כאָטש דאָ אין אַמעריקע זיינען מיר זעלטן געגאַנגען אין שול, האָט דאָך געטליעט אין האַרצן די נאָסטאַלגיע צו דער היימישער שול. הויפּטזעכלעך האָט מיר אויסגעזען פרעמד, ווען דער רב גייט צו צום מיקראָ־פאָן און רופט אויס דעם נומער פון אַ זייט פון דער תּפילה, וואָס מען דאַרף זאָגן. אָדער דאָס זאָגן „קדיש״ — דער רב זאָגט דעם קדיש און די אבלים און בעלי־יאָרצייט זאָגן אים נאָך. דער עיקר האָט מיך שאָקירט ווען צו הקפות האָט דער פּרעזידענט אויסגערופן „וויליאַם דזשאָונס, סטעפּ אָפּ ענד טייק עי סקראָל״, אָנשטאָט ווי מען פלעגט זאָגן „ר׳ חיים בר׳ אברהם, תּן כּבוד לתּורה״. עס איז אַ היפּשער מהלך פון „תּן כּבוד לתּורה״, צו „טייק עי סקראָל״. האָבן מיר זיך גענומען קווענקלען, צי אַ קאָנסערוואַטיווע שול איז אונזער פּלאַץ. מיר האָבן געפּרוּווט אַ פּאָר אָרטאָדאָקסישע שולן אין דער שכנהשאַפט, אָבער דאָרטן האָבן מיר זיך געפילט נאָך ווייניקער באַ־קוועם. איניקע דאַוונען הויך, אַנדערע שטיל, נאָך אַנדערע שרייען אויס די ווערטער זייער הויך. „קדיש״ זאָגן אַלע הויך, אָבער ניט אין האַרמאָניע, איינער ענדיקט פריער, איינער שפּעטער. בעתן דאַוונען ווערן אויך געפירט

פּריוואַטע שמועסן, אמת, אין דער שטיל, אָבער מען הערט דאָס שושקען זיך. מיין פרוי האָט געהאַט אויסצוזעצן, וואָס פרויען זיצן באַזונדער, אויפן באַלקאָן. זיינען מיר געוואָרן מיטגלידער אין „שערי צדק", די גרעסטע קאָנסערוואַטיווע קאָנגרעגאַציע אין דעטראָיט. די שול איז געווען צוועלף גאַסן פון אונזער היים און עס איז פאַר אונז געווען גרינג צוצוגיין שבת, אָדער יום־טוב. מיר האָבן ניט געקענט פועלן ביי זיך צו פאָרן אין שול אום שבת אָדער יום־טוב, כאָטש אין אַנדערע פלעצער פלעגן מיר יאָ פאָרן.

איך בין קיינמאָל ניט געווען טעטיק אין שול־אַרבעט, כאָטש עס זיינען געווען ציטן ווען מען האָט מיך געוואָלט אַריינציען אין דער טעטיקייט. איך האָב געהאַלטן, אַז מיט מיין קוק אויפן לעבן און אויף אידישקייט, בין איך ניט ראוי צו טאָן שול־אַרבעט. איך קום אָבער צו די יערלעכע און האַלב־יערלעכע פאַרזאַמלונגען, כדי צו הערן וואָס עס גייט אָן אין שול. איך האָב גלייך געזען, אַז קיין דעמאָקראַטיע איז אויך דאָרט ניטאָ.

אַ פאָרזיצער פון אַ קאָמיטעט גיט אָפּ אַ באַריכט און גלייך רופט זיך אָן איינער, אַז מען זאָל דעם באַריכט אָננעמען. אַ צווייטער שטיצט אונטער, און דער באַריכט ווערט גוטגעהייסן. עס איז קיינמאָל ניטאָ קיין צייט פאַר דיסקוסיע, עפּעס צו באַטראַכטן. אַלץ גייט ווי געשמירט. פאַר אַזאַ איינעם ווי איך, וואָס האָט באַקומען זיין שולונג אויף פאַרזאַמלונגען פון אַרבעטער־רינג און נאָך מער ביי די פועלי ציון, וואו מען קריגט זיך איבער אַ קוצו של יוד שעהן־לאַנג, האָבן אַזעלכע מיטינגען ביי מיר אַרויסגערופן אַ שמייכל. איך פלעג זיך וואונדערן פאַרוואָס די מיטגלידער זיצן אַזוי רואיק און פּראָטעסטירן ניט.

די לעצטע יאָרן גיט מען ניט אָפּ קיין קאָמיטעט־באַריכטן. אַלע וואָך גיט אַרויס די שול אַ בולעטין, „דער רעקאָרדער", מיט אַלע נייעס פון דער שול. אַ פּאָר וואָכן פאַר דעם יערלעכן מיטינג — האַלב־יערלעכע מיטינגען זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן — ווערט אין קורצן איבערגעגעבן וועגן די טעטיקייטן פון די קאָמיטעטן. אין זיין דערעפענונגס־רעדע זאָגט דער פּרעזידענט: „איר האָט דאָך געוויס געלייענט אין דעם 'רעקאָרדער' די באַריכטן פון די קאָמיטעטן. אויב אימיצער פון אייך וויל האָבן מער אינפאָרמאַציע, זאָל ער זיך ווענדן צום דירעקטאָר אין ביוראָ, און ער וועט אים געבן די פּרטים".

כ'וויל מאַכן קלאָר: איך זאָג ניט, אַז די באַאַמטע און די דירעקטאָרן

פירן ניט גוט די אַנגעלעגנהייטן פון שול. פאַרקערט, אַלע גיבן זיי אָפּ פיל צייט און ענערגיע אַנצופירן מיט אַזאַ גרויסער מלוכה, און אַ מלוכה איז עס באמת: די שול האָט אַ „מענער־קלוב", אַ פרויען־פאַראיין, אַ יגנוט־„קאָנ־גרעגיישאָן", אַ גרויסע ביבליאָטעק, אָבער די אידישע ביכער זיינען פאַר־פאַקט געוואָרן אין קעסטלעך און געפינען זיך אין קעלער, מיטן תירוץ, אַז קיינער פרעגט זיך ניט נאָך אויף אידישע ביכער. פאַראַן אַ קינדער־שולע, פון קינדער־גאָרטן ביז איבער מיטלשול, מיט 1,400 תלמידים און אַ בודזשעט פון ניין הונדערט טויזנט דאָלאַר אַ יאָר (אַריינגערעכנט די צאָלונגען פאַרן „מאָרטגעדזש"). איך האַלט, אַז דאָס איז די שולד פון די מיטגלידער. פון די 1,700 מיטגלידער קומען צום יערלעכן מיטינג בלויז אַ פּאָר הונדערט. אויף איין יערלעכן צוזאַמענקום זיינען אַנוועזנד געווען בלויז 65 מיטגלידער. און די וואָס קומען, זאָגן זיך ניט אַרויס. ווערט פּסיכאָלאָגיש איינגעשטעלט ביי די פירער, אַז וואָס זיי טוען איז גוט. טאָמער טרעפט, אַז אַ געוויסע פראַגע רופט אַרויס אַ וויכוח, ווער רעדט נאָך, אַז איינער איז ניט איינשטי־מיק מיט דעם וואָס די פירערס ווילן טאָן, נעמען זיי דאָס אָן ווי אַ פּער־זענלעכע באַליידיקונג, און דער מאָנער ווערט געשטעמפּלט פאַר אַ „טראָבל"־מאַכער. איך פּערזענלעך האָב עטלעכע מאָל געהאַט אַזאַ דערפאַרונג.

אין די פופציקער יאָרן האָב איך געהערט מאחורי הפרגוד, אַז אייניקע פירער פון שול ווילן, אַז די שול זאָל אָננעמען די „רעקאָנסטראַקשאָניסט" פילאָזאָפיע פון ד"ר מרדכי מ. קאַפּלאַן, און אַז דער דאָקטאָר־רב איירא אייזענשטיין קומט קיין דעטראָיט האַלטן אַ לעקציע וועגן „רעקאָנסטרוקציע"־איינשטעל. איך האָב געלייענט אַ פּאָר ביכער פון מרדכי מ. קאַפּלאַן און דעם אמת געזאָגט האָב איך ניט אינגאַנצן פאַרשטאַנען די גאַנצע טעאָריע. עס איז יאָ פאַראַן אַ גאָט, און עס איז ניטאָ קיין גאָט. דאָס הייסט, עס איז פאַראַן אַ גאָט, וועלכער איז אין גאַנצן „אוניווערס" און אין דער נאַטור, אָבער ער האָט גאָרניט צו טאָן מיטן יחיד. דאַווענען דאַרף מען, נאָר מען בעט ניט גאָט נאָר צו זיך אַליין. איך ווייס, אַז איך גיב ניט איבער אינ־גאַנצן קאַפּלאַנס דענקען, אָבער אַזוי האָב איך אים פאַרשטאַנען. נאַטירלעך בין איך אים געגאַנגען הערן, איבערהויפּט ווען עס איז אַנאָנסירט געוואָרן, אַז ער וועט ריידן וועגן „רעקאָנסטראַקשאָניזם". אדרבא, איך וועל שעפּן פון דעם קוואַל גופא. איך האָב געהערט אַ פּאָר מאָל קאַפּלאַנען, אָבער ער האָט ניט גערעדט וועגן זיין טעאָריע, נאָר ער האָט חוזק געמאַכט פון די אָר־

טאָדאָקסישע רבנים. אָבער אייזענשטיין וועט דאָך ריידן וועגן רעקאָנסטראָק־שאָניזם, בין איך געגאַנגען אים הערן אין גרויס דערוואַרטונג.

דער פּאָרזיצער האָט אים פאָרגעשטעלט מיט גרויסע לויב־ווערטער, ממש ווי ער וואָלט געווען אַ נייער ישעיה. דער רעדנער האָט גערעדט 50 מינוט און די גאַנצע 50 מינוט האָט ער זיך פאַרנומען מיט אָפּלאַכן פון די אָר־טאָדאָקסישע רבנים און פון אייניקע תפילות, וואָס מיר זאָגן ביים דאַווענען. בעיקר האָט ער חוזק געמאַכט פון דער תפילה „מפּני חטאינו״. ער האָט זיך אַ קער געטאָן צום רב פון שול און געזאָגט: „איר האָט דאָך ניט לאַנג צוריק מתפלל געווען — ס׳איז געווען אַ פּאָר וואָכן נאָך פּסח — „מפּני חטאינו״, און מיט אַ געלעכטערל האָט ער אַ זאָג געטאָן: „נו, פרעג איך אייך, איז דאָס ניט אַ נאַרישקייט („נאָנסענס״)? איר ווייסט פאַרוואָס יהודה האָט פאַר־לאָרן ירושלים און דעם בית המקדש (טעמפּל), ווייל די רוימישע אַרמיי איז געווען שטאַרקער פון דער אידישער״. אין דעם זעלבן נוסח האָט ער ווייטער גערעדט: „איר בעט צו גאָט ער זאָל אייך העלפן, אָבער עס איז ניטאָ אַזאַ גאָט״. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין ריידן, און דער פּאָרזיצער האָט געזאָגט, אַז מען קען שטעלן פראַגעס דעם רעדנער, האָב איך דער ערשטער געבעטן דאָס וואָרט, אָבער ניט צו שטעלן קיין פראַגע, נאָר צו מאַכן אַ באַמערקונג. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין געקומען אַהער צו הערן און לערנען וואָס עס איז אַזוינס „רעקאָנסטראָקשאָניזם״. אָנשטאָט דעם הער איך אַ קאַמף קעגן גאָט און קעגן די אידישע תפילות. דאָס איז ניט קיין נייעס, מיר האָבן עס געהערט ביים סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, פון דעם אפּיקורסישן שרייבער בנימין פייגענבוים. דער חידוש איז נאָר, וואָס פייגענ־בוים האָט עס געזאָגט אויף די טראָטואַרן פון דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד, און איצט הערן מיר דאָס פון אַ רב אין אַ שול. דער עולם פון אַרום אַ 600 מענער און פרויען האָט אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער.

אַ יונגע פרוי האָט געפרעגט דעם רעדנער, צי לויט זיין אויפפאַסונג פון אידנטום „מעג אַ איד עסן חזיר״. זיין ענטפער איז געווען: עך „זעט ניט אייך פאַרוואָס ניט. אויב איינער וויל עסן חזיר, זאָל ער דאָס טאָן״. ער, דער רב אַליין, עסט ניט קיין חזיר, ווייל ער האָט עס ניט ליב. האָב איך אים געפרעגט, ווי אַזוי קאָן ער וויסן, אַז ער האָט עס ניט ליב? דער עולם האָט ווידער אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער באַגלייט מיט אַ פּאַטשעריי. נאָך דעם האָב איך מער ניט געהערט קיין וואָרט וועגן דעם, אַז די שול זאָל אָננעמען

דעם „רעקאָנסטרוקציע״-נוסח. אייניקע פּירערס האָבן מיך געשטעמפּלט ווי איינעם, וואָס האָט ליב אָנצוטאָן צרות און מאַכן אַ טומל.

אין מיטן פון די פופציקער יאָרן האָט זיך אויפגעהויבן די פראַגע וועגן אַריבערקלייבן זיך אין אַ נייער געגנט, ווייל פיל אידישע משפחות קלייבן זיך אַרויס פון דער געגנט, וואו די שול געפינט זיך. איך בין געווען קעגן דעם, כאָטש עפּנטלעך, ביים יערלעכן מיטינג, האָב איך זיך בלויז צוגע־הערט, אָבער קיין זאַך ניט געזאָגט. איך בין געווען קעגן דעם, אַז אידן זאָלן אַנטלויפן אַזוי שנעל, ווי עטלעכע שוואַרצע פאַמיליעס קלייבן זיך אַריין אין אַ געגנט. איך האָב געמיינט, און געטראַכט, אַז די נעגערישע פאַמיליעס, וואָס קומען אַריין אין דער אידישער געגנט, זיינען גוטע שכנים, אָבער אויב די אידן וועלן אַנהויבן לויפן, וועלן געשען צוויי זאַכן: מיר וועלן דאַרפן פאַרקויפן אונזערע היימען און די קהלשע געביידעס פאַר אַ נידעריקן פּרייז, אפשר פאַר צען פּראָצענט פון קאָסט־פּרייז וואָס עס איז פאַקטיש ווערט, און דעמאָלט וועט די געגנט ווערן אינגאַנצן אַ שוואַרצע געגנט מיט פאַרנאַכ־לעסיקטע בנינים. אויב די אידן וועלן זיצן אויף זייערע ערטער, וועט במילא ניט זיין קיין אָרט פאַר אַנדערע זיך אַריינצוקלייבן.

די יערלעכע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן, אַז מען זאָל יאָ קויפן אַ פּלאַץ אויף צו בויען אַ נייע שול. די פּירערס פון דער שול זיינען געווען גערעכט. איך בין געווען אומגערעכט. דער שטראָם פון אידן צו פאַרלאָזן די שטאָט איז געוואָרן גרעסער פון חודש צו חודש, קיין כוח אין דער וועלט האָט אים ניט געקענט אָפּהאַלטן. ער איז געוואָרן מעכטיק ווי דער ניאַגאַראַ וואַ־סער־פאַל.

שערי צדק האָט געקויפט פערציק אַקער לאַנד און אין 1962 איז אויפ־געבויט געוואָרן אַ פּרעכטיקע שול פאַר פינף מיליאָן דאָלאַר. איצט אין 1969 באַשטייט די מיטגלידערשאַפט פון שול אַרום אַכצן הונדערט פאַמי־ליעס. עס זיינען פאַראַן פינף און צוואַנציק קאָמיסיעס מיט פינף הונדערט נייַן און צוואַנציק פאַרטרעטערס, אָנצופירן מיט דער פאַרצווייגטער אַרבעט. אַחוץ די קאָמיסיע פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציע פון אַכט און פערציק פאַר־טרעטערינס און אַ קאָמיסיע פון די יונגע פאַרהייראַטע פּאָרלעך מיט דריי און צוואַנציק פאַרטרעטערס, און אַ בודזשעט פון איבער נייַן הונדערט טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, און היפּאָטעק (מאָרטגעדזש) פון אַרום אַ מיליאָן דאָלאַר, פאַר פילע יאָרן צו צאָלן.

# פרויען־רעכט

דערווייל איז געשען נאָך אַן ענין, אין וועלכן איך האָב זיך שטאַרק באַ־טייליקט. אויף איין יערלעכן מיטינג איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ פּאָרשלאַג צו בייטן די קאָנסטיטוציע, — מען זאָל אַריינשטעלן אַ פּאַראַגראַף, אַז „פרויען זאָלן טראָגן די זעלבע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און האָבן די זעלבע רעכט ווי מענער". לויט דער שול־קאָנסטיטוציע קען קיינער ניט אַריינטראָגן קיין פּאָרשלאַג צו בייטן די קאָנסטיטוציע ביים יערלעכן מיטינג, נאָר פריער מוז דער פּאָרשלאַג געבראַכט ווערן צו דעם דירעקטאָרן־ראַט, און אויב די די־רעקטאָרן הייסן גוט, אַרבעט מען אויס דעם נוסח און מ׳ברענגט אים צום יערלעכן מיטינג.

ווען דער פּאָרשלאַג איז אַריינגעטראָגן געוואָרן פון פּרעזידענט, האָט קיין איינער פון די מיטגלידער ניט גענומען דאָס וואָרט, נאָר איינער פון די דירעקטאָרן האָט דעם פּאָרשלאַג גלייך אונטערשטיצט. איך האָב ניט גע־וואָלט זיין דער שייגעץ, און האָב געוואַרט, אַז עמיצער אַנדערש זאָל נעמען דאָס וואָרט. דער פּרעזידענט האָט שוין געוואָלט נעמען דעם ענין צו אַן אָפּשטימונג. איך בין זיכער, אַז ווען ער וואָלט דאָס געטאָן, וואָלט דער פּאָר־שלאַג דורכגעגאַנגען. האָב איך אָבער געשטעלט אַ פראַגע: וואָס אייגנט־לעך מיינט דער פּאָרשלאַג: וועט אַ פרוי קענען אויפגערופן ווערן צו דער תורה? וועט זי קענען דאַווענען פאַרן עמוד? וועט זי מעגן בלאָזן שופר? דער ענטפער איז געווען „ניין, ניט דאָס מיינען מיר". האָב איך ווידער גע־פרעגט: וואָס מיינט עס יאָ? פאַרגעסט ניט, אַז אויב עס ווערט אַריינגע־שריבן אין דער קאָנסטיטוציע, קען אַמאָל אַ פרוי פאָדערן די פּריווילעגיעס, און אויב מען וועט זיי איר ניט געבן, קען זי עס פאָדערן געריכטלעך און דער ריכטער וועט מוזן פּסקענען, אַז דאָס קומט איר. איך האָב צוגעגעבן, אַז איך פּערזענלעך זאָג זיך ניט אַרויס פאַר אָדער קעגן געבן פרויען אַזעל־כע רעכט. איך וויל אָבער, אַז די מיטגלידער זאָלן וויסן וועגן וואָס זיי שטי־מען, און אַז עס איז ניט ערלעך איינצופירן אַזאַ ראַדיקאַלע ענדערונג דורך אַ הינטער־טיר. „זאָגט וואָס מיינט איר מיט אַזאַ פּאָרשלאַג?" אין דעם מאָ־מענט האָבן זיך דערהערט די שטימען פון די אַלטע מיטגלידער קעגן אַזאַ פּאָרשלאַג בכלל. ווען עס איז פאָרגעקומען די אָפּשטימונג, האָט די מער־הייט געשטימט קעגן, אָבער די עטלעכע וואָס זיינען געווען פאַר דעם פּאָר־

שלאָג, האָבן אויסגעשריען זייער צושטימונג הויך אויפן קול. דער פּרעזי־דענט האָט באַשלאָסן, אַז אים איז ניט קלאָר, וועלכער צד עס האָט אייגנט־לעך געוואונען, און ער האָט געהייסן מען זאָל דורכפירן די אָפּשטימונג דורך צעטעלעך, וואָס אויף זיי זאָל מען אָנשרייבן „פּאַר" אָדער „קעגן". בעת דער אָפּשטימונג האָט דער פּרעזידענט אַגיטירט, אַז מען זאָל שטימען פּאַרן פאָרשלאָג. ער האָט נאָך אַלץ ניט געזאָגט, וואָס דער פאָרשלאָג מיינט אייגנט־לעך, נאָר ער האָט געוואָרנט, אַז אויב דער פאָרשלאָג וועט דורכפאַלן, וועט דאָס זיין אַ פּאַטש אין פּנים די דירעקטאָרן און די באַאַמטע פון דער שול.

איך האָב אים געמוזט אָפּשטעלן. איך האָב געזאָגט, אַז אין דער צייט פון שטימען איז ניט דערלויבט צו אַגיטירן „פּאַר" אָדער „קעגן". די גרעס־טע מערהייט האָט געשטימט קעגן דעם פאָרשלאָג. איך וויל צוגעבן, אַז לויט דער שול־קאָנסטיטוציע קען אַ פרוי יאָ שטימען, אויב איר מאַן איז ניטאָ אויף דער זיצונג, אָפּגעזען פון דער סיבה. איך האָב געמיינט אַז די געשיכ־טע איז געענדיקט. אָבער ניין, דער זעלבער פאָרשלאָג איז אַריינגעטראָגן געוואָרן נאָך דריי מאָל, און איטלעך מאָל האָבן די פירערס זיך אָפּגעזאָגט צו דערקלערן, וואָס דער פאָרשלאָג מיינט. מיר איז אַלעמאָל אויסגעקומען אָנצופירן מיט דער אָפּאָזיציע, ביז דער ענין איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון סדר־היום.

ביי אַ צווייטער געלעגנהייט איז מיר ווידער אַמאָל אויסגעקומען „איבער־צוקערן דעם עפּל־וואָגן". אין אַ באַטיק וועגן דעם יערלעכן מיטינג איז גע־זאָגט געוואָרן, אַז עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאָג, ווי אַ צוגאָב צו דער קאָנסטיטוציע („אַמענדמענט"). צווישן פאַרשיידענע לעגאַלע ענינים, וואָס מען האָט געדאַרפט טאָן, צוליב דעם וואָס די שול געפינט זיך ניט אין דעטראָיט נאָר אין סאַוטפילד, און דאָס איז אַן אַנדער קאָונטי, האָט איין „אַמענדמענט" געזאָגט, אַז דער דירעקטאָרן־ראַט, צווישן פיל אַנדערע פליכטן, דאַרף אויך באַשטימען די געהאַלטן פון רב און פון חזן. איך האָב זיך געוואונדערט, וואָס נאָך איבער 100 יאָר עקזיסטענץ פון דער שול, דאַרף מען פּלוצלינג אַזאַ צוגאָב צו דער קאָנסטיטוציע. איך האָב אויפגעזוכט די קאָנסטיטוציע און אַריינגעקוקט, ווער עס דאַרף, לויט די פאָרשריפטן, באַ־שטימען די שכירות, און איך האָב געזען, אַז עס ווערט דייטלעך געזאָגט, אַז דער דירעקטאָרן־ראַט דאַרף באַשטימען דעם געהאַלט, מיט דער גוטהיי־סונג פון דער מערהייט מיטגלידער. הייסט עס, צונעמען דאָס רעכט ביי די

מיטגלידער צו באַשליסן, ניט נאָר וויפל מען זאָל צאָלן דעם רב און דעם חזן, נאָר דאָס וואָלט געמיינט אויך, אַז די דירעקטאָרן קענען אַוועקשיקן, אי דעם רב, אי דעם חזן, קעגן דעם ווילן פון די מיטגלידער. אַז מען וועט שניידן זייערע לוינען, וועלן זיי מוזן אַוועק.

איך האָב זיך טעלעפאָניש פאַרשטענדיקט מיט פיל מיטגלידער, כדי צו הערן זייער מיינונג. 22 זיינען קאַטעגאָריש געווען קעגן אַזאַ אַמענדירונג. ווען איך האָב געפרעגט צי זיי וועלן קומען צום מיטינג און מיר העלפן באַקעמפן דעם פונקט, האָבן אַלע ווי איינער געענטפערט: „ס׳לוינט זיך דען גיין קעמפן?" דאָס האָט מיך זייער אויפגעבראַכט. הייסט עס, אַז די לאַגע איז שוין אַזאַ, אַז די מיטגלידער ווילן שוין אַפילו ניט שטימען קעגן אַ פאָרשלאַג פון די דירעקטאָרן. די מערסטע האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי וועלן ניט קומען צום מיטינג. אייניקע האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן יאָ קומען נעמען אַ וואָרט אין שייכות צו דער פראַגע. איך האָב לאַנג געטראַכט, צי איך זאָל גיין צו דער פאַרזאַמלונג, באַקעמפן אַזאַ אַקט פון די דירעקטאָרן, וואָס ווילן צונעמען ביי די מיטגלידער דאָס רעכט צו באַשטימען אַזאַ וויכ־טיקן ענין, אָדער איך זאָל עס לאָזן גיין ווי עס גייט. האָב איך טעלעפאָנירט דעם פרעזידענט פון דער שול און אים געפרעגט, צו וואָס אייגנטלעך צילן די באַאַמטע און דירעקטאָרן מיטן אַריינברענגען אַזאַ „אַמענדמענט". האָט ער מיר געענטפערט, אַז דאָס איז געווען דער פאַרלאַנג פון חזן. מיר האָט עס געקלונגען אומגלויבלעך, אַז דער חזן זאָל וועלן אַזאַ זאַך. האָב איך געזאָגט דעם פרעזידענט, אַז איך און נאָך פיל מיטגלידער זיינען קעגן דעם פאָרשלאַג, און אַז איך וועל אים באַקעמפן אויפן מיטינג. אַזוי ווי איך בין מיט אייניקע פון די באַאַמטע און דירעקטאָרן גוט באַפריינדעט, האָב איך מורא געהאַט, אַז אין דער היץ פון דער דיסקוסיע, קען איך זאָגן זאַכן, וואָס קענען אָנרירן דעם כבוד פון די פאָרשלאָגערס. האָב איך אָנגעשריבן דאָס, וואָס איך וויל זאָגן, און זיך שטאַרק געהיט ניט אָנצורירן קיינעמס כבוד.

אויפן מיטינג זיינען געווען אַרום פיר הונדערט מענטשן. ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע, בין איך געווען דער ערשטער צו בעטן דאָס וואָרט, נאָך דעם ווי דער פאָרשלאָג איז פון עמיצן אונטערשטיצט געוואָרן. איך האָב געלייענט פון פאַפּיר מיט אַ שטילער, רואיקער שטימע, און לאָגיש אויפגעוויזן די נעגאַטיווע זייטן פון אַזאַ פאָרשלאָג. איך האָב דערביי גע־לויבט די באַאַמטע און דירעקטאָרן פאַר זייער איבערגעגעבנקייט, צו טאָן

אַזאַ שווערע אַרבעט, און אַז זיי מוזן האָבן די אונטערשטיצונג פון אַלע מיטגלידער, אָבער מיטן באַגרענעצן דאָס רעכט פון די מיטגלידער, וועלן זיי נאָך מער אָפּפרעמדן דעם עולם, ווייל עס איז שוין איצט פאַראַן אַן אָפּ־גרונט צווישן די, וועלכע טראָגן די שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט ביים אָנ־פירן מיט אַזאַ גרויסער אינסטיטוציע און שאַפן נאָענט צו אַ מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר, און דער ברייטער מיטגלידערשאַפט. איך האָב זיי דערציילט, וואָס 22 מיטגלידער האָבן מיר געזאָגט, ווען איך האָב זיי געבעטן קומען צום מיטינג, און אַז איצט זע איך ניט קיין איינציקן פון זיי דאָ אין זאַל. און נאָך אַ זאַך האָב איך צוגעגעבן, אַז מיר אַלע האָבן דעם גרעסטן צוטרוי צו די איצטיקע באַאַמטע און דירעקטאָרן, אָבער קיינער קען ניט וויסן ווער עס וועט פאַרנעמען זייער פּלאַץ יאָרן שפּעטער. ווער קען וויסן ווי זיי וועלן אויסנוצן זייער מאַכט אָן קאָנטראָל, און איך האָב אונטערגעשטראָכן, אַז זיי זאָלן ניט פאַרגעסן, אַז וואָס עס ווערט אָנגעשריבן מיט דער פּען, קען אַפילו אַ האַק ניט אויסהאַקן.

נאָך מיר האָבן גערעדט דריי מיטגלידער, וועלכע האָבן מיך אונטער־שטיצט. ביים אָפּשטימען האָבן אַלע אָנוועזנדיקע, אַ חוץ צוויי, געשטימט קעגן דעם פאָרשלאָג. מיטאַמאָל איז אויסגעבראָכן אַ שטאַרקע אָוואַציע פאַר מיר. נאָכן מיטינג זיינען צענדליקער מענטשן צוגעקומען צו מיר דריקן מיין האַנט און מיר באַדאַנקען פאַרן מוט וואָס איך האָב אַרויסגעוויזן. איז דוכט זיך אַלץ גוט, אָבער איך האָב באַצאָלט אַ פּרייז פאַר דעם. מיינע פריינט צווישן די דירעקטאָרן האָבן אויפגעהערט צו קומען אין מיין הויז, און ווען מיר טרעפן זיך אין שול, דערקענען זיי מיך ניט. מיין גליק איז געווען, וואָס מיין פרוי, חנה ע״ה, האָט מיר געגעבן איר פולע אונטערשטיצונג, ווייל אויך זי האָט געהאַלטן דעם אמת העכער פון אַלץ.

אַלע מיינע עפנטלעכע אַרויסטריטן האָב איך פריער דיסקוטירט מיט איר, און זי האָט מיר פיל אַרויסגעהאָלפן מיט אירע עצות, וועלכע אויס־דרוקן צו נוצן און וועלכע ניט. זי האָט געהאַט אַן איינגעבאָרענעם טאַלאַנט צו געפינען דאָס ריכטיקע וואָרט אָדער דעם פּאַסיקן אויסדרוק, אי אין אידיש, אי אין ענגליש. זי איז געווען מיין קאָרעקטאָר און צענזאָר.

נאָך יענער דערפאַרונג האָב איך באַשלאָסן, אַז מער וועל איך אַזוינס ניט טאָן. זאָלן אַנדערע פירן דעם קאַמף, טאָמער ניט, זאָל עס זיין ווי עס איז. די וועלט וועט פון דעם ניט אונטערגיין. איך האָב זיך געשאַפן גענוג

שונאים. איך קען אין מיין קרייז אַ אידן, וועלכער האָט אַ סך פריינט, מיט אַלעמען איז ער אַ גוטער ברודער, אַלע האַלטן אים פאַר זייער אַ וויכטיקן מענטשן. איינמאָל האָב איך אין דער עקזעקוטיווע פון אידישן „קאָונסיל" אָנגעפירט אַ שטאַרקן קאַמף איבער אַ געוויסער פראַגע. ביים אַרויסגיין פון דער זיצונג לייגט ער אַרויף אַ האַנט אויף מיין פּלייצע, ווי אַ גוטער ברו־דער, ווי ער טוט עס אָפט מיט אַנדערע, און זאָגט מיר ווי גערעכט איך בין געווען אין מיינע אַרגומענטן. איך האָב אים געפרעגט פאַרוואָס ער האָט ניט גענומען דאָס וואָרט, אויב ער האָט אַזוי געפילט, און ניט געזאָגט וואָס ער דענקט, האָט ער מיר געענטפערט: „ווער, איך? פאַרוואָס זאָל איך זיך שאַפן שונאים?" האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז די סיבה, וואָס אַלע האַלטן פון אים. ער איז אַ גליקלעכער מענטש, אָבער איך דאַנק גאָט, וואָס איך בין ניט אַזוי ווי ער.

## אַ אידישער שרייבער און זיינע „העלדן"

שפּעטער האָב איך זיך פאַרדרייט אין אַ נייער געשיכטע, וועלכע איך האַלט פאַר ניט פאַרענדיקט. מיט מיר איז ווי מיטן פּערסישן דיכטער אָמאַר כאַיאַם, וואָס האָט געזאָגט: „אין אמתער חרטה האָב איך אָפט געשוואָרן, אָבער בין איך געווען ניכטער, ווען איך האָב געשוואָרן". איך האָב דוכט זיך באַשלאָסן ניט צו רעאַגירן, ווען איך זע אַז עפּעס ווערט געטאָן ניט ריכטיק אין אונזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די לעצטע יאָרן פאַרשאַפן אונז גרויסע צרות די אידן, וועלכע שרייבן ראָמאַנען אין ענגליש. זיי שטעלן־פאָר אַלע זייערע אידישע טיפּן אין אַ שלעכטן ליכט: זיי זיינען געלט־גייציק, זעלבסט־הערשעריש, אָדער ביידע צוזאַמען. ווייס איך ניט, אָבער דאָס בילד וואָס די גוים קריגן וועגן אידן איז ניט גאָר געהויבן. די קריסטלעכע קירך האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן געמאָלן דעם יידן ווי אַ טייוול, מיט הערנער און אַן עק. לעצטנס האָט עס די קירך כמעט אויפגעהערט צו טאָן, אָבער דער איינדרוק וועגן אידן איז ביי די מערסטע גוים ווי פריער. לייענען יוליוס שטרייכער אָדער טע־ראָפּים קיטשקאָ פאַסט נישט. אָבער אַז עס זיינען געקומען אידן, וואָס שרייבן ביכער און שטעלן־פאָר די אידן ווי אויסוואורפן, האָבן זיך די גוים מחיה

געווען און דער סאָרט ביכער ווערן „בעסט סעלערס“. ערגער איז, וואָס פיל אידן, איבערהויפּט אידישע פרויען, וועלכע לייענען ביכער, כאַפּן זיך צו צו דעם מין ווערק, ווייל אויב די גוים זאָגן אויף אַ בוך, אַז ס'איז אַ „בעסט סעלער“, מוז עס דאָך זיין אַ גוט בוך. אַליין ווייסן זיי וועגן אידישקייט ווי אַ האָן אין בני אדם, אָבער זיי באַרימען זיך איינע פאַר די אַנדערע, אַז זיי האָבן געלייענט דאָס שטאַרק־פאַרקויפטע בוך און לויבן עס ביזן הימל. נו, ווילן דאָך די אַנדערע ווייבער ניט בלייבן הינטערשטעליק! לויפן זיי גלייך קויפן דאָס בוך. אויב אַלע זאָגן, אַז עס איז אַ גוט בוך, וועט זי ניט וואַגן צו זאָגן דאָס פאַרקערטע.

אַ אידישער שרייבער, וואָס קען יאָ דאָס אידישע לעבן, איז באַקאַנט מיט דער אידישער קולטור בכלל, מיט אַלץ וואָס אידן האָבן געשאַפן אין משך פון דורות, און קען גוט די מלאכה און קונסט פון שרייבן, האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט אַלעמען ווייזן, ווי צו שרייבן וועגן אידן. ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט, און ער מאָלט אידישע העלדן, וואָס מוזן דערפרייען די גרעסטע אַנטיסעמיטן. אין זיינע ביכער איז ניטאָ באַלד קיין איין טיפּ, וועל־כער איז אַ נאָרמאַלער מענטש און אַן ערלעכער. כמעט אַלע זיינען אויס־וואורפן. אויב די אידיש־ענגלישע שרייבער באַפּוצן זייערע ביכער מיט געשלעכט — וועט ער זיי ווייזן, וואָס ער קען אויפטאָן אויף דעם געביט. ער פאַרכלינעט זיך פּשוט מיט תאווה־טעמעס. פאַרוואָס האָט ער זיך אָנגע־זעצט אויף דער אידישער פרוי און מאָלט זי ווי אַזאַ, וואָס גייט אין בעט מיט יעדן מאַן וועמען זי טרעפט נאָר אָן? און דאָס שרייבט וועגן אונזערע מאַמעס און באָבעס פון די קליין־שטעטלעך. די גוים באַלעקן זיך פון אַזאַ סאָרט שרייבן. איידער דאָס בוך ווערט געדרוקט אין אידיש, זעצט ער עס איבער אין ענגליש, און די עקזעמפּלאַרן ווערן גלייך צעכאַפּט ווי מצה־וואַסער. ווען עס קומט צו זנות, איז ער אַ ספּעציאַליסט, ער פאַרכלינעט זיך מיט זנות. ער פאַרשוואַרצט אונז דאָס פּנים, אָבער מיר קענען ווייניק אויפ־טאָן צו באַווירקן אים ער זאָל שרייבן אַנדערש. זאָל ער, לכל הפּחות, אויך מאָלן ערלעכע אידן, מענער און פרויען. דאָס אידישע פאָלק פאַרמאָגט זיי אין גרויסע צאָלן. אָבער פאַרפאַלן! דאָס איז דער שרייבער און דאָס איז זיין נוסח.

לעצטנס אָבער האָבן שולן אים גענומען איינלאַדן אַלס אַ דרשן ביי זייערע קולטור־אָוונטן. האָט עס מיך שטאַרק געבערענט. מה ענין שמיטה

אצל הר סיני? ווי קומט ער צו זיין אַ בעל דרשן אין אַ שול? צו אונז, קיין דעטראָיט, האָט אים פאַרבעטן אַ קאָנסערוואַטיווע שול צו ריידן אויף אַ קולטור־אָוונט. איך געהער צו „שערי צדק", די גרעסטע קאָנסערוואַטיווע שול אין דעטראָיט און איינע פון די גרעסטע אין לאַנד. איך בין געגאַנגען אים הערן. איך האָב געהאָפט, אַ ער וועט עפּעס זאָגן וועגן זיין אַרט שרייבן, אָדער אַנאַליזירן אַ באַשטימט בוך, וואָס ער האָט אָנגעשריבן. ער האָט ביי־דע זאַכן ניט געטאָן. ער האָט נאָר גערעדט וועגן זיך. ער האָט דערציילט וועלכע ביכער ער האָט געלייענט, אָבער מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן זיין קוק אויף אידן דאָ אין אַמעריקע, אָדער אין אייראָפּע פון וואַנען ער שטאַמט. מיט קיין איין איינציק וואָרט האָט ער ניט דערמאָנט די אידישע ליטעראַטור, אָדער אידישע קולטור פון די פריערדיקע דורות. פּונקט ווי ער איז אַ פּעאיקער שרייבער, איז ער אַ גוטער רעדנער. ער ווייס ווי צו נוצן אַ וויץ, אַרויסצורופן אַ געלעכטער, ריידן אַ סך און גאָרנישט זאָגן. איך האָב געשמועסט מיט מענטשן, וועלכע האָבן אים געהערט ריידן פריער, אין דער אַנדערער שול, און מיט אַזעלכע וואָס האָבן אים געהערט ריידן אין וועין אוניווערסיטעט. לאָזט זיך אויס, אַז ער האַלט די זעלבע רעדע אומעטום.

איך האָב אַריינגעשיקט אַ פּראָטעסט־בריוו צום רב און צו די באַאַמטע פון שול, פאַרן איינלאַדן יענעם שרייבער צו ריידן פאַרן שול־עולם. עס זיי־נען אַריבער קאַרגע דריי וואָכן און איך האָב ניט באַקומען קיין ענטפער. האָב איך איבערגעגעבן אַ קאָפּיע פון בריוו צום לאָקאַלן אידיש־ענגלישן וואָכנבלאַט „דזשואיש ניוס". מ'האָט אָפּגעדרוקט אַ טייל פון בריוו און אויס־געלאָזט דעם נאָמען פון דער שול.

שפּעטער האָט דער רב מיר געשריבן אַן ענטפער און ער האָט מיר אויסגערעדט, פאַרוואָס איך האָב געלאָזט דעם בריוו אָפּדרוקן אין אַ צייטונג. ער האַלט, אַז די שול האָט געהאַנדלט ריכטיק, מיטן איינלאַדן יענעם שריי־בער צו ריידן פאַרן עולם, ווייל ער איז אַ גרויסער שריפטשטעלער, און ער, דער רב, זעט ניט קיין בייז אין זיין אַרט שרייבן, און אַזוי ווייטער. איך האָב דערהאַלטן פון רב דריי בריוו. איך האָב אים ניט געקענט איבערצייגן, אַז אַזאַ שרייבער טאָר מען ניט אין קיין שול פאַרבעטן צו ריידן, ווייל מיט דעם גיט מען אים אַ הכשר אויף פאַרצושטעלן אידן ווי אויסוואורפן. דעם רבס טענה איז געווען: אמת, ער אַליין קען ניט די אידישע ליטעראַטור, אָבער דער שרייבער איז אַ גוטער שרייבער, און ביי דעם איז עס געבליבן.

אַ סך פֿריינט האָבן מיר טעלעפֿאָנירט און מיך געלויבט פֿאַר מיין אַרויס־טריט קעגן יענעם שריפֿטשטעלערס אַרט שרייבן. אָבער ווען איך האָב זיי געפֿרעגט, פֿאַרוואָס זיי רעאַגירן ניט, פֿאַרוואָס זיי שרייבן ניט צו „שערי צדק" אָדער אין „דזשואיש ניוס", — אויף דעם האָב איך פֿון זיי ניט באַקומען קיין ענטפֿער. דאָס זעלבע איז אויך געשען אויף אַ זיצונג פֿון „קאָמיוניטי קאָונסיל". אַרום אַ 50 מענטשן האָבן מיר גראַטולירט פֿאַר מיין קריטיקירן דעם באַטרעפֿנדיקן שרייבערס ביכער, אָבער אויף מיין פֿראַגע, פֿאַרוואָס זיי זאָגן זיך וועגן דעם ניט אַרויס עפֿנטלעך, האָב איך פֿון קיינעם קיין ענט־פֿער ניט געהערט. דאָס האָט מיך געמאַכט זייער טרויעריק.

## אַקטיוויטעטן און קאַמפֿן

איצט, אַז איך דערנעענטער זיך צו מיין 73טן געבוירנטאָג, וויל איך מאַכן אַ סך הכל פֿון מיין לעבן. איך בין געוואָרן אַ ציוניסט נאָך דעם ווי איך האָב געהערט שמריהו לעווין, אין 1915 אָדער 1916, בעת איך האָב געוואוינט אין גאַרדנער, מאַסאַטשוזעטס. אין 1918 בין איך געוואָרן אַ מיט־גליד פֿון די פּועלי ציון, בעת איך האָב געוואוינט אין ספּרינגפֿילד, מאַסאַ־טשוזעטס. סוף 1918 בין איך געקומען קיין באַלטימאָר. איך האָב פֿריער געשריבן ווי איך האָב געהאָלפֿן שאַפֿן אַ אידישע קינדער־שולע אין באַל־טימאָר. אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָבן מיר געעפֿנט נאָך אַ שולע אין אַן אַנדער געגנט פֿון שטאָט. איצט וויל איך צוגעבן וואָס עס איז געוואָרן פֿון די צוויי שולעס, וועלכע זיינען געשאַפֿן געוואָרן מיט אַזוי פֿיל מי. די שולעס האָבן נישט עקזיסטירט לאַנג. אין אַרבעטער־רינג האָט זיך אָנגע־הויבן אַ קאַמף פֿון די קאָמוניסטן. זיי האָבן געוואָלט פֿאַרכאַפּן די פֿירער־שאַפֿט. איך האָב נישט געקענט קומען געבן אַ ווידערשטאַנד. איך בין דע־מאָלט געוווען אַ רייזנדיקער אַגענט און זעלטן אין דער היים. נאָך אַ פּאָר זייער טעטיקע שול־טוערס האָבן זיך אויך נישט געקענט באַטייליקן אין די מיטינגען. איך האָב זיך געבעטן ביי די פֿירערס פֿון דער קאָמוניסטישער גרופּע, זיי זאָלן צו־רו לאָזן די שולע און זי ניט אַריינשלעפּן אין דעם קאַמף, וואָס זיי פֿירן קעגן דער אַלטער גוואַרדיע. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן פֿאַרבעסערן און פֿאַרגרעסערן די שולעס, אַזוי שנעל ווי זיי

וועלן זיי איבערנעמען. איך האָב זיי ניט געגלויבט, אָבער איך האָב גאָר־ניט געקענט טאָן איבער מיין פּאַרנומענקייט. און ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט: אַזוי שנעל ווי די קאָמוניסטן האָבן איבערגענומען די פירערשאַפט, זיינען די אידישע קינדער־שולעס אונטערגעגאַנגען. אין 1929 בין איך גע־קומען קיין דעטראָיט און דאָרט געוואָרן שפּעטער טעטיק אין די פּועלי ציון־רייען.

אין דער צייט וואָס איך האָב געוואוינט אין גאַרדנער, מאַס., האָב איך ניט גענומען קיין אָנטייל אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס האָבן דאָרט עקזיסטירט אַ שול און אַ לאָזשע פון אָרדן ברית שלום. איך האָב ניט גע־הערט צו קיינער פון זיי. ווען איך בין געקומען קיין ספּרינגפילד, מאַס., אין 1918, האָב איך זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דעם געדאַנק פון אַמע־ריקאַנער אידישן קאָנגרעס. איך בין בלויז צוויי מאָל אויפגעטראָטן אַלס רעדנער צו פּראָפּאַגאַנדירן פאַרן קאָנגרעס. איינמאָל פאַרן „אינדעפּענדענט" אַרבעטער־רינג און דאָס צווייטע מאָל אויפן ראָג פון אַ גאַס. קיין גרויסן דערפאָלג האָב איך ניט געהאַט. איך בין אין ספּרינגפילד געווען בלויז זעקס חדשים. אַז כ'בין געקומען קיין דעטראָיט, בין איך געוואָרן זייער טעטיק אין דער אַרבעט פון קאָנגרעס, ביז עס זיינען געעפנט געוואָרן די טירן פאַר די קאָמוניסטן. איך האָב זיך צוריקגעצויגן פון דער אַרבעט אין קאָנגרעס און שפּעטער האָב איך רעזיגנירט, ווי איך האָב שוין פריער דערציילט.

ווען איך בין געקומען קיין דעטראָיט, אין 1929, האָב איך זיך גלייך ניט אָנגעשלאָסן אין אַ פּועלי ציון־פאַראיין, ווייל עס איז דעמאָלט פאָרגע־קומען אַ קריגעריי אין דער פּאַרטיי, און איך האָב זיך ניט געוואָלט אַריינ־מישן. איך פלעג קומען צו די מיטינגען, זיך באַשטייערט אויף אַלץ, אָבער פאָרמעל בין איך ניט געווען אָנגעשלאָסן. מיין פרוי און איך האָבן געהערט צום שולע־קלוב און מיר האָבן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער אַרבעט.

אין 1934 האָט דער צענטראַל־אָפיס פון דער ציון־פּאַרטיי זיך פאַראינ־טערעסירט מיטן דעטראָיטער אָפּטייל. עס זיינען געקומען דוד ווערטהיים, יוסף שפּרינצאַק, ע"ה, און גאָלדע מייערסאָן (איצטער גאָלדע מאיר), צו לאַנגע יאָר. זיי האָבן פאַרבראַכט אין דעטראָיט איבער אַ וואָך צייט, כדי אויסצוגלייכן די מחלוקת, אָבער דאָס איז זיי ניט געלונגען. האָבן זיי באַ־שלאָסן צו שאַפן אַ נייעם פּאַרטיי־צווייג, און מיט מיר איינגעטענהט, אַז איך זאָל ווערן דער פּרעזידענט, הויפּטזעכלעך צוליב דעם, וואָס איך בין ניט

געווען באַטייליקט אין דער קריגערײַ. אין מערץ, 1934, איז געגרינדעט געוואָרן דער צווייג 3, פּועלי ציון, וועלכער עקזיסטירט ביז היינט. פון די אָריגינעלע גרינדער זיינען געבליבן בלויז עטלעכע. איצט איז דער ברענטש זייער אַ קליינער, און ער האָט פאַרלוירן די השפּעה אין דער פּאַרטיי און אין שטאָט בכלל. פריער איז אָט דער „ברענטש 3" געווען דער טעטיקסטער אין שטאָט און האָט געטאָן גוטע אַרבעט פאַר ארץ ישראל, און פאַר דער אידישער באַפעלקערונג אין שטאָט.

אין 1935 האָט מען גענומען ריידן און שרייבן וועגן שאַפן אידישע קהילה־ראָטן אין יעדער שטאָט. איך בין פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם געדאַנק. ווען ד"ר ש. מאַרגאָשעס איז געקומען קיין דעטראָיט, אין שייכות מיטן שאַפן אַזאַ שטאָטישן קאָונסיל, האָב איך באַשלאָסן צו העלפן שאַפן אַזאַ אָרגאַניזאַציע. כ'בין געגאַנגען ריידן אין פיל לאַנדסמאַנשאַפטן און אויפגעוויזן די וויכטיקייט צו האָבן אַ דעמאָקראַטישע פאַרטרעטערשאַפט, וואָס זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך צו די אַנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס, פאַר דעם וואָס מען טוט אָדער מען טוט ניט. איך בין געווען אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע 29 יאָר, חוץ דעם בין איך נאָך געווען אַ מיטגליד פון פאַרשיידענע קאָמיטעטן. איך בין נאָך איצט אַ מיטגליד פון עטלעכע פון זיי.

דער „קאָונסיל" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1937.

אין 1947, ווען דער קאַמף צו שאַפן אַ אידישע מדינה האָט זיך פאַרשטאַרקט, האָט זיך דער דעטראָיטער „ציוניסטישער קאָונסיל" דערפילט צו שוואַך אָנצוגיין מיט דער פאַרגרעסערטער אַרבעט. מיר האָבן ניט געהאַט גענוג געלט און ניט גענוג פּאַסיקע עסקנים. דער מיטגלידס־אָפּצאָל, וואָס יעדער גרופּע ציוניסטן האָבן געצאָלט, איז ניט געווען גענוג אָנצוגיין מיט דער אַרבעט. קיין געצאָלטע אָנגעשטעלטע האָט דער „קאָונסיל" ניט געהאַט. די פיל בריוו, וואָס מען האָט געדאַרפט שרייבן און די נאָטיצן פאַר די צייטונגען, זיינען געמאַכט געוואָרן אין מיין געשעפטס־ביוראָ. מיר האָבן אויך נישט פאַרמאָגט גענוג פּאַסיקע מענטשן, וואָס זאָלן גיין ריידן פאַר פאַרשיידענע קריסטלעכע גרופּעס: אין קלויסטערס, פּרויען־אָרגאַניזאַציעס, און זיך אויך זען מיט די שטאָט־באַאַמטע, און מיט די באַאַמטע פון שטאַט מישיגען. איך בין דעמאָלט געווען דער פּרעזידענט פון ציוניסטישן ראָט, און מיר איז איינגעפאַלן אַ פּלאַן צו שאַפן אַ געמיינזאַמען „קאָונסיל" פון ציוניסטישן און אידישן געמיינדע־ראָט. דער לעצטער האָט דעמאָלט געהאַט

אַ בודזשעט פון אַרום 90 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. דער בודזשעט איז געדעקט געוואָרן אין גאַנצן פון דער אידישער פעדעראַציע. דער קהילה־ראַט האָט געהאַט אַ שטאַב מיט אַ סך אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן געקענט טאָן די טעכנישע אַרבעט און אפשר זיך אויך פאַרנעמען מיט רעקרוטירן מענטשן, וועלכע קענען ריידן אויף עפנטלעכע אַרויסטריטן. איך האָב זיך ניט גענאַרט. דער „קאָמיוניטי קאָונסיל" האָט זייער גערן אויפגענומען דעם געדאַנק, כאָטש עס איז אויסדריקלעך פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז די מענטשן פון „קאָמיוניטי־קאָונסיל" וועלן נישט טאָן קיין שום ציוניסטישע אַרבעט, אויף דער אייגענער אחריות, נאָר טאָן דאָס, וואָס דער „ציוניסטישער קאָונסיל" וועט בעטן צו טאָן. דאָ וויל איך באַמערקן, אַז דער פּרעזידענט פון קאָמיוניטי קאָונסיל איז דעמאָלט געווען ד"ר שמריהו קליינמאַן, אַ בונדיסט און נאַטירלעך אַן אַנטי־ציוניסט, אָבער ער האָט געטאָן די אַרבעט ווי דער בעסטער ציוניסט. אַ אידישע נשמה קען מען ניט אָפּשאַצן.

איך האָב געהאַט די גרויסע פּריווילעגיע צו זיין אַ דעלעגאַט צו דער היסטאָרישער בילטמאָר קאָנפערענץ אין 1942. דאָרט איז אָנגענומען געוואָרן די היסטאָרישע רעזאָלוציע צו פאָדערן אַ אידישע מדינה.

דעטראָיט איז שטענדיק געווען אַ גוטע שטאָט פאַרן אידישן נאַציאָנאַל־פאָנד. מיט יאָרן צוריק, נאָך איידער מיר זיינען געקומען קיין דעטראָיט, איז דאָ געווען אַ „לידיס אָוקזילערי", דאָס הייסט אַ פרויען הילפס־אָרגאַניזאַציע פון קרן קיימת לישראל. די פרויען האָבן געשאַפן די מערסטע געלטער פאַרן פאָנד. די מענער פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און די פּועלי ציון, האָבן זיך ווייניק אָפּגעגעבן מיט דעם קרן קיימת. ווי נאָר עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „ברענטש דריי" פּועלי ציון, האָט מיין פרוי חנה ע"ה, וועלכע האָט געאַרבעט פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד, נאָך אין דער צייט ווען זי איז געווען אַ יונג מיידל, גענומען פאָדערן, אַז דער פּאַרטיי צווייג זאָל זיך פאַראינטערעסירן און העלפן דעם קרן קיימת. זי האָט שטאַרק אויסגערעדט אונזער גאַנצע באַוועגונג, פאַרוואָס מען באַטייליקט זיך ניט אין דער דאָזיקער אַרבעט. דער פּאַרטיי־צווייג האָט באַשטימט דריי פאַרטרעטערס צום נאַציאָנאַל־פאָנד־ראַט: מיין פרוי חנה, נייטן לינדען און וויליאַם האַרדעס. זיי אַלע זיינען שוין אויפן עולם האמת. לינדען און האַרדעס זיינען געבליבן אַקטיווע טוערס פאַרן אידישן נאַציאָנאַל־פאָנד ביז די לעצטע טעג פון זייערע לעבנס. האַרדעס האָט באַקומען דעם טיטול:

„מר. נאַציאָנאַל־פאָנד״. אַ דאַנק מיין פרוי בין איך ביסלעכווייז אַריינגע־צויגן געוואָרן אין דער אַרבעט פאַרן קרן קיימת לישראל, און אין אָנהויב פון די פופציקער יאָרן בין איך דערוויילט געוואָרן פאַר פרעזידענט פון נאַציאָנאַל־פאָנד־ראַט.

די פרויען־אָרגאַניזאַציע פאַרן קרן קיימת האָט יעדן חודש אַ צוזאַמענ־קום מיט אַ קולטור־פּראָגראַם. איין מאָל אַ יאָר פירט מען דורך אַ געלט־אַקציע און מען שאַפט צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן. מען פאַרענדיקט די אַקציע מיט אַ גרויסער פאַרזאַמלונג און אַלע ביישטייערער קריגן פרייע בילעטן.

מיין פרוי האָט יאָרן־לאַנג געקעמפט אַז אי די חודשלעכע מיטינגען, אי דער יערלעכער גרויסער מיטינג זאָלן טראָגן אַ אידיש־גייסטיקן כאַראַק־טער, מען זאָל זינגען אידישע און העברעאישע לידער, דער רעדנער זאָל ריידן וועגן אידישע פּראָבלעמען. דאָס איז געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך. אָבער עס איז ניט געווען אַזוי אין דער פּראַקטיק. עס האָט איר גענומען יאָרן, ביז זי האָט אירס אויסגעפירט.

ווען חנה איז שוין געלעגן שטאַרק קראַנק, האָב איך איבערגענומען איר אַרבעט, צו טעלעפאָנירן די פרויען, וועלכע זיינען געווען אירע ביישטייע־רינס אין משך פון אַ סך יאָרן. זי האָט מיך געהאַלטן אין איין פרעגן, צי איך האָב „געדעקט״ אַלע קאַרטלעך מיט אַדרעסן און זיך באַוואָרנט, אַז קיי־נער זאָל ניט דורכגעלאָזן ווערן. מיט יאָרן פריער איז זי געוואָרן אַ לעבנס־לענגלעכער מיטגליד פון דער נאַציאָנאַל־פאָנד פרויען־אָרגאַניזאַציע.

צו מיין 60טן געבוירנטאָג האָבן די פּועלי ציון, צוזאַמען מיטן נאַציאָ־נאַל־פאָנד, געפלאַנצט אין מדינת ישראל אַ „יער לייקין״, אויף מיין פרויס און אויף מיין נאָמען. מיר האָבן געגעבן 10 טויזנט דאָלאַר און דאָס איבע־ריקע האָבן געגעבן חברים פון פּועלי ציון, דער נאַציאָנאַל־פאָנד־ראַט, הדסה — וואו מיין פרוי איז געווען זייער טעטיק — און אויך פריינט און באַקאַנ־טע. אין משך פון אַ פּאָר חדשים איז געשאַפן געוואָרן די סומע צו פלאַנצן אַרום 12 טויזנט ביימער.

# באָנדס פאַר מדינת ישראל

גלייך נאָך דעם ווי עס האָבן זיך באַוויזן די ישראל־אַקציעס, די „באָנדס", האָט זיך געשאַפן אַ דעטראָיטער קאָמיטעט צו פאַרקויפן די באָנדס. דער דירעקטאָר פון דער קהילה־פעדעראַציע האָט גענומען שטערן אין דער אַרבעט. די רייכע דייטשע „יאַהודים" האָבן כמעט אַלע ניט געוואָלט קויפן די ווערט־פּאַפּירן. דעם דירעקטאָרס טענה איז געווען, אַז דאָס וועט זיך שלעכט אָפּרופן אויפן „עלאַיד דזשוּאיש קאַמפּיין". ער האָט מיט מיר ביי אַ געלעגנהייט איינגעטענהט, אַז די וועלכע וועלן קויפן „ישראל־באָנדס", וועלן געבן ווייניקער פאַרן „עלאַיד קאַמפּיין", אָדער אַנשטאָט צו געבן געלט פאַר דעם „קאַמפּיין", וועלן זיי קויפן „באָנדס". איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער רעדט דורך מיר צום „באָנד־קאָמיטעט", פון וועלכן איך בין געווען אַ מיטגליד. איך בין זייער צופרידן, — און איך גלויב, אַז אויך ער איז צופרידן — וואָס זיין נבואה איז ניט מקויים געוואָרן. איך וויל ביי דער געלעגנהייט פאַרצייכענען אַן עפּיזאָד.

קיין דעטראָיט איז געקומען אַ פאַרטרעטער פון ישראל צו העלפן פאַרקויפן „באָנדס". דאָס איז געווען פּרי־הר, דער ערשטער פּאָסט־מייסטער פון מדינת ישראל. איך פלעג קומען צו אים אין האָטעל יעדן טאָג און אים פירן צו באַקאַנטע, וואָס איך האָב געמיינט, אַז זיי וועלן קויפן די ווערט־פּאַפּירן. דערנאָך האָב איך אים געבראַכט אַהיים אויף אַן אָוונט־מאָלצייט און אַביסל שפּעטער אים געפירט צו אַ פאַרזאַמלונג, וואו ער האָט גערעדט וועגן „באָנדס". נאָכן מיטינג האָב איך אים אָפּגעפירט צוריק אין האָטעל אַריין. ער האָט פאַרבראַכט אין דעטראָיט איבער אַ וואָך. פרייטיק צו־נאַכטס, זיצנדיק ביי אונזער טיש, אינאיינעם מיט נאָך עטלעכע געסט, וואָס איך האָב געמיינט, אַז פּרי־הר דאַרף זיך טרעפן מיט זיי, גיט ער פּלוצים אַ זאָג: „איך בין זייער צופרידן, וואָס איך פאָר באַלד אַהיים. איך האָב פיינט דאָס אַמעריקאַנער אידנטום". דאָס איז געקומען אַזוי אומגעריכט, אַז איך בין נשתומם געוואָרן. האָט זיך מיין פרוי אָפּגערופן: „מיר האָבן אייך ניט גע־בעטן קומען אַהער, מיר האָבן נאָך אייך ניט געשיקט". די שטימונג איז שוין געווען אַ געדריקטע דעם גאַנצן אָוונט. מיר האָבן אים מער ניט גע־זען. ער האָט אַפילו ניט טעלעפאָנירט צו זאָגן אַ „זייט־געזונט". דאָס פאַר־

קויפן פון ישראל־באָנדס האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט. איצט ווערט פאַר־
קויפט באָנדס פאַר איבער אַ מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר.

די געשיכטעס וועגן פריערדיקע ישראל־פאַרטרעטערס און זייער באַ־
ציאונג צום אַמעריקאַנער אידנטום, איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין, אָבער
עס איז בעסער ניט צו ריידן וועגן דעם. איצט האָט זיך דאָס געביטן צום
בעסערן, דאַנקען גאָט.

# ייוואָ

גלייך ווי דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט = ייוואָ, איז גע־
גרינדעט געוואָרן און דער ערשטער פאַרטרעטער איז געקומען קיין אַמע־
ריקע זאַמלען געלט, בין איך געוואָרן אַ יערלעכערביישטייערער. דערנאָך,
ווען דער ייוואָ איז אַריבער קיין אַמעריקע, האָב איך זיך מער פאַראינטע־
רעסירט מיט דער וואונדערבאַרער אינסטיטוציע, און געהאָלפן שאַפן מיט־
לען. איבערהויפּט ווען מענדל עלקין איז געוואָרן דער ביבליאָטעקאַר. ער
איז געווען מיינער אַ לאַנדסמאַן. ווען עלקין האָט אָנגעהויבן קומען קיין
דעטראָיט דורכצופירן געלט־אַקציעס פאַרן ייוואָ, האָב איך אים אַרומגע־
פירט צו איטלעכן, וועמען ער האָט געוואָלט זען. ער האָט געוואוינט אין אַ
האָטעל, אָבער זיין אַרבעט האָט ער אָנגעפירט פון מיין הויז. ער האָט ביי
אונז געגעסן און עס איז באמת געווען אַ גרויס פאַרגעניגן אים צו האָבן
ביים טיש. ער איז געווען אַ דזשענטלמען, אַ גוטער דערציילער מיט אַ גע־
זונטן הומאָר.

איך בין שוין לאַנגע יאָרן אַ מיטגליד פון דירעקטאָרן־ראַט פון ייוואָ.
ליידער קומט מיר ניט אויס צו זיין אויף די יערלעכע קאָנפערענצן. איך
האָב זיך באַטייליקט אין צוויי קאָנפערענצן. שוין אַ סך יאָרן ווי איך בין
באַאויפטראַגט געוואָרן צו פאַרטרעטן דעם ייוואָ־קאָמיטעט ביי דער פעדע־
ראַציע פון דער דעטראָיטער קהילה.

זכרונות פון אַ פּראַקטישן בעל חלומות

# אידישער לערער־סעמינאַר

איך בין אַ ביישטייערער פאַרן לערער־סעמינאַר זינט אָנהויב די 20ער יאָרן. ווען יואל ענטין ע״ה איז געקומען קיין דעטראָיט, פלעג איך אים אַרומפירן צו די מענטשן, וועלכע ער האָט געדאַרפט זען. איך האָב בייגעוואוינט פיל טראַגישע און קאָמישע סצענעס, ווען ער פלעגט ריידן מיט מענטשן, וואָס האָבן ניט געוואָלט געבן קיין געלט פאַרן סעמינאַר, אָדער זיי האָבן געוואָלט געבן ווייניקער ווי ער האָט געוואָלט. ער איז געווען אַ קנאי, און ווי אַלע קנאים, האָט אים געפעלט אַ חוש פאַר הומאָר.

איינמאָל האָב איך אים געזאָגט, אַז דער סעמינאַר מוז אויסברייטערן די פעריפעריע פון שטיצערס, ווייל מיט די איצטיקע געבערס קען דער סעמינאַר ניט וואַקסן. איז ער אָנגעפאַלן אויף מיר: „וואָס, איר זייט מיד פון געבן, און איר ווילט אַז אַנדערע זאָלן געבן?“ איך האָב געהאַט צו פיל דרך ארץ פאַר אים, און איך האָב מער ניט גערעדט וועגן דעם. איך בין לאַנגע יאָרן געווען אַ מיטגליד פון דירעקטאָרן־ראַט. ווען דער לערער־סעמינאַר האָט געקראָגן דעם „טשאַרטער“ פון אַ קאָלעדזש, בין איך נאַטירלעך געוואָרן איינער פון די גרינדערס. איך ווייס ניט צי איך בין איצט נאָך אַ מיטגליד פון דירעקטאָרן־ראַט. איך קריג כמעט ניט קיינע ידיעות פון די אַקטיוויטעטן, אַחוץ איין מאָל אַ יאָר דערהאַלט איך אַ בריוו וועגן צושיקן מיין יערלעכן ביישטייער. איצט, ווען דער אידישער לערער־סעמינאַר האָט זיך פאַראייניקט מיט „הרצליה“, בין איך כמעט ווי אָפּגעריסן געוואָרן פון דער אינסטיטוציע.

שמואל-בער לייקין

# אידישע ליטעראַטור — באַגעגעניש מיט שלום אַש

איך האָב אַלע יאָרן זיך באַטייליקט אין העלפן אידישע שרייבערס אַרויסגעבן זייערע ווערק. נאַטירלעך האָב איך מיין פּראָפּאָרץ. מיין ביי־שטייערונג ווענדט זיך אויף וויפל מיר געפעלט דער אָדער יענער מחבר. די לעצטע יאָרן, מיט געוויסע אויסנאַמען, באַטייליק איך זיך ניט אין העלפן אַרויסגעבן ביכער. מען שיקט מיר אָבער צו ביכער, וואָס זיינען שוין דער־שינען. דעם אמת געזאָגט בין איך ניט אַלע מאָל צופרידן מיט די אַריינ־געשיקטע ביכער. איבערהויפּט ווען איך נעם בלעטערן דאָס בוך, און כ׳זע, אַז איך וועל דאָס בוך ניט דאַרפן לייענען. איך האָב וויכטיקערע ביכער צו לייענען. דער ערשטער אימפּולס איז אָפּצושיקן צוריק דאָס בוך. אָבער אַ פּאָר טעג שפּעטער גייט איבער מיין כעס, און איך זאָג צו זיך אַליין: „סטייטש, ווי קען מען באַליידיקן דעם שרייבער? ער מיינט דאָך געוויס, אַז זיין ווערק איז אַ וויכטיקע ביישטייערונג צו דער אידישער קולטור! און איך ווייס דאָך ווי שווער עס איז דעם שרייבער אָנגעקומען אַרויסצוגעבן דאָס בוך". שיק איך אַ טשעק אויף דער סומע וואָס דער שרייבער האָט געבעטן. שלעכט איז מיט יענע מחברים, וואָס גיבן ניט אָן אין בריוו וויפל דאָס בוך קאָסט. דאַרף איך שאַצן וויפל דאָס בוך איז ווערט, און דאָס איז שוין נישט גרינג.

איך האָב אַ גרויס הויז, אָבער די אַמעריקאַנער הייזער זיינען ניט גע־בויט צו האָבן ביבליאָטעקן. האָב איך זיך ניט וואו אַהינצוטאָן מיט די בי־כער, וועלכע האַלטן אין איין אָנקומען. איין מאָל האָב איך צוריקגעשיקט צוויי ביכער. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען מיין פרוי איז געלעגן אויפן טויטן־בעט. עס איז מיר געווען שווער אויפן האַרצן. איצט פאַרדריסט דאָס מיך.

דאָס איז געשען אַ קורצע צייט איידער שלום אַש האָט פאַרלאָזן אַמע־ריקע. איך האָב זיך באַגעגנט מיט אים אין אַ הויז פון אַ גוטן פריינט אין פלאָרידע, וועמען איך מיט מיין פרוי זיינען געקומען באַזוכן. אַש איז גע־ווען אין זייער אַ געדריקטער שטימונג, און כמעט גאָרניט גערעדט. דאָס איז געווען אַ פּאָר טעג נאָך דעם מיאוסן אינצידענט, ווען אייניקע אומפאַר־אַנטוואָרטלעכע מענטשן האָבן אים אָנגערופן משומד. חוץ אונז זיינען דאָרט אויך געווען די לעסאָוואָדערס ע״ה, באַליבטע קולטור־מענטשן. דער שמועס האָט זיך ניט געקלעפּט. דער טאָג איז געווען אַ פּראַכטפולער. מיר זיינען

געווען אין גאָרטן צווישן די פּרוכט־ביימער. מיר זיינען געזעסן אויף צוויי האַרטע, הילצערנע בענק און אויף מאַראַנצן־קעסטלעך. אַש איז צוגעקומען צו מיר, מיך אַרומגענומען ביי דער פּלייצע און געזאָגט: „לאָמיר מאַכן אַ קורצן שפּאַציר". אַזוי גייענדיק אַ היפּשע ווײַלע, האָט ער זיך אָפּגערופן: „איך ווייס, אַז דאָס אַלץ — האָט ער אָנגעוויזן מיט אַ מאַך פון דער האַנט אויפן פּריינטס הויז און גאָרטן — האָט ער אייך צו פאַרדאַנקען". דאָס איז געווען נאָר טיילוויז אמת. ער איז אַ טייערער מענטש, ער זאָרגט זיך אָבער, וואָס ער האָט נאָך אַ „מאָרגעדזש" אויף זעקס טויזנט דאָלאַר. באַצאָלט עס פּאַר אים! וועט ער קענען לעבן רואיק. ער איז זייער אַ וואוילער מענטש". אַש האָט אַראָפּגענומען זיין האַנט פון מיין פּלייצע און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

עטלעכע מינוט זיינען מיר געגאַנגען אין שטילשווייגן, און דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטאָן: „עס איז ניט גוט, עס איז זייער אומעטיק". איך האָב אים געענטפערט: „יאָ, אַז מען ווערט עלטער, ווערט אומעטיק". איך האָב גוט געוואוסט, פאַרוואָס אַש איז אין אַזאַ געדריקטער שטימונג. דער אָנפאַל פון אַ פּאָר טעג פריער האָט אויף אים געדריקט און אים שטאַרק וויי געטאָן. ווען מיר זיינען צוריקגעקומען אין גאָרטן, האָט מיין פּריינטס פרוי זיך באַקלאָגט, אַז דער „טאָוסטער" האָט זיך צעבראָכן. זי האָט עס עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. אַש האָט געזאָגט, אַז ער האָט עטלעכע „טאָוסטערס" ביי זיך אין שטוב, און ער וועט זיי געבן איינעם. די פרוי האָט זיך שטאַרק דערפרייט. ווען מיר אַלע זיינען אַריין אין לעסאָוואָדערס אויטאָמאָביל צו פאָרן אַהיים, האָט זי ווידער דערמאָנט מען זאָל למען השם ניט פאַרגעסן דעם „טאָוסטער". ווען מיר זיינען צוגעפאָרן צו אַשס הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף אַן אינזל אינמיטן פון ביסקעין־בעי, בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער פּראַכטפולער פּאַנאָראַמע. ער האָט געהאַט אַ גרויס פּרעכטיק הויז, מיט אַ באַזונדער געביידע פאַר זיין ביבליאָטעק און אַרבעט־צימער. איך האָב איבערהויפּט באַוואונדערט דעם גרויסן גאָרטן מיט די שיינע בלומען, פּרוכט־ביימער און אַנדערע ביימער. אַלץ איז געווען אין אָרדענונג. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אַזוי שיין מוז זיין אין גן־עדן. אין שאָטן פון פאַרשיידענע ביימער זיינען געשטאַנען צו צוויי, צו פיר, צו זעקס שטולן. ווי וויט מיין אויג האָט געקענט דערכאַפּן זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט די שטולן מיט טישלעך. איך האָב געוואוסט, אַז אַש האַלט ביים פאַרקויפן זיין „מאַיאַנטעק", און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז ווען ער זאָל אַוועקגעבן עטלע־

כע שטולן מיין פריינט, וואָלט ער פאַרן „מאַיאָנטעק" סיי־ווי־סיי אָפּגענו־מען דעם זעלבן פּרייז. מיר האָבן געוואַרט אַ 15—20 מינוט, אַש זאָל אַרויס־טראָגן דעם „טאָוסטער". ווען ער איז אַרויסגעקומען, האָט ער אַ מאַך גע־טאָן מיט דער האַנט און אַ זאָג געטאָן: „זאָל עס שוין זיין אַזוי" און ער איז אַריין אין הויז אָן אַ „זיי געזונט". מיר זיינען אַוועקגעפאָרן. קיינער פון אונז האָט ניט אויסגערעדט קיין וואָרט.

איך בין אַ ביישטייערער צום אַלוועלטלעכן אידישן קולטור־קאָנגרעס זינט ער איז געגרינדעט געוואָרן. פריער בין איך געווען אַ ביישטייערער פאַר דער „ציקאָ".

# גרויסער אידישער ווערטערבוך

איך האַלט, אַז עס איז אפשר אַ טעות עוסק צו זיין אין אַזאַ ריזיק־גרויסער אונטערנעמונג, ווייל ווי וויכטיק דאָס זאָל ניט זיין, מוז מען זיך אָבער רעכענען מיט די מעגלעכקייטן דורכצופירן אַזאַ פּלאַן ווי אַרויסגעבן אַזאַ פּיל־בענדיק ווערטערבוך אין אידישן לשון. ניט מיר האָבן דאָס מענטשן־מאַטעריאַל און ניט די פינאַנציעלע מעגלעכקייטן. איך האָב דאָס געזאָגט דעם הויפּט־רעדאַקטאָר יודל מאַרק, און אויך געשריבן אַ בריוו צום זשור־נאַל „די צוקונפט". מ׳האָט מיר צוגעזאָגט אָפּצודרוקן מיין בריוו, אָבער מ׳האָט עס ניט געטאָן. איך האָב די ביטערע דערפאַרונג מיטן אַרויסגעבן די אידישע ענציקלאָפּעדיע, ווייל אַ איד, וועלכער נוצט אַ אידישע ענצי־קלאָפּעדיע קען נאָך אַ שפּראַך, און ער קען לייענען אין דער ניט־אידישער ענציקלאָפּעדיע פון דער שפּראַך וואָס ער באַהערשט וועגן אַלגעמיינע ענינים, אָבער יענע גיבן ווייניק אידישע אינפאָרמאַציע. אויף דעם איז נויטיק אַ אידישע ענציקלאָפּעדיע. אָבער ווען מען האָט זיך פאַרנומען אַרויסצוגעבן אַן אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, מיט אַ צוגאָב פון אידישער אינפאָרמאַציע, זיינען אויסגעגאַנגען די כוחות און דאָס געלט, און מען איז געבליבן שטעקן אינמיטן. איך האָב ניט געוואָלט, אַז דאָס זאָל געשען מיט דעם גרויסן אידישן ווערטערבוך. האָבנדיק אַזאַ מיינונג האָב איך צוגעזאָגט 500 דאָלאַר, צו געבן 100 דאָלאַר אַ באַנד. לויט יודל מאַרקס חשבון דאַרף יעדן יאָר אַרויס אַ באַנד. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס איז ניט מעגלעך. דערווייל זיינען

דערשינען צוויי בענד, און איך האָב שוין איינגעצאָלט 400 דאָלאַר. איך האָב באַקומען אַ בריוו פון יודל מאַרק מיט טענות ומענות: סטייטש, איך האָב צוגעזאָגט 500 דאָלאַר און איך האַלט ניט מיין וואָרט! שרייב איך אים, אַז איך האַלט יאָ מיין וואָרט, איך האָב צוגעזאָגט 100 דאָלאַר אַ באַנד, און איך האָב שוין איינגעצאָלט פאַר פיר בענד און געקראָגן נאָר צוויי בענד. האָב איך ווידער דערהאַלטן אַ בריוו פון מאַרקן, אין אַ מילדערן טאָן. איך האָב אים געשריבן, אַז איך בין אים מקנא, ער האָט איין ליבע, דאָס ווער־טערבוך; איך אָבער האָב אַ סך ליבעס: מדינת ישראל מיט אַלע אירע פאָנדן, אידישע דערציאונג אין אַלע שאַטירונגען, אידישע קולטור אין אַלע פאָרמען, און מיין ערשטע ליבע און חוב זיינען צו מיין פרוי און משפּחה. איך בין צוריקגעצויגן, קיין געלט פאַרדין איך ניט, און כ׳לעב פון אָפּגע־שפּאָרטן. גאָט קען אַמאָל באַשליסן, אַז ער דאַרף אונזער עצה ווי אַזוי צו פירן די וועלט און ער קען אונז רופן צו זיך... דאָס וועט פאַרענטפערן אַלע פּראָבלעמען. ווי איז, אָבער, אַז גאָט קען אויסקומען אָן אונז, און פאַרגעסט אין גאַנצן אין אונז און מיר ווערן אַלט און קראַנק? און קראַנק זיין איז היינט אַ לוקסוס, וואָס נאָר מענטשן מיט אַ סך געלט קענען זיך דערלויבן... און אויב מען האָט עס ניט, דאַרף מען אָנקומען צו קינדער, אָדער צו צדקה, און איך האַלט אין איין תפילה טאָן, אַז מיר זאָלן ניט דאַרפן אָנקומען צו דעם...

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מיין פרוי געקראָגן אַ בלוט־שטורץ, און די צוויי חדשים, וואָס זי איז געווען אין שפּיטאָל, האָבן אָפּגעקאָסט 16 טויזנט דאָלאַר. ניט אומזיסט האָבן אונזערע חכמים געזאָגט „אל תפתח פה לשטן״. פּונקט ווי מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט. איך האָב מאַרקן געשיקט די הונ־דערט דאָלאַר.

איך האָב איצט דערהאַלטן דעם „מאָדערן ענגליש־אידיש, אידיש־ענג־לישן ווערטערבוך״ פון אוריאל ווײַנרייך ע״ה. איך בין געוואָרן אָנגענעם איבערראַשט ווי שיין עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן און איבערהויפּט ווי גוט דאָס ווערטערבוך איז אויסגעשטעלט ווי אַזוי עס צו נוצן. עס איז פּשוט אַ מחיה אַריינצוקוקן אין בוך, און עס איז אַזוי לייכט צו געפינען דאָס, וואָס מען דאַרף האָבן. איך בין צופרידן, וואָס דאָס ווערטערבוך איז ניט אַרויס־געגעבן געוואָרן מיט יאָרן פריער, ווען דער מאַן פון „יוניווערסיטי אָוו מי־שיגען״ האָט מיר געבראַכט אַ קאָרעקטור. ווײַנרייך האָט נאָך פיל געאַרבעט

צו פֿאַרבעסערן דאָס ווערטערבוך. עס איז אַ שטאָלץ צו האָבן ביי זיך אַזאַ ווערק. כאָטש עס געפֿינען זיך ווערטער וועלכע קלינגען פֿרעמד פֿאַר מיר. מסתמא איז דאָס מיין שולד, ווייל איך קען ניט גוט די אידישע שפּראַך.

איך וויל מאַכן אַ באַמערקונג וועגן די פֿאַרשיידענע ליבעראַלן און ראַ־דיקאַלן אין אידישן לעבן. אין די צוואַנציקער און דרייסיקער פֿון דעם יאָר־הונדערט האָבן מיר זיי געהאַט פֿון אַלע קאָלירן, רויט, פּינק און ראָזעווע. זיי זיינען אַלע געווען גלייך אין צוויי זאַכן. זיי זיינען געווען אַלע ליבעראַל מיט זייער מויל, אָבער ניט מיט זייערע מעשים. זיי האָבן גערעדט וועגן פֿאַרבעסערן די וועלט, אָבער וועגן פֿאַרבעסערן די אייגענע מעשים איז זיי גאָרניט געקומען אויפֿן זינען. צווייטנס, זיי האָבן פֿיינט געהאַט ציוניזם ווי אַ פֿרומער איד האָט פֿיינט עבודה זרה. איצט, אין די זעכציקער, געפֿינען מיר זיי טעטיק אין שולן, אַפֿילו גאַנצע מאַכערס אין אַ חסידישער כיתה. מיר האָבן זיי אין די פּועלי ציון־פֿאַראיינען. איך ווייס, אַז מענטשן האָבן אַ רעכט צו בייטן זייערע מיינונגען. איך ווייס אויך דעם מאמר חז״ל אַז אַ בעל־תשובה שטייט העכער פֿון אַ צדיק. אָבער זאָל גאָט מיך ניט שטראָפֿן פֿאַר די רייד. איך קען ניט שטיין אַרום זיי. קיין נחת־רוח שמעקט ניט פֿון זיי.

אין די אָנהויב דרייסיקער האָב איך אַליין געהערט ביי אַ פֿאַרזאַמלונג, ווי איינער פֿון זיי האָט געהאַלטן אַזאַ דרשה פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע כלומר, אַזוי צו זאָגן: „וואָס מאַכט מען אַזאַ ווערן וועגן די אידן. אין גאַנצן זיינען פֿאַראַן זעכצן מיליאָן אידן אין דער וועלט. איז אויב זיי אַלע וואָלטן פֿאַר־ניכטעט געוואָרן, איז וואָס פֿאַר אַן אומגליק וואָלט עס געווען? אין איין טאָג שטאַרבן מער מענטשן פֿון הונגער אין כינע און אין אינדיע. איז וואָס פֿאַר אַ ווערדע האָבן זעכצן מיליאָן אידן". אוודאי איז דער רעדנער געווען אַן אידיאָט. אָבער קיינער פֿון דער פֿאַרזאַמלונג האָט ניט פּראָטעסטירט און קיינער האָט ניט פֿאַרלאָזן דעם זאַל. די לעצטע 10—15 יאָר האָבן אונזערע ליבעראַלן גענומען פֿאַרטיידיקן די שוואַרצע, אַפֿילו די פֿון די שוואַרצע וועלכע באַגייען רויב, פֿייער און מאָרד.

לעצטנס האָבן אַ סך פֿון די וועמען איך רוף אַן „פֿאָזי ליבעראַלס" זיך גענומען אַביסל אויסטשוכען פֿון דעם טשאַד. אָבער עס זיינען נאָך געבליבן איניקע „האַרד־קאָר" קערנדיקע, וועלכע ניט נאָר פֿאַרטיידיקן זיי די שוואַר־צע צעשטערערס, נאָר זיי העצן זיי נאָך אונטער.

איך האָב דערקענט אָט די צעמישטע ליבעראַלן נאָך 1921, ווען עס

איז פאַרגעקומען די שפּאַלטונג אין פּועלי ציון־רייען, אויף לינקע און רעכטע. איך האָב קיין אָנטייל אין דעם קאַמף ניט גענומען. די פּוסטע פּראַזן פון די לינקע האָבן מיך אָפּגעשטויסן. איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיין צוטרוי צו שיין־רעדנערס און נעמען זיך אָן גאַטס קריוודעס. איך האָב דעם געפיל אַז זיי זיינען אויסן באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק צו פאַר־דעקן די אייגענע שלעכטסקייט.

## מיין באַזוך אין מדינת ישראל

דעם חודש אָקטאָבער 1968 בין איך געווען מיט מיין טאָכטער פּנינה און איר מאַן אין מדינת ישראל, צו זען מיט די אייגענע אויגן ווי דאָס לאַנד קוקט אויס און ווי דאָס פאָלק לעבט. איך לייען כסדר וואָס עס קומט פאָר דאָרטן. כ׳האָב געדענקט אַז איך ווייס אַלץ וועגן מדינת ישראל. עס איז אָבער ניט ריכטיק. מען דאַרף זיין אין ישראל, זען מיט די אויגן און דער־פילן דעם טעם, יע דעם טעם פון ישראל. מיר זיינען געווען כמעט אין אַלע שטעט פון לאַנד, באַזוכט פילע קיבוצים, געווען אין מדבר סיני ביז צום סועץ, און די גאַנצע לענג פון לאַנד ביז די גולן־הייכן, אין דער ברייט פון אשדוד ביזן ים המלח. וואו מיר זיינען געקומען האָבן מיר זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן וואָס עס איז אויפגעטאָן געוואָרן אין אַזאַ קורצער צייט דורך אַזוי ווייניק מענטשן. פעלקער האָבן געשאַפן לענדער, האָט זיי גענומען הונדערטער יאָרן און ישראל האָט דאָס אַלץ געשאַפן אין צוויי צענדליק יאָר. אשדוד, מיט דרייצן יאָר צוריק איז דאָס נאָר געווען אַ נאָמען פון אַ פּלשתים־שטאָט, וועלכע האָט עקזיסטירט מיט פילע הונדערטער יאָרן צו־ריק, און פאַר מיינע אויגן איז געווען נאָר זאַמד און מדבר. איצט איז עס אַ מאָדערנע שטאָט מיט אַ גרויסן האַפן, גרויסע שיפן שטייען פּאַראַנקערט, פיל־עטאַזשיקע גרויסע שכונים, אַ מאַרק מיט גרויסע קראָמען, אַ באַזונדערע געגנט פאַר קליין אינדוסטריעס, אָפּגערוקט אַביסל ווייטער אַ געגנט פאַר גרויס אינדוסטריעס. די שטאָט — ברייטע געפּלאַסטערטע גאַסן, אַרום די וואוינונגען זיינען פאַרפּלאַנצטביימער און בלומען וואַקסן. דאָס איז אַלץ גע־שאַפן געוואָרן אין אַכט יאָר. איר זעט ממש ווי דער מדבר ווערט אָוועקגע־שטופּט. וואו די הייזער ענדיקן זיך הויבט זיך אָן דער מדבר.

אַלע שטעט האָבן זיך פאַרגרעסערט. חיפה האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן באַרג כרמל מיט שיינע באַקוועמע וואוינונגען. יעדע שטאָט האָט שיינע באַקוועמע האָטעלן, די פּילע קראָמען, די גרויסע ווי די קליינע, זיינען אָנגעשטאָפּט מיט סחורה. מען קען קריגן אַלץ וואָס געלט קען קויפן. די גרעסטע שטאָט, תל אביב, קוקט אויס אַביסל אָפּגעלאָזן, די גאַסן זיינען שמאָלע. די געביידעס, אייניקע קוקן אויס אָפּגעקראָכן, די נייערע געגנטן קוקן אויס שענער. די טראַנספּאָרטאַציע, מערסטנס אויטאָבוסעס, איז זייער גוט. עס איז פאַראַן אַן אינלאַנד עראָפּלאַן־ליניע. עס זיינען פאַראַן גענוג טאַקסיס. דאָס אַלץ זיינען אויסערלעכע זאַכן, כאָטש זייער וויכטיקע.

מיר האָבן באַזוכט פּילע היסטאָרישע פּלעצער: בית לחם, חברון, טבריה, צפת און פּילע אַנדערע פּלעצער. געשטאַנען מיט יראת הכבוד פאַר די קברים פון אונזערע אבות און אמהות און פון אונזערע תנאים און חכמים, רבי יוחנן בן זכאי, רבי עקיבא, רבנו משה בן מימון. יעדן מאָל ווען איך האָב באַזוכט אַזאַ קבר, בין איך לאַנג געשטאַנען מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און אַ ציטער איז דורך מיין קערפּער. איך האָב געפילט אַז איך שטיי אויף אַ הייליקן פּלאַץ. אַ גאַר אַנדערן געפיל האָב איך געהאַט ווען איך האָב באַזוכט די בילדונג־אינסטיטוציעס, וויצמאַן אינסטיטוט, ירושלימער יוניווערסיטעט, טעכניאָן. אַ געפיל פון שטאָלץ האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב געוואוסט אַז עס זיינען פאַראַן נאָך אוניווערסיטעטן אין תל אביב, חיפה, באר שבע, כאָטש די צייט האָט מיר ניט דערלויבט זיי צו באַזוכן. אויך וויים איך אַז ישראל האָט איבער הונדערט ישיבות. וואו נאָך אין דער וועלט האָט אַ צוויי און אַ האַלב מיליאָן באַפעלקערונג אַזוי פיל לערן־אינסטיטוציעס?

ווען איך בין געווען אין ירושלים האָט מיין אַלטער גוטער פריינט פּראָפעסאָר סאָל ליפּצין מיר דערציילט, אַז ס'עפנט זיך אין ירושלים אַן אַמעריקאַנער קאָלעדזש, וואו די אונטעררריכט־שפּראַך וועט זיין ענגליש, הויפּטזעכלעך פאַר אַמעריקאַנער סטודענטן, און לויט ווי ער שרייבט מיר איצט האָט ער זיך שוין געעפנט.

גאָר אַן אַנדער געפיל האָב איך געהאַט, ווען איך האָב באַזוכט די אַלטע שטאָט עכו, וועלכע די פעניציער האָבן געבויט מיט זיבן און דרייסיק הונדערט יאָר צוריק און דורכגעגאַנגען די אַלטע פעסטונג, וועלכע האָט געקענט דערציילן די געשיכטע פון פּילע פעלקער, וועלכע איז אַמאָל געווען אַן אַריינפאָר־הויז פאַר געסט און וואו דער רמב"ם איז אַמאָל איינגעשטאַנען,

און וואָס די ענגלענדער האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ תפיסה אין צייט פון מאַנ־דאַט און דאָרטן געהאַלטן פאַרשפּאַרט די שטערן־חברים און אַלע אַנדערע אידן וועלכע האָבן געקעמפט קעגן ענגלאַנד. דאָרט זיינען אויך אויפגעהאַנ־גען געוואָרן פיר אידישע קעמפער. איצט איז געשאַפן געוואָרן אַ מוזיי, וואו עס ווערט געצייגט די גאַנצע טרויעריקע געשיכטע, דער קאַמף קעגן ענג־לאַנד, דורך אויסשניטן פון צייטונגען פון יענער צייט, פאָטאָגראַפישע ביל־דער. אַלע צעלן מיט אויפשריפטן וואו מענטשן זיינען דאָרט געזעסן, אָדער, בעסער געזאָגט, געלעגן, ווייל עס איז ניטאָ קיין מעבל. זיי האָבן געדאַרפט שלאָפן און זיצן אויפן צעמענט־דיל, אויף אַ ראָגאָזשע פאַרשפּרייט. אויך דאָס צימער, וואו מען האָט געהאַנגען די פיר מאַרטירערס, איז ניט געביטן געוואָרן. איך בין אַרומגעגאַנגען איבער דער תפיסה אַ האַלבן טאָג. איך בין ערשט אַרויס ווען דער אויפזעער האָט געזאָגט אַז ער דאַרף פאַרשליסן דעם פּלאַץ. איך בין אַרויס אַן אויפגעטרייסלטער. אַרויסגייענדיק אין הויף האָב איך אָנגעטראָפן יונגע און עלטערע מענטשן אין גרינע אוניפאָרמס. אַלע זיצן אָדער גייען אַזוי שטיל פאַרטראַכטע. אויף מיין פראַגע ווער זיי זיינען, האָט מיר דער אויפזעער געזאָגט, אַז דאָס זיינען גייסטיק־קראַנקע, אייניקע קרבנות פון די מלחמות מיט די אַראַבער, די מערסטע זיינען קרבנות פון די נאַצי־קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

ירושלים. גלייך ווי מיר זיינען געקומען אין שטאָט, זיינען מיר אַוועק זען דעם כותל המערבי, וואָס איך האָב פריער קיינמאָל ניט געזען, אַחוץ אויף בילדער. עס איז געווען אין מיטן טאָג, נאָר אייניקע מענטשן זיינען דאָרטן געווען, אַפּנים געסט. אייניקע שטייען מיט די הענט אָנגעלענט אויף דער וואַנט, די ליפּן שעפּטשען. אַנדערע שטייען אָפּגערוקט פון וואַנט און פאַר־טראַכט. איך בין צוגעגאַנגען און אָנגערירט די וואַנט און טרערן האָבן זיך גענומען גיסן פון מיינע אויגן. איך האָב געמוזט שטיין אַ היפּשע ווײַלע, ווייל מיין טאָכטער איז צוגעקומען און מיך גענומען אונטערן האַנט און אַוועקגעפירט. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, פרייטיק נאָכמיטאָג, קלינגט אָן פּראָפעסאָר ליפּצין און פרעגט צי וויל איך גיין צום כותל המערבי צו קבלת שבת. אַוודאי וויל איך זיין צו קבלת שבת ביים כותל המערבי, אָבער ווי וועל איך קומען צוריק? זאָגט ער מיר, אַז מיר וועלן שפּאַצירן צוזאַמען פאַמעלעך. עס איז ניט ווייט פון האָטעל וואו איך שטיי איין. איך האָב זיך זייער דערפרייט. ווען עס איז נאָך געווען ליכטיק האָבן מיר גענומען אַ

טעקסי און צוגעפאָרן. עס זיינען שוין דאָרט געווען עטלעכע צענדליק אידן, באַלד האָבן געגומען שטראָמען אידן, אַלט און יונג, אויך פרויען. צו מנחה זיינען שוין געווען עטלעכע הונדערט אידן, און נאָך האָבן געהאַלטן אין קו־מען. צו קבלת שבת איז שוין געווען זייער פיל. איך קוק זיך אַרום און זע פאַרשיידענע טיפּן אידן, מיט בערד און קורצע פאות, און אידן מיט לאַנגע פאות, געקרייזלטע און ניט געקרייזלטע, אידן אָן באָרד און פאות, לאַנגע זשופּיצעס מיט גאַרטלען און אָן גאַרטלען, אַ סך אין קורצע רעקלעך, אָבער אַלע אַזעלכע פריילעכע. מיטאַמאָל זע איך ווי עס שאַפן זיך גרופּן לויט זייער באָרד און פאות און לויט זייער טראַכט, און יעדער גרופּע באַזונדער הויבט אָן דאַווענען מעריב. יעדע גרופּע האָט איר אייגענעם חזן. איך גיי פון איין גרופּע צו אַ צווייטער, הער זיך איין צו זייער זינגען. דער טראַדיציאָנעלער ניגון הערט זיך ביי אַלעמען. אַ איד האַלט מיך אָפּ, מיר דאַרפן אַ צענטן צו אַ מנין. איך שטעל זיך און מיר הויבן אָן דאַווענען. באַלד ווערט פון אונזער מנין אַ גאַנצע קהלה. צו לכה דודי האָבן אייניקע גרופּן גענומען טאַנצן. צוריק זיינען מיר געגאַנגען צו פוס דורך אַ שמאָלע גאַס מיט הונדערטער טרעפּ אַרויף און אַרויף. פוןביידע זייטן גאַס קריסטלעכע אַראַבישע קרעמלעך.

זייענדיק אין ישראל האָב איך ניט געפילט קיין מידקייט, געגאַנגען לאַנגע שטרעקעס, געקראָכן אויף בערג, זיך געבאָדן אין די וואַסערן פון אילת און פון ים המלח. אַרויף אויפן שפּיץ פון מגדל דוד, — אַלץ זאַכן וואָס איך וואָלט ניט געוואָגט צו טאָן אינדערהיים. איך האָב ליב געהאַט אַרומצוגיין אין די גאַסן און רעדן צו מענטשן. איך האָב באַוואונדערט זייער צופרידנהייט מיט זייער לאַגע, און איבערהויפּט זייער זעלבסט־זיכערקייט. פילע האָבן מיר געזאָגט: מיר אין ישראל האָבן ניט קיין מורא, נאָר די אַמעריקאַנער אידן האָבן מורא. דעם ריכטיקן טעם פון צו זיין אַ ישראלי האָב איך דערפילט אין תל אביב, ווען מיר האָבן גענומען אַ שפּאַציר אויף דיזענגאָף גאַס שבת אָוונט. טויזנטער מענטשן, אַלט און יונג, מערסטנס יונגע, שפּאַצירן אַהין און צוריק. די טראָטואַרן זיינען ברייטע און דאָך קען מען ניט דורכגיין. אַלע אַזעלכע פריילעכע און זעלבסט־זיכערע. בחור און מיידל גייען אַרומגענומענע. די קאַפייען זיינען געפּאַקט, אַלע שטולן און טישלעך פאַרנומען. מיר האָבן געוואָלט טרינקען אַ טעפּעלע קאַווע, זיצן אַ וויילע, באַטראַכטן דעם עולם וועלכער גייט פאַרביי און קוים געקראָגן אַ פּלאַץ. איך האָב באַזוכט פילע שטעט אין אַמעריקע און אין אייראָפּע און

איך האָב אַזאַ גרויסן און פריילעכן עולם אין ערגעץ ניט געזען, אַפילו ניט אין פּאַריז. עס איז ווערט צו מאַכן אַ רייזע קיין ישראל, נאָר צו מאַכן אַ שפּאַציר אויף דיזענגאָף שבת אָוונט. מיר זיינען איינגעשטאַנען אין גוטע האָטעלן, די באַדינונג אין די צימערן איז זייער גוט. אין די עס־צימערן האָט געמעגט זיין בעסער, דאָס עסן איז ניט צו גוט. די צרה איז וואָס זיי ווילן נאָכמאַכן די פראַנצויזישע אַרט שפּייז, און זיי גיסן אַריף סאָס כמעט אויף אַלע שפּייזן און מאַכן קאַליע דעם טעם. מיט די סאַרווערס האָב איך גאָרניט געקענט אויסקומען. זיי זיינען דם־שונאים פון אַ גלאָז וואַסער. זיי ווילן ניט סערווירן קיין וואַסער. פרעגט מיך בחרם פאַרוואָס, אָבער אַזוי זיינען זיי. וויפל מאָל איר וועט זיי בעטן צו ברענגען אַ גלאָז וואַסער, זיי וועלן טאָן זייערס און ניט ברענגען. עס העלפט ניט אויב איר זוכט אויף דעם הויפּט סאַרווער און בעט אים. ווען איר הויבט אָן בעטן אין דער הויך און אַמאָל מיט כעס, דעמאָלט וועט איר עס קריגן.

זייענדיק אין שכם האָבן מיר באַזוכט דעם כהן גדול פון די שומרונים אין זייער בית הכנסת. דער כהן גדול רעדט לשון קודש מיט דער אשכנזישער הברה. ער רעדט אויך ענגליש. זיי האָבן מיר געוויזן זייער ספר תורה, וועלכע — זיי זאָגן — איז געשריבן געוואָרן מיט זיבן און דרייסיק הונדערט יאָר צוריק פון אהרן הכהנ׳ס אור־אייניקל. דער כהן גדול שטאַמט פון שבט לוי. די כהונה גייט ניט איבער בירושה, נאָר דער עלטסטער פון דער כהנים־משפחה נעמט איבער די פירערשאַפט. די אַנדערע שומרונים שטאַמען, איין משפחה פון שבט מנשה און דריי משפחות פון שבט אפרים. אַלע משפחות צוזאַמען האָבן אַרום פיר הונדערט נפשות, אַן ערך העלפט זיינען אין שכם און די אַנדערע העלפט וואוינען אין חולון, ישראל. דער כהן גדול האָט זיך באַקלאָגט אַז זיי זיינען זייער אָרעם און זיי איז שווער אויסצוהאַלטן זייער ישיבה. אַלע יאָרן האָבן זיי געהאַט ווייניק פרויען און מענער האָבן ניט געהאַט מיט וועמען צו הייראַטן. איצט האָבן זיי מער פרויען ווי מענער.
עס האָט מיך געפרייט צו זען ווי עס האָט זיך געביטן צום בעסערן דער קלימאַט צום אַמעריקאַנער אידנטום און צו דער אידישער שפּראַך. ווען מיר זיינען געווען אין ישראל אין 1955, האָבן די מענטשן מיט וועמען מיר האָבן גערעדט געהאַט נאָר בטול פאַר די אַמעריקאַנער אידן. אידיש האָבן זיי ניט געוואָלט רעדן. איין ביישפּיל: אין אַ הייסן טאָג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קליין קרעמל צו קויפן אַ גלאָז גזוז (סעלצער). די באַלע־

באַסטע האָט גערעדט דייטש צו אונז. איך זע אַז זי האָט אַן אויסגעבערענטן נומער אויף איר האַנט. פרעג איך איר פונוואַנען זי קומט. זאָגט זי פון ביאַליסטאָק. האָט עס מיך שטאַרק פאַרדראָסן. פרעג איך איר, האָט זי גערעדט דייטש אויך אין ביאַליסטאָק? אין באַנק, אין פּאָסט־סטאַנציע האָט קיין איינער ניט געענטפערט אין אידיש. איצט אין 1968, וואו איך בין געקומען, אין פינאַנץ־מיניסטעריום, אין באַנק האָבן אַלע גערעדט צו מיר אידיש, כאָטש זיי קענען רעדן ענגליש, אַפילו דער געשעפט־אייגנטימער, אַ מאַראָקער געשעפטסמאַן, האָט גערעדט אידיש.

# משפחה, געזונט, קינדער

ווי איך האָב פריער פאַרצייכנט, האָב איך צוויי שוועסטערס, וועלכע זיינען די איינציקע לעבן־געבליבענע נאָך דעם ווי די נאַציס האָבן אומגעבראַכט מיין מוטער, ברודער, זיין פרוי און זייערע צוויי קינדער. אין 1948 האָבן זיי מיר געשריבן, אַז איך זאָל צו זיי מער ניט שרייבן, אַז זיי ווילן ניט הערן פון מיר. אין משך פון די לעצטע צען יאָר שרייב איך צו זיי דריי, פיר מאָל אַ יאָר, נאָר אַ פּאָר ווערטער, וועגן מיין געזונט, און פרעג זיך נאָך אויף זייער געזונט און מער גאָרניט. איך קריג ניט קיין ענטפער, אָבער די בריוו קומען ניט צוריק. ווייס איך ניט וואָס צו טראַכטן. וואָלט איך פון זיי כאָטש דערהאַלטן אַ וואָרט, וואָלט איך געמאַכט אַ רייזע זיך צו זען מיט זיי, אָבער אַז איך הער פון זיי ניט, האָב איך מורא צו פאָרן, איך זאָל דערמיט ניט פאַרערגערן זייער לאַגע.

די לעצטע יאָרן פיל איך זיך אַ סך בעסער. מיין האַרץ האָט זיך באַרואיקט. נאַטירלעך, קיין פיזישע אַרבעט קען איך ניט טאָן. אָ, איך האָב מיינע וויטיקן און די קלענסטע אַרבעט מאַכט מיך מיד. אָבער דאָס זיינען אַלץ זאַכן וואָס קומען מיט די יאָרן. איך פיר נאָך מיין אויטאָמאָביל, אָבער איך מייד אויס צו פאָרן ביינאַכט. אויסער דער שטאָט פאָר איך מיט מיין אויטאָמאָביל בכלל ניט. די טראַנספּאָרטאַציע אין דער פאָרשטאָט, וואו איך וואוין איצט, איז כמעט אין גאַנצן ניטאָ קיין טראַנספּאָרטאַציע. אָן אַן אויטאָמאָביל קען מען אין ערגעץ ניט גיין, בין איך דאַנקבאַר, וואָס איך קען נאָך פירן מיין אויטאָמאָביל כאָטש ביי טאָג.

פנינה, די עלטסטע, האָט געהייראַט יונג. זי איז געגאַנגען 12 יאָר אין דער „פּאַרבאַנד"־שול און געענדיקט מיטל־שול. זי האָט געהאַט בלויז איין יאָר קאָלעדזש און חתונה געהאַט. זי איז מער אידיש פון מיינע אַלע פיר טעכטער. זי פירט אַ כשר הויז. זי איז אַ פּרעזידענטין פון אַ „הדסה"־גרופּע. זי לייענט זייער פיל און איז גוט באַקאַנט מיט אידישקייט און אידישער געשיכטע. זי שפּילט שיין אויף די פּיאַנאָ און האָט ליב קונסט. דער זון, וועלכער איז דער עלטסטער פון אירע פיר קינדער, איז שוין אַ חתונה־געהאַטער. ער איז געגאַנגען אין אַ שולע פון אַ קאָנסערוואַטיוון טעמפּל און האָט זיך געלערנט זייער גוט. אָבער ער איז ווייט ניט אַוועק אין אידישע לימודים. די שולע האָט ניט געטויגט. עס זיינען ניט געווען קיין פּאַסיקע לערערס. גאַנץ אָפט האָבן באַלעבאָסטעס געפירט דעם קלאַס. עס איז גע־ווען אַ קאַריקאַטור פון אַ שולע. ווען איך בין געווען אין באַלטימאָר אַ פּאָר מאָל, האָב איך באַזוכט דעם בילדונגס־דירעקטאָר. ער האָט געוואָרפן די שולד אויפן רב. מיין אייניקל קען עברי, אָבער דאָס איז אַלץ. ער איז גע־ווען אַ גוטער סטודענט אין אוניווערסיטעט, איצט איז ער מיטן טאַטן אין געשעפט. די טאָכטער לערנט זיך אין אוניווערסיטעט. זי האָט באַזוכט אַ קאָנגרעגאַציע־שולע, אָבער אידישקייט קען זי זייער ווייניק. די מיטלסטע טאָכטער האָט אויך געענדיקט אַ קאָנגרעגאַציע־שולע און ווייסט נאָך ווייניקער. די אינגסטע לערנט זיך אין אַ רעליגיעזער טאָג־שולע און האָט ליב העברעאיש מער ווי ענגליש. זי לייענט פריי העברעאיש. די עלטערע צוויי שפּילן גוט פּיאַנאָ.

פינאַנציעל גייט זיי איצט גוט, נאָך היפּשע יאָרן פון עליות און ירידות. דער איידעם האָט אַן אויטאָמאָביל־אַגענטור און מאַכט גרויסע געשעפטן. מיר קלייבן זיך צו פאָרן קיין ישראל אויף אַ חודש, פנינה, איר מאַן און איך. פנינה איז די איינציקע פון מיינע טעכטער, וועלכע איז נאָך ניט גע־ווען אין מדינת ישראל. איר מיטלסטע טאָכטער איז איצט געקומען פון דאָרט, וואו זי איז געווען זיבן וואָכן. זי איז זייער באַגייסטערט פון אַלץ, וואָס זי האָט געזען אין אידישן היימלאַנד.

די צווייטע טאָכטער, בת־שבע, איז אויך געגאַנגען 12 יאָר אין אַ „פּאַר־באַנד"־שולע. זי האָט געענדיקט דעם אוניווערסיטעט און געקראָגן אַ „מאַס־טער דיגרי". איר וועלט איז דאָס טעאַטער. זי איז פאַרהייראַט צו אַ פּסיכאָ־אַנאַליטיקער פון זיגמונד פרוידס חדר. אַמאָל טראַכט איך, אַז פרויד פאַר־

נעמט ביי אים דאָס אָרט פון רבונו של עולם. בת־שבע גיט אָפּ אַ סך פרייע צייט דעם שטאָטישן מוזיי, צוזאַמענצושטעלן אַ ליסטע פון אַ געוויסן מין קונסט־בילדער, וואָס געפינען זיך אין גאַנץ אַמעריקע, אי אין מוזייען, אי אין פּריוואַטן באַזיץ. זי האָט צוויי קינדער, אַ אינגל מיט אַ מיידל. דאָס אינגל לייענט זייער פיל, הויפּטזעכלעך סטאַטיסטיק און אַמעריקאַנער געשיכטע. ער קען דאָס געביט מער ווי זיין זיידע. ער איז נאָך גאָר יונג. וואָס שייך כשרות, האָט פּרווידס לערע פון דעם ניט געהאַלטן. די קינדער לערנען זיך אין אַ פּריוואַטער שולע, ניט קיין אידישע. דאָס אינגל באַזוכט אַ רעפאָרם־זונטיק־שולע צוויי שעה. דאָרט ווערט „אידישקייט" געלערנט נאָר אין ענג־ליש.

יהודית האָט אויך באַקומען אַ אידישע דערציאונג. זי האָט געענדיקט די „פאַרבאַנד"־מיטל־שול. זי רעדט אַ גוטן, מאָדערנעם העברעאיש. אויך זי האָט געענדיקט דעם אוניווערסיטעט און געקראָגן אַ „מאַסטער־דיגרי". זי האָט געאַרבעט פאַרן סטייט־דעפּאַרטמענט קאַרגע פינף יאָר, פריער אין אינדיע און דערנאָך אין לאָנדאָן. זי איז פאַרהייראַט צו אַ מאַן, וועלכער איז אַ דאָקטאָר־פילאָסאָפיע. ער איז געווען יאָרן־לאַנג אין דער אַלגעמיינער שול־סיסטעם. איצט האָט ער געקראָגן אַ שטעלע אַלס פולער פּראָפעסאָר אין אַ קאַלעדזש אין אַ קליין שטעטל, הונדערט מייל פון דעטראָיט. זיי האָבן צוויי קליינע טעכטער. יהודית מאַן איז אַ זון פון אַן אַלטן אַרבעטער־רינג־מיטגליד פון די „יום כיפור בעלער". די מאַמע איז אַ רוסישע רעוואָ־לוציאָנערקע, אַפילו היינט איז נאָך לענין איר אָפּגאָט. איז ווי קומט אידיש־קייט אַהער? דאָך איז די עלטערע טאָכטער געגאַנגען אין דער „פאַרבאַנד"־זונטיק־שולע. איצט, אַז זיי קלייבן זיך איבער אין אַ קליין שטעטל, וואו עס זיינען פאַראַן בלויז עטלעכע אידישע פאַמיליעס, וואו עס איז נישטאָ קיין אידיש לעבן, ווייס איך ניט וואָס עס וועט זיין. איך בין באַזאָרגט!

שולמית איז געגאַנגען אין תלמוד תורה צען יאָר, און דאָרט ווייניק געלערנט. זי האָט פיינט געהאַט די לערערין. איך האָב עטלעכע מאָל גערעדט מיטן דירעקטאָר, ער זאָל זי אַריבערפירן אין אַן אַנדער קלאַס און איטלעכס מאָל האָב איך געקראָגן דעם זעלבן ענטפער, אַז ווערדליק איר עלטער און וויסן האָבן זיי ניט קיין אַנדער קלאַס פאַר איר, נאָר די איינע וואו זי איז. האָבן מיר איר אַריינגעגעבן אין דער „שערי צדק" זונטיק־שולע. דער לימוד איז אין ענגליש. דאָרטן איז זי געווען די בעסטע שילערין און געענדיקט

די שול מיט אַן אויסצייכענונג. שולמית האָט געענדיקט דעם אוניווערסי־טעט און געקראָגן אַ שטעלע אַלס לערערין אין דזשוניאָר־האַי (גימנאַזיע), אין אַ געגנט פון געמישטע סטודענטן: שוואַרצע, פּאָרטאָריקאַנער און אַמע־ריקאַנער פּויערים־קינדער. דאָרט האָט זי זיך באַקאַנט מיט אַ נייַ לעבן. סטודענטקעס פון 12—13 יאָר, וועלכע האָבן געהאַט קינדער; געשלעגן מיט מעסערס זייַנען געווען אַן אָפּטע דערשייַנונג. נאָך אַ יאָר האָט זי אויפגעגעבן איר פּאָסטן און האָט אָנגענומען אַ שטעלע אַלס לערערין אין דער ישיבה „בית יהודה", אין זייער טאָג־שולע. זי איז געווען אַ לערערין אין דעם ענג־לישן אָפּטייל. זי איז געווען זייער באַגייסטערט פון די תלמידים: זייער אײַדעלע באַנעמונג אין קלאַס, זייער שנעל אויפכאַפּן דעם געדאַנק, וואָס די לערערין זאָגט זיי, זייער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויסצופירן אַלע אינסטרוק־ציעס פון היים־אַרבעט. זי האָט זייער שטאַרק באַוואונדערט זייער באַהאַוונט־קייט אין אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט. עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד איז איר קלאַס אויפגעטרעטן אויף טעלעוויזיע אין אַ „קוויז־שאָו" (שאלות און תשובות) קעגן קריסטלעכע פּריוואַטע שולעס, אָנגעפירט פון אַן ענג־לישער צייטונג. די פראַגעס זייַנען געשטעלט געוואָרן וועגן פילמען (מואוויס), ספּאָרט־פאַרמעסטן, לאָקאַלער פּאָליטיק. איר קלאַס האָט אַלע מאָל געוואו־נען. זי האָט ניט געקענט פאַרשטיין וואו די קינדער נעמען צייט צו לייענען וועגן די אַלע זאַכן, ווייל זיי האָבן צוויי מאָל אַזויפיל לערן־שעהן אין שולע און אַ סך מער היים־אַרבעט ווי די קריסטלעכע סטודענטן.

ווען זי האָט אין די אָוונטן שטודירט צו קריגן אַ „מאַסטער דיגרי", האָט זי געשריבן איר דיסערטאַציע אויף דער טעמע: „די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון ישיבה בית יהודה", און געשריבן האָט זי מיט ליבע און פאַרשטענדעניש.

שולמית איז פאַרהייראַט צו אַן אינזשיניער, און האָט דריי קינדער, צוויי מיידלעך און אַ אינגל. זיי האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין לאָס אַנדזשעלעס. איר מאַן איז געבוירן געוואָרן אין דייטשלאַנד. ווען ער איז געווען אַ יאָר אַלט האָבן זיינע עלטערן זיך באַזעצט אין ארץ ישראל. ער האָט זיך באַ־טייליקט אין ישראלס באַפרייאונגס־מלחמה אַלס פריוויליקער, ווייל ער איז נאָך געווען צו יונג דעמאָלט. נאָך דער מלחמה איז ער געקומען אַהער שטו־דירן און איז דאָ פאַרבליבן. ער חלומט אַלץ וועגן פאָרן צוריק. וועט ער עס דורכפירן?

דריי פון מיינע איידעמס האָבן פאַרלאָרן זייערע טאַטעס, צוויי פון זיי נאָך איידער זיי האָבן חתונה געהאַט. איינער פון די טאַטעס איז געשטאָרבן אַ יאָר נאָך דעם איידעמס חתונה. איך האָב בלויז איין מחותן. ער וואוינט אין באַלטימאָר. ער איז זייער אַ וואוילער מענטש, אָבער זייער אַ באַגרע־נעצטער. איך האָב זייער ווייניק בשותפותדיקס מיט אים, אויסער אונזערע אייניקלעך. די לעצטע יאָרן איז ער האַלב פּאַראַליזירט, און זיין געדאַנק איז ניט שטענדיק קלאָר.

איך האָב ניט קיין קרובים אין אַמעריקע, אַחוץ איין קוזין אין לאָס אַנדזשעלעס. מיין פרוי חנה, ע״ה, האָט געהאַט אַ גרויסע משפחה, אָבער קיינער פון זיי איז ניט אין דעטראָיט. איך האָב אַ סך באַקאַנטע, מיין פרוי האָט געהאַט נאָך מער. אָבער באַקאַנטע און קרובים זיינען צוויי באַזונדערע זאַכן. איך האָב דאָ געהאַט אַן אַלטן גוטן פריינט, איז ער געשטאָרבן. איז מיר טאַקע אָפטמאָל זייער אומעטיק. איך האָב אַ פּאָר גוטע באַקאַנטע, הויך־געבילדעטע מענטשן, אָבער איך בין אַ סך עלטער פון זיי. מיר קומען זיך אַמאָל צוזאַמען, אָבער ווען עס ווערט מיר טרויעריק אויפן האַרצן, וויל איך ניט טעלעפאָנירן צו זיי, טאָמער וועלן זיי מיך פאַרבעטן, און איך וויל זיך ניט אָנוואַרפן אויף קיינעם, און כ׳וויל ניט זיי זאָלן קומען צו מיר אויס רחמנות.

פינפטער קאַפּיטל

# חנה לאה, ע״ה

איך בין געווען פאַרהייראַט מיט חנה לאהן איבער 45 יאָר. כ״ט שבט, תשכ״ח — דעם 28טן פעברואַר, 1968, איז זי אַוועק אויפן עולם האמת.

זי האָט געקראָגן אַ „סטראָוק״ — אַ מוח־פּאַראַליזש, און גלייך איז דער גאַנצער קערפּער געוואָרן פּאַראַליזירט. זי איז געווען 54 טעג אין שפּיטאָל. אין משך פון דער צייט האָט זי אויף קיין איינציקע מינוט ניט צוריקגע־קראָגן דעם באַוואוסטזיין. עס זיינען געווען טעג, ווען איך האָב צו איר גערעדט און איך האָב געמיינט אַז זי פאַרשטייט מיך. אָבער זי האָט ניט געקענט געבן קיין שום צייכן. איך האָב געבראַכט צו איר מוח־ספּעציאַליסטן און זיי געפרעגט, אפשר קענען זיי מאַכן אַן אָפּעראַציע כדי זי צו דערהאַלטן ביים לעבן. די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז אויב זי וועט בלייבן לעבן נאָך דער אָפּעראַציע, וועט זי זיין פּאַראַליזירט. איך האָב מסכים געווען צו דער אָפּעראַציע, אַבי זי זאָל בלייבן לעבן. די דאָקטוירים האָבן דורכגעפירט פאַרשיידענע אונטערזוכונגען און זיינען געקומען צום אויספיר, אַז מען קען זי ניט אָפּערירן. עס איז געווען מוראדיק צוצוקוקן ווי זי מאַטערט זיך. די דאָקטוירים האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז זי פילט ניט קיין ווייטיקן. אָבער איך האָב זיי ניט געגלויבט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי ווילן בלויז מאַכן גרינגער פאַר מיר און די טעכטער חנהס קראַנקהייט. אַזוי איז זי אַוועק אין עלטער פון 72 יאָר אין משך פון צוויי חדשים. איצט וויל איך געבן אַן אָפּשאַצונג וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש זי איז געווען, כדי אירע אייניקלעך און קומענדיקע אור־אייניקלעך זאָלן וויסן פון וועמען זיי שטאַמען.

איר אויסערלעכער אויסזען איז געווען פון אַ גראַנד־דאַמע. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ הויכער, אין דער אמתן איז זי געווען בלויז 5 פוס מיט 3 צענטימעטער די הייך. זי איז געווען גלייך און געהאַט אַ שטאָלצן גאַנג. חנה איז געווען זייער אַ שיינע פרוי און האָט גלייך אַרויסגערופן דרך ארץ צו זיך, אַפילו פון פרויען. זי איז געווען זייער אַ שטאָלצע פון דער נאַטור. זי האָט געלייענט אַ סך ענגליש און אידיש, און האָט ליב געהאַט

מוזיק. אין אירע יונגע יאָרן האָט זי געהאַט אַ שיינע שטימע און האָט אַ סך געזונגען, ווען זי האָט געטאָן הויז־אַרבעט און זיך פאַרנומען מיט די קינדער, ווען זיי זיינען געווען קליין. זי האָט געקענט זייער אַ סך אידישע לידער, ענגלישע און אַפילו „ניגראָ ספיריטשלס״ (נעגערישע תנ״ך־לידער).

חנה האָט ליב געהאַט דעם אמת און ערלעכע מענטשן. זי האָט ניט געקענט פאַרטראָגן קיין פוסטע פראַזן, אָדער מענטשן, וועלכע זאָגן איין זאַך און טוען עפּעס אַנדערש. זי האָט פיינט געהאַט צו הערן גראָבע רייד, אַ צוויי־דייטיקן וויץ. זי האָט שטאַרק ליב געהאַט קונסט, באַזוכט פיל מוזייען און קונסט־גאַלעריעס, און האָט זיך אַרומגערינגלט מיט קונסט־זאַכן אין איר היים. אין איר געשמאַק פאַר קליידער איז געווען אָריגינעל. אין די אינגערע יאָרן, ווען מיר האָבן זיך ניט געקענט דערלויבן צו קויפן קיין שיינע קליידער, האָט חנה גענייט פאַר זיך און די מיידלעך. פיל מאָל האָט זי איבערגעניצעוועט פון אַלטע קליידער און געמאַכט פון זיי בייע. זיי האָבן אַלע מאָל אויסגעזען ניי און אָריגינעל. חנה האָט זיך ניט געיאָגט צו זיין אָנגעטאָן לויט דער לעצטער מאָדע. זי האָט געקויפט, אָדער אַליין געמאַכט קליידער לויט איר אייגענעם געשמאַק. זי האָט געהאַט אַ ווערטל: „איך לויף ניט מיט דער סטאַדע״. די היים האָט זי געהאַלטן אידישלעך און כשר. ניט געגעסן קיין טריפה. זי האָט מיך קיינמאָל ניט אָפּגעהאַלטן פון געבן געלט פאַר ארץ ישראל אָדער פאַר צדקה בכלל און האָט קיינמאָל גאָרניט געהאַט אויסצוזעצן קעגן מיין זיין פאַרנומען מיט זיצונגען, אַפילו דעמאָלט, ווען איך האָב זי פאַרנאַכלעסיקט.

אַ פרוי מיט אַ סך מעלות, אָבער ווי יעדער מענטש האָט זי געהאַט חסרונות. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איך האָב זי ניט שטאַרק אינזינען. זי איז ניט געווען דיפּלאָמאַטיש און פלעגט זאָגן זאַכן ניט אין דער פּאַסיקער צייט. צום ביישפּיל, זי האָט געקענט ענגליש אַ סך בעסער פון מיר. ווען איך פלעג איר נעמען דערציילן וועגן אַ בוך וואָס איך לייען, אָדער וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף אַ זיצונג און כ'האָב ניט גענוצט דעם ריכטיקן אויסדרוק, האָט זי מיר גלייך קאָרעגירט, און מיט דעם איבערגעריסן מיין דענקען. איך האָב ניט געקענט פאַרענדיקן, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן. איך האָב זי אַ סך מאָל געבעטן: „קאָרעגיר ניט מיין שפּראַך, אָדער אויסשפּראַך, אין מיטן פון מיין ריידן. זאָג דאָס מיר נאָכדעם ווי איך פאַרענדיק, וואָס איך וויל זאָגן״, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. דאָס זיינען אַלץ קלייני־

קייטן, אָבער מיר האָבן געהאַט אַ סך שאַרפע איבעררײדענישן וועגן דעם.

זי איז ניט געווען צופרידן מיט זיך. זי האָט געוואָלט זיין בעסער און גרעסער ווי זי איז געווען. זי האָט געוואָלט האָבן מער בילדונג, זיין אַ קאַלעדזש־גראַדואירטע. זי האָט געוואָלט קענען האַלטן אַ גוטע רעדע. זי האָט געהאַט גוטע געדאַנקען, אָבער ניט געקענט זיי אַרויסברענגען. זי האָט געוואָלט זיין אַ מאַלערין. זי איז געגאַנגען איין יאָר אין אַ קונסט־שול און געקענט אַביסל מאָלן, הויפּטזעכלעך אויפן געביט פון דעזיין. זי האָט געוואָלט קענען שפּילן פּיאַנאָ. זי איז געווען אַ גרויסע ליבהאָבערין פון מוזיק, אָבער זי האָט ניט געקענט לייענען קיין נאָטן.

עס זיינען געווען אויסערלעכע מניעות ווי אויך אינערלעכע. יונג האָט זי פאַרלאָרן איר טאַטן. די עלטסטע פון זעקס קינדער, האָט זי צו 14 יאָר געמוזט גיין אין שאַפּ אַרבעטן, אַנשטאַט גיין אין שול זיך לערנען. זי האָט געהאַט אַ שטאַרקן דורשט צו לערנען, אָבער זי האָט געמוזט אַרויסהעלפן איר מאַמען, דער אלמנה. ווען מיר האָבן חתונה געהאַט זיינען מיר געווען זייער אָרעם. די זאָרג פאַרן פּשוטן שטיקל ברויט איז געווען גרויס. דערנאָך זיינען געקומען קינדער און זי האָט געמוזט אָפּלייגן אירע חלומות וועגן לערנען זיך. ווען איך האָב גענומען פאַרדינען בעסער, זיינען מיר ביידע שוין געווען אין די אָנהויב פערציקער. זי האָט פּרובירט קריגן אַ בעסערע בילדונג, אָבער ס'איז שוין געווען שווער פאַר איר. די קינדער זיינען אונטערגעוואָקסן; מען האָט זיך געדאַרפט זאָרגן וועגן זייער דערציאונג, וועגן אידישער און אַלגעמיינער בילדונג, פּיאַנאָ שפּילן און טאַנץ. אַזוי זיינען אַוועק די יאָרן און זי איז געבליבן אַ ניט־צופרידנגעשטעלטע. אָבער קיינמאָל האָט זי זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אירע חלומות, און דאָס האָט זי טיילמאָל געמאַכט פילן מינדערוויכטיק. איר לעבן איז, אין געוויסן זין, געווען טראַגיש. זי האָט געהאַט אַלע אורזאַכן צו זיין גליקלעך: שיינע גערעטענע פיר טעכטער, אַלע פאַרהייראַט צו אַנשטענדיקע אינטעליגענטע מענער. אַלע פירן אַ שיין לעבן. אַליין זיינען מיר פינאַנציעל פאַרזאָרגט, רעספּעקטירט אין שטאָט. מיר האָבן אַ שיינע היים, געפירט באַלעבאַטיש־אידישלעך, עלף שיינע אייניקלעך, — און דאָך איז זי ניט געווען אינגאַנצן גליקלעך, און נאַטירלעך האָט זי דאָס אָפּט מיר געגעבן צו פילן. זי אַליין האָט ניט געקענט באַשיידן איר אומצופרידנקייט.

איצט, אַז זי איז ניטאָ מער, איז געבליבן אַ פּוסטקייט אין מיין האַרצן.

סוף 1966 האָבן מיר פֿאַרקויפֿט אונזער הויז, וואָס מיר האָבן שטאַרק ליב געהאַט, און געקויפֿט אַ גרויס הויז אין אַ פֿאָרשטאָט פֿון דעטראָיט. מיר ביידע האָבן געוואָלט אַ גרויס הויז, כּדי מיר זאָלן קענען אָנהאַלטן אונזער אַרט־לעבן, קענען אויפֿנעמען געסט פֿון אַנדערע שטעט, קענען פֿאַרבעטן געסט אויף פּרייטיק־צו־נאַכטס און יום טוב, ווי מיר זיינען געווען געוואוינט צו טאָן אַלע יאָרן. אָבער עס איז ניט געווען באַשערט. חנה איז געוואָרן קראַנק. זי האָט דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע און דערצו האָט זי געהאַט אַ שלעכט פֿאַלן מיט יאָרן פֿריער, און זי האָט מורא באַקומען זי זאָל ניט פֿאַלן נאָך אַמאָל. זי האָט מורא געהאַט צו מאַכן אַ טריט ניט אָנהאַלטנדיק זיך אָן מיר. עס האָבן ניט געהאָלפֿן די פֿאַרזיכערונגען פֿון אויגן־דאָקטאָר און פֿון פֿאַמיליע־דאָקטאָר, אַז זי מעג גיין אַליין און ניט מורא האָבן. די לעצטע יאָרן פֿון איר לעבן איז זי געווען ווי אַן אינוואַליד. זי האָט ניט געוואָלט גיין צו קיין פֿאַרזאַמלונגען, אַפֿילו אַז איך האָב איר צוגעפּירט און בין דער־נאָך געקומען זי אָפּנעמען. אפשר האָט זי מיך ניט געוואָלט מטריח זיין. זי האָט ביסלעכוויז זיך אויפֿגעהערט צו אינטערעסירן מיטן הויז. מיר האָבן אַ שוואַרצע פֿרוי, אַ נעגערישע דינסט, וועלכע איז ביי אונז איבער 20 יאָר, און חנה האָט זי אויסגעלערנט קאָכן און האַלטן כּשר. זי האָט זיך אויף איר פֿאַרלאָזט מיט אַלע אַרבעטן אין הויז, און איך פֿלעג אַלץ איינקויפֿן.

איך האָב ניט באַגריפֿן ווי קראַנק מיין חנהלע איז. ווען זי האָט אָנגע־הויבן צו עסקן מיט מיר וועגן אַ קלייניקייט, פֿלעג איך ווערן אויפֿגערעגט, ביז איך האָב זיך געכאַפּט, אַז זי איז מער קראַנק ווי דער דאָקטאָר זאָגט און ווי איך ווייס. האָט עס מיר אויפֿגעהערט אויפֿרעגן, און איך האָב איר אַלץ נאָכגעגעבן און גאָרניט איינגעטענהט מיט איר. איצט איז שוין נאָך אַלעמען.

איך האָב קיין זאַך ניט געביטן אין הויז אין מיין אַרט־לעבן זינט איר פּטירה. כּל זמן די דינסט איז פֿאַראַן אין הויז און גרייט צו מיין עסן, וועל איך אָנהאַלטן דאָס הויז פּרייטיק־צו־נאַכטס פֿאַרבעט איך פֿריינט, אויב די טעכטער קענען ניט קומען. שבת און זונטיק, ווען די דינסט איז ניטאָ, עס איך וואָס זי האָט אָנגעגרייט פֿאַר מיר פֿרייטיק. איך וויל אָנהאַלטן מיין אַרט־לעבן אַזוי לאַנג ווי דאָס געזונט וועט עס מיר דערלויבן. וואָס עס וועט זיין שפּעטער, אַז איך וועל קראַנק ווערן, ווייס איך ניט, וואָס איך וועל טאָן.

וואוינען מיט די קינדער וויל איך ניט, כאָטש די קינדער האָבן מיר דאָס אָנגעבאָטן. עס ווילט זיך זיין אַן „איד", אַ יחיד פאַר זיך אַליין.

דאָס יאָר 1968 איז געווען זייער אַ שווערס און אַ טראַגישעס פאַר מיר. איך האָב פאַרלאָרן מיין חנהן ע"ה נאָך 45 יאָר פון צוזאַמענלעבן. מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָב איך פאַרלאָרן מיין בעסטן גוטן פריינט פון איבער 50 יאָר. די געשעפט־פירמע, וועלכע איך האָב אויפגעבויט און וועלכע איך האָב אָפּגעהיט ווי מיין אויג אין קאָפּ און וועלכע האָט מיר באַצאָלט מיט אַלץ וואָס איך פאַרמאָג איצט, האָט היי־יאָר באַנקראָטירט. כאָטש איך בין ניט געווען פאַרבונדן מיטן געשעפט פאַר די לעצטע ניין יאָר, דאָך איז דער נאָמען פון געשעפט געווען טייער צו מיר. צווייג דריי פּועלי ציון, וועלכן איך האָב געהאָלפן גרינדן און געשטאַנען אין שפּיץ אָנצופירן מיט אַלע אַרבעטן, האָט זיך איצט געמוזט אויפלייזן נאָך 34 יאָר עקזיסטענץ, ווייל די עטלעכע חברים וועלכע זיינען געבליבן זיינען אַלט און קראַנק. איז גוט וואָס איך האָב פיר גוטע טעכטער און עלף אייניקלעך איך וועל לעבן מיט זייערע ליידן און פריידן. איך אַליין צי זיך ניט צוריק פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. איך וועל טאָן וויפל מיינע כוחות וועלן דערלויבן, פאַר מדינת ישראל און פאַר כלל ישראל.

אין תוך האָב איך ניט קיין חרטה וואָס איך האָב אַלע יאָרן געטאָן. אויב איך זאָל דאַרפן נאָכאַמאָל איבערלעבן מיינע יאָרן, וואָלט איך, מיט קליינע אויסנאַמען, מסתמא זיך געפירט און געהאַנדלט ווי פריער. כ'בין זיכער, אַז מיין חנה, אויפן עולם האמת, איז מסכים מיט מיר!

## תם ונשלם. שבח והודיה לבורא עולם.

ראש חודש ניסן, תשכ"ט



מיין פרוי חנה לאה (לעצטע בילד פון איר) און איך, ענדע 1967



מיינע טעכטער, פון לינקס צו רעכטס: יהודית, פנינה, בת-שבע און שולמית, 1968.